ז. שניאור

# בײַם דניעפּער

צווייטער טייל „עמי־הארצים"

ווילנע — 1939

פאַרלאַג „טאָמאָר"

## צוויי וואַסערן...

(אָנשטאָט אַ הקדמה)

צוויי וואַסערן זיינען דאָ אין שקלאָוו. פון טיפע וועלדער קומען זיי אָן, צעגיסען זיך און נעהמען אַרום די גאַנצע שטאָדט אין צוויי פלייצענדיגע אָרעמס.

דער רעכטער אָרעם — די אָזערע. אַ שטילע, אַ צעשוואוּמענע. הויבט זיך אָן ווי אַ שמאָל טייכעלע און ענדיגט זיך ברייט און גלאַט, ווי אַ דרייעקיגער שפּיגעל, מיט טראָסטינעס און אייאיר אַרומגעזוימט.

דער צווייטער אָרעם — דער דניעפּער. אַ מוסקעלדיגער, אַ האַרט-שטראָמיגער, אַ ברומיג-זינגענדיגער און גלייכמאָסיגער, צווישען הויכע זאַמדיגע ברעגעס.

ביי דער גרויסער מיהל, פאַר׳ן פאַרקערעווען צום אידי-שען בית-עלמין, — דאָרטען באַגעגענען זיךביידע וואַסערן. גיבּען זיך אָפּ שלום.

די מאַנסבּילשע קאַלטע וואַסער-לאַפּע פון דניעפּער נעהמט אָן די ווייכליכע, לעבּליכע האַנט פון דער ווייבערישער אָזערע.

פון דער דאָזיגער קרעפטיגער באַריהרונג וועקען זיך אויף ביי דער צנועהדיגער צעשוואומענער וואַסער-ווייב איהרע פאַר-טאַיעטע ליידענשאַפטען, ברויזען אויף. וואַרפט זי זיך שטורמיש, קאָפּ-אַראָפּ, מיט צעשויבּערטע שוימיגע קודלעס, דורך דער הרעבּליע פון מיהל, אין שויס פון דניעפּער, אויף זיין מאָגע-רער מאַנסבּילשער ברוסט, אין זאַמדיגען טאָל אַריין.

איהר ליידענשאַפטליכער אימפעט געהט ניט פאַרלאָרען. ער דרעהט די גרויסע שפּעל־ראָד פון דער גרויסער זעקס־שטאָקיגער מיהל. מאָהלט ברויט פאַר גאַנץ שקלאָוו און פאַר אַלע אַרומיגע דערפער.

צווישען אָט דיביידע פאַרליבטע וואַסערן האָט זיך דאָס שטעדטעל צעלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט. הייזער און בתי־מדרשים טוליען זיך צו דער שטילער אָזערע. פאַר איהרע קאַפּריזען האָט מען קיין מורא ניט. מען פאַרטרויט איהר גרונט און מען שפּיגעלט זיך אין איהם. מען ווייסט: אַפילו איהר ווילדקייט ביי דער מיהל איז געצוימט און ווערט געדרעגעלט דורך מענשישע הענט.

ניט אַזוי איז ביים דניעפּער. אָפּגערוקט פון הויכען ברעג שטעהען דאָ די אידישע חייזקעס. קוימענס איבער קוימענס כאַפּען קרום אַ קוק אין האַסטיגען שטראָם אַריין. פענסטער זעהען איהם אינגאַנצען נישט און פונדעסטוועגען גלאָצען זיי צום דניעפּער מיט פאַרדאַכט: „מיר געדענקען נאָך פון קדמונים וואָס דו קאָנסט אָפּטאָן נאָך פּסח, בשעת אַ געוויסער, ווען דיין קריהע צעיושעט זיך. לאָמיר זיין גוטע פריינט, נאָר פון דער־ווייטנס...“

לעבען זיך אַזוי אידעלעך צווישען די צוויי וואַסערען, ווי אויף אַ האַלב־אינזעל; אַרבעטען און האַנדלען. כליזמרלעך שטעלן אָן די כלים און שפּילען חתונקעס. מוהלים בוימלען די מוהל־מעסערלעך. אינגלעך לויפען אין חדר. מיידעלעך שפּילען זיך אין זעמדעלעך.

און שוין פון קינדווייז אָן נעהמען זיי אין זיך אַריין דעם כוח פון ביידע וואַסערען: די רוהיגקייט פון דער אָזערע, די שטראָמיגקייט פון דניעפּער. און נפשות וואַקסען דאָרט אויס — נאָכגיביקע ווי די אָזערע, לעבעדיגע אַזוי ווי זי: שעמעוודיקע באַנקקוועטשער, פרומינקע יענטעטשקעס, שרעקעוודיקע קרעמער־לעך, וואָס האָבן מורא פאַר אַ סטראַזשניק.

אָבער אויך יונגאַטשעס וואַקסען דאָרט אויס. ברויזענדיגע ווי דער דניעפּער, וועלכע רייסען זיך אין דער פרעמד, וועלכע

זענען קיינמאָל ניט צופרידען מיט זיך אַליין און מיט וועלכע אַנדערע זענען קיינמאָל ניט זיכער: אַפּיקורסים, גליקזוכער, רעוואָלוציאָנערן, דיכטער...

ווען עס דערעסט די פוילקייט פון אָזערע, דער לויפט צום דניעפּער. און ווער ס׳איז מיד פון האַסטיגען דניעפּער, פון קאָכיגן לעבען אַרום זיינע פּריסטאַניעס און לייוועס, דער לויפט זיך אָפּרוהען ביים אָזערע־שפּיגעל, אויף זיינע פלאַכע, באַגראָזטס ברעגעס...

מישען זיך אָט די צוויי עלעמענטען ביי גרויס און קליין. און עפּעס איז דאָ פון ביידע וואַסערן ביי די שטילע אַזוי ווי ביי די שטורמישע נאַטורען.

האַ—האַ! איינמאָל אין יאָהר מוז דאָך אַפילו די פּאַרי־שלאָפענע אָזערע איבערבּרעכען דאָס אייז און רייסען צוימען.

ועה—וועה! איינמאָל מוז דאָך אַפילו דער שטראָמיגער דניעפּער איינפריהרען. דערלאָזען פערד זאָלען איהם פּאָד־קעווען, הינט זאָלען איבער איהם לויפען.

פון אָט די אידעלעך און קינדער און ווייבער ווילען מיר דאָ דערצעהלען; פון אָזערע און דניעפּער, וואָס ראַנגלען זיך אין זייער זעל דאָס גאַנצע לעבען.

# זיידע-וואָיטעק

## 1. *ווער איז וואָיטעק?*

לייזערל וואָיטעק איז אַ געוועזענער באַלעגאָלע, וואָס האָט געמוזט אָפּלאָזן די לייצעס פון די פערד, ווען די הענט זיינען איהם שלאַבערדיג געוואָרען מחמת טיפער עלטער. און זינט ער איז אַראָפּגעשטיגען פון זיין אויסגעזעסענער קעלניע, איז ער באַקאַנט געוואָרען אין גאַנץ שקלאָוו אַלס דער איינציגער בריעף-טרעגער פון צעך. אַ שטורמדינגע אסיפה פון באַלעגאָלעס האָט דאָס געמאַכט. מ'האָט געקלאַפּט מיט די פויסטען און מיט די בייטששטעקלעך אָן טיש און מען האָט באַשלאָסען איבערגעבען אין וואָיטעק'ס אַלטיטשקע הענט אַריין אַלע בריוו, וואָס ווערען געבראַכט פון דער וועיט פאַר שקלאָווער אידען און אידענעס. און אויף אַזאַ אופן איבערגעבען איהם די גאַנצע פּרנסה, וואָס די אידישע פּאָטשט טראָגט איין. דהיינו: דריי קאָפּיקעס פאַר אַ פאַרמאַכטען בריף און צוויי קאָפּיקעס פאַר אַ צעטעלע. און זאָל זיידע-וואָיטעק האָבען אַ גוטע עלטער! יאָ, „זיידע-וואָיטעק", וואָרים אַלע באַלעגאָלעס, אפילו ר' סענדער, ווען ער האָט נאָך געלעבט, האָבען איהם גערופען זיידע.

נישט קוקענדיג אויף זיינע עטליכע און אַכציג יאָהר, האָט נאָך וואָיטעק, אַזוי צו זאָגען, כח אין די לענדען. ער איז שטאַרק ווי אַ וואָרצעל פון אַן אָפּגעשניטענעם דעמב. און די גרינליכע וואָלענע און אונטערגעגאַרטעלטע „כאַלמידע", וואָס ער

טראָגט אויף זיך דאָס רוב חדשים פון יאָהר, מאַכט נאָך ברייטער זיינע אַקסלען און — העכער זיין ברוסט. נאָר זיינע טריטעלעך זענען שוין אַ ביסעל געמאָסטען. און בשעת ער איילט זיך, סמאָרעט ער מיט די צוויי-צאָל-דיקע אויסגעקרימטע פּאָדעשוועס. די עהנליכקייט מיט אַן אָפּגעשניטענעם דעמב אין וואַלד פאַרשטאַרקען נאָך זיינע וואָרצעלדיגע האַרטע פינגער, וועלכע בויגען זיך כמעט נישט און כאַפּען אַרום זיין קאָרענע, גוישקע פּיפּקע, מיט דער קופּערנער, געלעכערטער היטעלע, אין אַן אייביגען קלעהם. אַזוי קלעמען איין אויסגעדאַרטע, אָדערדיגע וואָרצלען אַ שטיין אין אַראָפּ-באַרג און לאָזען איהם ניט זיך ריהרען פון אָרט. זיינע אַמאָליגע בלאָנדע האָר זיינען דורך דער עלטער מילכיג-גרין געוואָרען ווי מאָסליאַנקעס *). אַרום זיין ערדיגען אַלטען פּנים שיט זיך איהם זיין שיטער בערדעל ווי מאָך אַרום אַ פּיען. און אין זיין ברייטער נאָז, נאָהענט צו דער ביינדעלע, האָט זיך איינגעגעסען עפּעס אַ מין טרוקענער לישאַי, אַ גרינליכע, ניט-אויסגעהיילטע פאַרדאַרטע וווּנד. און דער פעלדשער זאָגט, אַז מען קען דאָס ניט היילען, אַזוי ווי מען קען מעהר וואָיטעקן יונג ניט מאַכען. נאָר אפילו אָט דער דאָזיגער פעהלער גיט וואָיטעק׳ן צו אַ האַרבקייט און איינגעפּונדעוועטקייט פון אַ דעמבענעם פּיען, אין וועלכען ס׳האָט זיך אַריינגעכאַפּט „טשערוואָטאָטשינע”.

פון אָט דער גאַנצער מאָכיגער, וואָרצעלדיגער און שווערמעלדיגער אַלטקייט שיינען אַרויס אַ פּאָר טונקעל-בלויע, ריינע און אַ ביסעל פאַרשייטע אויגען פון אַ קלוגען אינגעל. און נאָך שטאַרקער לויכטען די פּאָר אויגען, ווען ס׳איז זעהר פראָסטיג, און וואָיטעק פאַרבינדט זיין לישאַי אויף דער נאָז מיט זיין רויטען טיכעל. צוטיילט ער אַזוי זיין וואַלדיגען פּנים מיט אַ העלישען קאָליר, מיט אַ מין פונצאָווער רייף, און שטרייכט אונטער, נישט-ווילענדיג, די בלויקייט פון זיינע אויגען. זיי לויכטען דאַן מיט גאָר אַ באַזונדער חסד, ווי צוויי פיאַלקעס-

*) פוטער-שוואָמען, וועלכע ווערען געגעסען רוי.

בלימלעך פון צעווירטע פוילע בלעטער אין וואַלד סוף ווינ־טער־צייט.

וואַיטעק איז איינער פון די זעלטענע איבערגעבליבענע ניקאָלאַיעווער סאָלדאַטען. איינער פון די ווייניגע קאַנטאָניסטען, וועלכער האָט זיין לערנען אַמאָל אין חדר ניט פאַרגעסען; וועלכער האָט זיין ביסעל אידישקייט און עברי און חומש דורכגעטראָגען ווי אַ קמיע אויפ׳ן האַרצען, דורך אַלע ניקאָלאַ־יעווער קאַזאַרמעס, דורך שמיץ, יסורים און בהמהשער פאַר־גרעבטקייט.

אַלס אַ צען־יעריקער חדר־אינגעל האָט מען איהם גע־כאַפּט, און קאָפּ־אַראָפּ, ווי אַ געבונדען קעלבעל, אַוועקגעשלעפּט אין שקלאָוו־ער „סטאַן״ מיט דעם גרינעם קיילעכדיגען קנייכעל אויפ׳ן שפּיץ... דאָס איז דער היינטיגער „אוטשאַסטאָק״ און דער אַמאָליגער זאַמעלפּונקט פון „געכאַפּטע״, פון נאָוואָבראַנצעס, און „אַכוואָטניקעס״...*)

גאַנצע דרייסיג יאָהר האָט מען פון איהם גאָרנישט גע־הערט. זיין געדעכעניס איז אָפּגעמעקט געוואָרען, און דער זכר פון זיין מאַמען, די אלמנה, וואָס האָט דאָס פאַרלוירען־געהן פון איהר בן־יחיד נישט איבערגעלעבט — אוודאי און אוודאי.

און פּלוצלינג, אין איין העלען פאַר־ימים־נוראים־טאָג, האָט ער זיך אַנטפּלעקט דאָרטען, וואו ער איז געכאַפּט געוואָרען... פאַרוואַקסען איז ער געווען און פאַרלעדערט, ווי אַ ראָבינזאָן קרוזאָ, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון זיין געהיימניספולען אינ־זעל. הענט האָט ער מיטגעבראַכט האַרטע, ווי קאָפּיטעס, און פּלייצעס ברייטע און געזעצטע, ווי אַ פונדאַמענט, אויף וועל־כען עס לאָזט זיך אַלץ אויפבויען... אַ סיווע געשפּרענקעלקייט אין האָר און באָרד און אַ געניטקייט און פעהיגקייט צו אַלע מלאכות אין דער וועלט: האָלץ־האַקען, הייזער קאַלכען, ברע־

*) אייגענטליך, אָכאָטניקעס. ס׳הייסט אַזעלכע, וואָס געהען דינען „מיטן אייגענעם ווילן״. אין דער אמת׳ן זיינען עס געווען אַלערליי אויסוואורפען, וועל־כע מען פלעגט אונטערקייפען מיט גרויסע געלטער און לאָזען געהן דינען אָנ־שטאָט ציטערדיגע, רייכע קינדער.

טער הובלען, לײם קנעטען, אַבי כשר פֿאַרדינגען אַ שטיקעל ברויט.

אָט מיט די דאָזיקע אויסגעהאָרעוועטע און לעדערדיגע הענט האָט ער זיך, אַרבײטענדיג און וואַנדערענדיג, דערקליבען פֿון קרים ביז שקלאָוו, כּדי אַרומצונעמען די אַלטיטשקע מאַ־מעלע זײנע, צו טאָן פֿאַר איהר כּל עבודת־פּרך און טרײסטען זי אויף דער עלטער. און, ס'פֿאַרשטעהט זיך, אַז ער האָט זי שוין מעהר לעבעדיג נישט געפֿונען. נאָר איטשע דער קברות־מאַן האָט איהם אָנגעוויזען אויף אַ פֿאַררעגענטען, צושפּאָלטע־נעם און אויסגעקרימטען ברעטעל אין עק בית־עלמין, זָהן אַן אויפשריפֿט און מיט אַ צואוואַקסענעם נוס־בוים צוקאָפּענס קבר, אָפּגעפּליקט פֿון אינגלעך־שקצים און אָפּגעגריזשעט פֿון אידישע ציגען. און ער האָט איהם געזאָגט, אַז דאָ ליגט זײן מאַמע.

וואָיטעק האָט חתונה געהאַט מיט אַן אָרעמער דינסט־מײדל, געהאַט מיט איהר אַ פּאָר קינדער און געצויגען חיונה פֿון טראָגען נאָסקעס אויפ'ן מאַרק, פֿון אויסלאָדען לײוועס בײם ברעג דניעפּר. אָפּגעשפּאָרט עטליכע גילדען — האָט ער זיך אײנגעהאַנדעלט אַ פֿערדעל מיט אַ געניצטען וועגעל און איז געוואָרען אַ באַלעגאָלע. צו שפּאַנען און זאָטלען אַ פֿערדעל האָט ער נישט פֿאַרגעסען. אונטער נאַהײקעס און קלעפּ האָט ער זיך דאָס אויסגעלערענט אין קאַזאַרמע און האָט דאָס שוין מעהר קײנמאָל נישט געקענט פֿאַרגעסען. אָבער דער מזל זײ־נער, צו זײן שטענדיג עלענד ווי אַ דאָרן אין סטעפּ, האָט איהם אויך אויף דער עלטער נישט געשאַנעוועט. זײן ווײב איז גע־שכ'אָ־בען, זײנע קינדער זענען אַוועק קײן אַמעריקע. און ווי־דער איז ער געבליבען אײנער אַלײן אויף דער וועלט. אָנגע־טריבען זײן פֿערדעל צווישען שקלאָוו און אָרשע, און ווידער אַמאָל — פֿון אָרשע קײן שקלאָוו. ווי אַ סך אַנדערע באַלעגאָ־לעס פֿון צעך. און עס האָט זיך איהם גענומען דוכטען, אַז ער האָט קײנמאָל נישט חתונה געהאַט, קײנמאָל אַ קינד אין תּל'מוד תּורה ניט געפֿיהרט. זײן צווײטער לעבען אין שטעטעל האָט איהם עפּעס גענומען אויסזעהן ווי אַ חלום. צווישען אײן עלענד־

קייט אין די אינגערע יאָהרען און צווישען דער צווייטער עלענדקייט אויף דער עלטער. צווישען דינען בייזע גויים אין די קאַזאַרמעס און, להבדיל, ברוגז׳דיגע סוחרים אויף די שליאַכען. שטענדיג אַליין, שטענדיג פאַר קאַשע מיט וואַסער...

אַזוי איז ער נאָך אַרומגעפאָהרען שפּעטע עטליכע יאָהר, ביז די אויסגעגלעטע לייצעס האָבען זיך איהם אַרויסגעגליטשט פון די וואָרצעלדיגע הענט. ער האָט שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען דעם פערד, ווען יענער צוטראָגט זיך באַרג אַראָפּ... ביז איינמאָל, ניט פאַר קיין אידישען באַלעגאָלע געדאַכט, האָט מען איהם, קוים מיט׳ן לעבען, אַרויסגעשלעפּט פון אונטער די רעדער. אַ פאָר וויערסט פאַר אַלעקסאַנדריע, וואו אַלע פוהרען גליטשען זיך אין ליימיגען אַראָפּ־באַרג. אַ פאַרבלוטיגטען און אַ פאַרחלש׳טען האָבען איהם יונגע באַלעגאָלעס אַריינגעטראָגען אין קרעטשמע, און זינט דעם — מער ניט דערלאָזען, אַז „זיי־דע־וואָיטעק" זאָל זיצען אויף דער קעלניע.

## 2. *גוי׳שקע פּאָטשט און אידישע פּאָטשט*

אין יענע יאָהרען, ס׳הייסט: מיט אַ יאָהר פופציק צוריק, האָבען זיך פּאָטשט און טעלעגראַף אָקאָרשט באַוויזען אין די ווייס־רוסישע שטעטלאַך. אידישע יונגעלייט האָבען אָנגעהויבען באַוואונדערען דאָס זינגען פון די טעלעגראַפנע סלופּעס, בשעת עס בלאָזט אַ ווינטעל. „דאָס לויפט די טעלעגראַמע איבער די דראָטען" — דערקלערען זיי טיעף־וויסנשאַפטליך — „נאָר מחמת גרויס געשווינדקייט זעהט מען זי ניט, די טעלעגראַמע..." זיי קוקען און באַוואונדערען דעם פּאָטשטאַליאָן מיט דער קאָקאַר־דע, מיט׳ן שווערדעל ביים זייט, וואָס זיצט אין אַ בריטשקע, אָנגעטאָן אין אַ שינעל, אויף זעק מיט בריף און פירט פּאַנאַנ־דער די פּאָטשט איבער שטעדטלאַך און וואָלאָסטען, גלייך פון וויטעבסקער און אָרשער באַהן. אַזוי פאָהרט ער און זאָגט אָן, מיט זיין טראָמייטער דורך וועלדער און פעלדער, אַז דאָס

פיהרט ער בריף און געלט און פּאָסילקעלאַך. טאַקע ער אַליין, דער פּאָטשטאַליאָן, מיט דער קאָקאַרדע און מיט'ן שווערדעל... דער שאַל פון טראָמייטער אַליין הערט זיך גאָר פייערליך און פרעהליך, ווי אַן אָנזאָג פון אַ נייער צייט.

אָבער אידישע סוחרים פון אַלטען שניט און אידענעס מיט פּאַרוקען האַלטען נאָך דערווייל זעהר ווייניג פון אַזאַ נייער אינסטיטוציע. און טאַקע, וואָס האָבען זיך דאָ גויים צו מישען אין אידישע בריף?... קוקען זיי מיט קרומען פּאַרדאַכט אויף די משונה'דיגע אַדרעסען — מאָדנע אותיות מיט עקעלעך און מיט פלעקעלעך. כ'מיין, ווער האָט דאָס אַ קאָפּ צו לערנען זיך שרייבען אַזעלכע מיני אַדרעסען? און ווער האָט דאָס צייט צו געהן זוכען אַדרעסען-שרייבער: גלוחים, קאַזיאָנע-ראַבינער און אַפּטייקער-אינגלאַך, וואָס לאַכען אָפּ פון אַ אידען... און, בכלל, ווער וועט דאָס געהן איבערגעבען אידישע בריף אין גוי'שקע הענט אַריין? און אָט דער קורנאָסער שגץ מיט פּריש-ציקלעך, ביים פענסטערעל אין פּאָטשט, ווער קען איהם און ווער ווייסט איהם? ווער וועט איהם פּאַרטרויען איבערצושיקען מזומן-געלט אויף אַן אשר-יצר-צעטעלע, וואָס ער גיט אַרוים? ער שטעמפּעלט אַפילו זעהר האָפּערדיק מיט זיין מעשענעם שטעמפּעל. כע-כע... ווערען טאַקע שקלאָווער אירען מורא'דיג נתפעל! אַ שטעמפּעל קען יעטווערער באַשטעלען אין מאָהליוו...

שיקען זיי טאַקע דערפאַר, די אידישע סוחרים, זייערע סוחר'ישע בריף, חשבונות און אָנווייזונגען דורך באַקאַנטע באַלעגאָלעס. מען קוקט אַפילו ניט אויף דעם, וואָס פּראַוויטעלסט-ווע האָט פאַרבאָטען אַזאַ קאָנקורענץ און באַשטראָפט דאָס אי-בערפיהרען בריף דורך פּריוואַטע לייט. נישקשה! די קעשענעס ביי די באַלעגאָלעס זיינען טיף. זיי לאָזען זיך אַראָפּ ביזקעל גאַרטעל. און אַז פּראַוויטעלסטווע וועט זיין מיט זיבען אויגען, וועט זי דען קענען דורכקוקען אַזעלכע פינסטערע, איבערגע-גאַרטעלטע באַהעלטערלעך?

פיהרט מען אַזוי די אידישע קאָרעספּאָנדענץ איבער אַלע

טראַקטען און מען שטעקט אויס אַ צונג דער גוי'שקער פּאָטשט. און גאָט איז אַ פּאָטער.

זאָגען אַפילו די אויפגעקלערטע לייטלעך, אַז די באַלע־באַטישע פּאָטשט קאָסט אַ סך טייערער. זיי האָבען געמאַכט אַ חשבון, זאָגען זיי, זיי האָבען אויסגערעכענט און ווײַסען־דהיינו: דער, וואָס שיקט דעם בריף, גיט אַ פּאָר קאָפּיקעס און דער, וואָס באַקומט דעם בריף, צאָהלט אויך עפּעס צו. כאָפּט עס טייערער ווי אַ מאַרקע. ס'איז אפשר אַן אמת. ס'איז אָבער ווערט! מען איז פּאָרט „זיכערער" און אַדרעסען שרייבט מען פּאָרט מיט אַ אידישען כתב, געמישט אידיש מיט לשון־קודש, אַזוי ווי טאַטעס און זיידעס האָבען געשריבען: „כבוד הרבני המפורסם המופלג אַזאַ און אַזאַ נאָמען אויף האַלייאיקער גאַס בשקלוב הבירה" אָדער: להגבירה הצנועה... צו דער באַ־שיידענער האַרינטע אַזאַ און אַזאַ נאָמען, ביים ליובאַוויטשער בית־מדרש אין דער הייליגער קהילה אַזאַ און אַזאַ... און דער־זעט מען אַזעלכענע אותיות מיט אַזאַ טיטעל, מיט אַ באַקאַנטען כתב — דערקוויקט מען זיך שוין מיט'ן אַדרעס גופא. גאָר עפּעס אַנדערש איז, ווען מען דערלאַנגט אַ בריף מיט אַ גוי'שקען אַדרעס. דער שטעמפּעל מיט דער מאַרקע וואַרפען אַן אימה. אַ איד פון אַלטען שניט האָט פיינט קאַזיאָנע שטעמפּלעך. דאָס שמעקט מיט מסירות, מיט פּראָטאָקאָלען, מיט פּאָדאַטקעס, מיט'ן פּריסטאַוו... און עס נעמט אָפּ דער חשק פון'ם גאַנצען אידי־שען בריף אינ'ם גוי'שקען קאָנווערט. ס'איז ווי אַ כשר'ע גע־פילעכץ אין אַ טרפה'ר געגנזענער העלזעל...

ואלה... און דאָס זיינען די וואָגלענישען און וואַנדערונ־גען פון אַ אידישען בריף, דורך אידישע הענט און קעשענעס: פּעטער אורי, וועלכער געפינט זיך, למשל, אויף זיין סוחר'ישער נסיעה אין וויטעבסק, גיט איבער זיין בריף דעם וויטעבסקער באַלעגאָלע. דער וויטעבסקער באַלעגאָלע אַן אָרשער, דער אָר־שער אַ קאַפּוסטער, דער קאַפּוסטער אַ שקלאָווער. אָט אַזוי וואָגלט אַרום דעם פּעטער אוריס בריף אַ גוטע פּאָר וואָכען, ביז ער פאַלט אַריין אַ צוקנייטשטער און אַ פאַרפלעקטער אין

דער לעצטער, טיפסטער און אַלטמאָדישסטער קעשענע פון לייזערל וואָיטעק — דער פינף-און-אַכציג-יאָהריגער שקלאָוועו פּאָטשטאַליאָן. עס גיט זיך פון בריף אָפּ מיט אַלערליי סחורות, וואָס די באַלעגאָלעס האָבען געפיהרט: מיט הערינג, מיט געדיכערטע טאַראַנקעס, מיט קעראָסין, מיט פּאָסטנעם בוימל, מיט געבּ-זויערס און מיט געטריקענטע שוועמלעך. און וואָיטעק גיט איהם נאָך צו דעם ספּעציפישען ריח פון זיין אַלטער דעליע, דער ריח פון פּאַרלאַזענער עלטער אוז פון דורכגערויכערטער קאָרענער פּיפּקע.

אָבער וואָס מעהר פלעקען און ריחות אַ אידישער בריף האָט אין זיך, אַלץ מעהר חשוב׳ער און טייערער איז ער. דאָס זיינען זיינע מעדאַליען, די סימנים פון אויסצייכענונג, פון אַריבערגעטראָגענע יסורים אין וועג. ס׳איז אַ סימן, אַז אַ סך טעג און נעכט האָט ער זיך געטרייסעלט אויף אידישע פוהרען, ביז ער איז אָנגעקומען אין די זשעדנע הענט פון אַדרעסאַט.

ס׳איז אפשר אויך אָן אמת דאָס, וואָס די אויפגעקלערטע יונגעלייט זאָגען, אַז אַ בריוו, וואָס קומט אָן מיט גלעקלעך איבער דער דוהע און מיט טראָמייטערן דורך די וועלדער און מיט קאַזיאָנע פּאָטשטאַליאָנען, קומט אָן אַ שפּאָר-ביסל גיכער. דהיינו: אַ בריף אַזאַ פון וויטעבסק גצהט בסך-הכל דריי טעג, אָנשטאָט צעהן און צוועלף טעג און אָפטמאָל צוויי גאַנצענע וואָכען... אויף דעם קען מען נאָר ענטפערען: אַז עס זיינען פאַראַן אַפיקורסים, וואָס זאָגען, אַז לויט דער נייער חכמה פון רפואה קומט אויס, אַז אַ גוי׳שקע פישעל, געקאָכט אין געזאַלצענע וואַסער, איז אַ סך געזינטער פאַר׳ן מאָגען, איידער אַ מיטעל-שטיק פון געפילטען און געפעפערטן אידישן קאַרפּ. עס קען גרייליך זיין. נאָר אַזאַ יאָהר אויף שונאי-ישראל, וואָס פאַר אַ טעם דאָס פישעל האָט און אַזאַ געזונט אויף אידישע מאַמעס, וואָס פאַר אַ טעם זייער קאַרפּ האָט... אַזוי ווי מיר האָבען שוין געזעהן ביז אַהער, און אַזוי ווי מיר זעהען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

## 3. אין דער קאָך־שטוב ביי מומע פייגע׳ן

אַפילו דאָס באַקומען אַ בריף גופא — אַ פאַרגלייבעניש! היינט און אַמאָל... היינטיגע צייטען וואַרפט אַריין דער גוי׳שקער פּאָטשטאַליאָן דעם אָנגעקומענעם בריף דורכ׳ן שפּאַלט פון טיר און לויפט שוין ווייטער. כאַפּ־לאַפּ, משה־זוך־מיך!... וואָס פאַר הנאה האָט מען פון אַזאַ פאַרשמייצטן פּאָטשטאַליאָן, און וואָס פאַר הנאה האָט ער פון זיינע קונדען?

גאָר אַנדערש איז עס צוגעגאַנגען אַמאָליגע יאָהרען. מיט נחת־רוח איז עס צוגעגאַנגען און מיט אידישער האַרציגקייט, מיט אָנקלאַפּען אין טיר און מיט אַ קוש דער מזוזה, מיט אַ ברייטליכען „גוט־מאָרגען" אָדער „גוט־נאָווענט" און מיט בעטען זיצען, מיט דערצעהלען נייעס און גוזמאות פון אַלע קהילות, וואו נאָר אידישע באַלעגאָלעס פאָהרען אַרום, און מיט טרינקען אַ גלאָז טיי, אָדער אַ קעלישאָק בראָנפען, אויף אַ ברעג טיש אין קאָך־שטוב. דער אידישער פּאָטשטאַליאָן פלעגט אַליין זיין טשי־קאַווע אויף דעם, וואָס דער באַלעבאָס פון שטוב שרייבט פון דערוויייטענס. און די באַלעבאָסטע אַליין פלעגט זיך טאַקע, גלייך אויפן אָרט, טיילען מיט אַלע ניט־אינטימע טיילען פון בריף מיט דעם נייגעריגען בריף־טרעגער. טאָמער עפּיס ניט־גוטע ידיעות, חס־ושלום, פלעגט דער בריף־טרעגער העלפען מיט אַ קרעכץ, מיט אַ שמונצער דורך די ציין: ווער רעדט נאָך, ווען פון בריף האָבען זיך, געלויבט דער אויבערשטער, געהערט גוטע בשורות פון געזונט און פרנסה, אָדער פון קומען אַהיים אויף יום־טוב, פלעגט נאָך דער אידישער בריף־טרעגער באַקו־מען אַ פּאָר קאָפּיקעס איבערן טאַריף דערפאַר, וואָס ער האָט אין אַ מזל׳דיגער שעה געבראַכט אַזאַ טייערע שרייבאַכץ און די צופרידענהייט איז געווען גלייך אויף ביידע זייטען.

אָט, מומע־פייגע, למשל, קוקט שוין אויס אויף וואָיטעקן. וואָרים אורי איז שוין באַלד אַ דריי־פּיער וואָכען אַוועקגעפאָה־רען אויף וויטעבסקער טראַקט אויפצוקויפען זיינע מציאות אויף

די פריצישע אַאוקציאָנען — סחורות פאַר דעם קומענדען ניוש-ני-יאַריד. און קיין בריף איז נאָך פון אים אַלץ ניטאָ. און טעלצע, איהר דינסטמיידעל, אַ מויד אין די יאָהרען, און די קינדערלעך איהרע, וועלוועל, פייווקע און ירחמיאל'קע, קוקען אויך אויס זייערע אויגען. ניט אַזוי אויף וואָיטעקען אַליין, ווי אויף זיינע מעשות.

געבעשט זאָל זיין טעלצע! ווען ניט זי וואָלט וואָיטעק קיינמאָל אַזוי ניט מאריך געווען מיט טעה-טרינקען אין קאָך-שטוב, און עס וואָלט קיינמאָל ניט דערגעהן צו אַזעלכע זיסע און שרעקליכע מעשיות, וועלכע לאָזען זיך אַלעמאָל אויס מיט אַ גוטען סוף. וואָרים מומע-פייגע אַליין איז אַביסעל אַ טאַטענ'ס אַ טאָכטער, אַן איידעלע זאַך. זי פאַרטראָגט שלעכט דעם בי-טערען רויך פון וואָיטעק'ס פיפקע און דאָס סמאָרען פון זיינע באַלעגאָלישע שטיוואַלעס. ווי אַלע אַמאָליגע באַלעבאָסטעס האָט זי גיט איבעריג ליב באַלמעלאָכעס, גראָבע נפשות, ווי גוט און האַרציג זיי זאָלען ניט זיין. זי דערלאָזט קיינמאָל ניט איהרע חדר-אינגלעך זאָלען געהן קוקען, ווי דער סטאָליער מייסטרע-וועט, טאָמער וועלען זיי זיך איינשמירען אין לאַק און אין קליי. און צום ליימער טאָר מען ניט אַריינקוקען—טאָמער ווצט מען זיך אויסשמירען אין לייהם; און צום רימער — אַוודאי נישט, טאָמער וועט זיך דערנאָך אָפגעבען פון די קליידער מיט פראָסטען לעדער און מיט טראָן-שמירעכץ...

ניט אַזוי אָבער איז טעלצע, אָט די פאַרזעסענע גוטהאַר-ציגע דינסטמויד, מיט דער אונטערגעשווירענער „טיאָלקע" פון האָר איבער'ן שטערען, כדי מען זאָל מיינען, אַז זי איז אינ-גער... איהר פאַרשטאָרבענער טאַטע איז אויך געווען אַ באַלע-גאָלע ביים אָרשער באַהן. זי איז יונג אַוועק פון דער היים און אַ סך יאָהרען געדינט אין דער פרעמד. צום טאַטענ'ס קבורה ניט געקענט קומען. און אַז וואָיטעק קומט, דערפרעהט זי זיך מיט איהם, ווי מיט אַ פאַרלוירענעם טאַטען. מיט זיינע ווערטלעך, מינעלעך און מיט זיינע אָפענע אויגען, אַפילו מיט דעם וואָליגען ריח פון זיין „כאַלמידע", דערמאָהנט ער דאָס

אָרימע היים אין אָרשע, דעם אַלטיטשקען, וועלכען זי וועט שוין מעהר ניט זעהן...

קומט וואָיטעק, פאַרשפּרייט זי, צוליעב זיין כבוד וועגען, אַ האַנטוכעל אויף דעם ברעג טיש, אין קאָף-שטוב; דערלאַנגט איהם טעה מיט מילך און איז איהם אָפּטמאָל מהנה מיט אַ טרוּקען קיכעלע צו טונקען אין הייסינקען טהע. זי איז מכבד און די קינדער העלפען איהר. דער טראָגט צו די גלאָז, דער דערלאַנגט צוקער, דער זוכט אויס אַ שטיקעל שבת'דיגע חלה. זיי ווייסען, אַז וואָיטעק וועט דערפאַר באַצאָהלען מיט אַ גראַמעלע, מיט אַ מעשה'לע... די מומע-פייגע מאַכט כלומרשט אַן אָנשטעל, אַז זי איז ניט שטאַרק צופרידען פונ'ם כיבוד אין קיך... כ'מיין, וואָס פאַר אַ סעודות האָט מען צו פראַווען מיט אַ בריף-טרעגער? האָסט געבראַכט אַ בריף, אָפּגענומען די פאָר קאָפּיקעס? טו זאָג אָפּ דיין „גוטען-אָווענד" און געה געזונטערהייד!

ס'איז אָבער נאָר אַ באַלעבאַטישער אָנשטעל. וואָרים אין האַרצען האָט זי דעם אַלטיטשקען ליעב ניט ווייניגער ווי איהרע חדר-אינגלעך. און אַז וואָיטעק צורעדט זיך אין קיך מיט זיין הייזעריגליכען ווייכען קול, הויבט זי אָן האָרכען געגען איהר אייגענעם ווילען. זי הערט זיך פריהער צו מיט איין אויער, דערנאָך — מיטביידע אויערען. און, ווי אָנגעצויגען פון אַ כישוף, הויבט זי זיך אויף, טרעט אַרויס פאַוואָליע פון זאַל און בלייבט שטעהן אין טיר פון קיך. די באַק אונטערגעשפּאַרט מיט צוויי פינגער... דערזעהט זי טעלצע אין אַזאַ פאַרשטאַרטע נייגעריגקייט און שפּרינגט אויף:

— וואָס שטעהט איהר, באַלעבאָסטע? נאַט אייך אַ שטוהל! זעצט אייך!

זעצט זיך מומע-פייגע און באַמערקט גאָר נישט, ווי דאָס דינסטמיידעל און די קינדער און וואָיטעק האָבען זי אַריינגענומען אין קאָמפּאַניע. פאַרפלויגען דער האָנאָר פון אַ מיושב'דיגער באַלעבאָסטע.

בעסער ווי אַלע מעשיות, מיט גזלנים און גוטע אידען, געפעהלען איהר וואָיטעק'ס דערצעהלונגען פון ניקאָלאַיעווער

סאָלדאַטשינע. אָט, למשל, ווי די אידישע האַלב־גע׳שמד׳טע קאַנטאָניסטען האָבען איינמאָל געמאַכט אַ סדר אין סעוואַסטאָ־פאָל, ניט ווייט פון די געפערליכסטע „באַסטיאָנען”, בשעת האַר־מאַטען האָבען געדונערט אַרום און אַרום. מצות האָבען זיי גע־באַקען פון קאָרענע מעהל. שוואַרץ ווי די ערד זיינען די מצות געווען, און ניט־דערבאַקען, ווי לאַטקעס. אָנשטאָט וויין האָט מען געטרונקען חמץ׳דיגען בראָנפען פון ליימענע טעפעלעך. ניט ווייסער ווי די מצות זיינען די טעפעלעך געווען. אָט אַזוי האָבען דאָס יענע ארבע־כוסות אויסגעזעהן! אָנשטאָט אַ היסב־בעט האָט מען אָנגעוואָרפען אַ פאַק סאָלדאַטסקע שינעלען און דער פראַפּאָרשטשיק גאַברילא בר׳ חאַצקיל, אַ ליכטיגען גן־עדן זאָל ער האָבען, האָט זיך גאָר וואַזשנע אָנגעלעהנט אויפ׳ן פאַק און געפּראַוועט דעם סדר. די חגדה האָט ער „געלאָפּאָטשעט” אַזוי הויך און אַזוי משונה׳דיג, אַז די אויערען האָבען וועה־געטהאָן: „האָמאַר רב׳ האַלעזער בר׳ האַזאַריאַ, ריהיי האַני ביקען ווישים...” (אמר ר׳ אליעזר בן עזריה הרי אני כבן שבעים). אַזוי האָט מען געבראָקט די הגדה און די טרעהרען זיינען ביי אַ סך סאָלדאַטען געראונען אין די ליימענע טעפעלעך מיט דעם חמץ׳דיגען בראָנפען — אין די כוסות הייסט דאָס. ביז פראַפּאָרשטשיק גאַברילא בר׳ חאַצקיל, דער זאָגער פון דער הגדה, איז אויפגעשטאַנען און געגעבען אַ טראַסק אין טיש אַריין: איהר הערט, בראַטצי? — האָט ער אויסגעשריען, — ס׳איז היינט אַ ליל־מישו... משורים... שמורים” איז היינט, אין אייער טאַטען אַריין! פרעהליך זאָלט איהר מיר זאָגען די הגדה! איהר הערט? אַז ניט, קען זיך, ניע־דאַי באָג, ארייגרייסן אַ באָמבע פון פראַנצויז... אין אייער מאַמען אַריין!...

האָבען זיך אַלע קאַנטאָניסטען גלייך אַ נעהם געטהאָן זינגען די „חד־גדיא”, אַז אַלע פאָנישע זעלנער זיינען זיך צו־זאַמענגעלאָפען אַרום דער „זעמליאַנקע”, וואו מען האָט געפּראַ־וועט דעם סדר, און האָבען זיך גע׳צלם׳ט און האָבען זיך גע־שושקעט פון גרויס פאַרוואונדערונג: ווי קענען דאָס מענשען זינגען, ווען אַרום און אַרום ברענט אַזאַ גיהנום.

אין יענער נאַכט, האָט וואָיטעק פאַרענדיגט זיין ערצעה־לונג, האָט טאַקע קיינעם קיין אונגליק ניט געטראָפען. ניט די אידען, וואָס האָבען געפראַוועט דעם סדר, ניט די גויים, להבדיל, וועלכע זיינען געשטאַנען אַרום זעמליאַנקע און האָבען זיך צוגעהערט...

טעלצע איז זיך אַזש פאַרגאַנגען אין אַ שטיל געוויין, די קינדערשע אויגלעך זיינען געווען פייכט און טרויעריג. און די מומע פייגע'ן אַליין האָט דאָס אַזוי צוגומען, אַז זי איז גלייך געלאָפען צום אַלמער און געבראַכט אַביסעל ווישניאַק מיט ספירט אויפ'ן דעק פון אַ גראַפין, צו וועלכער קיינער אין שטוב האָט זיך נישט צוגעריהרט, זינט אורי איז אַוועקגעפאָהרען; און מיט איהרע אייגענע ווייסע הענט מכבד געווען וואָיטעק'ן מיט אַ גוט גלעזעלע.

# די גאַנצע ברית־צערעמאָניע

## 1.

האָבענדיג אַזאַ גוטען קבלת־פנים אין מומע־פייגע׳ס קאָכ־שטוב, איז שוין קיין וואונדער ניט, וואָס לייזערל וואָיטעק אַליין האָט שטאַרק ליעב פעטער אורי׳ס ברית, ווען יענער איז אויף דער רייזע.

וואָיטעק רעכענט שטענדיג אויס, אַז זיין אָפּבּרענגען אַ ברית זאָל אויספאַלען אין אָווענט, נאָך וועטשערע, ווען די קינדער זיינען שוין דאָ אין דער היים פון חדר, און מומע פייגע האָט צייט און טעלצע דאָס דינסטמיידעל איילט זיך ניט, און שלאָפען געהן איז נאָך צו פריה, און דאָס אויער איז נייגעריג און אַ שמייכלענדיגע שטילקייט טוליעט זיך צו די קלאָרע גלעזלעך פון די נאַפט־לעמפלעך, און פון האַלב־אָפּגעקיהלטען, אויסגעהענדיגען סאַמאָוואַר ציהט זיך אַ פאַרביינקט געזאַנגעלע: „אַך, ס׳איז גוט צו זידען און צו קאָכען זיך! און צו אויסנעהן זינגענדיג איז אויך ניט שלעכט...״ אָט אין אַזאַ גוטער שעה ווערען אורי׳ס זעלטענע בריף איבערגעגעבען מיט גרויס פרסום און מיט גרויס ליבליכקייט. אַזוי ווי עס ווערט באַשריבען אַ ביסעל ווייטער, מיט אַלע פרטים און מיט אַלע פיצעלעך.

ס׳איז אָווענד. די אייזערנע דעקלעך ציטערן אין קוימען פון שנייאיגען ווינט, קלינגען ווי איבערגעצויגענע סטרונעס. טעלצע, די דינסטמויד, איז פאַרנומען מיט וואַשען דאָס געפעס. ווישט זי און זומט צו אַ לידעלע פון אַ פאַרזעסענע מויד. זינגט זי און ווישט, און די האָר־„טיאָלקע״ איבער איהר שטערן,

וואָס זי האָט אונטערגעשוירעוען, כדי זי זאָל אויסזעהן אינגער — שפרינגט אונטער צום טאַקט. די מומע פייגע שטריקט אַ זאָק אויף דעם אַלטען פאָטער-שטול, צווישען דער וואַרימער הרובע און צווישען אַלטען קאָמאָד. די קינדער, אָקאָרשט נאָכ׳ן חדר און נאָך וועטשערע, מאַכען די אוראָקעס. און גאָר פלוצלינג פאַרשפּיצען זיך אַלע אויערען. די „טיאָלקע״ אויף טעלצעס שטערען בלייבט שטעהן, די פענצס אין די קינדערשע הענט-לעך בלייבען הענגען אין דער לופטען און מומע פייגע אַליין קראַצט זיך מיט אַ שטאָלענעם שפּיזעל אונטערן קאָפּ-טיכעל. אַ סימן אַז זי האָרכט אויך... בערישע נאָכשלעפּענדיגע טריט דערהערען זיך האַרט ביים שטוב און... טוק-טוק-טוק! מיט דער קליאַמקע אין דער פאַררינגעלטער טיר פון פירהויז.

רופט זיך אָפּ טעלצע:

— באַלעבאָסטע! וואָיטעק...

ענטפערט מומע פייגע מיט׳ן שפּיזעל אין האַנד:

— אַוודאי אַ בריף פון אורין!

שפּרינגען אויף אַלע דריי בנים: וועלוועל, פייוועקע און ירחמיאל׳קע:

— וואָיטעק, וואָיטעק!

זאָגט די מומע פייגע געלאַסען:

— טעלצע, געה מאַך אויף!

לאָזען זיך לויפען אַלע דריי קינדער:

— מיר אויך, מיר אויך!

שרייט אויף זיי מומע-פייגע, מכלומרשט, אָן:

— ניט אייער עסק. מאַכט די אוראָקעס!

אָבער די שמחה פון וואָיטעק׳ס קומען האָט זיך שוין אַריינגעריסן אין שטוב, נאָך איידער דער אַלטיטשקער האָט אַריבערגעטראָטען די שוועל. און דאָס אָנשרייען פון דער מו-מען האָט מעהר קיין ממשות ניט, ווערט בטל בששים.

לאָזט זיך לייזערל וואָיטעק אַריין אין שטוב, ס׳הייסט אין קאָכשטוב. אַ קאַלטע, פינסטערע פּאַרע געהט איהם פאָראויס, און אַ ווייסע פּאַרע כוואַליעט און קרייזעלט זיך הינטער איהם.

ווי אַן אָנגעפּעלצטער מלאך אין וואָלקענס קומט אָן וואָיטעק און די שווערע אָנגעפּעלצטע שטוב-טיר פאַלט צו הינטער איהם מיט אַ קרעכצענדיגען, הייזעריגען און אויסגעצויגענעם „ברוך הבא!..." די וואָלקענס פאַרשווינדען און וואָיטעק אַנטפּלעקט זיך אין מיטען קאָכשטוב מיט אַלע זיינע פעלצען און גאַרטלען און באַשליקען, איינס איבער ס׳צווייטע. נאָר איין רעשטעל פון די פאַרשוואונדענע וואָלקענס קרייזעלט זיך גרוי-בלוי פון זיין קרוּמער פּיפקע אונטער זיין פאַרבונדענע נאָז... און דער ריח פון זיין אויבערשטער וואָלענער און גרינער דעליע איז ווי דער ריח פון געפרעסטער שטרוי און ווינט, פון געפרוירענער ערד און שטאַל. עס ציטערען די קינדערשע נאָזלעכער, ווי ביי ווילדע פאַרשפאַרטע ציגעלעך, ווען זיי דערשמעקען דעם בערגיגען וואַלד דורך די שפּאַלטען פון זייער געפענגעניש. אַ ניט-צופרידענער שאָטען לויפט נאָר אַריבער דעם געכאָליעטען פנים פון דער מומע-פייגען. זי האָט ניט ליב אַזעלכע ריחות... און טעלצע צוניסט זיך אַזוי, אַז די אונטערגעשוירענע „טיאָל-קע" פאַטשט איהר איבערן שטערען.

רוקט גלייך וואָיטעק אַרויס די אָנגעפרוירענע וואָנצעס פון די האַרטע קאָלנערס און וויכע שאַרפען, און ברומט אַרויס זיינע ערשטע געגראַמטע ברכות:

— אמת-געגאָסען! טעלצע וועט קריגען אַ חתן, וועט זיין שמחה וששון...

ער באַפרייט די ברייטע נאָז פון אונטערן רויטען טיכעל, וואָס איז אים אַרומגעבונדען ווי אַ רייף אַרום מאָכיגען פנים, באַווייזט זיך דער אַלטער פאַרשימעלטער לישאַי, וואָס האָט זיך איהם איינגעגעבערט אין נאָז-ביין און וויל זיך ניט אויסהיילען זינט דער סעוואַסטאָפּאָלער מלחמה, זינט אַן אייזערנער שטיקעל פון אַן האַרמאַט-קויל האָט איהם דאָרטען געטראָפען...

אויפגעדרעהט דעם קראַן — גיסען זיך שוין זיינע ווער-טער פון זיך אַליין; פראָסטיגע פון דער ווינטערדיגער גאַס און רויכיגע פון זיין וואַרימער פּיפקע. דורך דער טיר פון

קאָכשטוב דערזעהט ער די מומע-פייגע'ן ווי זי זיצט און שטריקט. בענטשט ער זי מיט איהרע בנים צוזאַמען:

— אַ „גוטשינקען" פייגען דער נגידה, פון לייזער וואָי-טעק'ן אין „כאַלמידע" *). זי טוט טהאָן מאַכען אַ זאָק, זאָל איהר גאָט געבען יאָהרען אַ שאָק. און אַ גוט-נאָוועגט דעם בחור פון גמרא! ער וועט מירצעשעם זיין אַ שררה! און אַ גוט-נאָווענט דעם חומש-בחור מיט רש"י! מ'וועט איהם קאָכען האָניג מיט קאַשע! און אַ גוט-גאָווענט דעם מוזיניקעל! — אַ גרויסער שטיפער, אַ מפוניק'על. און אַ גוט-נאָווענט אַלע אידען, אין דער היים און אויף יאַרידען...

אָט דעם גאַנצען פיעל-גאָרענדיגען גוט-נאָווענט בויט וואָי-טעק אויס זעהר געלאַסען, פיפקענדיק צווישען די גראַמען מיט איין האַנט, און פונאַנדערבינדענדיג די באַשליקען און קאָלנערס מיט דער צווייטער האַנט. ביז עס באַווייזט זיך זיין גרינליכע באָרד און זיין ברייטע האַלז. וואָס איז רויט און אָנגעקנייטשט אין אַ סך קליינינקע קנייטשעלעך, ווי אַ געגזענע לאַפּקע.

זיין קול איז אַ האַמעטנער, אָבער אַ האַרציגער. הייזע-ריג און פונדעסטוועגען אָנגענעם, ווי אַ פאַרצייטיגער בלאָז-אינסטרומענט, וואָס איז לאַנג געלעגען אין פייכטקייט און ניט באַנוצט געוואָרען. עס פייפט דאָ און דאָרט פון אַ שפּעלטעלע, אָבער מוזיקאַליש איז עס פאָרט... זיין אַמאָליגער האַלב-יעוואָ-נישער לשון איז שוין לאַנג אויסגעאידישט געוואָרען. אין משך פון פינף און פערציג יאָהר, זינט ער איז צוריקגעקומען פון סלוזשבע. נאָר ווען ניט ווען רייסט זיך ביי איהם נאָך אַרויס אַ האַרב וואָרט, אַ יעוואָנישער אויסדרוק — אַ פאַרבלאָנדזשעטע סאַראָקע אין אַ נעסט פון טויבען. שרעקט זיך דאָס וואָרט אָפּ און אַנטלויפט...

*) באַלעגאָלישער איבערמאַנטעל.

## 2.

שטאַרקט זיך די מומע פייגע. זי באַהערשט איהר ברע־נענדיגע נייגעריגקייט צו זעהען וואָס גיכער אורי'ס בריף פאַר די אויגען און ענטפערט אָפּגעשלאָסען פון זאָל אַרויס:

— גוט נאָוועגט, גוט יאָהר! טהוט זיך אויס, ר' לייזער!

— טהוט זיך אויס. זעצט זיך! — חזר'ט איבער טעלצע.

בינדט וואָיטעק אויף זיין אַלטען באַלעגאָלישען גאַרטעל, און זיין אויבערשטע, וואָליגע „דעליע" גליטשט זיך עפּעס אַליין אַראָפּ פונ'ם גלאַטען לעדערנעם פעלץ, וואָס ער טראָגט אונ־טער איהר. כאַפּט ער זי אונטער אין פאַלען און וואָרפט זי אויפ'ן לעהן פון הילצערנעם שטול. בינדט ער אויף אַ צוויי־טען גאַרטעל. צעפּעפּענען זיך די לעדערנע פּאָלעס און עס ברוי־זען אויף די שעפּסענע גרייזעלעך פון פעלץ, ווי ברודיגער שוים איבער וואָיטעק'ס אַלטיטשקע קניע, איבער זיינע פאַר־שמאָלצעוועטע פּלודערן. דאָס גאַנצע יעוואָניש־באַלעגאָלישע געפּי־לעכץ, דאַכט זיך, קריכט אַרויס פון לעדערדיגען אָנטועכץ. און די קינדער ווערען נבהל ונשתומם פון אַזאַ פּלוצליכען איבער־גאַנג פון איד צו גוי... נאָר אויך די דאָזיגע שאָלעכץ פּאַלט, און פון דער לעדערנער, גוי'שער קליפּה קריכט ווייטער אַרויס אַ איד. אַן אַלטיטשקער אָבער געזעצטער זיידעלע מיט אַ ברייטן פּנים און מיט אָפענע בלוי־לויכטענדיגע אויגען, אין אַ וואַטאָ־ווען ראָק, מיט אַ דריטען גאַרטעל. די קינדער זיינען זיך פּשוט מחיה, דערזעהענדיג, אַז דער קערן איז פאָרט אַ אידישער...

זעצט זיך ר' לייזערל און זויגט אין זיך, ווי אַן אָנגעֿ־קיהלטער שוואָם, די וואַרימקייט פון קאָכשטוב און משפּחה, זויגט אין זיך און שוידערט.

— קאַלט, ר' לייזערל? — גיט טעלצע אַ פרעג — וואָ־אָס?

— אַ שאלה! — מאַכט וואָיטעק און שוידערט מיט ביידע פּלייצעס. — ניט קיין וועג און ניט קיין שטעג, ניט קיין דאַך און ניט קיין שליאַך. פאַר אַ זלאָטע וואָלט וואָיטעק אין אַזאַ

פּאָנאָדע ניט געבראַכט קיין באַלעגאָלישע „שמאָנצעס״. נאָר פּאַר פייגע אורי׳ס זאָל געזונד זיין...

— אַ בריף? — צעשיינט זיך מומע פייגע׳ס פּנים. זי הויבט זיך אויף מיט דער זאָק אין האַנט און וואַקסט אויס אין טיר, צווישען זאַל און קאָכשטוב. נאָר אין קיך גופא געהט זי נאָך אַלץ ניט אַריין. דאָס פּאַסט איהר ניט צום אויסגעהאַלטע־נעם באַלעבאַטישען טאָן.

— וואָדען! — מאַכט לייזערל און גיט כיטרעוואַטע אַ בליק מיט די בלויע אויגען צו דער באַלעבאָסטע — אָהן „שמאָנצעס״ וועט וואָיטעק ר׳ אורי׳ס שוועל נישט אַריבערטרע־טען. ניע סמיעט! (ניט דערוועגען זיך!) — שרייט ער אָן פּלוצ־לינג אויף זיך אַליין — מעשה יון און קונדס צוזאַמען.

אינ׳ם וואָרט „שמאָנצעס״, אָדער ריכטיגער, ווי לייזערל וואָיטעק רעדט עס אַרויס — „סמאָנצעס״, פּיהלט זיך אַ גע־שמאַקע באַלעגאָלישע גראָבליכקייט און אַ גוטמוטיגקייט פון אַן עם-הארץ, וואָס אַליין פאַרשטעהט ער זיך ניט אויף די שוואַרצע פּינטלעך, נאָר אין האַרצען האַלט ער פון זיי יאָ... ס׳איז אַ וואָרט, וואָס זיין טייטש איז ניט קלאָר און גיט פונדעסטוועגן צו אַ טעם צו אַלץ, וואָס וואָיטעק זאָגט. אַמאָל איז דאָס אַ טעם פון ביטול, אַ צווייטען מאָל פון האַרציגקייט, אַ דריטען מאָל פון אַנטשלאָסענקייט:

— ריבה׳לע, וואָס קאָסטען היינט דיינע „סמאָנצעס״?

הייסט דאָס: וואָס קאָסטען היינט דיינע עפּעל?

— האָט ער איהם אַריינגעוואָרפען אין „ציפערבלאַט״ צוויי „סמאָנצעס״!

מיינט דאָס: צוויי פּעטש געגעבען איהם.

— אַ פּאָהר קיין אָרשע קאָסט היינט אַכט „סמאָנצעס״!

איז דאָס ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַכט גילדען.

אָבער אַזאַ איידעלער באַלעבאָסטע, ווי מומע פייגען איז, געפעלט לגמרי ניט וואָס אורי׳ס בריף געהען אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון „שמאָנצעס״. גיט זי זיך ניט-ווילענדיג אַ קרים. אָבער באַלד דערפיהלט זי אַ געוואַלדיגען דרך-ארץ אין וואָי־

טעק׳ס וואָרט פאַר אורי׳ן און פאַר זיין שרייבען. דאָס מאָל האָבען די „שמאָנצעס“ גאָר אַן אַנדער טייטש. פאַרשנירט זי ביידע ליפּעלעך און וואַרט.

לאָזט וואָיטעק אָפּ דעם לעצטען גאַרטעל פון זיין וואַטאָ-ווען אונטער-ראָק און שיקט אַריין זיין אָנגעקיהלטע און אָנגע-דראָלענע האַנט אין דער טיפער וואַרימער קעשענע, ווי אַ בלינ-דען בער אין דער נאָרע. די האַרטע האַנט גראַבעלט זיך דאָר-טען און זוכט און נישטערט. אַ ביסעל געפינט טאַקע וואָיטעק ניט אַזוי גיך דאָס געזוכטע און אַ ביסעל מאַכט ער זיך, אַז ער געפינט נישט. ער איז מאריך כדי צו ציהען זיס די נשמה, כדי צו רייצען די ווייבערשע אונגעדולד ביי דער מומע פיי-גען... ער איז אַ פקח, לייזערל וואָיטעק, און ווייס ווי צו צי-הען אַזאַ פאַרגעניגען — דאָס באַקומען אַ בריף פון וויטעבסק. דערביי פּיפּקעט ער און באַלעבאָטשעט און רעדט צום פאַר-שטעקטן בריף, אַזוי ליבליך און ממזר׳יש, ווי אַ ציידעלע וואָס שפּילט זיך אין באַהעלטערלעך מיט זיין שטיפערישען אייניקעל:

— האַ? עכברש דו! וואו ביזטו דאָרטען פאַרקראָכען? צו אַל-די גוטע יאָהר!... העט אַ מזיק!... קו-קו! וואַרט, דו ווייסער-חברה׳ניק דו! כ׳וועל זיך באַלד צו דיר דערקלייבען, וועל איך זיך... הע? דאָס ביזט דו, צי נישט דו? אָט-אָ האַלט איך דיך! אָט-אָ ציה איך דיך! אָט-אָט-אָט!...

ער ציהט עפּעס פאָרזיכטיג פונ׳ם וואַטאָווען אָפּגרונד. ווי מען ציהט אַ צאַפּעלדיגען העכט פון וואַסער און מען איז ניט זיכער אין דער ווענטקע, און שלעפּט אַרויס אַ גרויען ניט-גע-וועהנליכען קאָנווערט און פאַרקרימט זיך.

— אַך, ביין! — מאַכט וואָיטעק און גיט אַ וואָרף אויפ׳ן טיש, ניט דיך מיינט מען דאָ!... וואָס קריכסטו וואו מען דאַרף ניט? טצ, טצ... ס׳איז גאָר אַ בריף פאַר דער שטרויענער אלמנה! — אַזוי דערקלערט וואָיטעק די שטובינע — אַ בריף פון פאַנדרע׳ן פאַר אייער שכנ׳טע, פאַר דער שטרויענער אלמנה, פאַר מערע סענדערס. אַ ביטערע האַרץ נעביך. שוין באַלד צוויי טעג אָנגעקומען פון מאָהליוו. אַלץ קיין צייט ניט געווען אָפּצו-

געבען. אַז גאָט וועט שענקען דעם געזונד, וועל איך איהם נאָך היינט אָפּטראָגען. אַך-כאַ! זיצט נעבּיך אַ גבר אַ איד אין אָסטראָג פּאַר אַזעלכע „סמאָנצעס" און רייניגט אָפּטריטען...

ווערט טעלצע אומרוהיג:

— וועט גאָר ר' לייזערל ניט בלייבען טרינקען אַ גלאָז טיי?

— מ'עט זעהן, מ'עט זעהן! — מאַכט וואָיטעק פּיפּקעניג, און פּאַרטיפּט זיך נאָך אַ מאָל אין זיין וואַטאָוועד קעשענע. ער בויגט זיך אויס ווי אַ שופר, גרונטעוועט און גרונטעוועט און קען זיך גישט דערגרונטעווען: וואָרטשעט ער שוין אַ ביסעל ברוגז'לעך:

— אַי-אַי! אַ טורטוריאַטער ווי איך בין אַ באָקסער (אַ טעאַטער ווי איך בין אַ בחור). וואָס זיינען דאָס פּאַר אַ סמאָנצעס? (פּאַר אַ שטיק) אָקאָרשט געווען דוכט זיך... נו, נו! געגוג צו חכמה'נען זיך, וואָרים, וואָרים... אָט-אָ געכאַפּט, כעכע! יע—מ—ד!

און וואָיטעק שלעפּט אַרויס מיט אַ שאַל פון נצחון אַ צעקנייטשטען בריוועל און מאַכט זיך, אַז ער לייענט דעם אידישען אַדרעס דורך אַ שפּאַקול. איין אויג פּאַרקוועטש ער דערביי:

— לזוגתי פייגע הגבירה, אין שקלאָוו הבירה, לעבען ליובאַוויטשער סמעדרעש (בית מדרש) און ווייטער דאָרטען די איבעריגע סמאָנצעס...

באמת קען וואָיטעק קיין שייטעל געשריבענעס ניט לייענען. דאָס איז ער נאָר זיך משער, אַז אַזוי שטעהט געשריבען אויפ'ן קאָנווערט. דורך זיינע הענט און אויערען זיינען שוין דורכגעגאַנגען אַ רעכט ביסעל טיטלען אויף בריף. לייענט ער שוין אויסווענינ, און קיין גרויסען טעות מאַכט ער ניט דערביי.

מומע פייגע נעמט איבער דעם צעקנייטשטען, פאַרשמאָלצעוועטען בריף, גיט אַ ציה מיט דער שמאָלער נאָז, וואָס לויכט זיך דורך ווי וואַקס אויפ'ן לעמפּעל, ווייזט אָן וואָיטעק'ן אויף אַ זעהר פּאַרדעכטיגען פלעק אויפ'ן קאָנווערט און זאָגט אַזוי:

— זעהט נאָר, ר׳ לייזער, וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ דיעגאַכץ?

— דיעגאַכץ? — וואונדערט זיך וואָיטעק און פּיפּקעט — ווי קומט דיעגאַכץ צו וואָיטעק׳ן? מיין טאַטע האָט ניט גע־האַנדעלט מיט דיעגאַכץ. און איך אויך ניט. נאָר כ׳מיין, באַ־לעבאָסטע לעבען, אַ בריף געהט פון וויטעבסק...

מיט די לעצטע ווערטער מיינט וואָיטעק צו זאָגען: אַ וואונדער אַ ביסעל! אַ בריף געהט אַזאַ מהלך־רב פון וויטעבסק קיין שקלאָוו, מאָהליווער גובערניע, ווילט איהר ער זאָל אָנקו־מען אָהן דיעגאַכץ? נאָר גלאַט, גבירים האָבען ליב צו האָבען טענות...

3.

דער תירוץ אויף אַזאַ האַרבער קשיה מכח דעם פלעק פון דיעגאַכץ ווערט אָנגענומען, דער בריף ווערט אויפגעשניטען מיט אַ שפּיזעל פון זאָק, און ווערט געלייענט טיילווייז פאַר זיך, ווי אַ שטילע שמונה־עשרה, און טיילווייז — הויך אויפ׳ן קול, ווי „ברוך הוא וברוך שמו, אמן". ס׳הענגט אָפּ דערפון, וואָס אין בריף איז געשריבען. דאָס וואָס אַלע מעגען וויסען — הויך אויפ׳ן קול. און דאָס וואָס נאָר מומע־פייגע דאַרף ווי־סען — מיט די בלויזע ליפּען. אָט למשל:

— געלויבט דער אויבערשטער, פאַרקויפס אַ ביסעל סחורה און פאַרדינט המ... שו־שו־שו. (דאָ געהט מומע־פייגע אי־בער אויף אַ שטילען קול פון קריאת־שמע) און דאָס... און דאָס וואָס איטשייזע דער תנא־ברא האָט חתונה־געהאַט מיט אַ אָרשער מיידעל איז פאַר זשאָמען אַוודאי גוט. וועט ער זיך אַביסעל אויסרוהען פון זיין בן־יחיד. וואָרים דו ווייסט דאָך אַז... (פאַר זיך) שו־שו־שו, שו־שו־שו... אויף פסח, אם ירצה־השם, וועל איך קומען אַהיים... וועסטו שו־שו־שו, שו־שו־שו... נאָר פאַרגעס ניט אַריינגעהן צו בלומקען, מיין שוועסטער, אָפּ־נעהמען די טוך זילבערנע בעכערלעך, וואָס זי האָט גענומען

אויף קאָמיסיע. זי איז אַפילו אַן אַלמנה, אַ גרויסע יחסנ׳טע, נאָר שו-שו-שו, שו-שו-שו... דאָ אין וויטעבסק איז לעשץ בחצי-חנם. די פיש פון דער דווינא האָט גאָר אַן אַנדער טעם ווי ביי אונז פון דניעפּער. דערפאַר — גענזענע שמאַלץ איז אַ יקרות. בלומקע וואָלט געוועז ניט אַזאַ יחסנ׳טע (פּאַר זיך) שו-שו-שו, וואָלט זי בעסער אָפּגעלאָזן דעם געשעפט פון בעכערלעך און לעפעלעך. וואָרים וואָס פאַרשטעהט זי ברוך-השם אין... שו-שו-שו, שו-שו-שו. פון גענזען-שמאַלץ וואָלט זי מעהר פאַרדינט. שו-שו-שו. און טאָמער וועט משה-הירשעל דער גאָלדשמידט, דער ג... שו-שו-שו מאַכען מחזקות מיט די דימענטלעך און נעהמען זיך דינגען ווי אויפ׳ן פיש-מאַרק, זאָלסטו ניט מאַכען קיין מלאכות און זאָלסט... המ... שו-שו-שו, וואָרים אין בין איהם דאָך ניט די אַלטע מאַמע זיינע, וועלכע ער רופט „די קראַדלע" און... ש-ש-שו...

און לייזערל וואָיטעק זיצט דערביי און ציהט פאַוואָליע פון דער האַלב-אויסגעלאָשענער פּיפּקע. ווייל ער ווייסט, אַז מומע-פייגע האָט פיינט אַ שטאַרקען רויך. פּיפּקעט ער אַזוי, און זאָגט נאָך אַלץ וואָס מומע-פייגע לייענט אַרויס פון בריף. מומע-פייגע שטיל און באַשיידען און וואָיטעק מיט גרויס פרסום-עס בייטען זיך איהם אַלערליי מינעס אויפ׳ן מאָכיגען פּנים. זיפצעלעך און שמייכעלעך לויפען געוועט איינער איבערן צוויי-טען... און אָפטמאָל פילט ער אויס דאָס, וואָס מומע-פייגע האָט דיפּלאָמאַטיש דורכגעלאָזען און איבערגעהיפּט אין לייענען. אָט, בסדר:

— נו, געלויבט דער אויבערשטער! אַז אַזאַ באַלעבאָס אַ איד ווי ר׳ אורי האָט פּרנסה, האָבען אַנדערע אידען אויך פּרנסה... ניט ווי די היינטיגע באַלעבעסלעך מיט זייערע סמאָנ-צעס... אַזוי, איטשייזע האָט שוין אויך חתונה? נו, אפשר וועט ער אָנהויבען נעהמען לייב. וואָרים ער איז דאָך דאַר און לאַנג ווי אַ האָלאָבליע... ניין! וואָס דען! ר׳ אורי וועט דיר ניט קומען אַהיים אויף פּסח! כע-כע... אַך, די ווייבער, די ווייבער, די אַלמנות! קיינמאָל זיינען זיי ניט צופרידען!.. טצ...

ווען וויטעבסק וואָלט ניט געווען אַזוי ווייט, וואָלט מען זיך שוין אַן עצה געגעבען. פרישע לעשך פון וויטעבסק אַהער און געגזענע שמאַלץ מיט גריבענעס אַהין. מ'וואָלט נתעשר געוואָרען. נאָר געה פיהר פרישע פיש הונדערט און צוואַנציג וויאָרסט מיט'ן אַקס! נו, איז ר' אורי ניט גערעכט? ווי קומען ווייבער האַנדלען מיט זילבערנע כלים?..

און אַזוי ווייטער און ווייטער. אויף יעדען פסוק, וואָס מומע-פייגע לייענט אַרויס פון בריף, האָט וואָיטעק, דער בריף-טרעגער, אַ פירוש מיט רש"י און אַ מיינונג. ער פאַרטייטשט און איז מסכים אויף יעדען וואָרט אין אורי'ס בריף, אַזוי רוהיג און אַזוי הרחבה'דיג, פונקט ווי ער וואָלט דאָ געווען עפּעס גאָר אַ נאָהענטער קרוב. ווענינגסטענס — אַן אָנגעזעהענער מחותן פון אורי'ס צד אָדער פון מומע-פייגע'ס צד.

און ווער ווייסט ווי לאַנג וואָיטעק'ס הסכמ'ות און זיינע טייטשען אויפ'ן בריף וואָלטען געדויערט, ווען מומע-פייגע כאַפּט זיך ניט פלוצלינג, אַז וואָיטעק, דער אַמאָליגער באַלעגאָלע און דער יעצטיגער בריפטרעגער, איז צו איהר אַביסעל צופיל אריין אין קרובה'שאַפט, מישט זיך שוין צופיל ניט אין זיינע זאַכען. קנייטשט זי איין דעם גלאַטען שטערען און געהט אַוועק פון קאָכשטוב אין זאַל אַריין. זי רוקט זיך אַרויס ברוגז'דיג, דערלייענענדיג אוריס בריף פאַר זיך. אַ טראַט און אַ לייען, אַ לייען און אַ טראַט. ביז זי זעצט זיך צוריק אויפ'ן פריהערדיגען אויסגעוואַרימטען אָרט, אויפ'ן אַלטען פאָטער-שטול, צווישען קאָמאָד און צווישען דער אָנגעהייצטער הרובע.

ווי נאָר זי געהט אַרויס, ווערט עפּעס די לופט אין קאָכשטוב פרייער. טעלצע כאַפּט און דערלאַנגט וואָיטעק'ן אַ גלאָז טיי מיט מילך. די קינדער הויבען אָן צוצושטעהן צו וואָיטעק'ן ער זאָל עפּעס דערצעהלען. אָנשטאָט אַן ענטפער גיט זיך וואָיטעק אַ משפּע מיט וועלוועל דעם גמרא-בחור, פּייווקען גיט ער אַ קיצעל אונטער דער פאַכווע און דעם מוזיניקעל גיט ער קונציג אַ שמעק טהאָן די ביטערקייט פון זיין פיפקע. צעניסט

זיך דער קליינער ווי פֿון אַ שמעק-טאַבאַק. ווינשעוועט איהם וואַיטעק:

— צו געזונט! אַ מענטש איז ניט אַ הונט. אַ מענטש ניסט און אַ הונט...

פֿון אַזאַ גליטשען זיך פֿון די הענט, צופּלאַקערט זיך די קינדערשע נייגעריקייט נאָך מעהר. שטעהען זיי צו איהם ווי-דער צו:

— לייזערל, איין קנאַק מיט דער צונג! ווי אַ ביקס...

— מאַכט ווי אַ בער, ר׳ לייזערל!

— ניין, ניין — ווי אַ קוואָקעכע!

— שליסט וואָיטעק צו איין שעלמיש אויגעל:

— וואָס רעדט איהר, עכברשים? אַ בריף דאַרף איך נאָך אָפּטראָגען פּאַנדריכען. באַלד צוויי טעג, אַז ער ליגט. אַלץ קיין צייט ניטאָ. „סמאָנצעס״ וועלען מיר אַן אַנדער מאָל דער-צעהלען.

צעשרייט זיך טעלצע אויף די קינדער:

— לאָזט אַ מענשען טרינקען טיי אַז ער טרינקט!

נעהמען זיך די קינדער אַראָפּ אַ מוסר און צעלאָזען זיך אין אַ גאַר גרויסער הכנסת-אורחים. אַלע דריי נישטערען זיי אויף די פּאָליצעס, אין טיש-קעסטעל, אין דעם געפּעס-אַלמערל. זוכען עפּעס און טראָגען צו:

— אַ סוכאַריקעל!

— אַ קרוטקע פֿון אַ חלה!

גיט וואָיטעק ווידער אַ מאָל אַ ווינק מיט איין אויגעל צו טעלצען און מאַכט בורא-מיני-מזונות איבערן סוכאַריקעל. די קינדער ענטפערן אמן. זיי ווייסען, אַז נאָכדעם ווי וואָיטעק וועט זיך לאָזען וואוילגעהן פֿונ׳ם מילכיגען טיי, וועט ער זיך לאָזען איבררעדען און וועט עפּעס דערצעהלען. שטעלען זיי זיך אַרום ווי די צוציקלאַך אַרום טישעל פֿון קיך און באַגליי-טען יעדען זופּ און יעדען אָנגעווייקטען ביסען פֿון סוכאַריק אונטער וואָיטעקס גרינליכע וואָנצעס. אָבער טעלצע, די דינסט-מויד מיט דער „טיאָלקע״ אויפ׳ן שטערן, וועט דען לאָזען

לעבען אויף דער וועלט? וואו די מאַמע איז ניטאָ — דאָרטען איז זי אַ מאַמע; פּאַטשט זיך און זידעלט זיך:

— אַז אַ מענטש עסט, קוקט מען איהם ניט אין די אויגען אַריין... וויפיעל מאָל האָט מען אייך געזאָגט!

## 4.

די מומע-פייגע שיקט וואָיטעק'ן אַרויס אין קיך דורך איינעם פון איהרע בחורים'לעך, אַ דריי-קאָפּיקענע מטבע. ס'איז דער שקלאָווער טאַריף פּאַר אַן אָפּגעבראַכטען בריף. וואָיטעק נעמט איבער די מטבע פון דער קינדערשער ציטערדיקער הענטעלע אין זיין לעדערנער, צוקנייטשטער דלאָניע, גיט אַ שפּיי אויפ'ן געלד צוליב מזל-וועגען, ציט אַרויס פון די באַלעגאָלישע פלודערן אַן אַלטע לעדערנע בייטעל, וועלכע איז דורכגעצויגען מיט אַ דינעם שוואַרצען רימען, און וואַרפט אַהין אַריין די דריי קאָפּיקעס. פון דער לעדערנער, קירבעסדיקער בייטעל שלאָגט אַ ביטערער ריח פון מאַכאָרקע-טאַבאַק. וואָרים אינ'ם זעלבען בייטעל האַלט וואָיטעק סיי זיין מזומן-געלט, סיי זיינע פּיפּקע-מאַטעריאַלן: טאַבאַק, שטיין און שטאָל-רינג צו מאַכען פייער. דאַרף ער האָבען אַ פּאָר קאָפּיקעס, שיט ער אויס אויף דער דלאָניע זיינע קופּערנע און זילבערנע מטבעותלעך צוזאַמען מיט מאַכאָרקע-וואָרצלען און פייער-שטיינדלעך. און פילט ער אָן זיין גרויסע פּיפּקע, דאַן טרייסלען זיך אַריין אין דער פּאַרויכערטער לאָך, צוזאַמען מיט'ן טאַבאַק, אַמאָל אַ גראָשעלע, אַמאָל אַ גריוונעצקעלע. שיט וואָיטעק צוריק פון פּיפּקע אין לעדערנעם בייטעל און פון בייטעל אין פּיפּקע, ביז די אויסגעמישטע מאַטעריאַלען טיילען זיך פונאַנדער. לעבט זיך אַזוי אין פרידען דער טאַבאַק מיט'ן מזומן-געלט, און דאָס מזומן-געלט מיט'ן טאַבאַק, און וואָיטעק לעבט זיך בשלום ושלוה מיט זייביידען.

פּאַרצויגען מיט'ן רימענדעל די לעדערנע בייטעל — מאַכט וואָיטעק אַן אָנשטעל אַז ער איילט זיך שטאַרק, גאָר שטאַרק.

סכנות־נפשות ווי ער איז פאַרנומען. די שטרויענע אלמנה פאַנד־ריכען מוז ער זעהן. אַ בריף מוז ער איהר אָפּגעבען, ער מוז נאָך צוריק אָנטהאָן דעם פעלץ און די וואָלענע דעליע... הכלל — ער איז פאַרנומען ביז איבער׳ן האַלז.

גלויבט טעלצע די בהמה, אַז ער מיינט דאָס מיט אַן אמת. בעט זי זיך ביי איהם:

— ר׳ לייזערל, נאָך אַ גלאָז טיי!

בעט זיך, קוקענדיק אויף איהר, דער גמרא־בחור:

— ר׳ לייזערל — אַ מעשה!

מישט זיך אריין דער מוזיניקעל:

— ניין, ניין, ווי אַ קאַץ מאַכט! איינמאָל נאָר.

לאָזט זיך וואָיטעק איינרעדען.

— יאָ, — פּיפּקעט ער און איבערלייגט זיך הויך אויפ׳ן קול, — סיי ווי סיי קען זי נישט לייענען, די שטרויענע אלמנה. זי מוז סיי ווי סיי אָנקומען ביי יעדען בריף צו דעם „סמאָנ־צע״, צום נייעם נגידס בחורל אָדער צום אַפּטייקער, היינט־וואו וועט זי לויפען אַזוי שפּעט ביינאַכט? וועל איך איהר שוין מאָרגען פריה אימירצעשעם אָפּטראָגען דעם בריף.

ער לאָזט צוריק אָפּ דעם פאַרצויגענעם גאַרטעל, זעצט זיך צוריק אַריין אין זיין אויסגעטאָענעם פעלץ און „דעליע״ ווי אין אַ ווייכען „היסב־בעט״. זיינע אויבער־בגדים האָבען זיך שוין אַצינד גוט אָנגעוואַרימט אין קיך; שלאָגט פון זיי זיס און שטאַרק מיט סמאָלע, מיט געטריקענטע שוועמלעך און מיט האָראָפּאַשנעם שוויס, פון לאַנגע יאָהרען אַרבייט. וואָיטעק טונקט אַצינד די האַרטע קרוטקע פון אַ חלה, וואָס דאָס מוזי־ניקעל האָט פאַר איהם פריהער אויסגעזוכט, אין אַ פרישער הייסער גלאָז טיי, און זויגט מיט זיינע איינגעפאַלענע מאָכיגע באַקען. די לעדערדיגע קנייטשען אויף זיין פאַרברענטען האַלז לעבען אָפּ און באַוועגען זיך. די גרינליך־גרויע האָר, וועלכע זענען איהם אַביסעל גוי׳יש פאַרשניטען אויף זיין נאַקען — אַ זכר פון אַמאָליגער סאָלדאַטשינע ביי ניקאָלאַי דעם ערשטען— גיבען איהם אַצינד צו אַ שטריך פון אַ ניט־אויסגעלעבטער

גבורה, פון אַ ניט־אויסגעוועפּטער געדולד. ברעקלעך פּאַלען אי־
בער זיין וואַלדיגער, גרינליכער באָרד. צווישען איין ביסען
און דעם צווייטען. און ביז ס'וועט דערגעהן צו דער מעשה,
אויף וועלכער אַלע וואַרטען, איז ער דערוויילע משמח די קינ־
דער, כדי זיי זאָלען זיך ניט נודיען וואַרטענדיק. אַ פריהער —
דעם קלענסטען, ירחמיאל'קען דעם מוזיניקעל. ער ציהט איהם
צו צו זיך פאַר אַ קנעפּעל און סיקעט איהם מיט איין קאָרע־
דיגען פינגער אין פּופּיק:

אינגעל־צינגעל
נאָגעל פּרעסער,
פאָהר אין מצרים,
קויף אַ מעסער!
פּוטער־יאַיכעל
גיס אין בייכעל!
און דעם געצקע,
ביי דער רעטשקע,
שנייד דעם פּ — !

— כי־כי־כי! — מאַכט דאָס מוזיניקעל און פאַרגעהט זיך
אין אַ גליקליכען געלעכטערל.

זענען דאָך די אַנדערע צוויי בנים מקנא. די אויגעלעך
ברענען ביי זיי ווי ביי וועלפעלעך. דערפיהלט דאָס וואָיטעק
און שפּילט זיך מיט זיי אין „צ הלען", מיט אַלע דריי צוזאַמען:

איינס צוויי דריי,
צוזר־לייזער־ליי,
האָקען—באָקען,
ביידע גלאָקען,
בערעל, שמערעל,
צירעל, פּערעל;
קאַץ און מויז
פון שטוב אַרויס!

נאָך אַן אַקט אַ ביסעל! אַלעמאָל פאַלט אויס דער „אַרויס" אויפ'ן מוזיניקעל... ער און ניט קיין אַנדערער באַקומט דעם קיצעל אין בויך. מאַכען די קינדער אַן אַנשטעל, אַז זיי גלוי־בען אין ירחמיאל'קעס מזל, און לאָזען זיך ווייטער אָפּנאַרען פון וואָיטעק'ן. אַבי ער שפּילט זיך מיט זיי ווי מיט אַ גלייכען.

נאָר דאָס איז אַלץ אַן הקדמה. אָט האָט וואָיטעק אָפּגע־טרונקען די צווייטע גלאָז טיי. אָט שטאָפּט ער שוין די טיפע פּיפּקע זיינע פון דער לעדערנער בייטעל. אַ גריוונעצקע אַ זיל־בערנע האָט זיך פאַר'עקשנ'ט און וויל זיך דווקא אַריינכאַפּען מיט'ן טאַבאַק אין פּיפּקע און געוויכערט ווערען... און וואָיטעק יאָגט זי צוריק אין בייטעל אַריין, אין בייטעל אַריין, ביז ער רעדט זי איבער...

די אייזערנע יושקעס ציטערען אין קוימען. רויטע פייער־לעך לויפען אַרום אונטער דער קופּערנער דעקעל פון פּיפּקע... און וואָיטעק'ס מעשה טריפט ווי פרישער דיעגאַכץ אויף נייע רעדער. און עס פאָהרט זיך אַזוי זיס, אַזוי גוט אויף וואָיטעק'ס מעשה אין אונבאַקאַנטע שליאַכען און אין פאַרגאַנגענע צייטען.

## די באָרד האָט איהם געראַטעוועט

*מוסטערען פון וואָיטעק׳ס מעשיות*

### 1.

...היינט קען מען דערצעהלען מעשיות? סמאָנצעס זיינען דאָס ניט קיין מעשיות! אָט אַמאָל האָט מען דערצעהלט מעשיות, זיינען דאָס געווען מעשיות.

אין שקלאָוו האָבען אַמאָל אַלע געקענט איסר דעם מלמד. אַ קליין אידעלע געווען. אַ באָרד האָט ער געהאַט — די גרויס ווי אַ פאָמעלע, אַ פנימ׳ל ווי אַ פייג. בשעת אַ גרויסען ווינט פלעגט ער די באָרד פאַררוקען אין חסידי׳שען גאַרטעלע. דער ווינט זאָל איהם פאַר דער באָרד ניט אַוועקטראָגען אין קאַנאַ־ווע. אָנגעטאָן דאָס שפּיציגע יאַרמעלקעלע — האָט ער אויסגע־זעהן גאָר... גאָר סמאָנצעדיג. אַ קעפּעלע ווי ביי אַ האָז. צו־שראָקענע אויגען און אויערלעך. נאָר אַ מלמד איז ער געווען אַ גוטער. זיין טאַטע געווען אַ מלמד, זיין זיידע אַ מלמד. איז ער אויך געוואָרען אַ מלמד. געקנעלט גוט מיט די עכברשים. האָבען זיך אָבער שקלאָווער מלמדים אָנגעזעצט אויף איהם. פאַרהוקעט און פאַרטוקעט: כע־כע, איסר פאָמיעלע! „איסר פאָמיעלע" וועט איהר אָפּגעבען אייער אינגעל? וויפיעל לער־נעכץ קען אַריין אין אַזאַ קעפּעלע? אַז מעהר ווי אַ באָרד, ברוך־השם, האָט ער ניט...

דאַרף זיך פאַרלויפען אַ מעשה מיט איסר דעם מלמד׳ל: דעם נגיד׳ס בן־יחיד נעהמט און קלעפּט איהם צו די באָרד

מיט וואַקס· דעם אייגענעם רבי'ן! איסר איז איינגעשלאָפֿען ביים לערנען מיט דער באָרד אויפ'ן טיש. האָט איהם דער שעה־נער תלמיד'ל אָפּגעטאָן אַ שפּיצעל. אויפגעכאַפּט זיך, האָט זיך ר' איסר'ל אַ ריס געטאָן און אויסגעריסען זיך אַ צייל האָר פון באָרד. נאָר אָנשטאָט אָפּשמייסען דעם שעהנעם תלמיד זיי־נעם — האָט ער זיך גאָר צעוויינט אויף חלול־התורה. אויף דעם כבוד פון לערנען תורה וואָס איז אַזוי פאַרשוועכט געוואָ־רען. קעץ האָבען געלאַכט אין די הויפענס. אַלע באַלעבאַטים אין שטאָט האָבען זיך צעשושקעט. אַזאַ מלמד, האָבען זיי גע־זאָגט, וואָס פאַרשווייגט אַ שייגעץ אַזאַ זאַך, איז קיין מלמד ניט. געקומען אַ נייער זמן, איז ביי איסר דעם מלמד געוואָ־רען גאָר שיטער. געבליבען איז נאָר אַן אלמנה'ס אַ זוהנדעל און אַ געגנזלערקעס אַ אינגעלע פון „אונטערבאַרג". סמאָנצעס ניט קיין תלמידים! אין חדר געהען זיי, קיין שכר־לימוד צאָה־לען זיי ניט. אפילו דריי קאָפּיקעס צו־שטייער אויף קאַראַסין צום לאָמפּ איז ביי זיי אויך שווער אַרויסצורייסען.

איז דאָך ר' איסר'ן געוואָרען זעהר ביטער. האָט ער אַרייגעשטעקט די באָרד אין גאַרטעל און אָהעקגעלאָזען זיך צו־פוס צוועלף וויאָרסט צום רבי'ן אין קאָפּוסט: „רבינו, ראַטע־וועט, אַזוי און אַזוי איז די מעשה. די באָרד האָט מיך גע־קוילעט. אַ אידעלע בין איך אַ קליינינקער און אַ באָרד האָב איך אַ גרויסינקע, לאַכען פון מיר קינד און קייט און קיין תלמידים גיט מען מיר ניט."

האָט דער רבי, ר' לייבעלע עליו־השלום, געגעבען איהם אַן עצה אַוועקצוגעהן קנעלען אין אַן אַנדער שטאָט. ווענסט בייטען דעם אָרט, האָט ער אים געזאָגט, וועסטו בייטען דיין מזל. און די באָרד דיינע, האָט ער אים געבענשט, וואָס האָט דיר פאַרשאַפט אַזוי פיעל בזיונות, — וועט דיך נאָך מירצע־שעם ראַטעווען פון אַל־דאָס־בייז...

אַי, וואו זאָל איסר אָנהויבען קנעלען! אין פּאַהאָסט זאָל ער אָנהויבען קנעלען, אַכט שעה פון שקלאָוו מיט'ן אַקס און זעקס שעה מיט'ן שליטען. אַי, וואָס, די דאָרטיגע מלמדים ווע־

לען דאָך ניט צולאָזען אַ מלמד פון דער פרעמד ? וועט ער, ר׳ לייבעלע, איהם געבען אַ צעטעלע צו אַ פּאָהאָסטער חסיד, אַ גביר אין שטעטעל. סיי ווי סיי זוכט יענער אַ למדן פון דער פרעמד פאַר זיינע קינדער. ווענען באַלעבאַטים אין פּאָהאָסט ועהן, אַז דער גביר האָט אויסגעשריבען צו זיך אַזאַ צאַצקע אַ מלמד, וועט זיך זיי אויך פאַרוועלען.

נו, אַמאָל איז דעם רבינ׳ס אַ צעטעלע ווערט געווען מעהר ווי היינט אַ... „וויגרישנער בילעט"... איז ווי נאָר ר׳ איסר׳ל דער מלמד האָט אַריינגענומען דאָס צעטעלע אין זיינע דאַרינקע הענטעלעך איז ביי איהם אַוועק ווי אַ מזמור. פּאָהאָסט איז געגאַנגען אויף רעדלעך. אַ קליינינקייט, דער גביר און חסיד פון שטעדטעל האָט איהם אויסגעשריבען פון דער פרעמד, מסתמא מוז דאָך עפּעס זיין! האָט מען זיך דערוואוסט פון ר׳ לייבעלע׳ס צעטעלע, און יעטוועדער באַלעבאָס האָט זיך גע- שטופּט מיט זיין איגגעל צום שקלאָווער למדן, וואָס איז אָראָפּ- געפאָהרען מיט דעם כוח פון קאַפּוסטער צדיק. די באָרד זיינע, וואָס מען האָט אַזוי אויסגעלאַכט אין שקלאָוו, איז געוואָרען אַ שם-דבר אין פּאָהאָסט: אָט געהט ר׳ איסר׳ל מיט דער שעה- נער באָרד!

קנעלט אַזוי אָפּ ר׳ איסר׳ל עטלעכע זמנים. ער באַקט תורה אין פּאָהאָסט און זיין ווייב באַקט ברויט אין שקלאָוו. נתעשר זיינען זיי ביידע געוואָרען! די עשירות איז געוואָרען אַזוי גרויס, אַז ר׳ איסרל האָט געלאָזען מאַכען געפאַרבטע לאָ- דען מיט אייזערנע שטאַבעס צו די פענסטערלעך פון זיין הייז- קע. אַ מלמד זאָל זיך גאָר פאַרגלוסטען גרינע לאָדען! אויף וואָס דאַרף אַ מלמד לאָדען? מסתמא האָט ער דאָך מורא פאַר גנבים? מסתמא האָט ער „קניפּלעך", אַ טאָפּ מיט זילבערנע מטבעות האָט ער באַגראָבען אונטער די ברעטער פון פאָדלאָ- גע. אָט אַזאַ גערעדעריי איז אַוועק איבער גאַנץ שטאָט. פון דעם טאָפּ איז געוואָרען אַ קופערנע פאַן, און פון די זילבער- נע רובעלס איז געוואָרען גאָלדענע רענדלעך. ביז ס׳איז אויס-

געוואַקסען אין אוצרות און ס'איז דערגאַנגען ביז סטיאָפּעס חמור'ישע אויערען...

ווייסט איהר דאָך ניט ווער ס'איז סטיאָפּע! טצ-טצ-טצ... הערט איהר! אָט דאָ הויבט זיך דאָן אָן די רעכטע מעשה... סטיאָפּע איז אַ פּאָהאָסטער ערל מיט אַ פּוהרעל. אַ גרויסער גוי מיט אַ פלאַקסענער באָרד און מיט אַ בלויער נאָז. וואָרים דעם טרונק האָט ער ליב ווי אַלע גויים. נאָר קיין בויאַן איז ער ניט. אַז ער שיכור'ט זיך אָן, לעגט ער אַריין דעם קאָפּ אין די גראָבע לאַפּעס און וויינט...

איז אָט דער דאָזיקער סטיאָפּע האָט שוין געהאַט אַ חזקה אויף איסר דעם מלמד. קומט די צייט פאַר ימים-נוראים, אָדער ערב-פסח, דער זמן איז געענדיגט, מאָנט אויף ר' איסר'ל זיין שכר-לימוד ביי אַלע באַלעבאַטים, וויקעלט איין די ממתקים אין זיין רויטער חסידישער טיכעל, פאַרבינדט און הענגט אויף אויפ'ן האַלז, מיט'ן קניפּעל אונטער דער העמד; פאַרדעקט מיט דער „פּאָמיעלע" פון זיין באָרד און געהט ווייס וואו ר' איסרל האַלט דאָס געלט באַהאַלטען! עטלעכע רובעל לאָזט ער זיך איבער אין קעשענע, האַנדעלט איין גוטע זאַכען אויף די ימים-טובים. שטאַלץ און איינגעמאַכץ — פאַר ראש-השנה און וויין און ספּירעט — אויף פסח. קומט סטיאָפּע מיט זיין גויישקער פּוהרעל, פּאַקט איין די פּעקלעך און פלעשער אין שטרוי, זעצט אַרויף דעם מלמדל אויף די שטרוי. דעקט אים איין ווי אַ שררה מיט צוויי גויישקע קאָזשוכען, און האָצקעט זיך אַזוי אַוועק קיין שקלאָוו, מיט'ן פּאָהאָסטער שליאַך, צווישן פעלדער און וועלדער. אָנגעקומען, נאָך אַכט שעה פאָהרען, און געבראַכט אַהיים אַזאַ טייערען גאַסט — באַקומט ער פון מלמד די פיינע פיער גילדען פאַר דער פוהר און אַ גריוונעצקע אַ צוגאָב אויף בראָנפען. און פון דער מלמד'קע באַקומט ער ערב פסח דעם גאַנצען איבערגעבליבענעם חמץ. ערב ראש-השנה דערלאַנגט זי איהם אַ פריש געבאַקענעם ברויט, מיט קימעל באַשאָטען; אַ שמעקענדיגען, אַ מחיה'דיגען, אַז סטיאָפּען הויבט גלייך אָן

רינען די סלינע. זי איז דאָך עפּעס אַ בעקערין, די מלמדקע! נאָך אַ לאַבען ברויט דאַרף זי ניט פאָהרען קיין פּייטער־באָרג...

## 2.

שוין באַלד שעהנע עטליכע זמנים, אַז סטיאָפּע פיהרט אַזאַ געהויבענעם גאַסט אַהיים, צוויי מאָל אַ יאָהר פון פאָהאָסט קיין שקלאָוו. ווען ר׳ איסרל פאָהרט אָן צוריק קיין פאָהאָסט, מיט אַ שקלאָווער באַלעגאָלע, נאָך די ימים־טובים, קומט צו איהם סטיאָפּע דער ערשטער אין אויסגעלופּטערטען „חדר״, פאַר־נויגט זיך איהם ביזקעל דר׳ערד און בעט ניט צו פאַר־געסען איהם און זיין פוהרעל אויף „פאַסכע״. אויף פסח הייסט דאָס. און נאָך פסח דערמאָנט ער דעם מלמדל ניט צו פאַר־געסען איהם אויף „קוטשקי״, אויף סוכות הייסט דאָס. הייגט ווער זאָל זיך ריכטען, אַז אין אַזאַ שטילען גוי וועט מיט אַמאָל אריין אַ גלגול? — —

איז אָט קומט אָן מיט מזל אַ נייער ערב־פסח. אָפּגע־פטרט אַ זמן, אָנגעטאָן די סאַמעטענע חסידישע היטעל איבער דער יאַרמעלקע, אויפגעמאָנט שכר־לימוד ביי די באַלעבאַטים, באַהאַלטען דאָס אין „קניפּעל״ אונטערן באָרד און איינגע־האַנדעלט וויַין אין שמאַלץ אויף יום־טוב — גיט ר׳ איסר צו וויסען סטיאָפּען ער זאָל מאָרגען ראַנעצקע קומען אָפּפיהרען איהם קיין שקלאָוו... נו, סטיאָפּען דאַרף מען דאָך קיין סך ניט בעטען! אַלעמאָל קומט ער אָן מיט אַ שעה פריהער, וואַרט מיט דעם פוהרעל ביים טיר ביז ר׳ איסר וועט אָפּדאַווענען. און דאָס מאָל — גיב נאָר אַ קוק אַ ביסעל! סטיאָפּע איז נאָך ניטאָ. ר׳ איסר האָט שוין לאַנג אָפּגעדאַווענט, איבערגעביסען אַ פרישען בייגעל מיט טיי און סטיאָפּקע איז נאָך אַלץ ניטאָ. זיצט ר׳ איסר אַן אָנגעטאָנענער אויף זיינע פּעקלעך און וואַרט. אויף הייסע נאָדלען זיצט ער און קוקט אַרויס אין פענסטערעל. עס ווערט צעהן דער זייגער, עס ווערט עלף — סטיאָפּקע איז

ניטאָ. שיקט ר׳ איסר אויפזוכען דעם ערל מיטן וועגעל, געפינט מען איהם אָבער ניט, ניט אין זיין כאַטע, ניט אויפן מאַרק. לויפט שוין ר׳ איסרל אַליין אַן אָנגעטאָנענער און אָנגעפעלצטער, לויפט אַ פאַרסאָפּעטער דינגען אַ באַלעגאָלע אין אידישען צעך. כאַטש ס׳מאַכט אויס אַ סך טייערער ווי אַ גוי׳שקע פוהרעל. נאָר וואו, וואָס, ווער, ווען? ווער, וועלכער איד וועט דאָס ערב־פסח אָוועקפאָהרען פון דער היים, אַכט שעה מיט ׳ער אַקס אין צעגאַנגענעם שניי? מאָרגען פריה דאַרף מען נאָך פאָספּעיען צו ביעור־חמץ, צוריק אַהיים מיטן זעלבען וועג. בונטעווען זיך די באַלעגאָלעס און ווילען ניט פאָהרען. זיי פאַרלאַנגען אַ דרייענדיגען מקח און צוויי גילדען אויף בראָנפען און צוויי גילדען אויף האָבער פאַר׳ן פערד אַ צוגאָב. און פאַר פאָהרען צוריק לעדיגערהייט — אַ קערבעל... סטייטש, אידען!—בעט זיך ר׳ איסרל,—ס׳איז דאָך ניט סדום. וואָס האָט איהר צו מיר?... „וואָס האָבען מיר צו אייך?—לאַכען בייז די באַלעגאָלעס,—מיר האָבען צו אייך גאָרניט. איהר האָט דאָך אַלעמאָל געמאַכט פסח דורך אַ גוי, טאָ מאַכט אַצינד אויך פסח דורך אַ גוי!...״

נאָך האַלבען טאָג שלעפּט זיך דאָס מלמדל צו זיך אַהיים אין לעדיגען „חדר״ אַריין. ערשט סטיאָפּע שטעהט שוין דאָ פאַרן טיר מיט זיין פוהרעל און וואַרט אויף איהם. אַ קוליע פרישע שטרוי ליגט אין וועגעל און צוויי פעלצען, ווי אַלעמאָל.

דערזעהן דעם מלמדל — לויפט איהם סטיאָפּע אַנטקעגען און פאַרנויגט זיך איהם ביזקעל דר׳ערד:

— נעם ניט, זאָגט ער, פאַר אומגוט, ראַבין, וואָס אַזוי שפּעט... אַ פאָדקעווע איז ביי מיין „גניעדקען״ *) אָפּגעפאַלען. געמוזט איבערשמידען... אָט, קוק!

בויגט זיך איסר דער מלמד אָן און קוקט. באמת אַ נייע אייזערנע פאָדקעווע ביים פערדעל אויף דער פאָדערשטער קאָפּיטע. פונדעסטוועגען האָט ער צום גוי טענות:

---

*) גניעדקא — אַ ברוין פערדעל.

— סטייטש, סטיאָפּקע! אַזוי שפּעט אַרומגעזעחן זיך. די טעג זיינען נאָך קורץ. מיר'ן דאָך אָנפּאָהרען אין שקלאָוו אין דער נאַכט אַריין...

— ס'איז גאָרנישט, ראַבין,—מאַכט סטיאָפּע,—מיר קענען דעם וועג גוט. „גניעדקאָ" קען איהם אויך. מיט די ערשטע שטע־רען ברענג איך דיך צו דיין איסעריכען!...

מאַכט ר' איסר דער מלמד קיין שהיות ניט, כאַפּט אַליין וויקלען די פלאַשען פּסחדיגע וויין אין שטרוי פון וועגעל, כדי דער גוי מיט זיינע גויעשקע לאַפּעס זאָל זיי ניט אָנריהרען. עס זאָל ניט ווערען קיין „יין נסך"... פּאַקט אַריין, פאַר איינע הוצאות, דעם פּסחדיגען ספּירעט און שמאַלץ און די איבע־ריגע שמאָנצעס. העלפט איהם דער גוי איבערדעקען מיט שטרוי און טראַנטעס. אַ גאַנצע „היסב-בעט" פאַרן מלמדל גע־מאַכט. זעצט זיך איסר אַריין. דער גוי דעקט איהם איין מיטביידע קאָזשוכען. גיט דעם מלמד אַ זעץ אין נאָז אַ ריח פון איבערגעבּרענטען בּראָנפען. מאַכט ער צו סטיאָפּצן:

— אַזוי פריה, סטיאָפּע, האָסטו זיך שוין אָנגעשניאָשקעט?

— פון האַרצווייטאָג — מאַכט סטיאָפּע און קערט אָפּ די אויגען.

— דו האָסט שוין אויך האַרצווייטאָג? — וואונדערט זיך דאָס מלמדל.

ענטפערט איהם סטיאָפּע ניט. דאָס פוהרעל ריהרט זיך. דער גוי און זיין פאַרשוין האָצקען זיך. ר' איסרל זיצט ווי אַ געבונדענער אין זיינע גאַרטלען און אינם גויס קאָזשוכען. אונטערן בּאָרד אויפן האַרצען — דאָס קניפּעל מיט „ממתקים". די לאַנגע פּאָמיעלע־בּאָרד פאַררוקט אין גאַרטעל און פאַר־קוועטשט אין קאָלנערס. און דאָס פנימל קוקט אַרויס ווי אַ העזעלע פון נאָרע. די אויגעלעך צושראָקען און אויפן האַר־צען איז איהם עפּעס ניט פרעהליך. עס ווילט זיך איהם ניט אַריינפאָהרען אין דער נאַכט אַריין, אין שקלאָווער וואַלד, מיט אַ האַלב-שיכורען גוי אויף דער קעלניע. נאָר אפשר, קלערט ער, ביז דער נאַכט וועט ער זיך אויסניכטערן...

דאָס גויעשקע פוהרעל טרייסעלט אַרויס די נשמה. ס׳איז די אמתע ערב-פסחדיגע בעזדאָראָזשיצע. מיטן שליטען קען מען שוין ניט פאָהרען. און די גויעשקע שלעכט-געשמידטע רע-דער הינקען און וואַרפען פון איין גליטשיגען שטיק שניי צום צווייטען. ס׳איז איהם שפל, דעם מלמדל, און זעהען זעהט ער, אַז דעם גוי איז אויך שפלדיג אויפ׳ן האַרצען, וואָרים סטיאָפּע טרייסעלט מיטן קודלאַטען קאָפּ און שלוקערצט. איז דאָס ר׳ איסרן אַ חידוש. וואָרים אַלעמאָל אַרט דעם ערל דאָס גאַנצע טרייסלעניש ווי די וואַנט. און דאָס מאָל איז ער עפּעס אויך ניט מיט אַלעמען.

— אַ שלעכטע וועג... — מאַכט ער צום ערל — וואָ-אָס?

אָבער סטיאָפּע ענטפערט ניט.

חידושט זיך ווייטער ר׳ איסר. אַלעמאָל מאַכט זיך דעם גוי דער מויל ניט צו. ער דערצעהלט איהם פון דער גויה זיינער, פון „סטענאָקאָס״*), פון זיין פערד און בהמה, פון זיינע חזירים, להבדיל... און דאָס מאָל שווייגט ער גאָר. פאָהרט מען אַזוי אָפּ עטליכע שעה. עס הויבט אָן ווערען פאַרנאַכטליך, כמורנע. אַ פּאַרע שטעהט איבער די בוימער פונם צושמאָל-צענעם שניי. פאַרקוועטשט דעם מלמדל דאָס האַרץ. רעדט ער צום ערלס רוקען מיט געבעט:

— פאַרוואָס רעדסטו ניט? סטיאָפּע — —

נאָר סטיאָפּע ענטפערט ניט. ער מאַכט נאָר: „ניאָ-ניאָ״ צום פערדעל און טרייבט ווייטער מיט היץ, ביז ער טרייבט איהם אַריין אין געדיכטען סאָסנע-וואַלד.

צוליב סגולה-וועגען הויבט ר׳ איסרל אָן צו דאַווענען מנחה. ער האָט שוין מורא צו בעטען דעם גוי צו בלייבען שטעהן, כדי אַראָפּצוגעהן, ווי אַלע מאָל, צו „שמונה-עשרה״... פאַרמאַכט ער די אויגען און דאַווענט זיצענדיג. ערשט מיט אַ מאָל בלייבט די פוהר שטעהן. ר׳ איסר וויל ניט מפסיק זיין. די פוהר שטעהט. עפענט דער מלמד אויף פאַוואָליע די אויגען און דאָס האַרץ פאַלט איהם איין. די שטילע שמונה-

*) קאָסטן היי.

עשרה בלייבט איהם פאַרגליווערט אויף די ליפּען. וואָרים סטיאָ־פּע זיצט אויפן וואָגען אויסגעדרעהט מיטן פינסטערען פּנים צו איהם און אין האַנד, אָנשטאָט די לייצעס, האַלט ער גאָר אַ לאַנגען מעסער.

דערזעהן, אַז דער איד קוקט אויף איהם, מאַכט צו איהם דער ערל:

— זאָג נאָר, ראַבין, צי איז אַן אמת, אַז דו האָסט גע־מאַכט נייע לאָדען?

די ציין קלאַפּען ר׳ איסרן אין מויל. נאָר ענטפערן דעם גוי טוט ער ניט. אינמיטען „שמונה־עשרה״ ווערט דאָך ר׳ איסרל חסיד ביט מפסיק זיין. ווייזט ער דעם ערל נאָר מיט די פינ־גער אויפ׳ן מויל: „נו, אָה, אָה!״... ס׳הייסט: לאָז מיך אָפּ־דאַווענען וועל איך דיר ענטפערן! גיט דער גוי אַ שאָקעל מיט זיין מאַגערקע און מיט זיין קוטשמע האָר. ס׳הייסט: „גוט, ראַ־בין! איך וואַרט...״ פאַרמאַכט ווייטער ר׳ איסר די אויגען און פאַרלאָזט זיך אויף גאָט. ער זאָגט אָפּ די לעצטע ברכות פון שמונה־עשרה מיט כונה. אַ וואָרט אַ פּערעל. און דער גוי מיט דעם מעסער אין האַנד קוקט און וואַרט. דאָס פוהרעל שטעהט. פונם מאַטען פערדעל געהט אַ פּאַרע און אין וואַלד ווערט אַלץ פינסטערער.

## 3.

פאַרטיג געוואָרען מיט שמונה־עשרה, עפענט ר׳ איסרל אויף די אויגען און דערזעהט ווייטער דעם מעסער אינ׳ם ערלס האַנט. נאָר די ציין קלאַפּען איהם שוין ניט מעהר אין מויל. די שטילע „שמונה־עשרה״ האָט איהם באַרוהיגט. ווי בוימפעל אויף אַ וואונד האָט זי זיך איהם צעגאָסען.

— לאָדען געמאַכט? — פרעגט איבער דער גוי נאָכ־אַמאָל.

— געמאַכט. — ענטפערט אָפּ ר׳ איסרל און קוקט אויף איהם מיט אויסגעלופּטע אויגען.

— אָך טי האָספּאָדי! — מאַכט דער גוי און צלםט זיך

איבער — איז דאָס טאַקע אַן אמת? אַן אמת טאַקע?... אַלץ אַן אמת?...

— וואָס איז אַלץ אַן אמת? — פרעגט איבער ר׳ איסרל — וואָס טוט זיך מיט דיר, סטיאָפּע?

נאָר סטיאָפּע ענטפערט ניט. ער ווישט אָפּ אַ טרער פון די בערישע אויגעלעך און רעדט צום מלמד אַזוי:

— און אַצינד איסר-סערדצע מוז איך די קוילענען, מוז איך דיך...

— קוילענען? — ציטערט ר׳ איסרל — וואָס הייסט קוילענען? פאַר וואָס קוילענען? דו לאַכסט, אַ פּנים, סטיאָפּע!

— איך לאַך ניט! — זאָגט דער ערל פינסטער ווי די נאַכט, און קריכט אויפן מלמד מיטן מעסער — גיב אַהער, ראַבין, דיין פּיסקליאַטענע האַלז. איך מוז דיך קוילענען...

— סטייטש! — קוויטשעט דאָס מלמדל און טוליעט די האַלז אין באָרד — מיר זיינען דאָך עפּעס גוטע פריינד אַזוי פיעל יאָהרען. מיין זשאָנקע גיט דיר אָפּ דעם חמץ... און איך —

— סאַי ווי סאַי — מאַכט סטיאָפּע מיט אַ וויינענדיקן קול — סאַי ווי סאַי וועל איך דיר אַלץ צונעהמען: דיין געלט פון קניפּעל, דיינע גוטע זאַכען אויף פּאַסכע...

— וועה, וועה, סטיאָפּע! ווי האָסטו דאָס קיין מורא ניט פאַר גאָט? וואָס האָב איך דיר געטאָן?

— דו ביסט גערעכט, ראַבין! — מאַכט סטיאָפּע און די טרערען רינען איהם — שפּיי מיר אין פּנים, איסר, אַזאַ „אוּביוועץ״, אַזאַ הונט ווי איך בין! אַ גלגול איז אין מיר אַריין. האָסטו צוגעמאַכט נייע לאָדען צום שטוב, האָסטו באַגראָבען אַ טאָפּ מיט רענדלעך אונטערן אויווען. אַלע דערצעהלען... מוז איך דיך קוילענען. איך קען ניט אַנדערש. די פּאַדקאָווע פון פערד האָב איך מיט אַ כּיוון איבערגעשמידט. געוואָלט אַרויסטרייבען דעם „ניט-גוטען״ מיינעם ביים פייער פון קוזניע און ניט געקענט. געבלאָזען, נעפּאָכעט מיט'ן בלאָזאַק און אַרויסטרייבען ניט געקענט... אפשר נאָר בכּיוון אָפּגעצויגען ביז נאָך

האַלבען טאָג, כדי אַריינפּאָהרען מיט דיר אין סאָסנע-וואַלד אין דער נאַכט אַריין און דיך קוילענען דאָ. כ׳וויס אַליין ניט וואָס דער „ניט-גוטער" האָט דאָ געוואָלט. אָבער דיין קניפּעל געלט אונטערן באָרד מוז איך ביי דיר צונעהמען און צו דיין אוצר אין שטוב וועל איך זיך היינט ביינאַכט אויך דער־קלייבן... אַ פייער אַזאַ ברענט אין מיר. אַ גאַנצע קוזניע ברענט אין מיר...

— האָב רחמנות אויף מיין ווייב און קינדער — וויינט ר׳ איסרל—כ׳האָב נישט קיין אוצר... כ׳בין אַן אָרימער איד...

קניעט זיך דער ערל לעבען איהם אין שטרוי, כאַפּט אָן דעם מלמד׳ס קעפּעלע און בויגט עס אויף הינטען, בויגט און כליפּעט:

— רחמנות האָבען האָב איך. און קיין אוצר אפשר האָס־טו ניט. אָבער קוילענען מוז איך דיך. אַ ניט-גוטער זיצט אין מיר. וואו איז דיין האַלז, ראַבין? גיב מיר דיין האַלז!...

נאָר ווי אַזוי זאָל איהם ר׳ איסר׳ל געבען דעם האַלז, אַז ס׳איז פאַרשטעלט מיט קאָלנערס, פאַרדעקט מיט דער געדיכטער באָרד און דער עק פון באָרד שטעקט אין גאַרטעל אונטערן פוטער; און דער מלמד אַליין טוליעט זיך און קאָרטשעט זיך. און דעם ערל'סביידע הענט זענען פאַרנומען. איין האַנט מיטן מעסער, די צווייטע האַנט מיטן מלמדס קעפּעלע. פּרובט דער גוי דורכזעגען די באָרד מיטן מעסער. נאָר געה זעג אַ באַרשט, אַזוי דיק ווי אַ פּאָמיעלע! עטלעכע האָר שניידט ער דורך און צום האַלז איז נאָך ווייט. און דאָ צעשרייט זיך נאָך דאָס מלמדל ווי אַ געווינערין:

— אוי, אוי, סטיאָפּע! הרגע מיך פריהער, דערנאָך קוי־לע מיר די באָרד!... דערנאָ—אָך!

טרייסלען זיך ביים גוי די הענט פון אַזאַ געשריי. ער קלאָגט אַליין און סמאָרקעט זיך. ער שלעפּט דעם אירען, מיט צוויי פינגער, די באָרד ציילען-ווייז פון גאַרטעל אַרויס און בעט זיך דערביי:

— איך בעט דיך, ראַבין, שריי ניט, ליאַרעם ניט! דו

זעהסט דאָך – אַ גלגול איז אין מיר אַריין! סאַי ווי סאַי מוז איך דיך קוילענען, טו לאָז מיך שוין, טייערינקער. לאָז מיך!

געהערט אַ בעלנות פון אַן ערל? ער וועט קוילענען און דער איד זאָל ניט שרייען...

אַזוי-אַרום האָט זיך אָבער דאָס אָפּשעכטען פאַרצויגען אַ ווײַלעצקע. די באָרד האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען. און ר' איסרן איז דערווייַלע עפּעס איינגעפאַלען. פאָרט אַ אידישער קאָפּ! אָט וועט איר באַלד הערען.

דער בעל-גוף האָט איהם שוין די גאַנצע באָרד אַרויסגע־שלעפּט פון אונטערן גאָרטעל. אָנגענומען איהם פאַר דער „פּאָמיעלע" און האַלט שוין גאָר נאָהענט צום גאַרגעל. ערשט מיטאַמאָל צולאַכט זיך דאָס מלמדל, פאַרגעהט זיך אינטער'ן מעסער מיט אַ משונהדיג-פרעהליכען געלעכטערל. אַ פאַרצי־טערטער איז דער גוי געוואָרען. און באַלד נאָך אַזאַ שרעק האָט איהם אָנגענומען אַ פינסטערער צאָרן:

— וואָס לאַכסטו. דו פאַרפלוכטער זשיד איינער? דו לאַכסט פון אַ פאַרלוירענעם מענשען. ווי איך בין? אַ?...

— לאָז מיר אָפּ אַ רגעלע די באָרד! – מאַכט איסר'ל גאַנץ רוהיג, לאָז אָפּ, וועל איך דיר זאָגען.

לאָזט איהם דער גוי אַ רגע'לע אָפּ. ליגט איסר מיט זיין צופלאָשעטער גרויסער באָרד אויפן שטריי און רעדט צו סטיאַ־פען זעהר האַרציג אַזוי צו זאָגען:

— מילא, גוטער מענש, פאַרפאַלען. איך זעה שוין אַז אַנדערש קענסטו ניט. דו מוזט מיך קוילענען. אַ מזל אַזאַ: פאַר מיינע זינד, אַפנים! נייע לאָדען האָט זיך מיר פאַרוואָלט. קנאה אָנגעמאַכט צווישען מענשען. האָט מיך גאָט געשטראָפט. און דו, סטיאָפּע, מיט דיין מעסער, ביזט זיין שליח... כ'וועל זיך לאָזען קוילענען, כ'וועל ניט שרייען, סטיאָפּע-לעבען, האָב קיין מורא ניט...

— ביסט אַ טיי... אַ טייערער מענש! — סמאָרקעט זיך דער ערל, און פאַרזאַאיקעט זיך — אַז... אַזעלכע מענשען ווי דו זיינען גאָר נישטאָ!

— איז אָט, — הויבט זיך ר' איסרל פּאַמעליך אויף און וועצט זיך אַנידער — איז איידער איך געה פון דער וועלט לאָמיר ביידע מאַכען לחיים! געוועזן זיינען מיר גוטע פריינד אַזוי פיל יאָהרען, טו לאָמיך ניט שטאַרבען בייזערהייט! אָט דאָ אין שטרוי האָב איך אַ פלאַש פּסחדיגען ספּירעט. סאַי ווי סאַי וועסטו נאָך מיין טויט אַלץ צונעהמען — אַלע פלעשער ווייַן, מיין קניפּעל מיט געלט... טו לאָמיר כאָטש איין פלאַש אויסטרינקען צוזאַמען. ניט מיר ניט דיר, מכבד זיין איינער דעם צווייטען. און לאָמיר זיך געזעגענען ווי גוטע ברידער...

— כ'האָב אַלעמאָל געוואוסט, — כליפּעט סטיאָפּע — אַז דו האָסט אַ גאָלדען הארץ, אַ גאָלדענער מענש ביסטו, ראַבין איסר, דיין פּאָמיאָטקע בין איך ניט ווערט, ביים צלם זאָג איך דיר דאָס.

4.

דער גוי צלמט זיך און ווישט זיך די אויגען און לאָזט פונדעסטוועגען ניט דעם מעסער פון האַנט... גראַבעלט איסר דער מלמדל פון שטרוי אַרויס די פסחדיגע פלאַש ספּירעט און דערלאַנגט דעם ערל מיט אַ גוטינקען שמייכעלע:

— נאַ, סטיאָפּע! אַזאַ פייערדיגע ביסעל משקה האָסטו אַפילו אין חלום ניט געזעהן. היינט דער טעם!... דער ריח! אַ דערקוויקעניש. נעם-זשע עפען אויף, סטיאָפּע! אויף אַרויס-פּאַטשען אַ שטאָפּערל ביסטו מעהר בריה פאַר מיר. זעה, טהו אַ טובה!

דערזעהן אַזאַ פולע כלי, איז דעם ערל אויפגעגאַנגען אַ ליכט אין די בערישע אויגעלעך. דער פינסטערער פנים האָט זיך איהם אויסגעלייטערט.

— איך זעה, — מאַכט ער — איסר, אַז דו ביזט אַ חכם אַ ראַבין. צו זוכען אַזעלכע מענשען ווי דו.

לעגט דער ערל אָפּ דעם לאַנגען מעסער צווישען די קני, נעמט די פלאַש אין איין האַנט און גיט אַ פּאַטש מיט איר דנאָ אין דער צווייטער האַנט. און דער שטאָפּערל פליהט ווי אַ פייל פון בויגען איבער דעם מלמדס קאָפּ,

— זה כפרתי, זה חליפתי! — מאַכט דער מלמד שטילערהייט איבערן שטאָפּערל.

— נו, ווער זאָל פריהער טרינקען? — פרעגט סטיאָפּע און באַלעקט זיך — טרינק דו, ראַבין!

— ניין, טרינק דו! — שטופּט אָפּ דער מלמדל די פלאַש מיטביידע הענטלעך — דו האָסט אויפגעעפענט—ביסטו בילכער!

— ניין, — מאַכט סטיאָפּע — דיך דאַרף מען באַלד קוילענען, ביסטו בילכער!

— ניין, ניין, ניין! איך מוז באַלד שטאַרבען, וויל איך דער לעצטער הנאה האָבען פון ביסעל בראָנפען. טרינק דו געזונטערהייט, סטיאָפּע!

— וואָס פאַר אַ טייערער מענש דו ביסט! — צעשמעלצט זיך דער ערל — דאָס האַרץ געהט אין מיר אויס. וואָס איך מוז דיך באַלד קוילענען. נאָר דו ווייסט דאָך, אַ גלגול איז אין מיר אַריין. לאָמיר זיך צוקושען, איסר ליבהאַרציגער!

— צוקושען איז צוקושען! — מאַכט ר׳ איסר אַ פרום פנימל, און צושמאָצקעט זיך מיט סטיאָפּען. צוויי מחותנים וואָלטען געמעגט מקנא זיין.

אָנגעקושט זיך און אָפּגעווישט די ליפען, שטעלט סטיאָפּע אָן דעם נאָגעל פון גראָבען פינגער אויפן מיטען פלאַש און פרעגט, זעהר פאַרזאָרגט, ביי ר׳ איסרן:

— ביז וואַנען זאָל איך טרינקען, ראַבין? ביז דאַנען?

— ניין, ביז דאַנען! — מאַכט איסרל, און רוקט אַראָפּ סטיאָפּעס נאָגעל ביזן סאַמע פופיק פון פלאַש.

— צופיעל, ראַבין! וואָס וועט דיר איבערבלייבען?

— נשקשה. איך בין דאָך אַ קליינינקער. כי־כי־כי, טרינק געזונטערהייט!

עפּענט אויף דער ערל זיין טרפהנע „רילע״ און כליושצעט אין זיך די ניינציגער פּסחדיגע, אַזש ס׳פאַרכאַפּט איהם דער אָטעם פאַר שטאַרקייט. רייסט ער זיך אַ רגעלע אָפּ פון פלעשעל, קוים וואָס ער דישעט:

— פו—ו טי טשאָרט! פייער! אין זיין מאַמען אַריין!

אידען, אין זייער מאַמען אַריין, קענען זיך בעסער אויף משקה ווי מיר. אונזער זאַך איז אַ פויערשע. „אַשצע״, איסר?
ס׳הייסט: טרינקען נאָך, איסר?
— נאָך. נאָך! — טרייבט איהם דעם מלמדל אונטער און נעמט פאַוואָליע דעם מעסער פון צווישען דעם ערלס קני.
— אַשצע?
— אַשצע. אַשצע, טייערער!
אין דער ערל לאָזט זיך ניט בעטען און פאַרוואַרפט ביז־לעכווייז דעם קאָפּ אויף הינטען, אַלץ טיפער און טיפער. זיין חזירשער גאָרגעל אַנטפּלעקט זיך פאַרן מלמדס אויגען אַלץ מעהר און מעהר. די רויטע האַלז מיט דער גאַנצער גויעשקער גבורה איז אויסגעבויגען און אָנגעצויגען ווי אַ סטרונע. איין שניט פּלאַצט זי... און אויס מיטן גאַנצען גוי!
מאַכט איסר דער מלמדל קיין לאַנגע שהיות ניט. וואָרים אויב ניט ער דעם גוי, וועט דער גוי איהם מאַכען דעם זעל־בען קונץ. כאַפּט ער און טהוט אַ הויב דעם לאַנגען מעסער, גיט פלינק אַ פיהר מיט דער שוואַכער הענטעלע... „כיק!״ גיט עס אַ קוויטש אינם גויס גאָרגעל און ר׳ איסרל גיט זיך אַ רוק אויף צוריק. וואָרים פונם איבערגעשניטענעם האַלז גיט אַ שפּריץ אינדערהויך בלוט מיט פסחדיגען ספּירעט צוזאַמען. און דער ערל מיט דער ניט־דערטרונקענער פלאַש אין האַנט גיט אַ פאַל מיטן קאָפּ אויף הינטען. מיטן קאָפּ אין וואָגען צום פערדישען עק־צו, און כאָרכעלט:
— אַרויס פון מיר דער ניט־גו—גו—גו—גו...
אַרויס פון מיר דער „ניט־גוטער״, האָט ער געמיינט צו זאָגען... דאָס וואָס ער האָט געוואָלט אָפּטאָן האָט מען איהם געטאָן. כע־כע. און רוף מיך סמאָנצע!
אָט אַזעלכע מעשות, — פאַרענדיגט וואָיטעק נאָך אַ רגע שווייגען — פלעגט מען דערצעהלען אַמאָליגע צייטען, ווען איך בין נאָך געווען אַ חדר־אינגעל, איידער מען האָט מיך אַוועקגע־גנבעט פון דער מאַמען „עליו השלום״ און אָפּגעגעבען מיך פאַר אַ סאָלדאַט.

* *
*

אָפּגעדערצעהלט, פאַרצויגען זיך מיט דער קאָרענער פּיפּקע און אַרומגערינגעלט זיך מיט אַ בלויען רויך.

אָבער דער מומע-פּייגעס קינדער זיינען נאָך ניט באַפרידיגט. די אויגעלעך גליהען ביי זיי:

— ר' לייזערל! און וואָס איז געווען דערנאָך?...

— וואָס — דערנאָך? — מאַכט זיך וואָיטעק תמעוואַטע.

— דער סוף? — פאַרטייטשט טעלצע די דינסטמויד מיט פאַרטרעהרטע אויגען.

— יאָ. טאַקע. — רוקט זיך אַרויס פון זאַל די מומע-פּייגע מיט דער זאָק אין האַנט. זי איז אויך נייגעריג. פאַרגעסען אויף איהר באַלעבאַטישען האָנאָר.

— דער סוף? — פרעגט איבער וואָיטעק מיט אַ מינע פון אַ זיידעלע, וואָס האָט באַהאַלטען פאַר זיינע אייניקלעך אויפן סאַמע סוף אַ ראָזינקע-לעקכעל — דער סוף איז געווען גאָר אַ געהויבענער. ר' איסרל האָט ווי-ניט-איז דעם פערדעל אָנגעטריבען. אָנגעפאָהרען אין שקלאָוו אינמיטען דער נאַכט, האָט ער געמאַכט אַ גוואַלד אין מאַרק, אויפגעוועקט מענשען פון שלאָף און אַוועק מיט אַ כאָפּטע אידען אין „סטאַן". דעם פערד מיט דער פאַרבלוטיגטער פוהר האָט מען אויך צוגעפיהרט פאַרן ציימעל. אין סטאַן האָט ר' איסרל דערצעהלט די גאַנצע מעשה, געוויזען די דורכגעשניטענע האָר פון באָרד, געוויזען דעם מעסער... און אידען האָבען געהאָלפען אויסטענהן זיך. דער גוי סטיאָפּע האָט נאָך „געדיאַוועט" און האָט צוגעכאָרכעלט, אַז ס'איז אמת, אַלץ איז אמת ווי גאָלד... אַ ניט-גוט—גוט—גוט איז אין איהם אַריין. אַ ניט-גוט—גוט—גוט, כע-כע. אַזוי עדות-זאָגענדיג אויף זיך אַליין האָט ער איינגענומען אַ מיתה-משונה פאַר נאַטשאַלסטווע אין די אויגען. אַ שענע-ריינע כפרה פאַר אַלע אידען!

באַלד נאָך די ערשטע טעג יום-טוב, חול-המועד גאַנץ פריה, האָט זיך ר' איסרל אַוועקגעלאָזען צופוס צום קאָפּוסטער

רבין, מיט אַ שענעם פּדיון און מיט אָ צייל האָר פון באָרד, וואָס דער ערל האָט איהם דורכגעשניטען... די אָפּגעשניטענע האָר פון איסר דעם מלמדס באָרד ליגען נאָך ערגעצוואו אין אַן אַלטען לעדערנעם סידור פונם בעל-שם-טוב. ביים רבינס איינקעל אין קאָפּוסט געפינט זיך דער סידור ביז צו היינטיגען טאָג. און נאָר עלטערע חסידים קאָנען איהם זעהען און דעם צייל האָר צווישען זיינע בלעטער חנוכה-צייט, ווען מען בענשט „על הנסים“.

# ס׳לעצטע ציגעלע גיט מילך

## 1.

צו מאָרגען גאַנץ פריה, נאָך דער נעכטיגער בריף-צערע־מאָניע ביי מומע-פייגען אין שטוב, האָט וואָיטעק, דער אידי־שער פּאָטשטאַליאָן אין שקלאָוו, געטופּעט מיט זיינע ברייט-נאָ־זיגע, לעדער-אַרומגענייטע וואָליקעס, אינם קלעפּיגען, פריש-אָנ־געפּאַלענעם שניי. ער איז געגאַנגען דאַוונען צום ערשטען מנין פון פראָסטאַקעס, אין ליובאַוויטשער בית-מדרש, און, פאַרבייגע־הענדיג, געקלערט אָפּצוגעבען מערען, פּאַנדרעס ווייב, דעם משונהדיגען, גרויען בריף, וואָס שוין באַלד דריי טעג, אַז ער האָט איהם באַקומען פון מאָהליוו און האַלט איהם נאָך אַלץ אין איין וואַרימען אין דער וואַטאָווער בוזעם-קעשענע פון זיין אונטער-קאַפּטען.

וואָס ווייטער וואָיטעק איז געגאַנגען, אַלץ גרעבער און גרעסער זיינען ביי איהם געוואָרען די פיס. זיי זיינען ביי איהם געוואַקסען ווי אויף הייוועז. און אָט... אַז זיי דערגרייכען שוין צו דער אומגעלומפּערטער קלאָציגקייט פון אַ שניי-באַבוק, צעפּאַלען זיי זיך פּלוצלינג אויף פרישע, ווייסע שטיקער און ווערען מענשליך-קליין... דער הונט-רויטער לעדער פון זיינע וואָליקעס אַנטפּלעקט זיך, ווי אַ ברוינע גריבענע אין אַן אויפ־געבראָכענעם קניידעל. און ווידער הויבען אָן די מענשליכע פיס צו וואַקסען, מיט יעדען טריט אַלץ מעהרער, אַלץ מגושמ־דיגער...

בשעת וואָיטעק האָט, נעכטען ביינאַכט, געפּלוידערט ביי דער מומע-פייגען אין קאָכשטוב, האָט די זאַווערוכע געקאָכט צווישן די איינגעבויגענע, קרומדאַכיגע הייזקעס. ווי קאַלטער שוים אין אַ שוואַרצן טאָפּ האָט זי זיך צום הימעל געוואָרפען. אַ ווייסע ווינטער־קדחת איז דאָס געווען, מיט אַ דריבנער קלאַפּעריי פון אייזיגע ציין און מיט אַן אומרוהיגער פּאַטשעריי פון האַלב־אָפּגעריסענע דראַניצעס, און מיט אַ פרומער שאָקלעריי פון דאַרע בוימלעך אין די אידישע פּאָליסאַדניקעס... אַצינד איז דער בייזער שוים געלעגן פאַרגליווערט ווי פּאַרפאָר, דורכגעקנאָטען מיט זאַמד־דימענטלעך און באַשאָטען מיט מאַטאָווע פאַרפּעלעך. ער איז געלעגן אין שפּיציגע און קרומע כוואַליעס ביי די פּלייטען, אין סטאַגיקע הויפענס אינמיטען גאַס, און אין האַלב־קיילעכדיגע האַלב־אויסגעבלאָזענע פוכענע קישענס אַרום די קוימענס אויף דעכער. די נאַכטיגע האַלוצינאַציעס פון דער זאַווערוכע האָבען זיך פאַרוואַנדעלט אין איידעלע שפּיצען אויף צווייגען, און קייטעלעך אויף די ערוב־דראָטען, און אין געצאַצקעטע וואָליגע פרענז אויף סטרעכעס. פון די פינסטערע ליידענשאַפטען ביינאַכט איז געוואָרען מיידעלשע, קלאָרע צניעות, און פון די הולטייסקע-צוריסענע שנייאיגע העמדער — קליינשטעטעלדיגע הייבלעך אויף פּלעקענצר, באַדעקעניש־שליירען אויף קוסטעס, שלעפּעס פון חופּה־קליידער אויף בערגלעך מיסט, און קיטלען אויף פרומע ווערבעס ביי דער אָזערע. איבער דעם דאָזיגען פאַרגליווערטען חן איז געשטאַנען יענע זיסע שטילקייט, וואָס צוגיסט זיך אין אַלע אברים נאָך אַ פאַרפלויגענעם צאָרן, נאָך אַ שווערען חלום ביי אַ גענעזענעם. און אַ פּאַרטאָגיגער ווינטער-הימעל איז געווען איינגעבויגען איבער דער שטילקייט. און אויסגעזעהן האָט דער הימעל, איבער דער מאַטער ווייסקייט פון דער וועלט, כמעט וואָליג־שוואַרץ, דערפאַר האָט זיך געדוכט, אַז דער טאָג גרויט און בלויט ניט אין הימעל, נאָר אינם שניי, אויף דער ערד...

לייזער וואָיטעק איז געווען ניט דער ערשטער, וועלכער האָט, מיט זיינע גראָבע וואָליקעס, צושטערט אַזוי פריה די

חנודיגע פאַרקיילעכדיגקייט און די ווייסע גאַנצקייט פון דער ערד. גאָר נאָהענט צו ר׳ סענדערס הויז האָט ער דערזעהן אויסגעגלעטע פאַסען, מיט קליינע טריף-לעכער פוןביידע זייטען. האָט ער אין זיי דערקענט די צייכענס פון אַ שליטען. כוועדער דעם וואַסער-טרעגערס שליטען און די קאָפּיטעס פון זיין קאַליקען-פערדעל.

אַ ביסעל ווייטער האָט וואָיטעק מיט זיינע אַלטעטשקע, אָבער דורכדרינגענדע אויגען דערזעהן אַ סך קרומע און פאַרווישטע טריט פון אַ גרויסען הונט, פון עפּעס גאָר אַ גרויסען הונט. די טריט פאַרקערצווען זיך צום אָזערע און צווישען זייעטליכע רויטע טראָפּענס. נעמט וואָיטעק אַרויס די וואַרעמע פּיפּקע פון מויל און בויגט זיך איין. דערזעהט ער, אַז דאָס זענען גאָרניט טריט פון אַ הונט, נאָר פון אַ חיה... יאָ! דאָס זיינען גוט-באַקאַנטע טריט...

— טצ... טצ!... — מאַכט וואָיטעק — ר׳ „וועלוועל" אַליין, כע-כע... ווי איך בין אַ באָקסער!

און ווי ער קנאַקט אַזוי מיטן צינגעל — ערשט אַ קול פּאַלט איבער איהם, ווי פון הימעל אַראָפּ:

— אַ גוט מאָרגען, ר׳ וואָיטעק! איהר קוקט, אַ? קוקט, קוקט!

וואָיטעק גיט זיך אַ קעהר און דערזעהט, אַז דאָס רעדט צו איהם משה דער טאָקער, אַ ברייט-פּלייציגער, הויקערדיגער איד מיט אַ קאָלטענעוואַטער באָרד, פול מיט האָלץ-ברעקלעך אין די קאָלטענס, און זיינע שפּיציגע שוואַרצע אויגעלעך שפּריצען מיט פונקען. ער שטעהט און מאַכט צורעכט זיינע קליידער הינטער אַ פלעקער-צוים, נאָך אַ מענשליכער באַדערפעניש, האַרט צוגערוקט מיט זיין גרויער קאַפּאָטע צום גרויען צוים. דערפאַר האָט איהם וואָיטעק פריהער ניט באַמערקט.

ענטפערט איהם לייזערל וואָיטעק:

— אַ גוטשינקען יאָהר אויף אייך! געזונט זאָלט איהר זיין און רייך... יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? מערע איז דאָך אייער שכנה. זי איז שוין אויפגעשטאַנען?

משה טאָקער איז צו איהם כיכענדיג אַרויס פון הינטערן צוים:

— אויפגעשטאַנען? נאָך אַ מין אויפשטעהן איז זי היינט אויפגעשטאַנען. אַ ברירה האָט זי געהאַט?

— וואָס איז שוין דאָרטען פאַר אַ נייע סמאָנצעס? — כמורעט זיך לייזערל.

— אַט, הערט זיך קאָרשט צו! — ענטפערט משה דער טאָקער — איהר הערט גאָרנישט?

## 2.

וואָיטעק באַפרייט אַן אויער פון אונטער זיין רויטען טיכעל, מיט וועלכען ער פאַרבינדט דעם לישאַי אויפן נאָז, דערהערט ער אַ שיטערינקען, געצויגענעם געוויין.

— כ׳וואָלט שווערען, — מאַכט ער — אַז אין סענדערס הייזקע וויינט אימיצער. זינט די שרפה ביים נייעם נגיד האַלט מען ביי סענדערן אין איין וויינען...

— טאַקע זי אַליין, — ענטפערט משה דער טאָקער — „פאַרדאָניוכע״, סענדערס אַלמנהלע. דעם קאָפּ האָט זי מיר שוין היינט געלעכערט.

— און איך — שאָקעלט וואָיטעק פאַרדריסליך מיטן קאָפּ — איך ברענג פאַר די ווייבער אַ בריף. געמיינט, כ׳וועל זיי דערפרייען... וואָס וויינט זי דאָרטען?

— נו, אַ ציג איז אַ ציג — ענטפערט דער טאָקער. אַז מ׳האָט אַ ציג, דאַרף מען זעהן די פירהויז זאָל זיין פאַררייגעלט ווי עס באַדאַרף צו זיין.

וואָיטעק האָט איהם אָנגעקוקט.

— אַוועקגעגנבעט?

— ניין, — דרעהט דער טאָקער מיטן קאָפּ - ניטאָ קיין בעלנים אויף אַזאַ מציאה. אַזאַ ביטערע האַרץ ווי סענדעריכען וואָלטען אַפילו גנבים געשאַנעוועט. נאָר אַז די אָזערע איז געפרוירען, קומען די „גוטע געסט״ אַריבער פון פראַנצאָוועקער

װאַלד. װײסט זי דען ניט? אָבער אַ אידענע בלײבט אַ אידע־נע. פֿאַרגעסען צוריגלען. און ר׳ „װעלװעל״, אַז ער איז הונ־געריג, איז דאָך איהם קײן מעשה ניט צו־קלײן! אויף דער קליאַמקע האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט, װי אַ הינקעדיגער קבצן און אויפגעמאַכט. מיר האָבען הײנט פֿריה שיער ניט געפּלאַצט פֿאַר געלעכטער.

— אַ גוטער געלעכטער! — פּיפּקעט װאָיטעק פּאַרטראַכטער־הײט — דאָס לעצטע ציגעלע.

— איהר הערט דאָך: אַלס די בעסטע שמירה, האָט סטנ־דעריכע צוגעבונדען איהר ציג צום לײטערל פֿון בוידעם. און מורנו רבי װאָלף — האָ־האַ־האַ — נעמט און בײסט אײן די ציג אין גאָרגעל, הויבט זי אויף צוזאַמען מיטן לײטער, און האַ־ידאַ!... צום פֿראַנצאָװוקער װאַלד, איבער דער אָזערע... גע־הערט האָב איך עפּעס, אינמיטען דער נאַכט, װי אימיצער פֿאָרקעט זיך מיט נעגעל בײ סענדערס הײזקע... זאָג איך צו מײן אַלטיטשקער, צו שצערען זאָג איך: דו הערסט? זאָגט זי: ס׳איז גאָרנישט. און ראַנעצקע: האָהאָ! קאַזי־קאַזי־קזי, קאַזי, קזי־קזי! און װײטער קאַזי־קזי־קזי! פֿאַרדאָניוכע רופֿט די ציג... װאו ציג? װאָס ציג? ניט קײן ציג, ניט קײן לײטער... אַי, האָט זי זיך דאָס צעיאָמערט, די „פֿאַרדאָניוכע״! מיר האָבען פֿריהער אַלײן געמײנט: גנבים. דערנאָך האָבען מיר שוין דער־זעהן, אין פֿרישען שנײ, װ ע ר די גנבים זײנען. פֿון שװעל איבער דער אָזערע ביזקעל װאַלד — ריטשקעלעך בלוט. ריטש־קעלעך בלוט... מען קאָן זײ נאָך זעהן.

װאָיטעק און משה דער טאָקער האָבען זיך געלאָזט געהן עטליכע טריט און פֿונאַנדערגעקוקט די רויטע טראָפּענס, װאָס קײטלען זיך, װי גרויסע בלוטיגע סגלען, אינם פֿאַרװעהטען שליטען־װעג בײם ברעג אָזערע, און פֿאַרלירען זיך אין דער בלוי־ליכער װײטער װײסקײט. אײן ריטשקעלע איז געװען גענוג גרויס און איהר צושפּריצטע רויטקײט האָט דערמאָנט אַ הענגעל מיט צײטיגע ריאַבינעס, װאָס קריכט אַרויס בײ די דאָרפֿישע באַבעס פֿון מאַרק־קאָרב. דאָ, אַ פּנים, האָט דער װאָלף דאָס

ציגעלע אינגאַנצען פאַרצוקט. לעבען דעם דאָזיגען מאוים־דיגען פלעק איז געווען קלאָר צו דערקענען דעם פוס־שטעמפעל פון דער חיה: אַ לענגליכע דאָפּעלטע גריבעל מיט קרומע נעגעל. וואָיטעק האָט מיט זיין אַרומגעניייטען וואָליק פון פוס אַ ריהר געטאָן אַ הייפעל בלוטיגען שניי. האָבען זיך די פאַרגליווערטע בלוט־טראָפּען אַרויסגעגליטשט פון דער ווייסער קאַשע ווי טריבע גראַנאַט־שטיינדלעך:

— אָט דאָ זיינען מיר געגאַנגען נאָכן סליעד! — מאַכט צו איהם דער טאָקער נאָך אַ מינוט שווייגען.—איז ווילט איהר זעהן, וואָס מיר'ן געפונען? אָט קומט זעהן!

זיינען זיי אַריין צו ר' סענדערן אין פירהויז. די טיר פון פירהויז איז געשטאַנען האַלב־אָפען. האָט אויף זיי גלייך אַ שפּאַר געטאָן מיט יענער טוכלער אָרעמקייט און עלענדקייט פון אַן אָפּגעלאָזענער באַלעבאַטישקייט, וואָס נאָר פאַריתומטע און פאַראומגליקטע הייזער קענען זיי. עמערס אָהן אויערלעך, כאָמעטען אָהן רימענס, פאַרשטויבטע טעפּ, אין וועלכע מען האָט שוין לאַנג ניט געקאָכט. אַ פאַרזשאַווערטער מיסט־גאָפּל... אין באַלויכטענעם ווינקעל, נאָהענט צו דער אָנגעפּעלצטער און צופליקטער טיר, מיט הענגעדיגע שטיקער מאָך און טראַנטעס, איז געשטאַנען, אָנגעלעהנט אין דער קרום, ניט קיין גרויסער, אָבער אַ נישקשהדיג־שווערער און פייכטער לייטער. פון דעם מיטעלסטען שטאַפּעל איז אַראָפּגעהאָנגען אַ שטריק מיט צוויי פרישע ציגענע הערנער, מיט אַ בינטעל ציגענע גרויע האָר צווישען זייביידען, און מיט אַ שטיקעל אָפּגעגריזשעטער, גאַנץ־געבליבענער שאַרבען־שיסעל... אַזוי ווי זיי זענען געווען אָנגעבונדען בשעת די ציג האָט נאָך געלעבט, פונקט אַזוי זיינען זיי געבליבען הענגען אויך אַצינד, ווען די ציג איז שוין מעהר אויף דער וועלט ניט געווען. פון ווילדען הונגער האָבען די וועלף אויסגענאָגט דאָס לעצטע שטיקעלע פלייש פון שאַרבען, אויסגעלעקט די קלענסטע סמנים פון בלוט. קיין זכר מעהר ניט איבערגעלאָזט. בלויז די הערנער... אויף איינצובייסען הערנער זיינען וועלפישע ציין אויך צו שוואַך.

מיט זיין לעדערנער הענטשקע האָט וואָיטעק אָנגעריהרט דעם לייטער. די צוויי הערנער האָבּען זיך אַ שאָקעל געטאָן און זיינען געוואָרען שרעקליכער... זיי האָבּען וואָיטעקן דער־מאָנט אַ תּליה... אַ תּליה אין די פינסטערע צייטען, ביי סעוואַסטאָפּאָל, אין ניקאָלאַי דעם ערשטענס צייטען. אַ תּליה פוּן אַ ווידערשפּעניגען סאָלדאַט, וואָס האָט אויפגעהויבּען אַ האַנט אויף אַן אָפיציר. האָט מען איהם געהאָנגען צווישען די ריזי־גע קערבּ מיט אָנגעשאָטענע ערד אין פערטען באַסטיאָן, ביים שיין פוּן רויכערדיגע, רויטע שטורקאַצען און ביים אויפלויכטען פוּן פראַנצויזישע האַרמאַטען־שאָסען. דאָס פייכטע שטיקעל שאַר־בּען אוּנטער די הערנער האָבּען דערמאָנט אויפגעריסענע שליי־פען, צוּמזיקטע לייבער... און וועלף האָבּען זיך וואָיטעקן דער־מאָנט, וואָס יאָגען זיך נאָך זיינע פערד דורך די נאַכטיגע וועל־דער. אין די אויגען גרינע פייערן; אויסגעדאַרטע פיס און ריפען־ביינער אָנשטאָט בּייכער... און דאָ שטעהט דער טאָקער איבּער איהם און דערצעהלט אין דער שטיל, די ווייבּער היני־טער דער צופליקטער שטוּב־טיר זאָלען ניט דערהערען:

— איז זעהט איהר, ר' לייזערל? אָט דאָס איז אַלץ, וואָס מירן געפוּנען. אפשר צוויי וויאָרסט פוּן דאַנעט. אויף יענעם זייט אָזערע. ס'אַ סכּנה! זאָגט צוּ מיר מיין שצערע. זאָג איך: עט, גאָרנישט! כ'האָב נאָר געכאַפּט מיין האַק און רוּף זיך אָפּ צוּ אוּנזער וואַסער־טרעגער, צוּ כוועדקען רוּף איך זיך אָפּ: וועסט געהן, כוועדער? כ'וועל געהן. נוּ, געהען מיר אַזוי און געהען און געהען. דער שליאַך איז פאַרוועהט, נאָר די לאַפּעס זיינען גוּט קענטיג. בּלוּט־פּינטעלעך און בּלוּט־פּינטע־לעך און די פּאַסען פוּן דעם נאָכגעשלעפּטען לייטער. לאַכען מיר. אַ מזיק אַ וואָלף! זאָג איך; „מאָלאָדיעץ!" זאָגט כוועד־קע. און פּלוּצלינג, פוּן אַ קוּפּע סאָסנע־צווייגען, האָט מיר אַ שיין געטאָן — דער עק פוּן לייטער! כ'האָב גלייך דערקענט. כוועדער האָט זיך גענוּמען רוּקען אויף הינטען. און איך — גאָרנישט. כ'געה צוּ אַזוי פּאַוואָליע. די האַק אין האַנט. און מיטן גאַנצן כּח: „אַטוּ־וּ! אַטוּ־וּ!" קיינער רירט זיך ניט. האָבּ

איך מיטן קאָריק פון שטיוועל געגומצן שלעפּען דעם לייטער פון יעלניק אַרויס. קיינער ריהרט זיך ניט. האָב איך דעם לייטער איינגאַנצען אַרויסגעשלעפּט. ערשט עפּעס אָן אָפּענע וואונד קריכט אַרויס צוזאַמען מיט די שטאַפּלען. דאָס זענען געווען די הערנער מיטן שטיק שאַרבען... און אָט! אָפּגעבראַכט סענדעריכען איהר לייטערל מיטן רעשטעל פון איהר ציג. כע־כע. פּאַרטאָג איז עס געשעהן. שכנים זיינען אָנגעלאָפען. סענדעריכע האָט געגוואַלדעוועט. מען האָט געמיינט — געקוילעט אימיצען.

### 3.

אין שטוב האָט מען, אַ פּנים, דערהערט, אַז אין פּירהויז זיינען דאָ מענשען. וואָרים סענדעריכע, מערעס מאַמעלע, האָט אויפגעמאַכט די טיר, און איהר צוקנייטשט פּנימל, ווי אַ געבאַקען עפּעלע, האָט אַרויסגעקוקט:

— אַך, איהר, ר׳ משה?

— אַ גוטשינקען מאָרגען סענדעריכען! — מאַכט וואָיטעק — כ׳זוך אייך טאַקע.

אַרויפגעכאַפּט אויף זיך די פּאַטשיילע, איז סענדעריכע איינגאַנצען אַרויס אין פּירהויז. אָנווייזענדיג אויף די בלוטיגע הערנער מאַכט זי צו וואָיטעקן אַזוי:

— גו—וט, אַ? אַ לעצטע ציגעלע, זאָגט מען, גיט מילך... אָט האָט זי מיר געגעבען...

מאַכט משה דער טאָקער מיט חכמה:

— המ... אַ ציג בלייבט אַ ציג... געדאַרפט, הייסט דאָס, אַזוי צו זאָגען, צו... צוזוריג —

— געדאַרפט, געדאַרפט! — שלאָגט איהם איבער סענדעריכע מיט הארץ. — מ׳האָט דען אַ קאָפּ זינט נח זיצט דער מזל מיינער דער פינסטערער!

כדי צו טרייסטען זי, שלעפּט וואָיטעק אַרויס דעם גרויען קאָנווערט פון דער טיפער וואַטאָווער בוזעם־קעשענע:

— אַ בריף פאַר מערען!

— מע־ערע! — שרייט סענדעריכע — קום אַרויס!

אין שטוב האָט אַ סקריפּ געטאָן אַ בעט און ס׳האָט זיך דערהערט אַ קוויטש פון אַ קינד, וואָס מען רייסט אָפּ פון דער ברוסט. פאַרוויקעלט אין אַ רויטליכער, אָפּגענוצטער פאַ־טשיילע, איז מערע די הויכע, פאַנדרעס שטרויענע אַלמנה, אַרויס אין פּירהויז, אַן אָפּגעמאָגערטע, מיט בלויע קרוהעס אונטער די אויגען, מיט אַ פאַרשפּיצטער נאָז, ווי אין איהרע כּלה־יאָהרען. און אין איהרע ברוינע אויגען האָט געברענט יע־נער שטומער צער און בענקשאַפט פון אַ יונג, געזונט ווייב־בעל, וואָס איז שוין לאַנג אָפּגעריסען פון איהר מאַן. אויף איהרע הויכע מאָגערע פיס מיט דער קורצער פאַטשיילע אויף די אַקסלען, האָט זי אויסגעזעהן ווי אַ פאַרוואָגעלטער באָטשאַן, וואָס האָט מחמת זיין שוואַכקייט ניט געקענט באַצייטענס אַוועק־פליהען אין די וואַרעמע לענדער.

מיט אַ שמייכעלע האָט איהר וואָיטעק דערלאַנגט דעם גרויען בריף, ווינקענדיג צו איהר מיט איין אויגעל:

— אַ לעצט ציגעלע גיט מילך, אַ?

— בלוטיגע מילך! רופט זיך אָפּ סענדעריכע און שאָקעלט צו מיט איהר געבאַקט קעפּעלע.

פאַרשעמט ווי אַ כּלה, וואָס באַקומט צוגעשיקט אַ מתּנה פון חתן, האָט מערע גענומען טאַפּען דעם גרויען קאָנווערט, פאַרלעגען געקוקט אויף וואָיטעקן, וואָס זי קען איהם ניט סילוקן אַ פּאָר קאָפּיקעס פאַר דער טרחה. אומבאַהאָלפען האָט זי זיך אַ קער געטאָן צו דער מאַמען און פאַרוואָרפען דערביי דעם לאַנגען, בויגיגען האַלז ווי אַ באָטשאַן:

— מאַמע, אפשר... האָסטו?

— פון וואַנעט זאָל איך האָבען?... גיט סענדעריכע אַ קוואָקטשע ווי אַ הון אויף אייער.

דערזעהט וואָיטעק, אַז דאָס מיינט מען די דריי קאָפּי־קעס, שקלאָווער טאַריף פאַר אַ פאַרמאַכטען בריוו, וואָס קומט אָן מיט אַ באַלעגאָלע. גיט ער אַ מאַך מיט די אָנגעפּעלצטע פּלייצעס:

— חס ושלום!.. פאַר פאַנדרעס אַ בריף?.. אַך, אַך!

— טו קומט כאָטש אַריין אַמאָל אין אָוונט טרינקען אַ גלאָז טיי! — בעט מערע — קומט, ר׳ לייזערל, היינט נאָך מעריב!

— וואָיטעק האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט זיין שווערער באַראַשקענער היטעל:

— כע-כע, טיי איז ניט ווינד און וויי. בעסער קאַנדעל-צוקער איידער אַ געדרשט אויפן קוקער. וועלען מיר טרינקען און שונאים וועלצן — הינקען. אַ גוטען טאָג, פאַנדריכע!

מיט האַרצקלאַפעניש האָט מערע אַריינגעטראָגן דעם בריף אין שטוב. זי האָט איהם באַטראַכט, ווי אַ הונגעריגער אָהן ציין באַטראַכט אַן אַלט-געבאַקענעם ברויט. זי האָט געוואוסט, אַז די בריף, וואָס נח שיקט צו איינמאָל אין צוויי חדשים, זיינען געשריבען מיט רוסישע קאָטשערעס און לאָפּעטעס. נח שרייבט זיי דורך אימיצען אַ „געלערנטען", אין אָסטראָג, און צאָהלט פאַר אָנשרייבען מיט זיינע לעצטע פּיאַטאַקלעך. אַזאַ בריף ליגט אָפּ וואָכענלאַנג אין קאַנצעלאַריע אין מאָהליוו. דאָרטען ווערט ער געפּרובט און ערשט דערנאָך ווערט ער דורכ-געלאָזען צום ווייב קיין שקלאָוו. פון די אַרומיגע שכנים ליי-ענט קיינער ניט רוסיש. מוז דערפאַר מערע אָנקומען צום זונ-דעל פונם נייעם נגיד, וואָס האַלט ביי ענדיגען די שטאָדט-שול. אָבער כמעט אַלעמאָל, ווען זי קומט אַהין מיט אַזאַ בקשה, טרעפט זי דעם תנא-ברי ווי ער שלאָגט זיך מיט זיין עלטע-רער שוועסטער, מיט די באָמבעלעך אין די בלאַסע אויערען... זי שרייט: „מאַ-אַמע!" און ער טשעפּעט זיך, מיט אַן אָנשפּיל אויף איהרע ציגענע מעלות:

קאַזי-קאַזינע
שהלך לגינה
ואכל לבאָטשווינע
אמר רבינא:
מאי דינא? א. א. וו.

דאָס זעלבע לידעלע, וואָס ר׳ סענדער, עליו השלום, האָט

געהערטביים נייעם נגיד, בשעת ער האָט צום ערשטען מאָל געמוזט אָנקומען צו אים. ער האָט וועגען דעם געראָטענעם ברודער און נאָך מעהר געראָטענער שוועסטער דערצעהלט אין שטוב. און מערען איז דערנאָך אויסגעקומען צו הערען דאָס זעלבע צולהכעיס־לידעלע, און שטופּען זיך מיט איהר עלענדען בריף צווישען די שטענדיג־צוקריגטע ברודער און שוועסטער.

און אויסער דעם... ווען מערע קומט צוגעהן צום נייעם נגיד מיט איהר קינד אויפן אָרעם און מיטן בריף אין האַנט, קוקען דאָרטען אויף איהר אַלע שטוביגע אַביסעל קרומלעך, ווי אויף איינער, וואָס קומט מיט אַ טענה. זיי זעהען אין איהר אַריינקומען — ניט אַ ביטער הארץ, וואָס וויל וויסען וואָס דער מאַן אין אַרעסט שרייבט איהר, נאָר אַ מין לעבעדיגע פּרעטענזיע אויף דער בהמה, וואָס פּאַנדרע האָט געראַטעוועט פון פייער; אַ פּרעטענזיע אויף דאָס שטעלען זיך קעגען דעם שכורען פּריכטאַוו... לייענט מען איהר ברוגזלעך איבער דעם בריף און די נגידתטע שטעקט איהר אָפּ אַמאָל אַ האַלאַ־טשעק מילך, אַמאָל אַ טעפּעל זויערקרויט. און אַז מערע געהט אַרויס, קרימט זיך די נגידתטע מיטן געלבען געזיכט:

— מען קען זיך איהר גאָרניט אויסצאָהלען, דער קבצנטע...

זי האָט דאָס איינמאָל דערהערט, מערע, ווי נאָר זי איז אַרויס פונם נייעם נגידס הויז. האָט זי דעם טעפּעל מיט זויערקרויט געלאָזען שטעהן פאַר דער טיר און אַוועק אַ וויינענדיגע אַהיים: נויטיג אומלעבען האָט זיך נח געדאַרפט איינשטעלען פאַר אָט די דאָ!..

אַ גאַנצען טאָג דערנאָך האָט זי געוויינט.

## 4.

זינט דעם געהט זי לייענען איהרע בריף צום אַפּטייקער, וועלכער שמעקט מיט נאַפטאַלין און הייסט אַליין „נאַפטאַלין“: זרח נאַפטאַלין. דאָס איז אַ פּאַרזעסענער בחור מיט גרייזעלעך

אַרום די אויערעֶן און מיט אַ פּעטען פלֿיך איבערן גאַנצען קאָפּ. אונטער די אויגען האָט ער אַפֿילו פּריינדלֿיכע קנייטשעלעך, נאָר קוקען קוקט ער אויף דער שטרויענער אַלֿמנה, ווי אַן אַלֿטער קאָטער מיט אַן אָפּגעביסענעם עק הינטער אַ צוים אויף אַ יונגער קאַץ וואָס דראַפּעט זיך. דער צוים פון געטאָקטע פּלֿעקענער, וואָס טיילֿט אָפּ דעם אַפּטייקער פון זיינע קונדען, פּאַרשטאַרקט נאָך די דאָזיגע עהנלֿיכקייט. ער לֿייענט מערען דעם בריף מיט אַ לֿאַקריץ-שמייכעלֿע אויף די פּייכטע לֿיפּען. און נאָך זיסער און מיאוסער ווערט דאָס שמייכעלֿע, ווען עס קומט איהם אויס לֿייענען צערטלֿיכע ווערטלֿעך פון פּאַנדירען צו זיין ווייב. דאָרטען ציהט ער די ווערטער לֿאַנג און פּאָרזיכטיג, ווי פּאָדים פון פּאַטאָקע און קוקט אָן מערען פּאָרשענד, מיט אַ נייגעריג-פּייערלֿ אין די אַלֿט-בחורשע אויגען. ער וויל זעהן, צי די הייסע ווערטער האָבען מערען צונומען... אַ חלֿשות געהט איהר אָן. אין באַק וואָלט זי איהם מכבד געווען, ווען זי וואָלט ניט געווען אַזוי דערשלֿאָגען.

אָפּטמאָל, בשעת אַזאַ לֿייענען אין אַפּטייק, דוכט זיך איהר, אַז זי זיצט גאָר צוקאָפּענס ביי איהר מאַן, וועלֿכער איז אַ חולה-מסוכן. אַרום און אַרום שמעקט עס מיט יאָדינע, קאַראַבאָלֿקע און מיט יאָדאָפּאָרם. און דער חולה רעדט פון היק. דעם גאַנצען בריף רעדט ער אַרויס פון היק... זי געהט אַוועק אַ קראַנקע.

מערע האָט אויפגעריסען דעם קאָנווערט און... ס'איז געשעהן אַ נס! דאָס מאָלֿ איז דער בריף געווען אַ אידישער. לֿיבע אידישע „קאָטשערעס”, ניט קיין גויעשע... דעם אמת מוז מען זאָגען, אַז מערע האָט אַפֿילו קיין אידיש אויך ניט געקענט לֿייענען, און פונדעסטוועגען האָט זי זיך דערפרעהט. מיט אַ אידישען בריף איז איהר אָפּען די וועלֿט. זי ברויכט ניט דעם נייעם נגידס זונדעל, ניט דעם אַפּטייקער מיט די זעקעלֿעך אונטער די אויגען. מומע-פייגע, וואָס וואוינט דאָ אין שכנות, קען אויך איבערלֿייענען אַ אידישען בריף. אַ געזונט אין נחן! דאָס מאָלֿ האָט זיך איהם, אַפּנים, איינגעגעבען דורכצושמוגלֿען אַ אידישען בריף פון הינטען-אַרום.

— זעהסט ? — האָט מערע פרעהליך געשמונצערט צו איהר עופעלע — אַ בריף פון טאַטינקען !...

ציטערענדיג, האָט זי ווידער אַרויפגעכאַפּט די פּאַטשיילע אויפן קאָפּ, איינגעבויגען זיך איבער איהר קינד און אַ קוש געטאָן אונטערן אויער, וואו עס ליגט אויסגעגאָסען אַ בלוי־רויטער פלעק. מיטן דאָזיגען פלעק איז דאָס קינד געקומען אויף דער וועלט. סענדעריכע האָט געזאָגט, אַז דאָס קומט פון אַ שרעק בשעת אַ שרפה. זי, מערע, האָט זיך דאָך דערשראָקען אין זעקסטען חודש פאַר דעם נייעם־נגידס שרפה, אינמיטען דער נאַכט. נח האָט זי געלאָזען איינינקע אַליין, און מיטן האַק אין האַנט געלאָפען ראַטעווען דעם נייעם־נגידס שטאַל. מסתמא האָט זיך מערע אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַלז. איז אָט! דער אָפּשיין פון דער שרפה האָט זיך איבערגעגעבען. אַן איי־ביגען פלעק האָט יענער שרעק איבערגעלאָזט אויף איהר קינדס העלזעל, לזכרון. זי, מערע, זאָל קיינמאָל ניט פאַרגעסען, וואָס דעם נייעם־נגידס שרפה האָט איהר אָנגעטאָן...

מערע האָט איבערגעלאָזט דאָס קינד אויף דער מאַמעס הענט און אַריינגעלאָפען צו דער מומע־פייגען.

— פייגע לעבען! — האָט זי אָנגעשטורעמט, קייכענדיג און שעמענדיג זיך – האָט רחמנות!

די מומע־פייגע האָט געמיינט, אַז ס'איז אַלץ מכח דער ציג, וואָס די וועלף האָבען צוריסען היינט פאַרטאָג. האָט זי אַ טראַכט געטאָן: אַ נייער גמילת־חסד אויף דער הייסער מי־נוט, מיט דעם זכות פון דער פאַרצוקטער ציגעלע... האָט זי זיך דערפאַר גלייך געכאַפּט צו איהר גרויסען בייטעל אויפן לענד:

— וויפיל דאַרפסט איהר?

— אָך, ניין — פאָכעט פאַנדריכע מיט איין פאָלע פון פאַטשיילע, ווי אַ פאַרוואָגעלטער באָטשאַן מיט אַ צובראָכען פליגעל און שלעפּט אַרויס אַ פּירקאַנטיג שטיק פּאַפּיר פון אונ־טערן זעלבען פליגעל — אָט דאָס!

מומע־פייגע, מיט איהר שאַרפען אויג, האָט גלייך דער־קענט, אַז דאָס איז דערזעלבער קאָנווערט, וואָס וואָיטעק האָט

נעכטען ביינאַכט געהאַלטען ביי איהר אין קאָכשטוב. ער האָט איהם אַפילו, על פי טעות, אַרויסגעצויגען פון בוזעם-קעשענע אָנשטאָט אורים בריף.

— פון דיין נחן? — שלאָגט זיך אָן מומע-פייגע.

— טוט אַ טובה!

מומע-פייגע האָט גלייך דערפיהלט דעם צער פון אַזאַ יונגער ווייב ווי מערע איז, וואָס קען אַפילו, אין איהר עלענד, ניט לייענען דעם מאַנס בריף און מוז אָנקומען צו לייטען. געלויבט איז דער אויבערשטער! זי האָט גאָט אָפּגעהיט פון אַזאַ אָפּקומעניש.

די נעבעכדיגע מינע איבער דאָס פאַרצוקט ציגעלע, וואָס איז געוועזען אָנגעגרייט ביי מומע-פייגען אויפן פנים, איז אַראָפּ אינגאַנצען. מומע-פייגע איז פייערליך צוגעטראָטען צום קאַמאָד און אַרויסגעזעצט אויף דער נאָז אַ פּאָר שפּאַקולען מיט ווייכע האָלאָבליעס. אורים בריף לייענט זי אָן שפּאַקולען. זי קען זיין כתב און טרעפט זיינע אותיות, ווי פאַרדרעהט זיי זאָלען ניט זיין. אָבער פרעמדע בריף שטרענגען זי אָן. און אויסער דעם איז זי זיכער, אַז שפּאַקולען, ביים לייענען פרעמדע בריף פון אָרעמע שכנות, גיבען איהר צו מעהר פייערליכקייט און מעהר חשיבות, און שטעלען זי מיט אַ קאָפּ העכער פאַר די אינגערע און שענערע ווייבער, ווי מערע פאַנדרעס, וואָס פערשטעהט זיך נעבעך ניט אין די שוואַרצע פינטעלעך.

## ביי דער שטרויענער אַלמנה

וואָיטעק איז אַ גאַנצען טאָג געווען ניט מיט אַלעמען, די פייכטע, אָפּגעגריזשעטע הערנער פון דעם פאַרצוקטן ציי־געלע האָבען זיך אַלץ געשאָקעלט פאַר זיינע אַלטיטשקע אויגען און צוזאַמען מיט זיי — בלוטיגע מעשים פון סעוואַסטאָפּאָלער מלחמה. זיין אויפרעגונג איז געווען אַ מאָדנע, אַ יוגענטליכע. אימיצער האָט איהם אַ כשוף אָנגעטאָן. אַזוי האָט איהם געגאָגט דאָס האַרץ אַ מ אָ ל, גאַנצע יאָהרען נאָכאַנאַנד, נאָכדעם ווי מען האָט איהם אַוועקגערויבט פון אונטער דער מאַמעס פאַר־טוך, בשעת דער גויעשער „דיאַדקאַ" האָט איהם געשלאָגען און אַרויסגעטריבען אַ הונגעריגען פאַשען חזירים... האָט ער געטאָן דעם דיאַדקאַס ווילען: מיט דער בייטש געקנאַקט איבער די חזירישע רוקענס און געדאַווענט פון אַ קליינינקען סידורל מיט אַ לעדערנעם רוקען, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פונדערהיים, און אויסבאַהאַלטען פון אַלע בייזע אויגען...

און היינט באַגינען... די רויטע בלוט־פלעקען אויף דעם פריש־געפאַלענעם שניי, אויפן ניכטערען האַרצען — האָט איהם אויפגערודערט דעם גאַנצען הייוועץ פון דנאָ, אויפגעברויזט זיין קיהלען, אָפּגעשטאַנענעם, אַכציג־יאָהריגען וויין.

נאָך מעריב איז ער אַוועק צו פּאַנדרעס שטרויענער אַלמנה טרינקען טיי. אַזוי ווי ער האָט איהר היינט פריה צו־געזאָגט. ער האָט געקענט סענדערס טאָכטער און האָט געוואוסט,

אַז ס׳וועט איהר פּאַרדריסען, אויב ער וועט ניט קומען. דאָס וואָלט געהייסען, אַז ער, וואָיטעק, איז ניט צופרידען, וואָס מען האָט ביי איהם אָראָפּגעשלונגען דעם טאַריף פאַרן אָפּגע-בראַכטען מאָהליוועד בריוועל...

אין סענדערס אָפּגעלאָזענער הייזקע איז ער אַריין אָהן יענע הכנות און אָהן יענער ברייטקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נעכטען ביינאַכט צו דער גבירינטע, צו דער מומע-פייגען אין הויז. דער געזונטער חוש פון אַ גוטמוטיגען פּראָסטאַק האָט איהם אויך אָפּגעהאַלטען פון זיין שוואַכקייט צו האַקען גראַמען, זאָגען חכמות. אפילו אָן זיין איינגעחזרט ווערטעל: „שמאָנצעס״ האָט ער פאַרגעסען.

ביי דעם פינף-קאָפּיקענעם אָוועגט-לעמפּעל איז די גאַנצע טרויעריגקייט און אבלות אין שטוב געלעגען אַ באַגולדעטע: די טרויעריגקייט נאָך פאַנדרעס אַרעסט און די אבלות נאָך ר׳ סענדערס טויט. די אָרימקייט האָט געשמייכעלט פון די שאָ-טענס אַרויס מיט אַ שמייכעל פון „צדוק הדין״. דער שניי-דערשער״ זייגערל אויף דער וואַנט, וואָס האָט פריהער, בשעת ר׳ סענדער האָט נאָך געלעבט, אַזוי פלייסיג געטיקעט און געטאַקעט און געלאָפען מיטן אומרוה, ווי אויף איין פיסעל, אין דער צייט אַריין, און געדרעדט צו סענדערס האַרץ פון אַ גוטער עלטער — איז געשטאַנען... זיין שטענדיג פאַר-האַוועטער אומרוה איז אַצינד געהאַנגען אַ ביסעל קרום, ווי דאָס צינגעל ביי אַ טויטער קאַץ. די צייט איז פאַרגליווערט געוואָרען צווישען די פיער בערוועגע-ווענט. און די שעהן האָבען זיך דאָ געצויגען אָהן אַן אָנהויב און אָהן אַ סוף. און טאַקע צוליב וואָס צעהלען די מינוטען ווי נייאינקע גראָ-שענדלעך? מיט אַ צייט צי אָהן אַ צייט... ס׳איז שלעכט!

דער שטוביגער ריח פון אָפּגעשטאַנענע וואַרימעסען האָט דאָ אויך געפעהלט. אין דער באַגולדעטער האַלב-טונקעל-קייט האָט געשוועבט נאָר אַ גערוך פון איבערגעזייערטע קרויט, פון הערינג-ראָסעל, פון געשטויסענע קאָניפּליעס און פון שוואַרץ-ברויט. אַלץ יענע ריחות פון אָרימקייט, וועלכע פאַרגינט זיך

נאָר זעלטען־ווען אַ געקעכץ אין מיטען וואָך, און באַגוגענט זיך מיט טרוקענע ווינטערדיגע מאכלים, מיט איבערכאַפּען דאָס הארץ.

אין ווינקעל, ביי דער וואַרימער לעזשאַנקע, מיט די גרינע אַלט-מאָדישע קאַכליעס מיט אַ גלאַנץ פון פּאָליווע, ווי פּויערישע טעפּ, איז געזעסן סענדעריכע איבער אַ זאָק מיט אַ לאָך. דאָס לעמפּעלע אויבען. און איהר פּנים איז געווען גרין באַלויכטען אין שוואַכען אָפּשיין פון די קאַכליעס. מיט איהרע טיפע און האַרטע קנייטשען האָט די קליינינטשקע סענ־דעריכע אַליין אויסגעזעהן ווי אַ קאַכעלנע. פון ערדיגען ליים געקנאָטענע און מיט גרינער פּאָליווע באַגאָסענע באָבעלע. בולט און שטאַר. נאָר איהרע גרינע הענטלעך לעבען נאָך און באַוועגען זיך ביים צירעווען. פון דער גראָבער וואָלענער לאָך אין זאָק לויפט ביי איהר אַלץ ווייטע אַרויס אַ גרינליכער פונק — אַ נאָדעל און לויפט צוריק אַריין.

מערע האָט אַריינגעטראָגען פון קאָכשטוב צוויי גלעזער מיט שוואַרצליכען טיי, אַ פּאָר קליינינקע שטיקלעך קאַנדעל־צוקער אויף אַ טעצעלע — יענער סאָרט צוקער וואָס איז גוט צום הוסט און וואָס טיי קען מען מיט איהם אויסטרינקען דריי גלעזער נאָכאַנאַנד. און פונדעסטוועגען בלייבט ער נאָך אַלץ ליגען, ווי אַ זיסע פּאַטשערקע, אויף דער צונג און צוגעהט ניט. סענדערס צוקער, עליו השלום.

דאָס קינד אין דער אָרעמינקער וויגעלע האָט זיך אויפ־געכאַפּט מיט אַ קוויטש: האָט דאָס מערע גענומען צום ברוסט מיט דער איינפאַכקייט פון אַ מוטער פון פאָלק, וואָס קוקט אויף אויפקנעפּלען איהר ווייסען בוזעם פאַר אַ פרעמדען, ווי אויף אויפמאַכען אַ פאָרטקע אין אַן אָנגעפּיפּקעט הויז. פון איהר רויטער מולטענער בלוזע האָט זיך אַרויסגעגליטשט אַ ווייסער קנויל מיט בלויע אָדערלעך און מיט אַ ברוינעם שפּיץ, ווי באַשמירט מיט מילך־שאָקאָלאַד. ביי מערעס מאָגערקייט האָט זיך, כמעט, ניט געקענט גלויבען אַזאַ שטייפקייט, אַזאַ גע־זונטקייט און זאַפטיגקייט. דאָס קינד האָט זיך צוגעכאַפּט מיט

אַ זליוקען, ווי צו אַ קוואַל. קענטיג געווען, אַז קיין סך מי קאָסט איהם ניט אַזאַ זויגען. אפילו ביי אַזאַ איבער-אַכציג יאָהריגען אידען, ווי וואָיטעק איז געווען, האָט מערעס אַנט-בלויזטע מוטערליכקייט אַרויסגערופען דאָס פאַרגעסענע בילד פון זיין יונג-פאַרשטאָרבענער ווייב. נאָר יענע איז געווען אַזאַ נעבעכדיגע אַקעגען אָט דער דאָ.

— אַ געזונט ווייבעל, קיין עין הרע! — האָט זיך וואָי-טעק געטראַכט — סענדערס אַ טאָכטער...

מערע האָט זיך אָבער פאָרט אַ ביסעל פאַרשעמט. ניט מיט איהר אַנטבלויזטען לייב, נאָר מיטן רויטליכען פלעק אויפן העלזעל פון איהר קינד. וואָיטעק האָט זיך פאַרקוקט אויפן פלעק. האָט זיך שוין מערע מעהר ניט געקענט איינ-האַלטען און אָנגעוויזען מיטן פינגער:

— אָט! — פון דער שרפה! אַלץ פון דעם נייעם-נגידס שרפה...

וואָיטעק האָט זיך אַ קראַץ געטאָן, געטרייסט מערען:

— ס׳מאַכט ניט אויס. וואָלט געווען אַ מיידעל איז עפּעס אַנדערש. אָבער אַזאַ יונג! נישקשה. כע-כע, ר׳וועט שוין גוט האַלטען די לייצעס נאָכן טאַטען, נאָך הונדערט מיט צוואַנציג יאָהר...

2.

דאָס קינד האָט געזויגען און מערע האָט זיך עפּעס גע-קלאָגט אינדערשטיל. און געדאַכט האָט זיך, אַז זי באַ-גלייט דאָס זויגען פון איהר קינד מיט אַ טרויעריג געזאַנגעלע. זי האָט זיך באַקלאָגט אויף איהר אומגליק, אויפן חורבן אין שטוב, אויף דעם בייזען ווינטער, אויף די גראָשענע פּרנסות ביים טישעל אין מאַרק... די „קאַכעלנע מאַמעלע" אויף דער לעזשאַנקע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון איהר פאַרגליווערטקייט, געוואָלט איבערדערצעהלען צום צעהנטען מאָל דעם אומגליק מיט דער צעריסענער ציג. נאָר מערע האָט זי אָפּגעשטעלט:

— מאַמע, גענוג וועט שוין זיין!...

אָנשטאָט דעם האָט זי וואָיטעקן אויסגעשאָטען אַ הויפען נייעס פונם מאָהליווער בריף, וואָס ער האָט איהר היינט פריה אָפּגעבראַכט, און וואָס די שכנטע, מומע פייגע, האָט איהר צוויי מאָל געמוזט איבערלייענען... די בשורות אין פאַנדרעס בריף זיינען גאָרניט געווען פון די שלעכטע. ערשטענס: אינם אידישען בריף, וואָס ער האָט ד אָ ס מ אָ ל געלאָזט דורכ־שוואַרצען, האָט ער זי אָנגערופען מיטן אַלטען, געלאַשצעטען נאָמען פון נאָך דער חתונה; מערע־מרוינעלע האָט ער זי אָנ־גערופען. עטליכע מאָל אַזוי. און צווייטענס, שטעהט דאָרטען, אַז זיינער אַ גוטער ברודער פון אָסטראָג, שעפּטעלע, דאַכט זיך, רופט מען איהם. יאָ, שעפּטעל־גנב, האָט זיך פאַר איהם פאָסטאַרעט פון הינטען־אָרום. ניט אַנדערש אַז ס׳איז זיין מלאכה און זיין געלט. וואָרים איהם און שמחהלען האָט מען גאָר פלוצלינג באַפרייט פון די אָפּטריטען און פון דער אומ־ריינער פאַס. און אַצינד געהען זיי אויף אַרבייט מיט אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטען. זיי זעגען אַצינד, שרייבט ער, האָלץ אין וואַלד. ער האָט, שרייבט ער, הנאה פון דער אַרבייט. ער האָט זיך, שרייבט ער, אָטחייעט, ער און שמחהלע. אַרומגע־וואַשען זיך אַ ביסעל. די אַרעסטאַנטען באַהאַלטען זיך מעהר ניט פון איהם, פונם גוי „טשורי־לע״, וועמען ער האָט אָנגע־בראָכען די ביינער, הערט מען ניט מעהר. מ׳האָט איהם, שרייבט ער, איבערגעפיהרט אין אַן אַנדער אָסטראָג, קען מען ביינאַכט רוהיג שלאָפען אויף די פּאָליצעס. וואָרים אָט דער ערל טשו־רילע האָט זיך פאַרשוואָרען צו קוילענען איהם ווי אַ גאַנז, אינמיטען דער נאַכט... און נאָך שרייבט ער איהר, נח, אַז ער האָט נאָר עגמת־נפש פון שמחהלען. שמחהלע טורערו האָט זיך צוזאַמענגעשמעקט מיט די סטאָראָזשעס און מיטן שליסלער. וואו אַ קאָפּיקע גיט ער זיי אַוועק. ער מאַנטשעט ביי אַלעמען עפּעס אויס און גיט זיי אַוועק. שוואַרצען זיי איהם דערפאַר אַריין ניט־געלויטערנעם בראָנפען פון ברויז, סם־המות, שיכורט ער, דער טורערו. ער דערעסט ניט און שיכורט. און אַז

שמחהלע שיכורט זיך אָן, מאַכט ער סקאַנדאַלען און שרייט, אַז ער וועט דעם נייעם-נגיד אַ מעשה אָנטאָן נאָכן אָפּזיצען. ער וועט איהם... ער וועט איהם שעכטען „אויף טרפה" און די בהמה זיינע וועט ער שטעכען... שמחהלע איז שוין ניט איינמאָל געזעסען אין קאַרצער פאַר זיינע מעשים. קומט דער-נאָך צוריק אַ פּגירה. שילט זיך און הוסט און טשעפּעט זיך מיט אַלעמען. ניט איינמאָל האָט זיך שוין פאַר איהם פאַנדרע איינגעשטעלט. יאָ, מכּחן נייצן-נגיד איז עפּעס אויך אין בריף געשטאַנען. ער, דער נייער-נגיד, הייסט דאָס, איז ניט קראַנק צו אויסהעלפען... דער שוויגער סענדעריכצן אין נויט. אַ גע-ראַטעוועטע טיראַליער בהמה און דאָס אָפּזיצען אין אָסטראָג, פאַר זיין כּבוד און פאַר זיין באַק, איז עפּעס מעהר ווערט ווי אַ פאָר רובעל אַ חודש... אָבער זי, מערע, פאַרשטעהט גאָר ניט וואָס ס'איז מיט פאַנדרען געוואָרען. ווי שעמט ער זיך דאָס ניט צו שרייבען איהר אַזעטקענע זאַכען. זי וועט דאָס געהן בעטען ביים נייעם-נגיד? אָדער דער נייער-נגיד וועט זיך אפשר אַליין דערמאָנען?... פאַנדרע שרייבט אפילו „דער שווי-גער", אָבער זי פאַרשטעהט דאָך, אַז דאָס מיינט מען זי אַליין... ווען זי געהט אַריין צום נייעם-נגיד איבערצולייענען אַ רו-סיש בריוועל, מיינען זיי שוין דאַרכען, אַז זיי מאַכען זי גליק-ליך. אַלע זענען דאָרט זויער און צוקראָכצן ווי איבערגעשטאַ-נענע פּעטשאַ און קוקען טוען זיי אויף איהר ווי אויף אַ קבצנ-טע, וואָס שטופּט זיך אין קרובהשאַפט. אָט דאָ אַנומעלטען, ביים אַרויסגעהן פון נייעם נגיד האָט זי דערהערט אַ שען ווערטעל הינטערן טיר. האָט זי זיי געלאָזען שטעהן זייער טעפּעל קרויט אינמיטען פּירהויז און איז אַוועק. זאָל זיך די נגידיתטע קוויקען אַליין מיט איהר גוט-האַרציגע זויער-קרויט...

יאָ, וווייטער בעט נח, אַז בריף זאָל מען איהם שרייבען רוסישע. ווייל אַלע בריף צו די אַרעסטאַנטען געהען דורך דער קאַנצעליאַריע. פאַרוואַרפען זיי אידישע בריף אינגאַנצען, אָדער ס'ליגט אָפּ גאַנצענע וואָכען. און מ'זאָל, חס ושלום, ניט

דערמאָנען דעם אידישען בריף וואָס ער שיקט דאָ. קיינער טאָר פון דעם ניט וויסען...

– נאַ – מאַכט וואָיטעק נאָכן אויסהערן אַלע נייעסען און פאַרציהט זיך מיט זיין קאָרענער פּיפּקע – דו זעהסט, מערע! כ'האָב דיר שוין היינט געזאָגט. געלויבט דער אויבער־שטער! דאָס לעצטע ציגעלע גיט מילך...

רופט זיך אָפּ די „פּאָליוועגע" סענדעריכע פון דער גרי־נער לעזשאַנקע:

– ס'וואָלט געווען גלייכער דאָס ציגעלע אַ ל יי ן זאָל בלייבען גאַנץ...

דאָס קינד האָט זיך אָנגעזעטיקט, אָפּגעריסען דאָס מייל־כעל פון ד'ער מוטערס ברוסט און צוניסט זיך פון וואָיטעקס פּיפּקע. אויסגעהערט דער מאַמעס ברכות און דער באָבעס צו־ווינשונגען און אָנגעשטעלט אויף וואָיטעקן אַ פּאָר קיילעכדיגע, נייגעריגע אויגלעך. אין שפּאַס האָט איהם דער אַלטער צוגע־שמונצערט און אויסגעלאָזען מיט אַ קעצישען קול:

– פּקכב–י–י!

דאָס קינד האָט איהם געענטפערט מיט אַ שמייכעל. איי־נע פון יענע קינדערשע שמייכלען, וואָס בליהען אויפן גלאַטען פּנימל, ווען דאָס קינד האָט צוטרוי צו אַ „גרויסען".

ניט־קוקענדיג אויף אַזאַ ליבליכען שטומען שמועס צווי־שען צוויי אַזעלכע פאַרשידענע עלטערס, איז וואָיטעק באַלד נאָכדעם געבליבען זיצען אַ פאַרטראַכטער, אַ שווייגעדיגער. האָט זיך מערע פאַרחידושט:

– וואָס איז מיט אייך היינט ר' לייזערל, אַ? עפּעס זייט איהר היינט ניט מיט אַלעמען.

– אָט, – מאַכט וואָיטעק און קוקט זיך אום אויף דער אַלטיטשקער סענדעריכען אויף דער לעזשאַנקע – דאָס פאַרצוקט ציגעלע... דאָס בלוט אין שניי היינט פאַרטאָג... ס'געהט מיר פון זינען ניט אַרויס. שוין איינמאָל געזעהען אַזאַ ציגעלע אין שניי. אָהן אַ טאַטען, אָן אַ מאַמען. אין סטוואָסטאָפּאָלער שניי... אַ אידישער משומד, נעבעך, איז דאָס געווען.

3.

## דאָס סידור

— געווען איז דאָס,—אַזוי האָט וואָיטעק אָנגעהויבן דער-צעהלען אָהן איבעריגע הכנות – געווען איז דאָס אין סעוואַס-טאָפּאָל אויפן ברעג ים, ווען די שטאָדט איז שוין געווען האַלב-צעשאָסען. דער פראַנצויז האָט צוגענומען איין באַסטיאָן נאָכן צווייטען. און דער ענגלענדער האָט געהאַרמייטערט פון די שיפען. פון די נאָהענטע הייזער איז געוואָרען בערג מיט ציי-געל, און פון די געפלאָכטענע דאָפּעלע פּלאַנקענס, אָנגעשאָ-טען מיט זאַמד און שניי, איז געוואָרען הורבעס בלאָטע... אויף די נאָהענטע בוימער זענען געהאַנגען געפרוירענע קיש-קעס פון פערד. וואָרים דער פראַנצויז האָט זיך אונטערגע-גראָבען אונטער די באַסטיאָנען, אַריינגעקייקעלט פעסלעך מיט פולווער און האָט אויפגעריסען. זענען פערדישע און, להבדיל, מענשישע געדערים געפלויגען אין הימעל אַריין.

אונזער פּאָלק האָט זיך באַפעסטיגט הינטער אַ וואַסער-קאַנאַל — אַ מין ברייטע געפרוירענע קאַנאַווע. אין דעם אייז האָבען די סאָלדאַטען געמוזט האַקען, טאָג-איין טאָג-אויס, אונטער אַ האָגעל פון קוילען. טאָמער שטורעמט אָן דער פראַנצויז זאָל ער ניט געפינען קיין פאַרטיגע „בריקען" אַרי-בערצוגעהן צו אונז... האָבען מיר געמיינט, אַז מיר זענען זי-כער. אָבער נאָך האַלבע נאַכט האָט זיך איינמאָל אָנגעהויבען אַ שיסעריי פון פלאַנק, פון דער זייט הייסט דאָס. ווי קומט דער פראַנצויז פון דער זייט? אַפנים זיי האָבען זיך אַריינ-געריסען ערגיץ-וואו ווייט און אומגעגאַנגען אונזער קאַנאַל מיט זיינע שווערע האַרמאַטען. אונזערע אָפיצירען האָבען דעם קאָפּ פאַרלאָרען און איך האָב פאַרלאָרען מיין ראָטע. אונזער ראָט-נער איז גלייך פון אָנהויב אַנידערגעפאַלען. אַ באָמבע האָט איהם אַראָפּגעקלאַפּט דעם קאָפּ, ווי אַן עפּעלע פון בוים. זיין אָרט האָט פאַרנומען דער פעלדפעבעל און זיך באַלד אויסגע-

צויגען אָהן אַן אָרעם און פליצע... דער שונא האָט זיך פאַר־נומען פון הינטען און געשטופּט אונז צום קאַנאַל צו, וואו מיר אַליין האָבען דעם אייז אויפגעריסען. זענען מיר געבלי־בען צוטומעלטע צווישען פייער און וואַסער און גענומען אַרויסקלייבען זיך ווי מייז פון פּאַסטקע. די סאָלדאַטען האָבען זיך צעמישט און גענומען לויפען. און דאָ פאַרנעמט זיך שוין אויף פאַרטאָג. אַ גאַנצע נאַכט האָבען מיר אַזוי געטראָמייטערט און געשאָסען, ניט וויסענדיג וואוהין און וועמען מיר שיסען... לויף איך אַזוי, כדי אָנצויאָגען מיינע אַנטלאָפענע חברים. די זאַפּאַסען, ווייס איך, ליגען לינקס. אויך עטליכע רוסישע שי־פען ליגען דאָרטען איינגעפראָוועט אין אייז. פון ים אַקעגען מיר שמייסט אַ שנייאיגער ווינט. זשמורע איך מיך, לויפענדיג, און שלאָג זיך פּלוצים אָן אָן אַ געפלאָכטענעם פלאַנקען. ס'איז אָבער ניט געווען קיין פּלאַנקען. ס'איז געווען איינע פון די ריזיגע קערב אָנגעשאָטען מיט געפרוירענע ערד, כדי אָפּצו־האַלטען דעם האָגעל פון באָמבעס, כדי צו שיצען די לעצטע הייזער און די סאָלדאַטען פון זאַפּאַס, וועלכע פאַרטאַיען זיך הינטער די דאָזיגע קערב און וואַרטען ביז די טראָמייט וועט זיי הייסען לויפען אין פייער אַריין. גיב איך אַ שפרונג און אַ לויף, כדי צו בעהאַלטען זיך הינטער דער דאָזיגער קאָרב, און פאַל שיער ניט איבער אַ צעבראָכענע ביקס.

און וויסען דאַרפט איהר, אַז יענע ביקסען זענען ניט די היינטיגע ביקסען. געוואויגען האָט אַזאַ כּלי ניט וועניגער ווי אַ פּוד, און פלעגט אָנצינדען דעם פּולווער דורך אַ קרע־מען. ווי די מוזשיקעס צינדען נאָך ביז צו היינטיגען טאָג אָן זייערע פּיפּקעס. איז דער קרעמען נאַס געוואָרען, איז געווען אַ סוף מיטן שיסען. ביים פראַנצויז זענען שוין געווען די ביקסען אויף פּיסטאָנעס. האָט געמענט אפילו גיסען אַ מבול פון הימעל, האָבען זיי אויך געקענט שיסען. דערפאַר אָבער, זאָגט מען, האָבען זיי דעם קייזער ניקאָלאַי אָנגעלייגט אַ קאָל־נער... די בעסטע סאָלדאַטען האָבען דאָ גאָרנישט ניט גע־קענט העלפען.

איך אַליין האָב זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען. אָט אַ די ביין פון נאָז איז מיר שוין דאַן געווען אָנגעשאָסען און געברענט ווי פייער. פאַל איך אַזוי איבער דעם צעבראָכענעם ביקס, ווי איבער אַ קלאָץ מיטן קאָפּ צו דער געפרוירענער ערד. נאַ, טו איך אַ טראַכט, איצטער בלייב איך אינגאַנצען אָן אַ נאָז!.. און דערשפיר גאָר אַ ווייכע זאַך, אַ שינעל פון אַ סאָלדאַט דערשפיר איך אונטערן פּנים און איך דערהער אַ שאַרפען קרעכץ.

— ווער איז דאָס דאָ? — שפּרינג איך אויף.

— סוואָי! — עגטפערט מיר אַ הייזעריגער קול. און איך זעה, אַז דער פאַרשנייטער שינעל ריהרט זיך. אַ ברוסט קייכט און אָטעמט אונטער איהם.

בלייב איך אַזוי שטעהן און ווייס ניט וואָס ווייטער צו טאָן: צי לויפען ווייטער זוכען מיין ראָטע, צי ראַטעווען אַ פאַרוואונדעטען. די מורא פאַרן טויט קומט אויף צוגעהן און שושקעט מיר אַריין אין אויער: אָט האָסטו אַן אויסרייד ניט צו לויפען אין פייער און בלייבען דאָ באַשיצט פון פראַנצויז צווישען די גרויסע קערב מיט געפרוירענע ערד! און אין האַרצען טוט ווייי וואָס איך, וואָיטעק, איינער פון די בעסטע שיסער אין אונזער ראָטע, וועל זיך דאָ באַהאַלטען, ווי אַ וואַנץ אין שפּאַלט, און וואַרטען... אויף וואָס וואַרטען?... וואָס זאָל איך זיך דאָ עוסקן מיט אָט דעם געפאַלענעם חזיר? עפּעס אַ ווילדע ביינזקייט נעמט מיך מיטאַמאָל אַרום, נאָך אַזאַ שווע־רער נאַכט... פאָניע אויף מיר האָט אפשר מעהר רחמנות גע־האַט, ווען ער האָט מיך אַוועקגעריסן פון מיין מאַמען „עליו השלום” און פאַרשלעפּט מיך אין דער פרעמדער איינינקען אַליין?... פונדעסטוועגען זעץ איך מיך צו צום סאָלדאַט אויף דער ערד און פרעג איהם ווער ער איז. ענטפערט ער ניט. ער כריפּעט.

זוך איך פּאַוואָליע דעם אָרט וואו די קויל האָט איהם געטראָפען. די הענט, דאַכט זיך, זענען גאַנץ. די פיס זענען גאַנץ. מיטאַמאָל טאַפּ איך אָן אַן איינגעפאַלענעם שטיק שינעל.

פון איין זייט בויך, זעה איך, אז דער טייל שינעל איז אָרונ־טערגעריסען און איז עפּעס ליידיג. הויב איך אַזוי פּאַמעלעך אויף דעם שטיק שינעל אינדערהויך און קוק אַריין... הער, מערע, דו זויגסט דאָך אַ קינד. דו ווײסט זיך ניט דערשרעקן?

— איז וואָס האָט איהר דערזעהן? — רופט זיך אָפּ די „פּאָליוועגע״ סענדעריכע פון דער גרינגער לעזשאַנקע.

— איך בין ניט פון די שרעקעדיגע — באַרוהיגט איהם מערע נאָך אַ מינוט שווייגען.

— דערזעה איך, — דערצעהלט לייזערל ווייטער און דער מאָכיגער פּנים ווערט ביי איהם גרינליך־בלאָס ווי ביי סענדע־ריכען—דערזעה איך אונטען, אויף דער שנייאיגער ערד, אַ מין טונקעל־רויטע פּאַרקיהלעכץ, אַ גאַנצע לעבער אָנגעפּאָלדעוועט, קנייטש אויף קנייטש. וואָס העכער אַלץ רויטער. ס׳איז געווען דאָס פּאַרקיהלטע, אויסגערונענע בלוט און איבער דעם אַ רויט־ליך ביינדעל... אַזאַ ביינדעל האָט היינט אַרויסגעשטעקס פון אונטער אייער ציגס הערנער אויפן לייטער. דערפאַר האָב איך זיך דערמאָנט. אַ גאַנצען טאָג איז זיך מיר דאָס מתדמה... מוז איך מיר פון הארצען אַראָפּריידען.

— איז וואָס איז דאָס געווען? — פרעגט איבער מערע און פאַרבייסט אַ ליפּ.

— געווען איז דאָס, פאַרשטעהט זיך, ניט אַ ביינדעלע פון אַ ציג. אַ ראָזעווע ביינדעל פון אַן אָפּגעשיילטען מענש־ליכען ריפּ איז דאָס געווען. כ׳האָב גלייך דערקענט. און אַבי־סעלע טיפער, אונטערן שינעל, נאָך איינע אַזאַ ביינדעלע. לאָז איך אָפּ די טראַנטע פון שינעל און פאַרדעק. איך בויג זיך צו צום פאַרשנייטען קאָפּ און פרעג:

— פון וועלכען פאָלק אין ראָטע ביסטו? כ׳וועל לויפען זוכען דעם „רויטען צלם״. נאָסילקעס וועל איך זוכען...

— ניע נאַדאָ! — מאַכט ער צו מיר — איך דאַרף ניט קיין צלמים. גענוג צלמים, מאַכט ער. אָט־אָ באַלד געה איך אָפּ... זאָגט ער. זיך בעסער!

— העך, — קלערה איך — אַ פּאַניע פאַר דער גסיסה

זאָל ניט האַלטען פון צלמים. מן-הסתם מישט זיך אים אין קאָפּ פאַרן טויט. טרייסט איך איהם ווי איך קען:

– כ׳וואָלט דיר, זאָג איך, ברודער סאָלדאַט, געלייענט אן „אָסכאָדנע״...*) נאָר כ׳בין, זאָג איך, אַ איד...

– אַ איד? – כריפּעט ער, דער גוסס, און הייבט אויף אַ קודלאַטען קאָפּ און אַ פינסטערען פּנים, צוקנייטשט פון מוראדיגע יסורים. ער שפּאַרט זיך אָן מיט די לעצטע כחות אויף איין עלענבויגען און קוקט מיך אָן ביים ערשטען גרויען פון טאָג. אין די אויגען ברענט אַ משוגעת-פייערל. אַ טויטער בין איך געבליבען, דערזעהענדיג אָט די פּאָר אויגען.

– אַ איד! – ענטפער איך איהם און רוק זיך אָפּ אַ בי-סעלע אָן אַ זייט.

און ער פאַלט צוריק מיטן שווערען קאָפּ אין שניי און כריפּעט:

– דעם צלם נעם פון מיר אַוועק! נעם אַוועק דעם צלם!

– וועלכען צלם? – ציטער איך. – איך זעה ניט, ברו-דער, קיין צלם!

– אויפן האַרצען! – כריפּעט ער – נעם אַוועק! ער ברענט מיך!...

## 4.

כ׳האָב מיך אַרומגעקוקט. קיינער, אויסער אונז, איז ניט געווען צווישען די צוויי געפּלאָכטענע פּלאַנקעס מיט אָנגעשאָ-טענע ערד. ערגיץ-וואו ווייט האָט מען נאָך געשאָסען און גע-טראָמייטערט. האָב איך זיך געשטעלט אויף די קני לעבען גוסס און פאַוואָליע אויפגעקנעפּעלט איהם דעם שינעל ביים סאַמע קאָלנער. דערגאָך די קורטקע, דערנאָך – קאַפּטעל און העמד ביים האַלז. כ׳האָב אָנגעטאַפּט אַ פאַרשמאָלצען שנירעל

*) אַ קריסטליכע תפילה פאַרן טויט.

און אַ ציה געגעבען. ס׳האָט אַ בליאַסק געטאָן אַ מעשענער צלמל... ווי אַ געלינקער רוח׳ל איז ער ארויסגעשפרונגען פון אונטער דער סאָלדאַטסקער אָנטוּצכק. אַ מעשענער, אַ לאָכענ־דיגער אַזאַ. אויסגעפּוּלירט פון לאַנג טראָגען איהם אויף דער האָריגער האַרץ, און אַביסעל ווארים פון דעם מענשליכען לייב, האָט ער אַ פּאָל געטאָן אויף מיין איבערגעקעהרטער האַנט. ר׳האָט מיך אַ בריה געטאָן ווי אַ גליהענדיגע קויהל. כ׳האָב אַוועקגעכאַפּט מיין האַנט. ווארים ווי קום איך אַ איד, אַ סאָל־דאַט, צווישען אַזוי פיעל קריסטען־רשעים, אָנצוהויבען זיך מיט זייערע צלמס? מעהר פעהלט מיר ניט...

דער געפאַלענער זעלנער האָט מיך אָבער ניט אָפּגעלאָזט.

— רייס אָפּ! —שרייט ער צו מיר און אין האַרצען פּייפּט ביי איהם. — ווארף אַוועק.

— ניין! — זאָג איך — מ׳טאָר ניט... ווי קום איך?...

— כ׳בין אויך אַ איד. — כריפּעט יענער און גלאָצט מיך אָן מעהר מיט די ווייסלעך ווי מיט די שוואַרצאַפּלען. — מ׳האָט מיך אָפּגעשמדט מיט געוואַלד. מ׳האָט מיך... אוי—אוי!...

שטעל איך מיך שוין ווידער לעבען איהם אויף די קני און פרעג איהם:

— פון וואַנען ביסטו, בראַטיעץ טי מאָי?

— פון האָרי־האָרקי*). — שעפּטשעט ער — די כאַפּערס... מ׳האָט מיך אין באָד איינגעשלאָסען, די „דיאַדקעס״... מיט הערינג מיך געקאָרמעט... כ׳האָב מיין שתן געטרונקען פון דורשט... געבּרענט מיך און געבראָטען, פּאָניע... כ׳האָב ניט אויסגעהאַלטען. אוי—אוי...

אָפּגעקרעכצט, האָט ער ווייטער צו מיר גערעדט. דער פּנים האָט זיך איהם איינגאַנצען פאַרקרימט, דער מויל אויף אַ זייט:

— גאָט רעכענט זיך מיט פאָניען. דער פראַנצויז ברענט

---

*) אַ שטעטעל אין מאָהליוזער גובערניע.

איהם, דער ענגלענדער בראָט איהם... אָצינד איז פּאָניע אין באָד... כאַ-כאַ-כאַ...

כ'האָב מיך נאָכאַמאָל אַרומגעקוקט צי קיינער האָרכט ניט צווישען די „נאָסיפּעס" מיט ערד.

— איז וואָס זאָל איך טאָן? — פרעג איך איהם.

— רייס מיר אָפּ דעם צלם! רייס אָפּ! כ'וויל מיט איהם ניט באַגראָבען ווערען.

כ'האָב אַ ריס געטאָן ביים שנירעל און אָפּגעריסען. דער צלמל האָט מיר געבּרענט די דלאָניע ווי אַ הייסער שטיקעל גראַנאַט פון אַ „הוביצע", אַ הארמאַט אַזאַ. מ'האָט דאָך דאָס אָנגעטאָן אַ קליין אינגעל מיט געוואַלד, דערוואָרגען זיין אי-דישקייט, ווי אַ גוי דערווערגט אַ פּיסקליאָניק... אָבער אַוועק-וואַרפען דעם צלמל האָב איך מורא געהאַט. טאָמער געפינט איהם ווער אין שנייַ און נעמט חוקר ודורש זיין. האָב איך אַראָפּגעלאָזט דעם ביקס פון פּלייצע און מיטן אייזערנעם „שטיק" געמאַכט אַ טיפע גריבעל אין דער געפרוירענער ערד, טעמפּ געמאַכט אײַנגאַנצען דעם שטאָלענעם שפּיץ... אין גרי-בעל אַרייַנגעוואָרפען דעם צלמל מיטן שנירעל צוזאַמען, צוגע-טאָפּטשעט מיטן קאָרעק פון סאָלדאַטסקען שטיוועל, צוגעדעקט מיט שנייַ. אויס צלמל!

מיטאַמאָל דערזעה איך, אַז די ציין בלישצען ביים משומד אין מויל. דאָס האָט ער געשמייכעלט. צופרידען געווען, וואָס כ'האָב געטאָן זיין לעצטען רצון. נאָר מיר האָבען זיינע ציין אויסגעזעהן ווי די אָפּגעשיילטע ריפּען אונטער זיין שינעל. איבער זיין אויסגערונען בלוט לאַכען ביי איהם צוויי צובראָ-כענע ריפּען. איבער די בלויע ליפּען זיינע — די ציין. און ווי איך שטעה אַזוי אַ פאַרשטיינערטער — ערשט איינע אַ האַנט זיינע הויבט זיך אויף צו מיר און ווייזט אויפן האַרצען ביי זיך:

— אַ סידורל!... לייג אַריין!...

— אַ סידורל? — בויג איך זיך צו איהם ווידער אַראָפּ —

וואָס פאַר אַ סידורל? כ׳האָב נאָר איין איינציגען סידורל. פונ־דערהיים געבראַכט. איין סידורל...

דער מויל האָט זיך ביים משומד גלייך פאַרמאַכט. די ציין האָבען אויפגעהערט גלאַנצען. אַ כליפּען און אַ כריפּען האָב איך דערהערט. ער האָט געוויינט, דער געפאַלענער סאָל־דאַט, ווי אַ קליין קינד, אַ קראַנק קינד, וועלכען מען גיט ניט די צאַצקע וואָס ער פאַרלאַנגט:

— אַ סידורל! אַ סידורל! אַ סי־סי!...

— זעמליאַק! — בעט איך זיך ביי איהם — כ׳האָב נאָר איין סידורל! פונדערהיים געבראַכט. איין סידורל. נאַ, זעה.

און, רעדענדיג אַזוי, נעם איך אַרויס מיין אוצרל פון בוזים־קעשענע. אין כשרן קעלבערן לעדער געבונדען. בלויע בלעטער מיט אַן אַלטען שקלאָווער דרוק. מיט אַן אויפשריפט אויפן אינערליכען בלאַט פון איינבונד: „זה הסידור שייך...״ מיין פאָטער, עליו השלום, האָט דאָס אויפגעשריבען מיט זיין אייגענער האַנט.

דערזעהן אַזוי נאָהענט צו זיך אַ סידורל, האָט זיך דער גוסס אַ ביסעל אַ הויב געטאָן. צוגעריהרט זיך צום לעדערנעם רוקען מיט די ליפּען. און פאַלט צוריק. קוקט צו מיר אַרויף מיט תחנונים און בעט זיך:

— כאָטש איין בלעטעל, ברודער! דיר בלייבט אַ גאַנ־צער סידור מיט בלעטלעך... איין בלעטעל אָנשטאָט דעם... להבדיל... אָנשטאָטן צלם... אָט דאָ, אויפן האַרצען לעג מיר אַוועק!

כ׳האָב אויפגעמאַכט מיין סידורל און אַ מיש געטאָן. ער האָט פריהער געהאַט אין זיך צוויי שער־בלעטלעך. איין שער־בלעטל מיט אַ צאַצקע, מיט אַ געעפנטען טויערל, מיט רינגע־לעך און מיט צוויי לייבען אויפן טויער. עס איז נאָך גאַנץ עד־היום. און דאָס אַנדער שער־בלעטל — אָהן אַ צאַצקע...

ניט געטראַכט קיין סך האָב איך אויסגעריסען דאָס צווייטע שער־בלעטל. באַוויזען דעם גוסס פאַר די אויגען, צוזאַמענגעלעגט דאָס בלעטעל, ווי אַ קמיע, און עס

איהם אָריינגעשטופּט טיעף אונטער דער האַרטער העמד, פון קאָלנער ביז דער האָריגער ברוסט זיינער. זיין לייב איז שוין געווען באַדעקט מיט אַ קאַלטען שווייס. פונדעסטוועגען האָט ער נאָך אַ זיפץ געטאָן. ער האָט אַ זיפץ געטאָן ווי אַ גע־ראַטעוועטער, ווי פון אַ גרויסער סכנה אַרויס, און די ציין זיינע האָבען זיך ווידער צעבלישצעט.

כ׳האָב איהם איינציגווייז פאַרשפּיליעט צוריק דעם וואַ־רימען קאַפּטעל, די קורטקע, דערנאָך דעם שינעל. די ברוסט ביי איהם האָט געכריפּעט, אונטער מיינע געפרווירענע פינגער, אַלץ פאַמעליכער און פאַמעליכער. און אַז איך בין פאַרטיג געוואָרען, האָט ער מצהר שוין ניט געכריפּעט... איך גיב אַ קוק — אַ שוימעל גיסט זיך איהם פון ביידע זייטען מויל, אויף דער האַרטער באָרד; און די ציין שמייכלען פון שוים אַרויס.

כ׳האָב זיך ווייטער אַ לאָז געטאָן זוכען מיין ראָטע. אין האַרצען האָב איך אַפילו מורא געהאַט, טאָמער געפינט פאָניע דאָס בלעטעל, ביים באַגראָבען די געפאַלענע סאָלדאַטען, און וועט דערזעהן, אַז מ׳האָט דאָ געמאַכט אַזאַ בייט... יעדער סאָלדאַט האָט דאָך אַ נומער. מ׳ווייסט ווער ער איז... וועט מען נעמען נאָכפרעגען, נאָכזוכען... נאָר די פרייד, וואָס איך האָב מחיה געווען אַ אידישע נשמה פאַרן טויט, איז געווען גרעסער...

צו אַ זוכעניש און פאָרשעניש מצד פאָניען איז, גע־לויבט דער אויבערשטער, ניט געקומען. פאָניע האָט ניט דער־לעבט. וואָרים מיר האָבען אין יענעם טאָג פאַרלאָרען דעם גאַנצען ראַיאָן, וואו מיר האָבען זיך ביינאַכט אַזוי בלינדער־הייט געשלאָגען. די געפלאָכטענע פלאַנקענס מיט ערד, וואו דער הרוג איז געבליבען ליגען, איז אויך אַריינגעפאַלען צום פראַנצויז אין די הענט. דער פראַנצויזעל האָט אונז געשלאָגען אין פלאַנק און אַזוי־אַרום געשטורעמט אַלע באַפעסטיגונגען ביים קאַנאַל. ביז אינדערפריה האָט ער זיי אַלעמען פאַרנומען, ביזן סאַמע ים אַראָפּ. מן־הסתם האָט ער אויך דעם הרוג מיט

מיין שער-בלעטעל אויפן הארצען באגראבען צוזאמען מיט די איבעריגע געפאלענע סאלדאטען, זיינע און פאניעס, אין איין ברידער-קבר...

נאר צוליב וואס דערצעהל איך דאס אלץ?... אזעלכע זאכען דערצעהלט מען ניט. מען קען פאר זיי האבן א פסק נאך היינט... הויב זיך אן מיט פאניען! דו פארשטעהסט דאך מסתמא, מערע?... נאר דאס בלוט אין שניי, דאס ציגענע בלוט היינט פארטאג, לאזט מיך ניט צורוה. א כישוף מיר אנגעטאן... און אויב דו ווילסט, מערע, קענסטו זעהען. אט איז מיין אלט סידורל אין לעדערנעם איינבונד! א שקלאווער, פארצייטיגער דרוק... איבער הונדערט יאהר איז דאס סידורל אלט...

און מערע האט דאס קינד ארייגעלעגט אין וויגעלע און מיט מאגערע, זשעדנע הענט א בלעטער-געטאן אין סידורל. צוויי דורות זענען געזעסען איינע אנטקעגען דעם אנדערען ביים לעמפעלע און א הונדערט-יאהריגער עדות, אן אלט סידורל, צווישען זיי ביידען. דער צער פון א ווייטע אויסגעשטארבע-נע וועלט האט מערען ארומגענומען. דער צווייטער שער-בלעטעל אין סידורל איז געווען אויסגעריסען און די רעשט-לעך, די ציינערדיגע רעשטלעך פון אויסגעריסענעם בלאט זיי-נען געווען צוגעקלעפט מיט פאפ, כדי דאס אקעגען-בלעטעל, אין דער טיף פון סידורל, זאל זיך האלטען און ניט ארויס-פאלען.

## די סעודה פון „חברה-קדישא"

### 1.

ווער ס'האָט, בעוונותינו הרבים, פאַרלאָרען דעם אַפּעטיט, דער זאָל געהן זעהן ווי שקלאָווער חברה-קדישא עסט... וועט ער געהאָלפען ווערען.

און עסען, ווי ס'געהער צו זיין, טוט די חברה איין מאָל אין יאָהר, און הייסען הייסט עס: „די גרויסע סעודה פון חברה-לויה".

די איינציגע באַלוינונג איז זי פאַר דער שווערער חברהשער פּראַצע אַ גאַנץ יאָהר: מטהר צו זיין, אָנטאָן תכריכים, טראָגען צום בית-עלמין און מקבר זיין שקלאָווער בר-מיננס. אַ גאַנץ יאָהר אַזוי, אין היץ און אין קעלט, אין רעגען און אין גליטשיגען שניי. אַ מהלך-רב איז יעדע לויה. פון שטאָדט ביזקעל בית-עלמין, אויף אַ באַרג אין רישקאַקי — שענע עטליכע וויאָרסט הינטערן גרויסען מיהל ביים דניעפּער.

די געלטער וואָס חברה-קדישא מאָהנט איין, ביי ברייטהאַרציגע און קאַרגע יורשים, געהט דאָך אויף כלערליי צדקה-זאַכען: תכריכים פאַר אָרימעלייט, אויף אויסצוהאַלטען דעם לוויה-בית-מדרש און חברהשע שמשים, אויף רעמאָנט פון פלאַנקען אַרום בית-עלמין, און שכירות פאַרן קברות-מאַן. וואָסזשע בלייבט פאַר דער היילינער טרחה פון די אנשי-חברה-לוויה: די ליימער, נאָסקע-טרעגער, רימערס, קצבים און באַ-

לעגאָלעס? זיי בלייבט נאָר איבער די גרויסע סעודה איין מאָל אין יאָהר.

דערמאָנענדיג זיך אָן איהר, קנאַקען אַלע פאַרשמאַכטע צינגעלעך, און טרוקענע גערגעלעך לויפען אַרום אין אויסגע־צויגענע העלזער צו זוכען אַ ביסעל שפּייעכץ...

ביי פּרץ סמאָלענסקינען, דער גרויסער העברעאישער שרייבער און אַמאָליגער שקלאָווער ישיבה־בחור, ווערט באַשרי־בען אין „קבורת־חמור", אַז דער העלד זיינער – יעקב פון שכולה, פון שקלאָוו הייסט דאָס, האָט אויפגעגעסען אַלע לאַט־קעס, וואָס חברה־לויה האָט אָנגעגרייט צו דער גרויסער סעודה. און דערפאַר האָט מען איהם אַריינגעלעגט אין חרם און פאַר־שריבען אין פנקס צו באַגראָבען איהם „קבורת־חמור"...

איז הנה... זייט וויסען, אידען, אַז סמאָלענסקין עליו השלום איז, במחילה מכבודו, געווען אַ רעכטער שטיקעל באַ־ריהמער! ווערים ווען יענקוץ, דער העלדישער מסור זיינער, וואָלט אפילו געווען מיט צעהן מיילער און יעטוועדער מויל מיט פיער־און־זעכציג ציין אָנשטאָט צוויי־און־דרייסיג, און מיט עטליכע מאָגענס פון אַ קעמעל – וואָלט ער אַזאַ קעסעל לאַט־קעס און בלינצעס און פעטע טייגעכצען, ווי חברה־קדישא גרייט אָן צו איהר יעהרליכער סעודה, אויך ניט געקענט אַריינפּאַקען אין זיך. נאָר פאַרפאַלען! באַשריבען איז באַשרי־בען. אויף אַ מעשה פרעגט מען קיין קשיא ניט. נאָך אַ ווער־טעל איז פאַרהאַן: אַז „דאָס בעסטע אין דיכטונג איז אַ לי־גען". אַ גוטער דיכטער געווען פּרץ סמאָלענסקין. אַ ליכטיגען גן־עדן זאָל ער האָבען!

מענשען, וואָס האָבען די דאָזיגע בערג מיט טייגעכצען און לאַטקעס געזעהן מיט זייערע אייגענע מענשליכע אויגען פון פלייש און בלוט, דערצעהלען פון זיי נסים ונפלאות. אַ זיסער שוידער געהט דורך דורכן רוקען, ווען מיר דערמאָנען זיך אָן דעם כח־האכילה פון אונזערע טאַטעס, אָן דער טיפ־קייט פון זייער געבענשטער קישקע, אַריינצונעהמען אין זיך אַזויפיעל פעטע, דורכגעפרעגעלטע טייג. און סך־הכל, דאַכט

זיך, מיט איין איינציגען דור צוריק!... וואָס זאָלען זאָגען און וואָס זאָלען רעדען אָזעלכע קאָליקעס פון יונגען דור, ווי מיר זיינען? וואָס ציטערען טהוען מיר צו נעהמען אַן איבעריגען ביסען און דער דאָקטאָר האָלט נאָך אין איין טענהן, אַז ס'איז שעדליך, אַז מיר עסען צופיל...

ניט צו פאַרגעסען, אַז דאָס רעדט זיך בלויז פון טיי־גענכצען און בלינצעס ביי אנשי־חברה־לויה! דאָס זענען דאָך בלויז די פאַרבייסעכצען, צום סוף פון דער גרויסער סעודה. און וואו זנייען דאָס עפעס די מאוימדיגע קופערנע פאַנען מיט פיש, אויף בּראָזאָווע קויהלען געקאָכט, כּדי עס זאָל ניט שמעקען מיט רויך? און וואו זיינען דאָס, אַ שטייגער, די מוראדיגע קעסלען מיט גענזבנס, פון וועלכע מ'האָט די פע־טע הויט נ י ט אָפּגעשיילט און געפּרעגעלט מיט די גריווען צוזאַמען? די פּאָלומעסיקעס מיט געהאַקטע לעבערקעס? די פּי־ראַמידעס פון אייער אַריינצושלאָגען אין די טייגעכצען? די עמערס בּראַנפען און פעספער ביצר?

די גאַנצינקע גאַס, אַרום בית־מדרש פון חברה־לויה, אין צוויי טעג געווען פאַרטשאַדעט פון די פעטע קעסלען און הייסע סקאָווערדעס, וואָס כאָרכלען און פייפען אין לויה־הויף; פון פעזערען־סמאַלעניש און לעבער־בראָטעניש. און די פאַר־פאַסטע מיטגלידער פון חברה־קדישא האָבען זיך דאָ אַרומגע־דרעהט ווי די פיקס אַרום אַ הינער־שטייג, כּדי אָנצושמעקען זיך מיט די טייערע ריחות פון געפּרעגעל און געקעכץ, און געריבּען זיך די הענט.

נאָר צו וואָס זאָלען מיר גלאַט אין דער וועלט אַריין דרעהען אַ מח מיט בלויזע אַבּסטראַקציעס? מען קען נאָך מיי־נען, אַז דאָס זיינען גוזמאות. אָט לאָמיר, למשל, אויסרעכע־נען דעם שפייז־צעטעל פון אַזאַ סעודה, כּמעט אַלע יאָהר דאָס־זעלבע, וואָס יעדער פאַרפאַסטער חברה־מאַן באַקומט ביינאַכט נאָכן תענית. און זאָלען מבינים אָפּמעסטען דעם אַפּעטיט פון אַ פאַרגאַנגענעם דור, און זאָלען בעלי־חשבון אָפּשאַצען די אויסגעשטאַרבענע קיי־אינסטרומענטען און פאַרדויאונג־אַפּאַראַ־

טען, וואָס האָבען זיך קיינמאָל ניט גענויטיגט מען זאָל זיי רייניגען מיט צאָהן-בערשטלעך, ניט מען זאָל זיי אונטערשמי-רען מיט ריצענאייל...

קודם כל „המוציא". צו מאַכען המוציא האָט יעטוועדער פון חברה קדישא באַקומען אַ ווייסע חלה און אַ פערטעל לאַבען פרישען קאָרענעם ברויט.

צו מאַכען „לחיים" — יעדען אַ סאָטקע בראָנפען. און צו פאַרבייסען נאָכן „לחיים" — אַ שיסעלע מיט געהאַקטע גענזע-נע לעבער איבערגעגאָסען מיט אַ פּאָר לעפעל פרישע שמאַלץ.

דערנאָך — געריכט נומער איינס: אַ פונטיגען שטיק קאָרפּ, געציבעלט און געפעפערט און געפילט. מיט פיש-מילך און מיט רויג אַרומגעלייגט, און איבערגעגאָסען מיט אַ יויך-לעפעל פון בוריקעס-כריין.

דערנאָך — ניט ווייניגער ווי אַ פערטעל פון אַ גוט-אויסגעקאָרמעטער גאַנז, געבראָטען צוזאַמען מיט הויט און שמאַלץ. אויסער די ווייכע שמאַלץ פון די „פלאָסצענעס", וואָס ווערט באַנוצט פאַר די טייגעכצען. אַ צוגאָב צום פערטעל גאַנז — אַ שטיק פופיק מיט פליגעלעך, אָדער אַ שטיק גע-פילטער גענזען-האַלז מיט פיסלעך. דערצו נאָך, עס זאָל זיך גוט אַראָפּגליטשען — אַ גרויסע זויערע אוגערקע און אַ גע-באַקטער עפּעל.

צום פאַרטרינקען אַזאַ רייכע פאָרציע — יעטוועדערן אַ גרויסע פלאַש ביער.

עס קאָן דאָך אָבער, חס ושלום, פּאָרט אויספעהלען דורשט... אַ קשיא אויף אַ מעשה? אַזעלכע טיפּע קישקעס ווי די חברה קדישא-לייט האָבען!.. דערפאַר האָבען די גבאים אויף געזאָרגט. פון קדמונים אָן געזאָרגט, אַז יעדער חברה-מאַן זאָל באַקומען אַ הויפען „פעניצלעך", דאָס הייסט: דין-געשניטענע שייבעלעך פון סיטנעם ברויט, דיק-באַשמירט מיט אַ געדיכטער מישונג פון געשטויסענע קאָניפּלעס מיט פעפער און זאַלץ און אינגבער; און אַזוי צוזאַמען געבראָטען אויף בלעכען, ווי ענגלישע טאָוסטלעך, להבדיל. דאָס ווערט מיט אַ

פרעהליכען קנאַק געכראָמשקעט צווישען די געריכטען, דאָס צוגעהט אין מויל מיט אַ בוימעלדיג-שאַרפען געשמאַק; דאָס פלאַקערט-אָן צונג און גומען און ווערט געלאָשען מיט וואָס גאָט גיט: מיט קאַלטינקען ביטערען ביער, מיט זויערען קוואַס. גאָרגעלט זיך עס אַזוי מחיהדיג און עס ווערט זיס-אָפּגעזיפּצט און מען נעהמט זיך ווידער צו די „פעניצלעך".

שטפהט, דעריבער, צווישען די געריכטען אַ קרוכלע קנאַקעריי · און לאָזט זיך הערען פון איין עק טיש ביזקעל צווייטען און פאַרקלינגט די גאַנצע סעודה מיט אַ באַטעמטען אויפהיצען די קיי-אינסטרומענטען און מיט אַ לעשעניש, וואָס מען לעשט זיי, זליאָקענדיג און אָכצענדיג. אָהן דעם איז די סעודה קיין סעודה ניט, ווי אַ חתונה אָן כלי-זמר.

נאָר דאָס זיינען אַלץ זייטיגע הנאות. דער עיקר הנאה ליגט פאָרט אין די געריכטען גופא. אויף זיי טאָרען מיר אַ מינוט ניט פאַרגעסען.

נו, נאָך דער גוטער פאָרציע גענזענס — אַ פּערטעל טייגעכץ פון טייגעכץ-לאַנד. יעדער טייגעכץ אַזוי גרויס ווי אַ קעסעל-פויק. פון לאָקשען געמאַכט און דורכגעריבען מיט אייער און מיט „יוצרות": ווי למשל, קליינע גריוועז, ציבעלע-שאָ-לעכץ, געגנזענע מוחות און מיט אַ סך שמאַלץ, אַזוי ווי חברה-קדישא האָט ליב. דרויסען איז יעדער טייגעכץ געווען פאַר-ברוינט און האַרט ווי וואַלד-ניס, און אינווענינג — צאַרט און געלבליך ווי קעלבערנע געהירען, געשפּרענקעלט מיט גאָלדיגע און שוואַרץ-ברוינע „יוצרות". אַ שם האָבען די דאָזיגע טייי-געכצען געהאַט אין גאַנץ שקלאָוו. וואָרים דאָס וואָס חברה-קדישא פאַרגינט זיך איינמאָל אין יאָר ווערט זיך דאָך קיין באַ-לעבאָס אין מיטענוואָך ניט פאַרגינען.

אַלס צולאָג צום פערטעל טייגעכץ געהערט נאָך אַ בער-געלע בלינצעס. יעדער בלינצע געפילט מיט געברוינטע מעהל און אַזוי גרויס ווי אַ המן-טאַש. אָדער לאַטקעס... שוין איינ-מאָל לאַטקעס! ביי לייטען וואָלט דאָס געהייסען געפּרעגעלטע

פלאָדענס. נאָר חברה־קדישא איז אַלץ קליין אין די אויגען. ביי חברה־קדישא הייסט דאָס „לאַטקעס".

נאָך די לאַטקעס טראָגען די סאַרווער אַרום זעק מיט ווינטער־עפעל אויף די פּלייצעס און פּאַרטיילען זיי צווישען די אַנטיילנעהמער פון דער סעודה. אידען זאָלען זיך אָפּ־היהן נאָך אַזאַ „עס", קיין עין־הרע, און פאַרטרייבען די שמייצ.

ניין. כ'וואָלט געוועזן אַ בעלן זעהען ווער פון היינטיגע שצאָגעלס וועט ארייננעהמען אין זיך אַזעלכע פּאָרציעס און בלייבען גאַנץ?...

למען האמת מוז געזאָגט ווערען, אַז ניט אַלע פון חברה־קדישא האָבען זיך פארגונען אויפצועסען אַזעלכע פעטע בערג מיט מאכלים. כאָטש קענען וואָלטען זיי געוויס געקענט. זיי זיינען אָבער געווען נאָבעל און געטיילט די מורא־דיגע פּאָרציעס מיט זייערע אָנגעהעריגע, מיט ווייב און קינ־דער, וואָס האָבען געהינעט ביי די סעודה־טישען, אָדער וועל־כע האָבען געוואַרט אויף זייער חלק אינדערהיים. פּאַר ווייבער און קינדער פון גראָבע יונגען, ניט פּאַר קיינעם געדאַכט, און פון זולל־וסובאס, וועלכע האָבען נים איבעריגס פּאַרטרויט זייערע טאַטעס און זיידעס, האָבען געוואַרט דאָ, אויף אַן אָרט, ביי דער סעודה. אָבער בעסערע און שעמעוודיגערע משפּחות — האָבען נאָר מיטגעגעבען זייערע שפּייזער אַ קאָשעק מיט אַ פּאָר לעדיגע טעפּעלעך, און אין גאַנצען פאַרלאָזען זיך אויף פּאַטערליכער רחמנות און אויף מאַנסבילשער איידעלקייט...

אַזאַ סעודהניו, פּאַר אַלע מיטגלידער פון חברה־קדישא, פלעגט אַמאָל, זאָגט מען, אָפּקאָסטען הונדערט זילבערנע רו־בעל. ניט ווענינער. אַ קליינינקייט וואָס פּאַר הונדערט קאַר־בען האָט מען, אַמאָליגע צייטען, געקענט אָנקויפען! אַ גאַנז האָט דאָך דאַמאָלסט געקאָסט אַ גילדען און אַ גוטער קאַרפּ — אַ פּיאַטאַק. אַ פאַס ביער — פינף גילדען, און אַ פוד ברויט — אַ פערציגער. און ברויזען האָבען אידען אַליין געהאַלטען. „קאַונאַ" איז נאָך דאַמאָלסט קיין שענקערין ניט געווען, ניט

געשטעלט זיך אין „מאַנאָפּאָל" בײַ דער סטאָיקע, מיט אַ קאָ־
קאַרדע אױפן קאָפּ. האָט מען בראַנפן פאַר חברה־לויה אָפּ־
געלאָזן גלײַך פון ברויז, פאַרן אײגענעם פרײַז, צו צעהן
קאָפּיקעס אַן עמער. האָט טאַקע יעטוועדער, אין יענע צײַטן,
באַקומען צו דער סעודה ניט קײן אָרעמינקען סאָטקע, נאָר אַ
גאַנצע קווערטעל, געצאַפּט פון פאַס. און האָט מעהר ווי העלפט
אַוועקגעטראָגן אַהײם אויף קידוש, צום קומענדיגן שבת. אי־
דען זײַנען, חס ושלום, ניט קײן גויעשקע שיכּורים. זײ וועלען
ניט אויסטרינקען אַ גאַנצע פלאַש בראַנפן בײַ אײן ווע־
טשערע.

נאָר די זינד האָבן גורם געווען... און זינט וויטע מיט
זײַן מיניסטערשען קאָפּ האָט בײַ אידען צוגענומען די דאָזיגע
פּרנסה, איז משקה געוואָרען טײַער, מיט גאָלד גלײַך. איז די
פּאָרציע בראַנפן, צו דער גרויסער סעודה, געפאַלען פון אַ
האַלבען שטאָף אויף אַ סאָטקעלע. ווערט טאַקע די גזרה באַ־
קלאָגט יאָהר־אײַן יאָהר־אויס, ווען חברה־לויה זעצט זיך צום
טיש און קלאַפּט אָפּ דעם טריפוואָקס פון דער מאָנאָפּאָלקע:

אַך, אַך, פּאָניע גנב! די וועלט איז איהם וועניג! פאַר־
גינט ניט חברה־לויה אַן איבעריגען טרונק בראַנפן...

## 2.

אַמאָליגע צײַטען, ווען מתנגדים האָבען געפיהרט דאָס
גאַנצע רעדעל אין שטאָדט, פלעגט מען די סעודה פון חברה־
קדישא פּראַווען יום ב׳ נאָך „שמות". דאָס הײסט: מאָנטאָג,
נאָכן שבת ווען מען לײענט אין שול די פּרשה שמות.

שפּעטער, ווען חסידות האָט גענומען וואַקסען, און מורנו
ורבנו זלמן שניאורסאָן, דער גרינדער פון חב״ד, איז געמסרט־
געוואָרען פון די מתנגדים, געזעסען אין תּפיסה אין „פּײטער־
באַרג" און איז מיט גאָטס הילף באַפרײַט געוואָרען, איז די
סעודה פון חברה־קדישא באַשטימט געוואָרען אויף י״ט כּסלו —
דער טאָג ווען רש״ז איז באַפרײַט געוואָרען. דאָס פאַלט אויס

אַרום חנוכּה — די צייט פון שמאַלץ און גריבענעס און אָבּ־דירקעס. קיין בעסערע צײַט, אַרויסצוּגעהן פון געפּענקענישׁ, האָט רש״ז באמת ניט געקענט אויסזוּכן. פאַר זײַנע חסידים־לעך. און אַזוי ווי חברה־לויה באַשטעהט אַצינד כּמעט אינגאַנ־צען פון „אַנשי־שלומנוּ״ *) האָבען זיי די דעה און פּראַווען סעוּדות ווען זיי ווילען, ניט ווען די אַלטגעבּאַקענע מתנגדים ווילען. פּאַסט חברה אַ גאַנצינגען טאָג, פאַר דער סעוּדה, און זאָגען תּחנוּן צוּם אָנדענקען פון ר׳ שניאור־זלמנס אוּמזיסטע יסוּרים. און פרייען זיך דערנאָך דאָפּעלט צוּליב דעם רבּינס באַפרייאוּנג.

אפּיקורסים זאָגען אפילוּ, אַז גאָר ניט צוּליב דעם רבּונוּ־של־עולם און ניט צוּליב די יסוּרים פון אַלטען רבּין ווערט דאָס געפּאַסט, נאָר כּדי צוּ קענען אויפנעהמען אין זיך נאָך מעריב אַזוי פיעל אכילה וּשתיה מיט כּבוד און מיט הרוחה. גאָר מאָלע וואָס יוּנגעלייטלעך זאָגען! ניט אַנדערש, אַז זיי זענען מקנא און וואָלטען, ווייזט אויס, אַליין געוועזן גרויסע בעלנים מען זאָל זיי אויך איינלאַדען צוּ דער סעוּדה, כּע־כּע.

מעריב, נאָך אַזאַ ליבּען תּענית, ווערט געדאַווענט מיט כּוונה און מיט חשק. מען וואָלט געקענט זאָגען מיט אַפּעטיט. די גראָבּע יוּנגען כאַפּען אפילוּ אָפּ די שמונה־עשרה און ברע־יען זיך מיט ר׳ יחיאל דעם חזנס געלאַסענקייט, ווי מיט לאַנגע הייסע לאָקשען. נאָר ס׳העלפט זיי ניט. ר׳ יחיאל האַלט, אַזוי צוּ זאָגען, די צעיוּשעטע לאָשיקעס פאַר די לייצעס. מעגען זיך די טרפהנע העלזער איילען וויפיעל זיי ווילען. פאַרקעהרט, ער ציהט די תּפילות מיט שמחה און מיט אַ מין מסירות־נפש, ווי איינער וואָס ברענגט אַ קרבּן זיין נאָגענדען הוּנגער דעם רבּונוּ של עולם, אוּנטער די ווינטערדיגע שטערען וואָס פינק־לען אַריין אין די פענסטער... דאָס זענען אָבער יסוּרים פון

*) אָנהענגער פון חב״ד.

יציאת-נשמה פאַרן אַריינגעהן אין גן-עדן. די האָפענונג אויף דער נאָהענטער, גוטער סעודה זינגט אַרויס אַ פּאַרטאָיעטע, אַן איינגעהאַלטענע, פוגם טרויעריגצן מעריב-ניגון. פון „המעריב ערבים" הערט זיך דאָס בלעזלען פון געקאָכטע פיש, און פון „אוהב עמו ישראל" דער ריח פון גריבענעס. פון דער טונ-קעלער „קריאת שמע" לויכטען אַרויס אויפגעשניטענע טייגעכ-צען, און אין דער שטילער „שמונה עשרה" צישען בלינצעס אין זייער האַלב-אָפנעקיהלטען שמאַלץ. די ריחות און קולות, וואָס דערגרייכען פון שול-הויף, וואו די גוטע געריכטען דער-קאָכען און דערפרעגלען זיך, פאַרשטאַרקען נאָך דעם כוח-הדמיון. די עולם-הבא און עולם-הזה מישען זיך אויס. וואו הייבט זיך אָן די זיסע פאַרשמאַכטקייט און וואו לאָזט זיך אויס דער דאַוונען?

— אוי, אב הרחמן... שמע קולנו... ד' אלהינו...

אָפגעשפּייט צו „עלינו" מיט טרוקענע שפּייעכץ; אַזוי ווי מיט שטיקלעך ווייסע וואַטע, און אָפגעדאַווענט, גיט זיך דער עולם אַ לאָז צו „עזרת נשים". אין פירהויז פון דער ווייבער-שער שול שטעהט שוין בעני דער אונטער-שמש, צווישען אַ קאַדקע מיט אייז-וואַסער און צווישען אַ גרויסער פאָמוניצע. אין האַנט — אַ בלעכערנע קוואָרט מיט צוויי הענטלעך, און איבערן פּליצע אַ זעקס-אַרשינאָווען בית-מדרש האַנטוך. דאָס איז דער האַנטוך פאַרן בעסערען עולם: פאַרן גבאי, חזן און פאַר חשובע באַלעבאַטים. פאַרן פּראָסטען עולם הענגט אַ צווייטער זעקס-אַרשינינער האַנטוך אין אַ רינג, אויף דער קאַל-טער, אויסגעקאַלכטער וואַנט. ד ע ר האַנטוך איז נאַס און גרוי, ווי אַ בלאָטיג שטעגעלע אין שניי. ער איז, דאַכט זיך, גאָר קיינמאָל טרוקן ניט געוועזן. בעני אונטער-שמש גיט יעדען איבער אַ קוואָרט וואַסער צו נטילת-ידים, און דעם ברעג האַנ-טוך פון פּלייצע דערלאַנגט ער כסדר דעם גבאי און זיינע משמשים. יענע ווישען זיך די געפרוירענע הענט, גלאָצען מיט די אייגען אויף בענין און שעפּטשען די ברכה. דאַכט זיך, אַז זיי פאַרגעטערען בענין און פרעפּלען צו איהם. אָבער יעטוועדער

דערצן פון פראָסטען עולם גיט בעני אַ ווייז אָן מיט אַ ביי־סעל רוגזה, אויפן האַנטוך אין רינג: „דאָרטען!”... און ס'דאַכט זיך, אַז ער שרעקט זיי אָפּ. „ניט אַזעלכע ווי איהר קענען זיך בוקען צו מיר!”... שטעהט, אַרום האַנטוך אויפן וואַנט, אַ טוי־מעל און אַן אויסכאַפּעניש און אַ שטום־לשון קריגעניש: „נו, אָה! אָה, נו!..” און דער גאַנצער פירהויז פון עזרת־נשים שוויבעלט ווי אַ מוראַשקע־נעסט.

ביים סאַמע איינגאַנג צו די לאַנגע, געדעקטע טישען שטעהט שוין דער גבאי אַ „געוואַשענער” מיט אַן אַראָפּגע־שלונגענעם ביסען „המוציא” אין פּוסטען ושט און רופט אויס יעטוועדער אַריינגעקומענעם חברה־מאַן, ווי צו הקפות:

— אַ גאָט הצלף ר' וואָלף בר' לייב, אָדער ר' זרח בר' זלמן, אָדער ר' מענדעל בר' זוסיע! אַ שענעם דאַנק אייך וואָס איהר האָט זיך מטריח געווען און געקומען. געהט, זייט מוחל, זעצט זיך און מאַכט המוציא. שמש, ווייזט איהם אָן זיין אָרט!

פון דעם דאָזיגען כבוד האַלטען חברהשע לייט עולם ומלואו. פאַר אַ טאָפּ לינזען וועלען זיי אייך אַזאַ „גאָט־העלף” ניט פאַרקויפען. געווען אַמאָל אַ מעשה: דעם רייכען מילנער פון שטאָדט, וואָס איז קיינמאָל קיין חברה־מאַן ניט געווען, האָט זיך פאַרגלוסט זיין אויף דער באַריהמטער סעודה. האָט ער אָנגעבאָטען דעם אָרעמסטען חברה־קדישא־מאַן, ניט קיין אַנדערען ווי זעלקע לאַטוטניק אַ פינף־רובעלדיגע פאַר זיין אָרט ביים טיש. האָט זיך זעלקע אָפּגעזאָגט און ניט גענומען. ס'האָט ניט געהאָלפען, וואָס זעלקעס אשת־חיל האָט געקעהרט וועלטען, דאָס מאַנדעל איהרער זאָל ניט זיין קיין זולל־וסובא און נעהמען. אַ קלייניגקייט — האָט זי גערעכנהט, זילבערנע פינף קאַרבען! האָלץ פאַר דער הרובע, וואָלענע זאָקען פאַר די קינדער און אַ פעטע גאַנז אַ צוגאָב קאָן מען דאָך איינהאַנדלען פאַר אַזאַ מטמון מיט געלט. זעלקע, זכרונו לברכה, קליין און דאַר ווי ס'איז געווען, האָט זיך אָבער איינגעשפאַרט מיט די הינטערשטע פיסלעך, אַזוי צו זאָגען:

– לאו! אײגמאָל אין יאָהר מאַכט מיר דער גבאי אַזאַ װאָרע, דאַנקט מיר בפרהסיה װאָס איך קבצן, איך לאַטוטניק האָב איהם אָנגעטאָן אַזאַ כבוד און געקומען צו דער סעודה. און איך װעל דאָס פאַרשאַכערן אַ חזיר אַ אידען פאַר עט־ליכע רובעל? אַלץ אין דער װעלט – נאָר ניט דאָס! גטען זיך, מײן װײב, אויב דו װילסט, נאָר ניט דאָס!

אינעװעניג, אין דער װײבער־שול, זעצט מען זיך אויס בײ די לאַנגע תהלים־טישען, געדעקט מיט גראָבע לײװענטענע טישטיכער.

איבער די טישען הענגען שװער אַראָפּ די אַלטע אַכט־רעהריגע מעשענע מנורות, מיט גראָבע בײכער און מיט דאַרע אָרעמס, אין װעלכע עס ברענען אָרעמינקע חלבנע ליכטלעך. און די הויכע אַלטמאָדישע לאָמפּען ציהען נײגעריג די לאַנגע העלזער פון די װינקלען און כאַפּען אַ קוק, איבער די קעפּ, װי ס׳זעהט אויס אַ אידישע שמחה. די װײבערשע שטענדערס פון אַ גאַנץ יאָהר זײנען צונויפגעזאַמעלט, אין אַ טונקעלען װינקעל, אין אײן גרויסען הויפען. דאָס איז די סעודה אַלײן אַריבערגעגאַנגען, מיט שװערע טריט, איבער זײערע יאָלדישע האַלצערנע גופים און האָט זײ אַװעקגעלעגט...

װי אַ לאַנגער שמאָלער „בית״ זײנען די טישען אויס־געשטעלט. אויפן סאַמע רוקען פון „בית״ זײנען אַװעקגעשטעלט בכבודיגע שטולען פאַרן גבאי און זײנע משמשים. צו די אַנ־דערע טישען זײנען צוגערוקט די שמאָלינקע בענק פון בית־מדרש, װעלכע שטעהען אַלעמאָל אַרום די װענט. זיצט מען ענג געפּרעסט װי די הערינג, און די אויגען לויפען אַרום. בײ די אָנטבלויזטע װענט, אָנשטאָט די אָפּגערוקטע בענק, טולען זיך גאַנצע משפחות פון די אָרימע חברה־קדישא־לײט. װײבער און קינדער, װעלכע קענען זיך שוין ניט דערװאַר־טען ביז דער ברויטגעבער און „ראש״ פון הויזגעזינד װעט זײ אויסטײלען אַ חלק פון זײן חלק. בײם אַרײנגאַנג, לעבען טיר, טומלען זיך בלעדלײ שלעפּער און קבצנים, װאָס װאַר־טען אויף שירײם. דאָרטען זעהט מען שוין „דזשירקעליכע״

די טראַנטשיכע, וואָס רק זי שנאָרט אַלטע בגדים און רק זי ציטערט פאַר קעלט. נאָך איהר האָט דאָס ר׳ סענדער, עליו השלום, אַ נאָמען געגעבען זיין אַצינד-פאַרקויפטע קליאַטשע.

חיה-שרהקע די משוגענע איז שוין אויך דאָ. די זעלבע חיה-שרהקע, וואָס דערשמעקט די ערשטע אַלע אומגליקען אין שטאָדט און צוטראָגט עס, ווי אַ שלעכטען ריח, מיט איהר מיאוסען געזאַנגעלע.

נאָר לכבוד אַזאַ שמחה אין שטאָדט, מיט אַזויפיל גוטע ריחות פון געקאָכטס, געבראָטענס און געפרעגעלטס, האָט זי אויף איהר משוגענעם קאָפּ אָנגעטאָן אַ גצלעכערטען לאָקשען-טאָפּ, אָדער אַ פאַרזשאַווערטען קוגעל-טשוהון, וועלכען זי האָט דערטאַפּט ערגעץ, וואו, אויף אַ מיסט. אָנגעטאָן ווי אַ קאַסקע און פּויקט זיך אַליין איבערן באַפּאַנצערטען שאַרבען מיט אַ הילצערנעם, האַלב-פאַרברענטען קאָך-לעפעל, וואָס איז אויך געפונען געוואָרען אין שטאָדטישען רינשטאָק. מיט גרויס התלהבות פּויקט זי זיך אין קאָפּ און זינגט דערביי צו און כיכיקעט:

ניטשיינע האָב איך אַ שמעק געטאָן
דאָ, אויכעט דאָ.
פּופּקעס, גריבענעס, אָבדירקעס —
דאָ, טאַקע דאָ!
חברה כראָמשקען, חברה זליאָקען
איכאַ, איכאַ—כאַ!

הינען, שוין ביי דער זעלבער טיר, „אָיקעלע” און איהר קאָנקורענטקע—„מחיהקעלע”. דאָס זענען צוויי שלעפּערקעס, וואָס געהען איבער די הייזער, יעדע מיט איהר נוסח. איינע מיט אַ זיסען, די צווייטע מיט אַ זויערען נוסח. ביי ביידען זיינען די צוקנייטשטע און זשעדנע פּנימ׳לעך אַרויסגעשטעקט פון די אַלטע פאַטשיילעס, ווי פון שמוציגע קיילעכדיגע רעמלעך. נאָר איין פּנימל איז אַ קאַריקאַטור אויף אונצופרידענקייט, דאָס צווייטע — אויף איבערטריבענער דאַנקבאַרקייט. איינע — וואָס

מען זאָל איהר ניט שענקען — ענטפערט זי מיט אַ שטילינ־
קען, שטעכעדיגען קרעכצעלע: „אָי־עי״. רופט מען זי דערפאַר
„אָיקעלע״. די צווייטע צוגיסט זיך האָניגדיג און דאַנקט פאַר
אַלץ. מען זאָל איהר געבען אַ סקאָרינקע זאָגט זי אויך, אַז
מ׳האָט זי מ ח י ה געווען. רופט מען זי דערפאַר „מחיה־
קעלע״.

און אַ סך אַנדערע אָרימע לייט און דראַכלע אידען
שטופּען זיך ביים אַריינגאַנג. אַלע קוקען זיי צו די טישען
מיט אויסגעלופּעטע אויגען און שלינגען די סלינע און וואויען
עפּעס שטילינקערהייט, ווי די צוגעבונדענע הינט, בשעת די
באַלעבאַטים לאָזען זיך וואוילגעהן.

פאַרגינט זיי ניט קושקע בראַנד, דער פּרעסער, אפילו
דאָס, וואָס זיי, די שלעפּער, שטעהען שוין און וואַרטען אויף
שיריים, איידער ער, קושקע, האָט נאָך גענומען אַ ביסען אין
מויל, נאָך אַזאַ תענית. גיט ער זיי אַ שטויס־פאַנאַנדער מיט
ביידע עלענבויגענס, ווען ער לאָזט זיך אַריין מיט געוואַשענע
הענט צו זיין „המוציא״. ער איז ביי זיך האָפערדיג, אָט דער
קושקע. אַ פּרעסער איז ער אפילו אַ גרויסער, נאָר חברה־לויה
רעכענט זיך מיט איהם, קיכעלט איהם. וואָרים וואו עס קומט
אויס צו האַמפערן זיך, מיט האַרטע יורשים, פאַר קבורה־געלט,
דאָרטען שיקט מען אַריין קושקען. ער שאַנעוועט קיינעם ניט.
די ברענענדיגע ליכט און די פאַרוויינטע אויגען פון די אבלים
אַרען איהם ווי דער פאַראַיאָהריגער שניי. וואו אַ אידיש האַרץ
צוגעהט ווי וואַקס — דאָרטען דינגט זיך קושקע־בראַנד ווי אַ
הינקעדיגער ציגיינער אויפן יאַריד. זיינע רויטע באַקען און
חוצפּהדיג־פרישע אויגען ווירקען אויף די ניט־אויסגעשלאָפענע
קרובים, אין שטוב פון אַ בר־מינן, ווי אַ האַמער אויף בליי.
ער פיהרט אַלעמאָל אויס... פיהרט ער דערפאַר אויס אויך
בשעת דער גרויסער סעודה און באַקומט דאָפּעלטע חלקים.
פאַר זיך — דעם בעסטען חלק, און פאַר ווייב און קינדער —
אַ באַזונדער חלק.

אָבער די ביטערע קבצנים ביים טיר פּייפען אויף אַלע

זיינע פריווילעגיעס. צובייזערצן זיי זיך נאָך קושקע־בראַנדס שטויס און באַגלייטען איהם צום טיש מיט גאָר אַ פיינעם מזמור.

עפּענט אויף „דזשירקעליכע“, די שלעפּערקע, אַ מויל פון אַ געוועזענער טוקערקע:

— וואָס שטופּסטו זיך, וואָס? אפשר וועסטו גאָר באַקו־מען אַן אַפּאָפּלעקסיע אינמיטען פרעסען פיש מיט כריין. מען קען ניט וויסען...

באַשטעטיגט דאָס גלייך, אַזאַ השערה, חיה־שרהקע די משוגענע, אויף איהר שטייגערל: אַ זעץ מיטן קאָך־לעפעל אי־בערן שיסעל אויפן קאָפּ און אַ זונג; אַ זונג און אַ זעץ:

ניטשיינע האָב איך אַ שמעק געטאָן
דאָ, טאַקע דאָ!
פאַר די פיש און פאַר „אָבדזשירקעס“
דאָ, אויכעט דאָ.
פאַר די לעבערקעס און טייגעכץ —
אונז צו לאַנגע יאָהר!

גלוסט זיך קושקע־בראַנד אַ וואָרף צו טאָן זיך אויף דער טוקערקע, נאָר ער דערשרעקט זיך אַביסעל פאַר חיה־שרהקעס פינסטערע נביאות. גיט ער אַ בליאַסק אויף דער כאָפּטע קבצנים מיט אַ פּאָר גזלנישע אויגען, פון יוצא־וועגען; טראָגט זיך אָפּ און שטופּט זיך אריין אויף זיין אָרט ביים טיש, צווישען זאַ־וועל דעם שמייסער זיינעם — אַן אויסוואורף און אַ וויסטער ווייבערניק — און צווישען יאָקע דעם שינדער, וועלכער גיט זיך שטענדיק אָפּ מיט רויהע פעל. צווישען די דאָזיגע פּראָס־טע יונגען וועט ער זיך פיהלען גוט ביי דער סעודה. ווייט פון גבאי און געדעקט פון אַלעמענס ניט־פאַרגינערישקייט און נייגעריגקייט ביים עסען. וואָרים בשעת דער אַכילה האָט ער פיינט צו פּראַווען צערעמאָניעס מיט כלי־קודש, און קען ניט פאַרטראָגען, אַז מ׳קוקט איהם צופיל אין מויל אריין.

## 3.

ניט ווייט פון קושקען און זיין קאָמפּאַניע שטופּט זיך אַריין און זעצט זיך צום טיש אַ איד אַ בעל-גוף מיט ווײַ- בערשע היפּטען און מיט אַ שטעכיגען גלעכטערל אין די בע- רישע אויגלעך. די שוואַרצע קרייזעלעך פון זיינע דראָטענע האָר לויפען וועט-געלויף, פון אונטער זיין היטעל מיטן צו- בראָכענעם דאַשיק, און פאַרגיסען איהם דעם נידעריגען שטע- רען, די צורה, דעם האַלז-און-נאַקען זיינעם און קייטלען זיך צוזאַמען מיט זיין נאָך מעהר געקרייזעלטער און נאָך מעהר האַרטען בערדעל. גיט ער אָן עפען אַ מויל—זעהט מען באַ- שיינפערליך, אַז ער רייסט פאַנאַנדער מיט כח די האָריגע רינגעלעך פון באָרד און וואָנצעס. דאָס איז מלך „מעבר יבק", דערזעלבער מלך, וואָס באַגלייט אַרויס אַלט און יונג אויף יענער וועלט. מיט אַלטע לייט זאָגט ער ודוי און איבער יונ- גינקע פאַרבייאיגע מאַכט ער אַליין די ברכה פון „צדוק הדין". מען דינגט איהם אָן ער זאָל זיצען גאַנצע נעכט ביים בעט פון טויט-קראַנקע, ביי וועלכע די גסיסה ציהט זיך לאַנג און די נאָהענטע קענען עס מעהר ניט אויסהאַלטען. זיצט ער מיט אַ פעדערל אין האַנט און וואַרט אויפן לעצטען אָטעם פון גוסס, כדי אַראָפּצולאָזען דעם שליאַבאָם צווישען לעבען און טויט. שוין אַ סך יאָהרען, אַז ער באַשעפטיגט זיך מיט דער דאָזיגער טרויעריגער מלאכה. ער האָט זיך גוט איינגעאַרבייט און טהוט עס שוין מיט דער אינערליכער שמחה פון אַ מייס- טער. און זאָגט ער אָן, נאָכן לעצטען אָטעם, די טרויעריגע בשורה די נאָהענטע, וועלכע ליגען פאַרשטעקט אין אַ צוויי- טען צימער – שפּילט נאָך ביי איהם אין די בערישע אויגלעך די פרייד פון אַ שעפער, וואָס האָט פאַרפאָלקאָמט זיין אַרבייט און דערפיהרט זי צו דער העכסטער מדרגה. אָבער ניט אַלע קרובים פאַרשטעהען דאָס אָפּצושאַצען. אַ סך נעהמען אָן דעם התפעלות-פינקעל, אין זיינע בערישע אויגלעך, פאַר אַ גענאַלצע- נעם געלעכטערל. ער האָט שוין אַפילו איינמאָל באַקומען

פּעטש פּאָר אַזאַ לעבעדיקייט אין די אויגלעך, טאָקע באַלד נאָך אַ פייערלעכן „ברוך דין אמת". נאָר אָפּקיהלען אין איהם די שמחה פון אַ מעבר־יבק־מייסטער האָט דאָס אין איהם ניט אָפּגעקיהלט. אָנצוציהען אַ סקאַרבאָווען טרויער איבער דעם צעשוואומענעם פּנים זיינעם מיט די דראָטענע האָר־קרייזעלעך, דאָס גיט זיך איהם יאָ־איין. אָבער וואָס טהוט מען מיט די אויגלעך? די אויגלעך צאַפּלען פון זיך אַליין, און עס לויכט אין זיי די פרייד פון אַ גרויסען פּראָמשציק, וואָס פיהרט אַריבער מענשען פון איין וועלט אין דעם צווייטער וועלט.

מ'האָט איהם פיינט ווי אַ שפין. עלטערע לייט קוקען אויף איהם מיט אַביסעל שרעק און חנפהנען־איהם־אונטער, ווען עס קומט זיי אויס צו רעדען מיט איהם. פּונקט ווי פון איהם, פון מלך „מעבר־יבק", איז אָפּהענגיג דאָס אַריבערפּאָהרען מיטן פּראָם אויפן עולם האמת, אַביסעל פריהער צי אַ ביסעל שפּעטער... און מלך פיהלט אַרום זיך אָט די דאָזיגע מורא פון אַלטיטשקע לייט און איז שטאָלץ ביי זיך. ער רעדט מיט דעם דאָזיגען סאָרט אידען אַ ביסעל גראָבליך, ווי אַ רייכער סוחר מיט זיינע פּאַראָרימטע קונדען, וואָס בעטען זיך ביי איהם צו פּאַרלענגערן די וועקסלען...

אונזער באַקאַנטער „מאיר פּענטע", מיט זיין ליימענעם פּנים און מיטן לשון פון אַ גולם איז אויך דאָ. זיין מאיריכע, מיט אַ פּאַרזאָרגטען אויסגעדאַרטען פּנים און מיט אַ לעדיגען טאָפּ אין האַנט, שטעהט ביי דער וואַנט און טשאַטעוועט. זי האָט פּחד, אַז דער מאַן איהרער, דער גראָבער נפש, זאָל ניט אַראָפּשלינגען אַלץ וואָס מען טיילט אויס, בשעת אַזאַ גרויסע סעודה איין מאָל אין יאָהר. זי היט ער זאָל עפּעס איבערלאָזען פּאַר דאָס הויז־געזינד. ס'איז אפילו אַ געפעהרליכער עסק אָפּצוהיטען מאיר פּענטעס אַפּעטיט. וואָרים פּאַר צופיל צושטעהן צו איהם, בשעת ער אכלט, קען ער נאָך מכבד זיין מיט אַ בריק־טאָן — וואָס ער האָט שוין לאַנג געלערענט פון זיינע פערד. ער קען זי נאָך, קומענדיג אַהיים, פּאַרפּצנטען, ווי זיין שטייגער איז, און לאָזען זי ליגען אַזוי אין בעט אַ געפּענטעטע ביז פּאַרטאָג. נאָר וואָס טהוט מען ניט צוליב הונגעריגע קינדער?

אוּן לייזערל וואָיטעק, אונזער פריינט, איז אויך דאָ. ביים סאַמע עק טיש זיצט ער. מ'האָט איהם געגעבען אַן אָרט ביי דער סעודה מעהר פוּן רחמנות וועגען, ווי דערפאַר ווייל עס קומט איהם... ער איז שוין צוּ אַלט צוּ דינען מיט עפּעס אין חברה קדישא, ווי אַמאָל אין די אינגערע יאָהרען. נאָר ער איז צופרידען מיט זיין חלק, אוּן זיינע בלוי-גרינע אויגען לויכ־טען. ער קוועלט אָן, וואָס ער זיצט בחברותא מיט אַזוי פיל אידען. אַזוי פיל טייערע אידען. מען וועט עסען, מען וועט שמוּעסען, מען וועט זיך משמח זיין. וואָס מיר עלטער? וואָס מיר ווינטער? שמאָנצעס איז דאָס אַלץ! אַ גן-עדן אויף דער וועלט...

אָבער מעהר פוּן אַלעמען זעהט זיך פאָרט אָן דער גבאי ר' אשר אַליין, אויף זיין הויכען שטוּל, אויפן בכבודיגען זיץ צווישען די צוויי לאַנגע טישען. ער איז דאָך עפּעס דער גאַנ־צער מאַכער פוּן דער סעודה. דאָס הייסט ניט, אַז ער מאַכט זי פוּן זיין אייגענער קעשענע. הוּנדערט רובעל, ניט ווּעניגער, קאָסט אַזאַ סעודה אָפּ, אוּן געהט פוּן חברהשער קאַסע. פוּנ־דעסטוועגען מוּז זיך דער גבאי גוּט אונטערגאַרטלען. פוּן דער פּעטקייט אוּן זאַטקייט פוּן דער יאָהרליכער סעודה הענגט אָפּ דעם גבאיס שפּעטערער גורל, צי מען וועט איהם אויף דער קומענדיגער אַסיפה אויסקלייבען ער זאָל „קיניגען” נאָך אַ יאָהר צי ניט. חברה-לויה האָט אַן אייזערנעם זכרון. חס ושלום די חלקים פיש זאָלען דאָס יאָהר זיין אַ קאַפּעלע קלענער ווי פאַראַיאָהרען, די געבראָטענע גענז זאָלען זיין אַביסעל אָפּגעז־שוּנדען, די בייכער פוּן די בלינצעס זאָלען זיין אַביסעל איינ־געפאַלען, די טייגעכצען — ניט גענוּג פעט... מ'עט דאָס איהם שוין דערמאָנען דעם גבאי. מ'עט איהם באַשוּלדיגען אין פאַר־דינען שטילערהייט אַרום דער סעודה... ציטערט ער דערפאַר פאַר חברה-פרעס אוּן פאַר זייערע מבינות, אוּן טהוּט אַלץ וואָס אין אַ מענשליכען כח איז צוּ געפינען לייטזעליגקייט אין די אויגען פוּן זיינע שפּעטערדיגע וועהלער. ער סטאַרעט זיך מהנה צוּ זיין אַלע באַלעגאָלישע, קצבישע, שוּסטערשע, נאָסקע-טרעגע־

רישע און גלאַט גראָבּ־יונגישע קישקעס. ס'איז גאָר ניט אַזאַ לייכטע מלאכה! און מחמת מורא טרייבט ער איבער... אין אַ יקרות־יאָהר קומט נאָך אויס צוצוליגען אַ פּאָר צעהן־רובּעלדיגע פון דער אייגענער קעשענע. אַבּי עס זאָל זיין שלום. וואַקסען אַזוי די חלקים פון יאָהר צו יאָהר. פון צוויי בלינצעס קאָן מען שוין בּאַלד מאַכען אַ האַלבּ־אַרשינענעם מגן־דוד, און פון די טייגעכצען—מוסטערס פון זעלנערישע קעסעל־פויקען. אַ דריי־פונטיגער קאַרפּ קלעקט בּאַלד קוים אויף צוויי חלקים. און די גענז בּיי די גענזלערקעס מוז מען אויסזוכען די גרעסטע, אַבּי חברה־קדישא זאָל זיך ניט בּלאָזען. און גאָט ווייס צו וועלכע מאָסען און וואָגען די חלקים וואָלטען דערגאַנגען, ווען ניט די נייע צייט מיט איהרע סטרייקען און יקרות, ווען ניט די וועלט־מלחמה. יאָ, די וועלט־מלחמה! זי, נאָר זי האָט אָפּגעשטעלט די ענטוויקלונג פון די פּאָרציעס פיש, און דעם וואוקס פון די טייגעכצען בּיי חברה קדישא. זי, נאָר זי האָט אויסגעצויגען די גאַנצע גענזענע שמאַלץ פון די געהאַקטע לעבּערקעס און ד ע־ג ע נ ע ר י ר ט די לאַטקעס. אָט וואָס די וועלט־מלחמה האָט אָנגעטאָן!

# „חברה־לויה“ איז זיך משמח

## 1.

זעהר שווער צו טרעפען, ווי אַזוי די סעודה פון „חברה־לויה“ זעהט אויס אַצינד, אין דער פּאַראָרימטער קהילה קדושה פון שקלאָוו. מען קען זיך נאָר משער זיין, אַז אַצינד שטופּט מען אָפּ די סעודה מיט אַ פּאָר קעלישאָקעס „ריקאָוועקע“, מיט אַ בייגעל, מיט אַ געבאַקטע קאַרטאָפּליע. אפשר דאָס אויך ניט... אָבער אין די פּאַר־מלחמה־יאָהרען, מיט אַ דור צוריק, און אינעם יאָהר פון וועלכען עס ווערט דאָ דערצעהלט — האָט זיך דער גבאי, ר׳ אשר, גאָר באַזונדערס פּאָסטאַרעט. צי דערפאַר ווייל אין יענעם יאָהר האָט ער געהאַט אַ שטאַרקען קאָנקורענט צו די קומענדע וויבאָרעס אין חברה, — אָרע וואָכערניק איז דאָס געווען, זיין ביזאַהעריגער סגן און חברהשער קאַסירער, וואָס האָט שטילערהייט געגראָבען געגען איהם אום אַליין צו ווערען גבאי — צי מחמת די חברהשע לייט האָבען גענומען מורמלען, אַז ער, ר׳ אשר, זיצט שוין צו לאַנג אויפן גבאות־שטול, איז ביי זיך צו תקיף געוואָרען און קוקט שוין אויף זיין דערהויבענעם אָרט ווי אויף אַ חזקה. ווי די מעשה זאָל ניט זיין — דער גרויסער סעודה פון חברה־קדישא, י״ט כסלו שנת... איז דערפון חס ושלום ניט אָפּגעקומען. אדרבא, די גרעסטע גענז אויפן מאַרק האָט ר׳ אשר געלאָזען איינהאַנדלען און די פעטסטע קאַרפּען; בערג מיט אייער און קעל־

בערנע געהירען פאַר די טייגעכצען; זעק מיט ציבעלעס פאַר די געפילטע פיש, און קרענצלעך קנאָבעל פאַר די גענזענס. די צאָהל פון פאַראַיאָהרענדיגע קאָך-ווייבער האָט זיך דאָס יאָהר אַרויסגעוויזען אַלס קנאַפּ — האָט מען אָנגעדונגען עטליכע נייע אידענעס. צווישען זיי אויך סענדעריכען, מערעס מאַמעלע און פאַנדרעס שוויגערל: אַ ביטער האַרץ און אַ גרויסע בריה אין קיך, אַבי ס'איז נאָר דאָ וואָס צו קאָכען... ר׳ סענדער, עליו השלום, וועלכער איז אומגעקומען אין דער אָזערע, איז דאָך עפּעס געווען אַ לויה'ניק פון אַזוי פיל יאָהרען. ניט איינמאָל האָט ער געבראַכט צופיהרען אַ מת-מצוה אין זיין וואָגען, קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט זיך פון אַ טרחה אין חברהשע זאַכען, פרנסה געוואָרפען און צו טהרה און קבורה געקומען צולויפען. טו זאָל כאָטש זיין אַלמנהלע עפּעס פאַרדינען אַרום דער סעודה, און זאָל זי מהנה-זיין די טאָכטער איהרע, וואָס זויגט אַ קינד און פיהרט אַזאַ שווערצן לעבען, אָהן פאַנדרען, וועלכער קומט נאָך אָפּ אין אָסטראָג.

ר׳ אשר מיט זיינע משמשים האָבען שוין פריהער באַשלאָסען צו געבען סענדעריכען, אויסער עטליכע מזומנע גילדען פאַר קאָכען און באַקען, אויך שענע חלקים פיש און פלייש און טייגעכץ פאַר פאַנדרעס שטרויענער אלמנה. און זאָל דאָס איהר סטאַיען צום לעבען כאָטש אויף עטליכע טעג. דאָס איז איינער פון די שענסטע מנהגים אין חברה-קדישא, צו פאַרגיטיגען, אויף אַזאַ אופן, די משפחות פון פאַראָרימטע און פאַראומגליקטע חברהשע לייט. צו אַזאַ ביטערען שטאַנד אין ר׳ סענדערס הויז האָט זיך דאָס זעהר גוט געפּאַסט. און ר׳ אשר איז געווען שטאָלץ, וואָס ער האָט אַזאַ שענע מצוה ניט פאַרגעסען.

שוין אַ גאַנצען טאָג, אַז סענדעריכע בראָט זיך און פרעגעלט זיך ביי די גרויסע קעסלען גענזענס און מוראדיגע פאַנען פיש. אין לויה-הויף קאָכט זי, אונטער דער בלעכערנער סטרעכע פון דער האַלב-אָפענער קיך. איהר וואַרימע יופע, איבערגעמאַכט פון ר׳ סענדערס באַלעגאָלישער דעליע, איז פאַרשמאָלצעווט, איהר פאַרטוך גלאַנצט, און איהר פאַרקנייטשט

פנימל איז פאַרשוויצט און בלישצעט ווי דער קופּער פון פּאַן. אין איהר הייסער פאַרשמייעטקייט זעהט זי אַליין אויס, ווי אַ מאָגערע, ניט-געגוג אויסגעבראָטענע געגזעל, וואָס וויל זיך אַריינפּאַסען, מיט איהר גרויסער קאָכלעפעל, אין דעם אָדער יענעם פּעטען קעסעל און קען זיך ניט אַריינפּאַסען. שר... שר...! גיט איהר אַ זעץ די פאַרע פון אונטער דער אָדער יענער טשוהוגענער פּאָקרישקע און טרייבט זי אָפּ. לויפט זי, סענדעריכע, צו אַן אַנדער קעסעל. זי איז פלינק, די אַלטיטשקע, ווי אַ וועווערקע. מיט דער הילצערנער קאָכלעפעל מישט זי, מיט דער לינקער האַנט גיט זי צו פּאָטראַוועס און געווירצען, מיטן פּיסקעל פאַרזוכט זי, מיטן אַרבעל ווישט זי זיך דעם שווייס פון איבערגעהיצטען נעזעל און האָט נאָך צייט צו דער-צעהלען חכמות פון איהר אייניקעל מיטן פלעק אויפן האַלז, וואָס ס׳איז איהם געקומען פון מערצס שרעק, בשעת דער שרפה ביים נייעם-נגיד... איהרע צו-ברייטע שיכעלעך, וועלכע זיינען דערשטאָפּט מיט היי, כדי עס זאָל איהר וואַרים זיין, טענצלען אַרום איבער דער געפּרוירענער פּאָדלאָגע, און די הענטעלעך איבערגיסען די ברוינע טייגעכצען מיט שמאַלץ און איבערשיטען זיי מיט ציבעלע-שאָלעכץ. אַ פאַרזוך מיטן שנעּ-בעלע און אַ קנאַק מיטן צינגעלע. און די אַנדערע אידענעס פּאַדיען אַרום מיט איהר צוזאַמען. פלאַפּלען זיי אַלע אויף איין מאָל, און אַלע זיינען מסכים, אַז אַזאַ לויהשע סעודה, ווי גבאי ר׳ אשר מאַכט היינטיגען יאָהר, איז שוין לאַנג ניט געמאַכט געוואָרען. וועדליג זייער ווייבערשען שכל זיינען זיי זיך משער, אַז ר׳ אשר וועט דאָ צולעגען פון דער אייגענער קעשענע ניט ווייניגער ווי פינף און צוואַנציג זילבערנע רובעל.

## 2.

צו יעטוועדער טעלער גיבען די סאַרווער צו אַ סאָטקע „זעכציגער״. די סאָטקע איז פאַרחתמעט מיט דער קייזערליכער חתימה, מיטן צוויי-קעפּיגן אָדלער אויפן טריוואַקס. קיין אָפּעּ-

נעם בראַנפּען, ווי אַמאָל, טיילט מען היינטיקע צייטען ניט אויס. עס זאָל ניט זיין קיין טענות, אַז מען מישט אונטער דעם שנאַפּס מיט „מים חיים" און אַז די באַלעבאַטישע לייט פון חברה־לויה באַקומען ניינציגער און דער פּראָסטער עולם „פּערציגער". זאָל זיך אַזוי ניט טרעפען ווי ס׳האָט זיך גע־טראָפען... און, כדי פּטור צו ווערן פון אמתע און אומזיסטע טענות, האָט מען איינגעפיהרט געחתמעטע פלעשלעך משקה, און גצה האָב טענות צום קיסר! בלויז די צוויי קאָפּיקעס פאַר דעם פלעשעלע צאָהלט יעדער אָפּ במזומן און באַקומט זיי צוריק, ווען ער גיט דאָס פלעשעלע אָפּ.

דער גבאי מאַכט „שהכל" אויף אַ פולען בעכער. און און באַלד נאָך זיין ברכה פליהען אין דער לופטען, מיט אַ פיל־גאָרנדיגען קנאַק און פּאַטש, אַ וועלכע הונדערט שטאָ־פּערלעך פון די סאָטקע־פלעשלעך. דער עולם האָט קיין געדולד ניט פאַר די פּראָפּענציהער, און טוט דאָס אויף אַן איינפאַכערען וועג. באַלד נאָכדעם דערהערט זיך אַ פרעהליכע הוזשעריי פון אויסגעשרייען:

— לחיים, לחיים, לחיים, גבאי!

— לחיים, לחיים אידען! — ענטפערט אָפּ דער גבאי פּאָטערליך, און זיינע שפּאַרבער־אויגען שוועבען אַראָפּ ביידע לאַנגע טישען פון רעכטס און לינקס, צי אַלע זיינע שפּעטער־דיגע וועהלער, פּורים־צייט, זיינען דאָ אויף די ערטער. באַ־מערקט ער, אַז אימיצער פעהלט — גיט ער עפּעס אַ שושקע דעם אויבער־שמש אויפן אויער און ווינק אַראָפּ־טיש. גיט איהם דער אויבער־שמש גלייך אָפּ אַ ראַפּאָרט, אַז דער אָדער יענער, וועלכע פעהלען, זיינען אונטערוועגס; אָדער אַז זיי זיי־נען ניט אין גאַנצען געזונט. הייסט גלייך דער גבאי אָפּשיקען זייערע חלקים פון דער סעודה אַהיים, צו זייערע פאַמיליעס.

באַזאָרגט אַזאַ איידעלען ענין, קעהרט ווידער ר׳ אשר גבאי אום דעם קאָפּ צו די לאַנגע טישען, און לאָזט שטורע־מען איבער זיך די לאַנגע „לחיימס" פון אַלע זייטען. דער חזן ר׳ יחיאל מיט זיין לייבען־קול, אָרע וואָכערניק – זיין באַהאַל־

טענער קאָנקורענט. די משמשים און אַנדערע כּלי־קודש זיצען בּראש, פון בּיידע זייטען גבאי. זיי טרינקען פון גלעזלעך און גיסען אָן זייערע גלעזלעך פונם גבּאים פולען גראַפין. און דאָס גיט זיי צו אַ בּאַזונדער חשיבות קעגען דעם גאַנצען עולם. זיי טיילען זיך בּולט אַרויס מיט זייער איידעלען טרינקען, ווי פידלען און פיאָלען אין אַ פּייקעל־אָרקעסטער.

מען דערלאַנגט די מוראדיג־גרויסע שטיקער קאַרפּ אין מוראדיג־גרויסע פּאַלומעסיקעס. די קעפּ ווערען איינגעטיילט דער גבּאות. דערנאָך טיילט מען ווי עס מאַכט זיך. דעם אַ קאָפּ, דעם אַן עק, דעם אַ מיטעלשטיק. איין שטיק האָט ניט מקנא צו זיין דעם צווייטען. אין יעדען בּאַלעבאַטישען הויז מאַכט מען פון אַזאַ „עק" גוטע דריי חלקים. גיבּען זיך אַ לאָז די אָפּגעפּאַסטע פּיסקעס. ציינער מאָלען, ליפּען טשמאָקען, בּאַק־ביינער אַרבּייטען און נעזער פאַרגעהען זיך פון כריין אין די גאָר הויכע טענער. אויסגעלופּעטע אויגען ווינען מיט ציבּעלע־טרערען, און בּייכער קרעכצען פאַר הנאה. ניט ערגער ווי ערב־שבּת אין בּאָד, אויף דער אויבּערשטער פּאָליצע.

קושקע־בּראַנד, דער פּרעסער, האָט שוין אַרויפגעשאַרט, בּיזקעל פּאַטילניצע, די וואַטאָווע היטעל זיינע, און אויף זיין האַלבּ־אַנטבּלויזטען פּליך, צווישען די פּעקלעך געלבּע האָר פון בּיידע זייטען, האָבּען זיך בּאַוויזען די ערשטע טראָפּענס שווייס פון דער זיסער האָרעוואַניע.

מלך „מעבר־יבק", וואָס בּאַגלייט אַזוי פרעהליך אַוועק יונג און אַלט אויף יענער וועלט — בּאַוועגט זיינע שוואַרצע דראָטענע קרויזען האָר איבּער זיין נידעריגען שטערען, איבּער זיינע בּאַקען און גאָמבּע. קיין מויל זעהט מען בּכלל ניט אַרויס, נאָר די גרייזעלעך זיינע, די פינסטערע, זיינען אָנגעשוואָלען געוואָרען, און זעהען אויס, מיט זייער גרויקייט אויף די שפּי־צען, ווי קורצע, מיט שוים־בּאַדעקטע כוואַליעס פאַר אַ שטו־רעם... און ד אָ ס איז ערשט דער אָנהויבּ שטורעם! איבּער די קרויזעלדיגע, טאַנצענדיגע כוואַליעס גלאַנצען נאָך דערווייל די צוויי בּערישע אויגעלעך. אָבּער מען זעהט שוין בּאַשיינפּערליך

ווי זיי ווערען אַלץ קלענער און קלענער, ווי די לעצטע שטעט־רען איבער אַ ים, פאַר אַ זאַווערוכע, ביז זיי לעשען זיך אינ־גאַנצען אויס, פאַרגעהען... צוויי ווייטע לויכט־טורעמס אינם שטורעם פון דער אכילה.

יאָקע דער שינדער שיילט מיט כח זיין חלק פיש. און אַ פנים האָט ער דערביי, ווי ביי באַארבייטען אַ געשאָכטענעם פאַדלע־פערד. בלוטדורשטיג און שפלדיג אין איין און דערזעל־בער צייט. כל ימיו איז ער געוועהנט צו שינדען און קען זיך פון זיין טבע ניט אָפּגעוועהנען אפילו ביים פיש־עסען. ער רייסט אָפּ די געציבעלטע קאַרפּען־הויט פון געפּילעכץ. און די גרויסע טונקעלע פּאָרציע, מיטן עק אויפן ווייסען טעלער, זעהט אויס ווי אַ משונהדיגע ליטקע אין שניי... אין קאָפּ שטעהט נאָך דער נעפּעל פון דער סאָטקע בראַנפען אויפן ניכטערען האַרצען, און די פינגער שיילען.

זאַוועל, קושקע־בראַנדס שמייסער, צו זיין רעכטער האַנד, דער אויסוואורף און ווייבערניק, עסט ליידענשאַפטליך זיין שטיק פיש. אַ קאָפּ־חלק איז איהם אַריינגעפאַלען גאָר אומגעריכטער־הייט. האָט ער אויפגעריסען אַלע איהרע האַרטע לייבלעך און ווינקט־צו לוסטיג צו אַלע איהרע פעטע באַהעלטערלעך. זויגט זיך אין איהר איין און לאָזט אָפּ, באַטראַכט זי מיט בעגייס־טערונג פון אַלע זייטען און גראָבט זיך אין איהר ווידער איין. ער פאַרגוואַלטיגט זי פשוט, די קאָפּ־פּאָרציע. און זי ליגט פאַר איהם צעוואָרפען אין איהר גאַנצער אַפּעטיטליכער נאַקעטקייט, באַגאָסען מיט רויטען כריין, און לאָזט איבער זיך טאָן אַלץ וואָס זאַוועל שמייסער פאַרגלוסט זיך.

קוקענדיג אויף אַזעלכע גרונטאָוונע עסער, נעמט אָן אַ חשק דעם אויסגעווייקטען קברות־מאַן נאָכצוטאָן זיינע שכנים ביי דער סעודה. ער דערמאָנט זיך אָן זיין יונגשאַפט, איידער ער האָט געקראָגען מערידען, איידער אַ טרוקען הוסטעלע האָט זיך אין איהם איינגעגעסען, און איידער די האָר פון באָרד זיינען איהם אויסגעפאַלען און דער פנים האָט זיך אויסגעצוי־

געטן אין זיין גאַליגער געלבקייט, פון דער אייביגער פייכטקייט אויפן בית־עלמין, פון פאַרמאַכטע און אָפענע יידישע קברים.

פרובט ער, דער קברות־מאַן, אַן אַכל־טאָן אויף „טאָ־מער יאָ״... טאָמער וועט עס געהן. כאַפט ער אַריין מיט אַן איבערגעטריבענער זשעדנעקייט אַ צו גרויסען ביסען. און באַלד פאַרהוסט ער זיך פון כריין און פאַרכלינעט זיך אין דער פעפערדיגער פיש־זאַפטיגקייט. בלייבט ער שטעהן מיט אויסגע־גלאָצטע פאַרטרעהרטע אויגען און מיט אַ האַלב־אָפענעם מויל, פונקט ווי דער גלגול פונם געפילטען קאַרפ וואָלט אין איהם אַריין, דאָס צאַפלענדן פון פיש בשעת מ׳האָט איהם געשניטען... קוים וואָס ער אָטעמט זיך אָפּ, דער קברות־מאַן, און קוקט מיט קנאה אויף קושקען, וואָס רייבט אַריין און זעהט די וועלט ניט; וואָס קוקט זיך אפילו ניט אום אויף אַזאַ שטאַרקען הוס־טען פון זיין שכן. טראַכט ביי זיך דער קברות־מאַן מיט גאַל:

— נישקשה... שוין געזינטערע פאַר איהם מקבר געווען...

## 3.

הויבט אויף קושקע בראַנד זיינע פאַרגאָסענע אויגען פון טעלער און דערזעהט, אַז זיין שמייסער איז זיך צו שטאַרק משמח מיט דער „שירענע״. ס׳הייסט: מיט זיין פאָרציע פיש. אַ ביין־ברעכעריי און אַ סמאָטשקעריי שטעהט אַרום זאַוולען און אַרום דעם קאַרפען־קאָפּ, וואָס ער בעאַרבייט אַזוי געשמאַק. פאַרגינט ער איהם ניט אַזאַ הנאה און מאַכט צו איהם אַזוי:

— אַ קאָפּ? אַנדערש פאַסט דיר ניט ווי פרעסען אַ קאָפּ? אויסגעמאַנטשעט ביים סאַרווער אַ קאָפּ, וואָס?

זאַוועל שמייסער, וועלכער האָט אַמאָל געלערענט אין תלמוד־תורה און האָט נאָך מחמת יונגשאַפט ניט פאַרגעסען אַ פסוק, שפּילט אָן, נאָגענדיג אַ פעטע זשאַברע, ווי אויף אַ פיאַל און שפּילט אָן אויפן ראש־השנהדיגען מנהג. אַ סמאָטשקע און אַ זאָג, אַ זאָג און אַ סמאָטשקע:

— פאַרשטעהט איהר מיך, באַלעבאָס, כ׳וויל ווערען אַ „ראש״ און ניט קיין „זנב״...

בלייבט קושקע זיצען, מיטן ביסען אין אָנגעשטאָפּטען מויל, פאַרגאַפט פון זיין שמייסערס תורה. אָבער דער גאַלי־גער קברות־מאַן העלפט איהם אַרויס מיט אַ שמייכעלע און מיט אַ שטעכיגער עצהלע:

— זאָג איהם, קושקע: צו שפּעט געכאַפּט זיך. אַזוי ווי ער איז געווען אַ זנב, אַזוי וועט ער שוין בלייבען אַ זנב...

ווערט דער שמייסער בייז סכנות נפשות. ער, זאַוועל, האָט דוקא יאָ געזען ווי דער קברות־מאַן האָט קיין כח ניט צו עסען. קייט ער אַ ווײלע, זאַוועל, מיט כעס און מיט אויס־געלופּעטע אויגען אויף זיין געגנער. שלינגט שווער אַראָפּ און גיט דעם קברות־מאַן אַזאַ עצה:

— בית־עלמין בלעטלעך קיי, דו ציגענע בערדעל, דו!

— האָ־האָ־האָ! — צולאַכט זיך קושקע פון טיפען בויך. ס׳טהוט איהם הנאה וואָס אַרום איהם קריגט מען זיך און ער אַליין עסט. ס׳עסט זיך אַזוי בעסער.

אָבער מאיר פענטע מיט זיין ליימענעם לשון איז אַלע־מען, ניט ווילענדיג, משמח, און צוטרייבט דעם כעס, ווי אַ רויך, צווישען זיינע אויפגערייצטע טיש־חברים. ער זיצט מיט זיינע וועהטאָגדיגע אויגלעך און מיט זיין ליימענער צורה אַקעגען קברות־מאַן און לאָזט פון זיך אַרויס אָפּגעהאַקטע הברות פון אומגעלומפּערטקייט און אַנטציקונג:

— אַ כאָלער—אַראַ—כריי! אַ סרייף—ני—קאַ—כריי—!

הייסט דאָס: אַ כאָלערע! ס׳אַראַ כריין! אַ שרפה, ניט קיין כריין!

אָדער ער פינטעלט מיט די אויגען און שרייט דער־שטיקט פון האַלז אַרויס:

— אוי, אַ מאַק—! וואָרענ—ני—קאַ—הילעכץ!

הייסט דאָס: אוי, אַ מכה! „וואָרעניע״ ניט קיין גע־פילעכץ!

דערהערט פענטעס ווייב די זיסע אויסגעשרייען פון איהר

מאַן, געהט זי פאַרשעמט אַרויס פון וואַנט-שאַטען, וואו זי האָט זיך געטוליעט ביז אַהער מיט אַ סך אַנדערע ווייבער, און שטעלט אויס צו איהר ברויטגעבער איהר לעדיגען טעפּעל. וואַרפט אַהין פּענטע אַריין מיט האַרץ אַ שטיק פון זיין חלק פיש, און בורטשעט אויף פּעטיכען מיט זיין ליימענעם לשון:

— טאַ-זיי-דאַף-מע-מאַכ-פיש! הע-עסט!

הייסט דאָס: אַט אַזוי דאַרף מען מאַכען פיש, הערסט?

דאָס זיינען בלויז איינציגע, אכלנדיגע פיגורען, בשעת דער סעודה פון חברה-קדישא. די העויות און דער כח האכילה איז פאַרשידען. יעדער עסט לויט זיין נוסח. דער ליימער „לעגט ציגעל”, דער נאָסקע-טרעגער קרעכצט אונטער דער משא פון עולם-הזה... דער קאָוואַל „צווייגעלט” זיין חלק פיש פון אַלע זייטען און פּינטעלט פון כריין מיטביידע אויגען ווי פון הייסע פונקען. דער רימער „פאַסעוועט” און דער שוסטער האַקט קליינינקע און גיכע ביסענס, ווי טשוועקלעך אין אַ פאָדעשווע, איינס נאָך איינס, איינס נאָך איינס. און דער סטאָליאַר הובעלט אין פיסק אַריין... הכלל, יעטוועדער מיט זיינע תנועות, אַזוי ווי ער איז געוועהנט ביי זיין טעג-ליכער פּראַצע. און אַלץ גיסט זיך צוזאַמען אין איין געשמאַ-קער רייבעניש און סמאָטשקעניש. אַ מחיה צו קוקען, ווי אַזאַ גרויסע עדה אידען, קיין עין-הרע, האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דער איינגעשנייטער שטעטעל און פון אַלע אָפּגעשטאַנענע מצוות, האָט זיך אויסגעזעצט אַרום טישען און איז שטאַרק פאַרנומען מיט עולם-הזה. אַריינגעטאָן זיך מיט לייב און לעבען אין זאַכען, וואָס דער שקלאָווער מאַרק און דער גבאי, זאָל לעבען, האָט איהר אָנגעבאָטען. הלואי זאָל זיי נאָר אַלעמען דער אויבערשטער געבען כח אַריינצונעהמען אין זיך אַזוי פיל ערדישע הנאה און עס זאָל זיי חלילה ניט פאַרשאַטען!

דערזעהט ר' אשר, דער גבאי, אַז דער עולם איז שוין פאַרטיג מיט פיש. גיסט ער אָן זיין טיפען קעלישאָק און גיט אַ ווינק מען זאָל מאַכען לחיים נאָך אַמאָל.

— נאָך אַזאַ פיש, — מאַכט ער און פאַרקוועטשט זיין

שפּאַרבער־אויג — נאָך אַזאַ פּיש און נאָכן הײנטיגען דאַװענען
אין אַ יושר צו נעמען אַ ביסעל בראַנפען.

— פּאַרװאָס, גבאי ר׳ אשר, פּאַרװאָס? — פרעגען זיך נאָך אַ סך צופרידענע קולות. כאָטש אַ סך פון זײ געדענקען דעם גבאיס ענטפער, אויף פּונקט אַזאַ קלוגעטשקער פראַגע, פון פּאָר צװײ יאָהרען. אָבער מיט זײער געמאַכטער נײַגעריג־קײט מונטערען זײ אויף ר׳ אשרן אַרויסצוזאָגען די אַלטע חכמה מיט אַ נײַער פרישקייט.

— װײַל, — גלעט זיך ר׳ אשר די באָרד — װײַל די פּיש האָט מען געכאַפּט, און הײנטיגען מעריב־דאַװנען האָט מען אויך געכאַפּט...

— האָ־האָ־האָ! — דונערט אויף אַ הונדערט־העלזערדיגער געלעכטער, דאַװנען האָט מען אויך „געכאַפּט"... אַ געזונט אין אונזער גבאי!

און אַלע אָפענע „סאָטקעס" גיבען זיך אַ בויג און זײַען אויס דאָס רעשט בראַנפען אין די קעלישקעס, אָדער גלײַך אין די העלזער אַרײַן.

קריגט אָרע־װאָכערניק קנאה, װאָס ר׳ אשר מאַכט זיך אַזוי באַליבט בײַם עולם. נײַן, געזונט װעט איהם, אָרען, דער־פון ניט צוקומען בײַם קלײבען אַ נײַעם גבאי.. װײַל ער זיך אויך מאַכען באַליבט, און שרײַט אויס צו די צװײ באַזעצטע טישען, גאָר פלוצים און אין מיטען־דרינען:

— שאַ, שאַ, אידען! איהר װײסט פּאַרװאָס... אַ האָן, בשעת ער קרעהט, פּאַרמאַכט ער די אויגען?

— יאָ, יאָ, פּאַרװאָס? — פרעגען זיך נאָך פּאַראײנצעל־טע, ניט זעהר נײַגעריגע קולות. דער איבעריגער עולם שװײגט, װאָרום אָרעס הויכע שאלה קלינגט אַביסעל ניט צו דער זאַך. אײַלט זיך דער װאָכערניק צו פּאַרענטפערן די האַרבע קשיה:

— װײַל ער קען אויסװעניג... דער האָן...

— כאָ־כאָ! — ענטפערט איהם פון די טישען אַ שיטע־רינקער געלעכטער. און אויך דאָס געלעכטערל שטאַמט פון די

אָרימסטע חברהשע לייט, וואָס קומען אָן צום וואָכערניק נאָך אַ טובה.

פאַרשעמט זיך ר׳ אָרע אַליין פאַר זיין ניט מיושבדיגען, געכאַפּטען ענטפער. ער קוקט זיך אום, פינטלענדיג מיט פינס־טערע אויגען אויף ר׳ אָשרן, זיין גרויסען קאָנקורענט, ביי ווע־מען אַלץ קומט אַרויס אַזוי קלוג, אַזוי קיילעכדיג, און וועלכער טרעפט שטענדיג אין פינטעל אַריין...

נאָר דאָ קומען אָן די גרויסע פּאָלומעסיקעס מיט די פעטע שטיקער געגנזענס און ראַטעווען איהם אַרויס פון זיין אַריינפאַל. אַלע שטרעקען אויס הענט און טעלער נאָך זייערע חלקים און קוקען זיך מעהר אויף אָרע וואָכערניק ניט אום.

4.

יויך אָדער זופּ געהט ניט אַריין אין שפּייז־צעטעל פון חברה־קדישא. יויך — דאָס איז אַן עסק פאַר מפונקים, פאַר ווייבער און איידימלעך אויף קעסט. חברה־קדישא האַלט נאָר פון פעטע אַכילות. אָנשטאָט שיטערע פאַרפעל זאָל בעסער בלייבען מעהר אָרט פאַר לאָקשענע טייגעכצען, פאַר געפילטע בלינצעס און פאַר שוימענדיגען בּיער.

קושקע בראַנד כאַפּט זיך גלייך צו צו זיין פערטעל גאַנז און צום צולאָג: אַ געפרעגעלטער שטיק פופיק, אַ בלינטשע, אַ זויערע אוגערקע. מיט אַזאַ חשק כאַפּט ער זיך צו, פונקט ווי ער וואָלט נאָך היינט, נאָכן תענית גאָרניט טועם געווען. די זויערע אוגערקע בייסט ער פון גאַנצען און דעם געבאַקטען עפעל נעמט ער אויך אַריין אין שפּיל. דרעהט זיך ביי איהם אַ געדרעהע פון באַקען־ביינער, חלה, ליפּען, גענזענס און פּאָ־טראַוועס, אַז עס געהט אַ רויך.

פאַרדריסט דעם גאַליגען קברות־מאַן אַזאַ פאַרפרעסענקייט. ס׳געהט איהם, פשוט, איבערן לעבער. זוכט ער מיט וואָס אַ שטאָך צו טאָן אַזאַ גראָבען נפש. דערזעהט ער קושקעס צוויי פעקלעך געלע האָר איבער זיינע אויערען, פוןביידע זייטען

פליק. די פעקלעך האָר שטעקען אַרויס פון אונטער דעם פּאַר־שאַרטען וואַטאָוועט היטעל און זיינען שוין דורכגעשלאָגען מיט אַ גרויקייט. און גרויסע טראָפּענס שווייס שאָקלען זיך, צווי־שען די דאָזיגע געלע פעקלעך, אויפן פעטען פליק. צורייצט דאָס דעם קברות־מאַן נאָך מעהר. רופט ער זיך אָפּ צום שינ־דער אַקעגען איהם:

— יאָקע, דו ווייסט אפשר פאַרוואָס מען זאָגט, אַז אַ געלער איז אַ גנב?

— הע? — פרעגט יאָקע גאַנץ טעמפּ און שינדט ווי־טער די פעטע פאַרפרעגעלטע הויט פון זיין חלק, ווי זיין שטיי־גער איז.

— דו ווייסט גאָר ניט? — פרעגט איבער דער קברות־מאַן מיט זיין הייזעריגען קולכעל און ווינקט מיט זיין וואַ־סערדיג אויגעל — אָט וועל איך דיר באַלד זאָגען, יאָקע! ווייל... אַ ג ע ל ע ר, אַז ער ווערט ג ר ו י, זאָגט ער, אַז ער איז געווען אַ ש וו אַ ר צ ע ר...

— האָ־האָ־האָ! — דונערט אָפּ, קייענדיג, אַ קופּקע טיש־חברים. און אַ סך לעבעדיגע אויגען קוקען זיך אום אויף קושקען.

ערשט דאָ כאַפּט זיך קושקע, אַז דאָס מיינט מען א י ה ם. דערקייט ער זיין שווערען ביסען מיט אַן איינגעהאַלטענם צאָרן, שלינגט אַראָפּ און מאַכט צום קברות־מאַן אַזוי:

— דאָס מיינסטו מיך! דו ווערימדיגער בית־עלמין־ניסעל, דו! אַליין פרעסט דאָס ניט און לאָזט אַנדערע ניט עסען...

דערהערט דער גבאי, אַז די גראָבע יונגען האָבען זיך צויאַכמערט, נעמט ער זיך גלייך לעשען דעם בייזען טומעל.

— שאַ, מאַכט ער — קושקע! אָהן כעס! ביי דער סעודה מעג מען זיך ווערטלען וועגען אַלעמען. אָט וועל איך אייך באַלד עפּעס זאָגען וועגען אונזער חזן ר׳ יחיאל, זאָל געזונט זיין, און ער וועט אויך ניט ווערען אין כעס.

— זאָגט, זאָגט, זאָגט ר׳ אשר! — וואָרימען איהם אונ־טער אַ סך אָנגעשטאָפּטע מיילער.

מאַכט ר׳ אָשר בנעימותדיק:

– למען השם, פאַר ימים נוראים, אם־ירצה־השם, דאַרף מען זען טאָן מיט א ו נ ז ע ר חזן, וואָס כעלמער טוען מיט ז יי ע ר חזן.

– וואָס, וואָס, וואָס טהוט מען אין כעלם מיטן חזן? כאַ־כאַ־כאַ...

– שאַ. איהר לאַכט שוין? וואַרט אַ ווײַלעצקע. אין כעלם איז דאָ אַ שענער מנהג, גוט אָנצובּרעכען די בײנער דעם חזן, תשובה־צייט...

– צוליב וואָס, ר׳ אשר? זאָגט, זאָגט, זאָגט!..

– כּדי ער זאָל ראש־השנה דאַווענען מיט אַ צובראָכען הארץ.

– כאָ־כאָ־כאָ! – צוטרייסלען זיך אַלע חברהשע מילצען. עס הירזשען די באַלעגאָלעס, עס רעווען די קצבים, די שמשים בייסען זיך די בערד, מחמת בּכבודיגער איינגעהאַלטענקייט. אַפילו ר׳ יחיאל דער חזן אַליין ברומט לאַכענדיג מיט זיין לייבּען־קול.

– נאַ! – טראַכט זיך אָרע וואָכערגיק מיט פאַרדראָס – פאַרפאַלען, דאַכט זיך, אויך היי־יאָר מיינע גבאות!..

אין פרעהליכען טומעל קעהרט זיך אום קושקע־בראַנד צו זיין אָפּגעלאָזענעם חלק געגזענס, און דער קראַנקער קברות־מאַן קריגט אויך חשק צו פאַרזוכען פון ז יי ן חלק. קאַלופּעט ער מיטן גאָפּעל אין דער פאָלקע און קוקט זיך אום צי מען זעהט ניט, ווי ער האָט קיין כּח ניט...

קיינער זעהט איהם ניט אָן. ביי ביידע לאַנגע טישען באַאַרבייט דער עולם די חלקים אויף וואָס די וועלט שטעהט. מען שניידט דאָס געגזענס און מען פּאַסעוועט, מען רייסט עס און מען ברעכט ביינדלעך. מען טרענט אויף בייכיגע בלינטשעס – געפילט מיט ציבעלע־שאַלעכץ און מיט איינגע־פּרעגעלטע מעהל. אויף די טעלער – שמאַלץ, אויף די פינ־גער – שמאַלץ, אויף די ליפּען – שמאַלץ, און שמאַלץ אין אַלעמענס אויגען... די פאַרפרעגעלטע גריוועןְ־הויט איבער די

חלקים ברעכט זיך ווי אַ רויהער טונקעל־ברוינער שטיק בור־שטין. אַ פּאָרע פון הייסע שטערענס שטעהט איבער אַלעמען און אַ מחיהדיגער ריח פון געבראָטענס.

אַצינד קריגט דער עולם דורשט. ווערען געעפענט די ברייטע גרינע פלעשער. עס שוימט אַ האַניגדיגער שוים איבער די שוואַרצליכע, קליינשטעטעלדיגע „באַוואַרסקע" — בייעריש ביער הייסט דאָס — פון דער אמתער שקלאָווער מאַרקע. די צינגער האָבען זיך צובונדען נאָך מעהר. עס בליהען אויף באַקען, און אויגען פאַרגעהען אין תענוג און פלאַקערען ווידער אויף. מען ווערט צוקיצעלט און צוציקעלט און מ׳לאַכט פון פולען האַרצען איבער יעטוועדער קלייניגקייט. דער האָט אַ ניס געטאָן: כי־כי־כי! ביים סאַרווער האָט זיך אַ גליטש גע־טאָן דער פּאַלומעסיק: כאָ־כאָ־כאָ!.. די סטרונעס פון פרייד זיינען ביי אַלעמען אָנגעצויגען און ענטפערן אָפּ, ביי יעדען ריהר, מיט אַ פיל־טאָניגער, צעהן מאָל פאַרגרעסערטער ברו־מעריי. מען לאַכט פון יעדען מגושמדיגען וואָרט, וואָס דאַרף, דאַכט זיך, ווירקען ווי אַ דראָנג אויף די ריפּען. אַז מ׳וואָלט אַן אַנדערס מאָל געקיצעלט מיט אַ האַלאָבליע אונטער דער פּאַכווע, וואָלט מען דען געלאַכט? „קאַראַאויל" וואָלט מען דאָך געשריען! נאָר היינט לאַכט מען.

— ביי מיר, — רופט זיך אָפּ אַ בגילופינדיגער קצב און פאַרקרימט צוליב קאָמישקייט דעם מויל אויף איין זייט — ביי מיר האָט אַ קעלבעל אָפּגעקייט אַ ברעג טלית און אָראָפּ־געשלונגען אַ ציצה. דערנאָך האָט מען די ציצה געפונען ביי איהר אין צעפּצעכע...

— האָ־האָ־האָ! — דונערן אַלע בייכער.

דערצעהלט אַ באַלעגאָלע:

— אַן אָגער האָט זיך צו מיר פאַרנאַדיעט. יאָקים דעם פלאָטניקס אָגער. שדכנט זיך צו מיין קליאַטשע. קעהרט די וועלט.

— כע־כע־כע!

— אין אַ מזלדיגער שעה! — ווינשעוועט איהם זאוועל

שמייסער — זאָלסט דערלעבען פון אַזאַ טייערען איידעם קינ־
דער און קינדס־קינדער!
— האָ־האָ־האָ!

## 5.

דערזעהען די קבצנים ביים טיר און פענסטער. אַז דער עולם איז שוין גאָר נישקשהדינג אָנגעגעסען און אָנגעטרונקען, באַקומען זיי מוט, טרעטען־צו צו די טישען, שטעהען־צו צו חברהשע לייט, כאַפּען שיריים, בייזערען זיך, מאַנטשען, חנפה־נען, בעטלען. „אָיקעלע״ און „מחיהקעלע״ זיינען אויך דאָ: איינע שטופּט זיך מיט אַ זויערינקען פּנימל, די אַנדערע — מיט אַ זיסינקען. איינע זיפצט נאָך יעדען ביסען, די אַנדערע בענשט. מעהר ווי אַלע שטופּט זיך דאָ אַ מגושמדיגער איד, וואָס אַ קאַפּאָטע טראָגט ער אַ ברודיג־געלבע און עס גיט זיך פון איהם שטענדיק אָפּ מיטן ריח פון אַן אַלטער טאָרבע. זיין גאַנצער יחוס איז וואָס ער דערצעהלט, אַז ער האָט שוין גע־קליבען נדבות אין ארץ־ישראל. געווען שוין, זאָגט ער, אַפילו ערב־יום־כפור אויפן הר־הזתים און „געקליבען״ דאָרטען אויך... עפּעס גוטע זאַכען, פרעגט מען איהם, וואַקסען דאָרטען אין ארץ־ישראל? „בעריקעס״, ענטפערט ער, מיט אַ באַזונדער התוך הדבור. וואָס־זשע עסט מען דאָרטען צו וואַרעמס? „בעריקעס״, ענטפערט ער מיטן זעלבען לשון. וואָס הייסט „בעריקעס״? גלאַט בעריקעס? „בעריקעס מיט בוימעל״, ענטפערט דער ארץ־ישראל איד.

דאָס זיינען אַלע איינדרוקען וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון זיין ארץ־ישראל רייזע. און מיט דעם כח פון די הייליגע זכרונות וועגען „בעריקעס״, שטופּט ער זיך, מיט אַ טאָפּעלער און טעמפּער עקשנות, דאָרטען, וואו אַלע אַנדערע קבצנים האָ־בען שוין אָנגעוואָרען די כחות... רופט מען איהם דערפאַר „בערע בעריקעס״.

דערזעהט איהם זאַוועל דער שמייסער גאָר נאָהענט לעבען

די רעשטלעך אויף זיין טעלער, צולאַכט ער זיך און דערצעהלט וועגען בערע-בעריקעס הויך אויפן קול. ניט ער תאָט מורא, אַז יענער וועט זיך פאַרשעמען, ניט יענער פאַרשעמט זיך. אַדרבא, בערע-בעריקעס הערט וועגען זיך אויס די גראָבליכע מעשה, כאַפּט דערביי זשעדנע די שיריים און מרוקעט-צו עסענדיג. מסכים הייסט דאָס.

— איהר הערט דאָך, — דערצעהלט זאַוועל גאַנץ הפקר-דיג — דער נייער-נגיד האָט איהם איינמאָל געגומען אויף שבת. געגעבּען איהם אַ קליינינקען שטיקעל פיש און אַ סך יויך אין טעלער. טונקט בערע-בעריקעס די גאַנצע צייט די יויך מיט פרישע חלה. איין טונק—אַ האַלבע המוציא, אַ צווייטען טונק—אַ האַלבע המוציא. רוקט איהם אונטער דער נייער-נגיד דעם קאָרענעם ברויט. פיש, מאַכט דער נייער-נגיד, האָט ליב מען זאָל עס עסען מיט אַ שטיקעלע סיטנעם ברויט. און ביי אונז, זאָגט „בעריקעס״, עסט מען פיש מיט ווייסע חלה, אין ארץ-ישראל אויך אַזוי!.. אָפּגעזאָגט און „טונקט״ ווייטער. ווערט שוין שוין ביין די נייע נגידותטע. איהר ווייסט, זאָגט זי, ר׳ איד? ווייסע מעהל קאָסט ביי אונז זעהר טייער! „ס׳איז אָבער ווערט!״ גיט בעריקעס אַ בורטש און רייבט ווייטער. די גאַנצע חלה האָט ער ביים נייעם-נגיד אָוועקגעטונקט. כאָ-האָ-האָ!

— כע-כע-כע! — העלפט איהם לאַכען בערע-בעריקעס, ווי גאָר אַ זייטיגער מענש, און כאַפּט ווייטער פון די טעלער.

עס שווימען-אַרויס, וויגענדיג-זיך ביי די סאַרווער אויף די פלייצעס, די געהויבענע און מוראדיג-דיקע לאָקשען-טייגעכ-צען, אַלע זיינען זיי געפערטעלט און זעהען אויס ווי צושני-טענע, נעפּלאָכטענע, ברוין-לאַקירטע קערב, וואָס זענען אָנגע-פילט מיט אייער-לאָקשען, מיט געריבענע געהירען און מיט מחיה-דיגער געלבליכער ווייכקייט... אָנקוקענדיג אַזעלכע שמאַלציגע פּיפערנאָטערס ווערט דער עולם ערנסטער. די ברעמען כמורען זיך אָן, ווי ביי דיינים פאַר פסקענען אַ האַרבע שאלה: נאָך די שווערע חלקים פיש און פלייש שטעהט זיי אַצינד פאָר גאָר

ניט קיין לייכטע נייע האָרעוואַניע. אַ סך זיפצען אָפּ. נאָר גאָט וועט מסתמא העלפען!

— נאַ, — דערהערען זיך ביים עק טיש עטליכע ערנסטע קולות — גענוג צו חכמהנען זיך! אַצינד וועט אונז עפּעס זיי־דע־וואָיטעק דערצעהלען.

און וואָיטעק דערצעהלט צום צעהנטען מאָל מעשות פון זיינע אַמאָליגע חברים, אַלע ניקאָלאַיעווער סאָלדאַטען. ווי אַזוי, אַ שטייגער, שמחת־תורה, צו די הקפות, האָט זיך צוואַרעמט מורנו גרישאַ בר׳ דאַנילאָ זעליקאָוויץ. פון פרומער באַגייסטע־רונג האָט ער אַ הויב געטאָן זיין הקפה, ווי אַ גבר וואָס שפּילט זיך מיט אַ קינד:

— אָך, האָספּאָדי, תורהלע טי נאַשאַ!

פונם וואָרף־אַרויף האָט זיך אָבער פּאַרקאַטשעט דאָס מענ־טעלע אויף דער ריינינקייט, אַנטבלויזט די הילצערנע עץ־חיימס. גיט באַלד אַ שפּרונג־צו אַ צווייטער גאָטספּאָרכטיגער ניקאָלאַיעווער, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאַרן כבוד פון אלהי־צבאות, און צעשרייט זיך אויף מורנו גרישאַ בר׳ דאַנילאָ זעלי־קאָוויץ:

—ווי „דערעזשעסטו״ די תורהלע, דו סוקין־סין! פאַרדעק דער תורהלע די „נאָזשקעס״!

מיטן פרעהליכען טומעל, אַרום וואָיטעקן, באַנוצען זיך די טעלער־לעקער. זיי ווערען אַלץ מוטיגער. זיי כאַפּען שוין אַצינד חוצפּהדיג פון טיש און די שיריים ביי די סאַרווער אויף די פליי־צעס, פון די גרויסע פּאָלומעסיקעס. נאָר אַלע חברהשה לייט זיינען שוין אַזוי איבערגעפילט מיט טייגעכץ, אַז זיי קוקען אויף דעם מיט פאַרגאָסענע און גנאָדיגע אויגען. נאָר בועז, דער נגיד אין מגילת־רות, האָט אַזוי גוטמוטיג געקוקט אויף די „קלייבער״ אין זיינע ברייטע שניט־פעלדער... און, באמת, די פעטע רעשטלעך, סוף סעודה, דאָס זיינען דאָך די „פאה״, „שכחה״ און „לקט״ *)

*) מצוות, וואָס זיינען אַמאָל געווען פאַרבונדען מיטן שניט אויף די פעל־דער אין אידישען לאַנד.

אויף די זאַטע חברהשע טישען, ווי אין אַמאָליגע צייטען — אויף די פעלדער פון יהודה... טו זאָלפן זיי — די שקלאָווער אָדימעלייט, כאַפּען געזוונטשינקערהייט!

גבאי ר' אשר האָט זיך ווידער פאָסטאַרעט... היינטיגען יאָהר אַ נייעס! אַלס אַ צווייטע פאַרבייסעכץ, נאָך דער סעודה, דערלאַנגט מען נאָך שוואַרצע פלוימען, געדיכט איינגעקאָכט מיט געגזענע „פלאָשצינעס" און מיט קאַרטאָפליעס צוזאַמען. ס'איז אַ גרונטאָווּנער צימעס, אין וועלכען ברוין און שוואַרץ און פעט לויפען געוועט. ער האָט אַ הפלאדיגען, האָניגדיגען ריח, דער צימעס, און אַ טעם — אַ כפּרה אַלע קאָמפּאָטען אין דער וועלט! נאָר פסח-צייט פאַרגינט מען זיך אין שקלאָוו אַזאַ צימעס. און אויך דאַמאָלסט — ניט אַזאַ זיסען און ניט אַזאַ פעטען ווי ביי חברה-לויה. נאָר ר' אשרן און חברה-קדישא, צו דער סעודה, איז קיין זאַך ניט טייער.

גיט קושקע-בראַנד שלעפעריג אַ שמעק, דערנאָך פאַרזוכט ער אַ לעפעל מיט פוילער איבערגעזעטיגטקייט, און טשוכעט זיך גלייך אויס. האַ? וואָס איז דאָס? וואָס זאָגט איהר עפּעס? אַ טעם! אַי-אַי-אַי!

פאַרגינט ער זיך ניט אויפצועסען אַזאַ טייערען צימעס „מיט נישט", און גיט זיך אַ נעם רייבען די פעטע פלוימען-קאַרטאָפליעס מיט אַ שטיק פרישע חלה. און אַלע קוקען און שטוינען. אַזאַ צוביים איבערשטייגט שוין אַלע בּאַגריפען פון אַ קישקע אָהן אַ דעק. דער דורשט פייניגט קושקען נאָך אַזאַ האָניגדיגען הייסען ביסען. און זיין בוטעל ביער איז שוין לאַנג לעדיג. מאַנטשעט ער נאָך אויס ביי זיין שמייסער אַ ביי-סעל געטראַנק, וואָס איז ביי יענעם איבערגעבליבען אויפן דעק פלאַש. אַראָפּגעשוועגקט דעם צימעס און אָטכאַיעט זיך. די אָנגעפּאַקטע חברהשע-לייט ווערען מיד און שלעפערדיג. מונטערט זיי דער גבאי אויף און שאָקעלט זיי פאַנאַנדער. פון זיין אויבענאָן שרייט ער אויף זיי פאָטערליך אָן:

— נאַ, נאַ!.. אַ ניגון, אידען, אַ ניגון!

— אַ ניגון, אַ ניגון!

מען זינגט „אחד אלהינו" אונטער ר' יחיאל דעם חזנס אָנפיהרונג. מען זינגט „אחד מי יודע" לויט מאָטע מארשע־לאָקס נוסח מיטן „האָפּ־טשאָק מאַרשעלאָק, מיט איין באָרוועס, מיט איין זאָק"... און מען געהט איבער אויף חסידישע ניגונים. מען זינגט דעם אַלטען רבינס ניגון מיט התלהבות. דערנאָך — ניגונים פון אַלע חסידישע טישען אין רייסען. אַ קאַפּוסטער שטייגערל, אַ ליובאַוויטשער, אַ סטראָשעלער. און גאָר אַ שפּאָ־געל־נייעם זמרל, וואָס דער „חוזר" האָט דאָ ניט לאַנג געבראַכט פון אַ רבינס טיש.

אָבער אויך די חסידישע ניגונים שעפּען זיך אויס. די העלזער ווערען הייזעריג, די נעזער שלעפּערדיג. פּאַלט ר' יחיאל דער חזן אויף אַן המצאה:

— שאַט, אידען! לאָמיר גאָר אַצינד זינגען דעם אַלטען־רבינס אַדרעס. שמחת־תורה אין קאַפּוסט האָט מען איהם געזונ־גען ביי ר' לייבעלען — זיין איינִיקעל. אַט אָ הערט:

אזאוו מיאַסטעטשקו ליאַדי—יו
מאָגילעווסקו גובערני—יו
דוכאַוונאָמו ראַבינו—ו
שנייער־זלמענ—יו!

די אויסטערלישע גויעשקע ווערטער מיטן מאָדנעם אידי־שען טעם, מיטן ביים־הארץ־ציהענדיגען חסידישען ניגון צופּלאָ־קערן ווידער אַמאָל דעם איינגעשלאָפענעם חשק צום געזאַנג. ציהט מען אָפּ אויף טשער מיט ר' יחיאלן פּאַוואָליע, האַלב־פרעהליך, האַלב־טרויעריג, איינמאָל אָפּגעזונגען נעמט מען זיך צום אָנ־הויב אַדרעס מיט אַ טאָן העכער און מיט אַ גיכערען טעמפּ: אַי, אזאוו מיאַסטעטשקו...

באַדייט דאָס אויף מאַמע־לשון:
אַי, אין דאָס שטעטעלע ליאַדי*)
פון גובערניע מאָהילעוו,

*) ליאַדי — די אַמאָליגע רעזידענץ פונם אלטען רבין ר' שניאור זלמן שניאורסאָן.

צו דעם הייליגען רבין
שניייער-זלמנען.

צום דריטען מאָל ווערט דער אַדרעס געזונגען נאָך גי-כער און נאָך העכער. און צום פערטען מאָל פאַרגעהט ער שוין אין אמתן חסידישען קוויטש, ווען די אויגען ברענען ווילד און די קעפּ וואַרפען זיך ווי קוסטעס אין אַ זאַוויערו-כע און הענט פּאַטשען צום טאַקט, אַלץ געשווינדער און גע-שווינדער, און גבאי, חברהשע-לייט, סאַרווער און טעלער-לע-קער גיסען זיך צוזאַמען אין איין זינגענדיגען שטורעם, שפּעט אין דער נאַכט, אין עזרת-נשים פון לויזה-בית-מדרש:

...אַי דוכאָוונאָמוּ ראַבינו—ו
שנייער—זאַל—מען—ניוּ!

# קושקע כאַפּט דעם פּסק

## 1. *זאַוועלס עצה*

בשעת חברה־קדישא פאַרגעהט זיך נאָך אין די הויכע טענער פון רבין שנייאורסאָנס „אַדרעס", ווערט זאַוועל שמיי־סער עפּעס אומרוהיג. דאָס געמישעכץ פון בראַנפּען און ביער, וואָס ער האָט אין זיך אַריינגענומען, צושפּילען זיך אין איהם. דאָס געבראָטענע גענזענס קעהרט וועלטען... מאַכט ער צום באַלעבאָס זיינעם, צו קושקען:

– איהר ווייסט? די אַלטע שקראַבע – סענדעריכע – קאָכט דאָך דאָ היינט אַ גאַנצינקען טאָג.

– נו? – פרעגט קושקע שלעפּערדיג און פאַרשטעהט ניט וואוהין זיין שמייסער בויגט.

– היינט וואָס זיצען מיר דאָ מיט די כניאָקעס? – רעדט זאַוועל שטילערהייט און ווינקט צו יצר־הרעדיג מיט איין אויגעל. מערע איז דאָך אייבינקע אַליין...

דאָס בלוט גיט זיך קושקען אַ וואָרף אין קאָפּ. אָנגעגעסען ווי ער איז און אָנגעפּאַיעט ווי אַן אָקס, האָט ער נאָך פונדעסטוועגען געצוגן כח־הדמיון פאָרצושטעלען זיך סענדערס טאָכטער אין איהר גאַנצער גלוסטיגער ווייבליכקייט, וואָס האָט זיך אַזוי צובליהט נאָך דער חתונה מיט פאַנדרען – זיין שונא. ער האָט דאָך איהר שטענדיג נאָכגעקוקט, ווי אַ קאָטער נאָך פלייש, און באַלעקט זיך. נאָר סענדערס חסידישקייט און פאַנדרעס אימה האָבען שטענדיג געשוועבט אַרום איהר, ווי

אַ וואָלקען, געמאַכט אַ מחיצה צווישן איהר און זיין גראָביונג־שאַפט. אָבער אַצינד... סענדער — דערטרונקען, פאַנדרע — אין אָסטראָג, סענדעריכע פאַרנומען. היינט וואָס שווייגט ער?.. ניין! אַ מזיק איז דאָס, ניט קיין מענש, אָט דער זאַוועל!

— אָט! — ענטפערט קושקע אין זיין ערשטען נאָכטראַכטען, גלאַט אין דער וועלט אַריין.

נאָר זאַוועל שמייסער לאָזט איהם ניט אָפּ:

— איך געדענק נאָך — מאַכט ער — פאַראַיאָהרען ווינטער, ביים אָרשער וואָקזאַל, בשעת איהר האָט געגעסען קאַשע פון האַלאַטשיק, האָט זיך פאַנדרע צוגעטשעפּעט. אַפריהער האָט ער געמאַנטשעט אַ „קאַפּ קאַשע", דערנאָך האָט ער זיך געוואָרפען שלאָגען. איהר האָט איהם עפּעס אַ זאָג געטאָן מכח זיין מערען: „כ'וועל פון דיר באַלד מאַכען אַ רויטע קאַשע!" האָט ער געשריען...

— מילא, — ענטפערט קושקע, כלומרשט גלייכגילטיג, און דאָס גאַנצע איבערגעהיצטע בלוט זידט אין איהם. ער געדענקט גאַנץ גוט ווי ער האָט מורא געקראָגען פאַר פאַנדרעס קולאַקעס, און איז געווען צופרידן וואָס די באַלעגאָלעס האָבען זיך אַריינגעמישט און ניט דערלאָזען.

— איך אויף אייער אָרט, — בונטעוועט איהם ווייטער זאַוועל דער אויסוואורף, — איך וואָלט איהם ניט פאַרשוויגען, אַצינד, אַז די אידענע איז אַליין —

— אָה, — גיט קושקע פאַרדראָסיג אַ מאַך מיט דער האַנט, — אַזוי גוט ווי ער... אַ שטיין איז דאָס, ניט קיין אידענע...

— כהע! — גיט זאַוועל ממזריש אַ לאַך, — שוין געזעהן אַזעלכע צדיקותטעס! איהר קענט ניט קיין נקבות, וואָס זיצען אַזוי לאַנג אָהן אַ מאַן. מ'דאַרף נאָר אָנטרעפען די גוטע שעה...

ביי קושקען צוגליהען זיך די פאַרגאָסענע אויגען. ער דערמאָנט זיך ווי מערע איז לעבען איהם געזעסען גאָר נאָהענט, דאַמאָלסט... בשעת ער איז אָנגעפּאָהרען מיט „שמענדריקען"

צוריק פון מאַקאַראָווקי און אַרויסגעלייגט די עטליכע רובעל אויפן טיש. אַפילו אַ גלאָז טיי האָט זי איהם דערלאַנגט און געשמייכעלט. „שמענדריקע" וואָלט זיך דאַמאָלסט ניט געוועהן אָנגעזליאָקעט מיט אייז־וואַסער און ניט אַנידערגעפאַלען — וואָלט אפשר דערפון עפּעס אַרויסגעקומען. מ׳קען ניט וויסען... געוואַלד, וואָס פאַר אַ טאַרעראַם דאָ איז! וואָס פאַר אַ זינגעריי! משוגע קען מען ווערען!...

פון גלוסטעניש און פון טומעל האָט זיך קושקעס פעטער שטערען פאַרקרימט ביזן פליך. און זאַוועל האָט, מיט דעם חוש פון אַ יצר־הרעניק, געטראָפען גלייך אין פינטעל אַריין:

— קומט!

אָט דער דאָזיגער פילדייטיגער „קומט" פאַרדרעהט קושקעס ניט־לויטערען קאָפּ אינגאַנצען. פונדעסטוועגען שלאָגט ער זיך נאָך מיט דער דעה. ער האָט מורא:

— ע... כ׳דאַרף נאָך נעמען אַ חלק סעודה אַהיים... פאַר דער ווייב...

— טאָ קומט געמען! — לאָזט איהם זאַוועל ניט אָפּ.

באַלעבאָס און שמייסער דרעהען זיך ביידע, שטילערהייט, אַרויס פון צווישען דעם זינגענדיגען, ליאַרעמדיגען עולם. קושקע בראַנד שטופּט זיך שווער אַדורך מיט זיין ברייטען געזעס, מיטן גרויסען קאָשיק אין האַנט און מיט זיין „צעטעלע". ס׳איז דאָס קוויטעל צום אויבער־סאַרווער, פונם גבאי ר׳ אשר אַליין אונ־טערגעשריבען, אַז מ׳זאָל דעם מוכ"ז (איבערברענגער) אַרויסגע־בען אַ חלק פיש און אַ חלק פלייש און אַ חלק „טייגעכץ", צו נעמען אַהיים. יאָ, ניט אַלע לעבעדיגע חברהשע לייט באַ־קומען אַזאַ קוויטעלע, סיידען אַ חברהשער מאַן שטאַרבט, ניט פאַר קיין אידען געדאַכט, באַקומט דאָס די פאַמיליע עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד. נאָר קושקע בראַנד, אָט דער קופּערנער שטע־רען, וואָס איז אַזוי שטאַרק, ווען מען דאַרף רייסען קבורה־געלט, האָט זיך אין חברה־לויה זיינע פּריווילעגיעס...

ביידע געהען דורך דעם לאַנגען, טונקעלען פירהויז, וואָס איז נאָר באַלויכטען פון דער ווייטער קהלשער קיך אין הויף.

טאַפּענדיק אין דער האַלב־טונקעלקייט, האַלט זאַוועל אין איין אויפרייצען זיין באַלעבאָס. אַזאַ אויסוואורף איז דאָס!

— איך אויף אייער אָרט... כעהע!... עפּעס האָט איהר אַזוינס געדברט וועגען סענדעריכען, נאָך זיין טויט, אַז ער האָט, הייסט דאָס, דערהרגעט אַן ערל אין וואַלד... קלייבען זיך פאַנדרעס גוטע ברידער צו פאַרמסרן אייך, אָט ווי נאָר נח ועט אַרויס פון אַסטראָג. עס חלשט זיך זיי אַ געשלעג, טו זאָל כאָטש זיין פאַר וואָס...

נאָר גראָד דאָס וועקט אויף אין קושקע־בראַנדס פאַר־פרעסענעם קאָפּ אַ ביסעלע חשד:

— הער נאָר, זאַוועל, אויב דו ביסט אַזאַ קנאַקער אויף ווייבער, טאָ פאַרוואָס שלעפּסטו עפּעס מיך צו פאַנדריכען? געה אַליין!

— אַפריהער איהר — חנפעט זיך זאַוועל שמייסער — דערנאָך איך. איך, אַז איכל אָנקלאַפּען... ווער בין איך? זי וועט מורא האָבען. אָבער איהר, באַלעבאָס, אַן אַמאָליגער אַריינגעהער אין שטוב, אַ זייער־גלייכען...

אין דער גרויסער האַלב־אויסגעלאָשענער קיך נעמט אָפּ קושקע־בראַנד, אויף זיין צעטעלע, דעם דאָפּעל־חלק פון דער סעודה פאַר ווייב און קינדער. דערזעהט ער סענדעריכען צווי־שען די פאַררויכערטע קאָך־אידענעס. זיי אַלע זיינען אַצינד פאַרנומען מיט אויפראַמען די קהלשע קיך. פון די האַלב־גע־רייניגטע קעסלען טראָגט זיך אַ פאַרע און אַ געדיכטער טשאַד פון שמאַלץ און אָפּפאַל, דער זויערליכער ריח פון סקאָווערדעס נאָך אַ גרויסען געפּרעגעל.

גיט איהם זאַוועל שטילערהייט אַ שטויס מיטן קני. ס׳הייסט: „נו, אַט זעהסטו? מערע איז טאַקע אייניקע אַליין אין שטוב..."

ווענדעט זיך קושקע צו סענדעריכען, כלומרשט זעהר פריינטליך און זעהר געלאַסען. נאָר די אויגעלעך לויפען ביי איהם אַרום גאָר אומרוהיג:

— אַה! גאָרניט געוואוסט, אַז איהר זיינט דאָ!... וואָס מאַכט מען עפּעס?

סענדעריכע האָט אויף קושקען אַ צאָרן פון לאַנג אָן: אויסער דער באַהאַלטענער שנאה צווישען צוויי פאַמיליעס, וואָס קאָנקורירען שוין דורות־לאַנג אין באַלעגאָלישען צעך, קען זי נאָך אָט דעם קושקען ניט מוחל זיין פאַר „שמענדריקען", וועלכען ער האָט מיט אַ יאָהר צוריק איבערגעהיצט און פאַר־שמיסען: אומגליקליך געמאַכט שמענדריקען. און סענדערן אויך אפשר... עס ברענט איהר דאָפּעלט דערפאַר, וואָס זי איז דער־ביי אַזוי שולדיג ווי קושקע־בראַנד אַליין. דאָס האָט זי צוגע־רעדט סענדערן, עליו השלום, צו פאַרדיגען אַזאַ ציטערדיג פערדעל. סענדער האָט ניט געוואָלט. ס'האַרץ האָט איהם גע־זאָגט... זי קען פון דאַמאָלסט אָן קושקען אין די אויגען ניט קוקען, ווי אַ מיטהעלפער אין אַ פאַרברעכען. שווייגט זי, אַראָפּלאָזענדיג דעם קאָפּ אין אַ קופערנער פאַן, און ענטפערט קושקען אַ וואָרט ניט.

פאַרדריסט קושקען אַזאַ גרויסהאַלטעריי און אַזאַ ברוגזען זיך פון אַ וויסטער אלמנה, פון אַזאַ קבצנטע, ווי סענדעריכע איז געוואָרען נאָכן מאַנס טויט און נאָכן אַרעסט פון איהר איידים. צורייצט דאָס איהם, אין זיין כמורנער אָנגעגעסענקייט, נאָך מעהר. רעדט ער שוין צו איהר מיט אַ געזאַלצען גע־לעכטערל:

— איז ווילט איהר גאָרניט שיקען דער טאָכטער אייע־רער? זי קוקט דאָך שוין אויס די אויגען נאָך אַ שטיקעל טייגעכץ...

ענטפערט שוין סענדעריכע מיט ביטערער פאַרביסענ־קייט:

— ניט דיין קאָפּווייטאָג, גראָבער נפש דו!

— פססססס! מאַכט קושקע, כלומרשט מיט ביטול — מ'טאָר גאָר ניט פרעגען?

— וועסט קומען פורים — זידט ווייטער סענדעריכע —

וועסט ברייגגען אימיצענס שלח-מנות, וועל איך דיר שענקען צוויי קאָפּיקעס.

אַזאַ ביס אין קושקעס גראָבּער הויט אַריין רופט אַרויס אַ דריבּנעם געלעכטערל בּיי די קאָך-אידענעס.

קושקע ווערט רויט ווי פייער, נאָר ער שעמט זיך אָפּ-צוטרעטען, ווי אַן אָפּגעשמיסענער, פון דער כאָפּטע פּאַרדריפּעטע ווייבער. סיקעט ער נאָכאַמאָל, מיט איבּערגעטריבּענער פּאַראַכ-טונג. דורך די פּאַרשטשירעטע ציין סיקעט ער:

— פּססססס!

זאַוועל שמייסער, ווי זעהר אַן איבּערגעבּענער משרת, העלפט אַרויס זיין קלאָציגען באַלעבאָס. ער כאַפּט קושקעס קאָשיק, וואָס איז אָנגעלאָדען מכל טוב, אוןביידע לויפען זיי אַרויס אויף דער גאַס. אין קושקעס איבּערגעזעטיגטען, גרויסען גוף קאָכט אַ בייזקייט, ווי אַ ביטערער שוים. ניין! ער מוז זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּרעכענען מיט סענדערס משפּחהלע. שטענדיג טשעפּעט מען זיך, שטענדיג רעדט מען מיט איהם פון אויבּען אַראָפּ. דאָס — סענדער „עליו־הסנאָבּעל” אַליין, מיט זיין חסידיש און מיט זיינע למדנות, דאָס—פּאַנדרע, זיין שענער איידימעל — ביים אָרשער וואָקזאַל, דאָס סענדעריכע — די יענטעצקע זיינע. אויך אַ נפש! די איינציגע, וואָס איז נאָך צו דערטראָגען, איז פּאָרט פּאַנדריכע...

און דאָ שפּרייזט נאָך זאַוועל ביי דער זייט, מיטן פולען קאָשעק אין האַנט, און רוימט אַריין:

— נו! געזעהן אַ פּאַראַד? מ'וועט אייך שוין פּאַרמסרן פאַר פּאַנדרען. טאָ זאָל כאָטש זיין פאַר וואָס...

— קום! מאַכט קושקע פלוצלונג — לאָמיר איהר אָנ-קלאַפּען, — פּאַנדעריכען! מיר געהען סיי ווי סיי פּאַרביי.

— איך אויף אייער אָרט — שעפּטשעט זאַוועל מיט שכל — וואָלט ניט אָנגעקלאַפּט גלאַט אַזוי. אַזאַ שלייען ווי מערע דאַרף מען וויסען ווי צו נעמען... אַזאַ גליטשט זיך פון האַנט. גלאַט אָנקלאַפּען? פּע!

— נו, נו? — פרעגט קושקע.

— מ׳דאַרף אָנקלאַפּען און זאָגען: די מאַמע ט׳דיר גע־שיקט דיין חלק סעודה. דאָס וועט זיין די בעסטע זאַך.

— וואָס באַרעסטו מיר אַ קאָפּ? — בלייבט שטעהן קושקע בראַנד — וואו וועל איך איהר נעמען חלקים, וואו וועל איך?

— וואו נעמען? — מאַכט זאַוועל און קוקט אַריין אין פולען קאָשיק — נעמט פון דאַנען. אייער פּעסיען וועט אַ העלפט אויך גענוג זיין. נישקשה, אַזאַ נקבה ווי מצרע, איז עפּעס מעהר ווערט.

קושקעס נאָזלעכער ציטערען. זאַוועלס עצה רופט אַרויס אַ מאָדנע אויפרעגונג אין אַלע זיינע אָנגעגאָסענע גלידער. אונטערצוקויפען אַ פערמד ווייבעל מיטן חלק גאַנז פון זיין אייגענער אידענע — דאָס איז טשיקאַווע. דאָס שמעקט מיט הייסע זינד. שדים ווייסען וואָס דאָס איז!

— גערעכט! — מאַכט קושקע און נעמט איבער דעם פולען קאָשעק פון דעם שמייסערס הענט — מיין אידענע קאָן זיך באַגעהן מיט אַ העלפט אויך. האָ־האָ!...

— אָבער געדענקט, באַלעבאָס! — באַלעקט זיך זאַוועל — אַפּריהער איהר, דערנאָך איך. איהר זיינט בילכער. דערנאָך איך... סענדעריכע, זאָגט איהר?... אָה, די אַלטע שקראַבע וועט אַזוי גיך אַהיים ניט קומען. זי האָט נאָך צו טאָן אין דער לויה־קיך ביז פאַרטאָג.

קושקע ווערט ביי זיך גאָר האָפערדיג פון אַזאַ ווייררוך, וואָס זיין שמייסער רויכערט איהם. עס ציהט איהם אַ מין זיסע קעלטעל דורכן רוקען. אַזאַ קעלטעל האָט ער אַמאָל גע־שפּירט פאָהרענדיג צו דער ווייב, נאָך אַ צוויי־וואָכעדיגען אַרומ־טרייבען זיינע פערד אין דער פרעמד... עט! מען איז נאָך, געלויבט דער אויבערשטער, אַ מאַנסביל! מ׳עט נאָך ווייזען אַזעלכע גבורות ווי פאַנדרע קען!... וויבאַלד אַזאַ יונגאַטש, ווי זאַוועל שמייסער, גיט נאָך איהם, קושקען, אָפּ די בכורה.

ניט וועניגער צופרידען איז ביי זיך זאַוועל, וואָס מיט אַ הייפּעל לשון האָט ער איינגאַנצען אָפּגעקויפט זיין באַלעבאָס.

זאָל ער זיין דער ערשטער. און טאָמער עפּעס אַ צרה — זאָל עס בעסער אויסגעהן צו קושקעס קאָפּ. אָה! אַזאַ אידענע ווי פּאַנדרעס ווייבעל האָט לאַנגע הענט. מ'קען ניט וויסען.

זיי האָבען זיך שוין געווען דערנעהנטערט צום ליובאַ-וויטשער בית-מדרש לעבען דער אָזערע. נאָך איין פּאַרקעהר און זיי וועלען שוין זיין גאָר נאָהענט צו סענדערס הייזקע. אָבער פּלוצלינג וואַקסט אויס הינטער אַ ווענגעל חיה-שרהקע די משוגענע. ווי פון אונטער דער ערד שפּרינגט זי אַרויס מיט איהר פּאַסקודנינקען געלעכטערל, און באַגלייט אַוועק אונזערעביידע קאַוואַליערען מיט איהר ניט-גוט לידעלע:

ניטשיינע האָב איך אַ שמעק געטאָן
דאָ, אויבעט דאָ!
פאַרן פּופּיק, פאַרן טייגעכץ,
דאָ, טאַקע דאָ.
פאַר די קלעפּ און האַלז-און-נאַקען —
איכאַ, איכאַ, כאַ!

קושקען גיט אַ טיאָכקע אין האַרצען, צי האָט זי עפּעס ניט אונטערגעהערט, די משוגענע?... צעהן אויערען האָט זי דאָך, אָט די חיה! און קלעפּ?... וואָס פאַר אַ קלעפּ? גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין וועט חיה-שרהקע ניט זינגען. אַ ניט-גוטער אָנזאָג, אַפּנים. אָדער אפשר מיינט זי נאָר דעם שטויס, וואָס ער האָט איהר פריהער געגעבען אין לויה-בית-מדרש? ניט געדאַרפט זיך אָנהויבען מיט אַזאַ משוגענער...

אָבער זאַוועל שמייסער שרעקט זיך גאָר ווייניג פאַר חיה-שרהקעס שלעכטע נביאות. ער כאַפּט אַ האַרטען שטיק שניי און וואַרפט איהר נאָך:

— אַוועק, דו! „סאַמאַסעץ”!

חיה-שרהקע אַנטלויפט מיט אַ קוויטשעדיגען כיכיקען. און קושקע קלערט נאָך אַ ווײַלע. אָפּטרעטען צוריק, אַזוי נאָהענט

ליעבן סענדערס הייזקע, פּאַסט שוין אינגאַנצען ניט. גיט ער נאָר זאַוולען אַ שטויס מיטן. איילענבויגען:

— הער, דו! אָנקלאַפּען דער ערשטער וועסטו!

## 2. אַ שוואַכע מינוט

דורכן שיטערצן דרעמעל, ווי עס דרעמלען מענשען, וועלכע האָבען זיך געלייגט שלאָפען האַלב-הונגעריג, האָט מערע דערהערט אַ קלאַפּען פון דער קליאַמקע אין פירהויז. זינט דער מעשה מיט דער צוריסענער ציג, וואָס דער וואָלף האָט אַוועק-געטראָגען צוזאַמען מיטן לייטער, איז זי געוואָרען שרעקעוודי-גער. כאָטש קיין ציג אין פירהויז איז שוין, ברוך-השם, מעהר ניטאָ. זי האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט און געפינטעלט מיט די אויגען אויפן נאַכט-לעמפּעל. אויף דער וויגעלע מיט איהר איינגעשלאָפען עופהלע. די מאַמע זאָל שוין אַזוי גיך קומען פון דער חברהשער סעודה?

פון געוואוינהייט האָט זי אַ קוק געטאָן אויפן וואַנט-זייגערל. דער „שניידערשער" זייגער מיט איין וואָג איז גע-שטאַנען. זינט דער טאַטע איז אומגעקומען איז דער זייגער קאַליע געוואָרען און קוקט מיט פאַרגלאָצטע ציפערס אויפן באַמאָלטען ציפערבלאַט, און מיט אַן אַרויסגעשטעקטען לאַנגען אומרוה: בע!

דאָס קלאַפּען מיט דער קליאַמקע האָט זיך איבערגעחזרט. ס'איז אָבער ניט געווען אַ-זיכערער קלאַפּען פון אַ שטוב-מענש, נאָר פון איינעם, וואָס איבערלייגט זיך: יאָ באַאומרוהיגען, צי ניט?...

מערע איז גלייך אַראָפּגעשפּרונגען מיט איהרע לאַנגע גע-טאָקטע פיס, אויפגעעפענט אַביסעלע די שטוב-טיר און אַ פרעג געטאָן:

— ווער איז דאָס דאָרטען? מאַמע, דו?

ענטפערט איהר, הינטער דער פירהויז-טיר, אַ באַקאַנטער הייזעריגליכער קול פון אַ מאַנסביל:

— די מאַמע האָט דיר געשיקט גוטע זאַכען, די מאַמע!

מערע האָט דערקענט דעם קול:

— דאָס ביסטו, קושקע? וועלכע גוטע זאַכען?

— פון דער סעודה. זי אַליין קומט שפּעטער.

מערע האָט זיך אַ ווײַלע געקווײַנקעלט. זי האָט ניט געוואוסט וויפיל ס'איז דער זייגער. אפשר איז שוין צו שפּעט צו עפענען פאַר אַ פרעמדען?... אָבער דאָס האַרץ האָט איהר שטאַרק געצויגען. דאָס איז געווען יענע האַרץ־ציהעניש פון אַ געזונטער מוטער, וואָס זויגט אַ קינד און וואָס איז גרייט אַ קיי צו טאָן אַפילו אינמיטען דער נאַכט. דערצו נאָך איז זי, די מאַמע איהרע, שוין צוויי טעג ניט געשטאַנען אין מאַרק בײַ איהר טישעל. געווען אַלץ פאַרנומען מיט דער סעודה פון חברה־לויה און אין שטוב האָט מען זיך ווי־ניט־איז געשפּייזט מיט ברויט און טיי, מיט רויע זויער־קרויט. האָט זי, נאָך אַ רגעלע טראַכטען, נאָך אַ מאָל אַ פרעג געטאָן:

— צוליב וואָס האָסטו זיך געדאַרפט מטריח זיין?

— אַז די מאַמע דיינע האָט געבעטען, די מאַמע... מערע, זאָגט זי, וואַרט, און דו געהסט פאַרביי...

מערע האָט אין קושקעס הייזעריגקייט דערפיהלט, אַז ער איז אַ ביסעל „מלא" און ער אָטעמט שווער. נאָר די ווערטער זיינע האָבען פאָרט געהאַט אַ געוויסען טעם. קושקע וואוינט דאָך דאָ אין עק גאַס און די מאַמע ווייסט, אַז אין שטוב איז מעהר ווי סקאָרינקעס גאָרנישטאָ... האָט זי זיך באַלד איבער־געלייגט: וואָס איז זי עפּעס אַ פּיצעל קינד? אָט דאָ, אינם זעלבען פּיר־הויז, האָט זי געפּאַטשט אַ שטאַרקערען ווי קושקע בראַנד. פאַנדרע אַליין, פאַר חתונה, האָט דאָ געקראָגען דעם גוטען פלעם, אַזש בלוט האָט געשפּריצט.

— וואַרט! — מאַכט זי אַנטשלאָסען צום פאַרשוין הינ־טערן טיר — וואַרט אַ ווײַליטשקע!

מיט איין שפּרונג־צו האָט זי אַרויסגעצויגען פון אונטערן בעט דעם טאַטענס וואַרעמע שטיוועל: די גאַנצע ירושה, וואָס איז נאָך איהם איבערגעבליבען, און וועלכע זי טוט שטענדיג

אָן, ווען זי געהט שעפּן וואַסער פון ברונים. זי איז טיף אַריינגעפּאָהרען אין זיי מיטביידע באָרוועסע פיס, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך אַ קליידעל און די רויטע שטוב־פּאַטשיילע. הינטער דער פּיר־הויז־טיר האָט מען געדולדיג געוואַרט. יאָ, קושקע־בראַנד איז אַ גאַנץ גוטער שכן. פונדעסטוועגען.... זי ווייסט אַליין ניט פאַרוואָס. איהר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז קושקע איז ניט אַליין.

אין די מאַנסבילשע שטיוועל האָט זיך מערע דערפיהלט אַ סך שטאַרקער און פרייער, ווי פריהער אין בלויזען העמד און אין ווייבערישען נאַכט־קאָפּטעל. און ניט קוויינקלענדיג זיך מעהר קיין רגע, האָט זי אויפגעריגעלט די פירהויז־טיר.

דאָס ערשטע, וואָס זי האָט דערזעהן, ביים אָפּשיין פון קיך־לעמפעל, איז געווען: אַ פּאָר פעט־פאַרגאָסענע אויגען און די דערהיצטע רויטקייט פון קושקעס געזונטער צורה... דאָס וואָלט זי אפשר אַ ביסעלע אָפּגעשראָקען. אָבער גלייך נאָך קושקעס מאָדנעם קוק האָט זיך, דורך דער האַלב־אָפענער פיר־הויז־טיר, דורכגעשטופּט אַ פולער קאָשעק.

מערעס שאַרפע נאָז, וואָס האָט שוין לאַנג ניט געפיהלט דעם ריח פון אַ גוט געקעכץ, האָט גלייך דערשמעקט אַ מחיה־דיגען דאַמף פון פאַרקיהלטע גענזען־שמאַלץ, פון געריבענע געלכלעך מיט לאָקשען, פון פיש־יויך. דאָס האָט אינגאַנצען פאַרשלונגען איהר ווייבערישע אָנגעשפּיצטקייט. דאָס האָט זי כמעט ווי באַרוהיגט. הייסט דאָס, אַז די מאַמעלע איהרע האָט טאַקע געזאָרגט פאַר איהר...

זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צוצונעמען דעם פולען קאָשעק פון קושקעס הענט. אָבער קושקע האָט זיך מקדים געווען:

— דער קאָשעק איז מיינער, און די טעפּלעך... די טעפּלעך דאַרף איך אָפּטראָגען צוריק...

האָט שוין מערען מעהר ניט געפּאַסט צו שטעהן אין דער טיר און זיין גראָב געגען אַ שכן, וואָס האָט זיך צוליב איהר מטריח געווען.

— נו, — מאַכט זי פֿאַרלעגן — טאָ קומט אַריין אַ חיי־לעצקע.

קושקע האָט שווער און ניט זיכער אַריינגעשפּרייזט. מיט אַ זייטעל אַריינגעשטופּט זיך. מערע האָט הינטער איהם פֿאַר־מאַכט די פֿיר־הויז־טיר. דערנאָך די שטוב־טיר און גלייך גע־כאַפּט אויסשטעלען אויפֿן קאָכשטוב־טיש עטליכע טעלער, גע־נומען אַרויסלייגען פֿון די וואַרעמע טעפּלעך די שענע חלקים פֿיש און פֿלייש און טייגעכץ.

אַריבערלייגענדיג אַזוי, מיטן רוקען צו קושקען, אַזעלכע געשמאַקע שטיקער, איז איהר פֿאַרגאַנגען דאָס האַרץ. זי האָט אַזש דערפֿיהלט אַ וועהטאָג אונטערן לעפּעלע. שוין לאַנג ניט געזעהען אַזעלכע גוטע זאַכען! און אין דער זעלבער צייט האָט זי געפֿיהלט, אַז קושקע בראַנדס פֿאַרגאָסענע אויגען גע־מען זי דורך פֿון הינטען, אַז ער באַגלייט, מיט אַ מאָדנער עקשנות, יעדען קעהר פֿון איהר שטאַרקען און בויגיגען קער־פּער. און קוקען קוקט דאָס אַ פֿרעמדער מאַנסביל, אַ רויטער, אַ קערענדיגער. און זי געפֿינט זיך אין זיין נאָהענטקייט, איי־נינקע אַליין, אינמיטען דער נאַכט, אין אַ האַלב־פֿוסטער שטוב, פֿון וועלכער מען האָט אַוועקגענומען דעם איינציגען מאַנסביל און אַריינגעזעצט איהם אין אָסטראָג... שוין באַלד איבער אַ יאָהר ערגעץ־ווייט זיצט ער. ווייט, ווייט... און דאָ, צוזאַמען מיטן ריח פֿון געשמאַקע געגזענס, שוועבט אַרום איהר גאָר אַ באַזונדער גערוך, דער גערוך פֿון אַ מאַנסבילשען דערהיצטען גוף, פֿון מאַנסבילשע צעוואַרעמטע מלבושים. ווי אַן אויסגעהונגערטע, פֿאַרבלאָנדזשעטע וואָלפֿיכע, האָט מערע דערשפּירט אָט דעם פֿאַרגעסענעם ריח, און אַ שעמעדיגע מאַט־קייט איז זי באַפֿאַלען.

ווי צווישען צוויי פֿייערען איז זי אַ רגעלע געבליבען שטעהן. צווישען איין הונגער און אַ צווייטען... די דינע נאָזלע־כער האָבען איהר אַ ציטער געטאָן. האָט זי ניט אויסגעהאַלטען אַזאַ דאָפּעלטע פֿאַרשמאַכטקייט און איינגעקלעמט זיך מיט די פֿינגער אין דער פֿאַרברוינטער גריבענע־הויט פֿון שטיק גענ־

זענס, אָפּגעריסען אַ שטיקעל און זשעדנע אַריינגעכאַפּט אין מויל. געמיינט האָט זי דערמיט דערקוויקען. זיך. קיין שלעכטען טעם האָט דאָס ניט געהאַט, אָבער ווייט ניט דער געשמאַק, וואָס זי האָט פריהער מיט אַ רגעלע געמיינט. פון אויפרעגונג האָט איהר אַ ביסעל איבערגעטריקענט די צונג און אין האַלז איז געוואָרען ביטערליך. און פון הינטען קוקען זי אַלץ אָן די פרעמדע מאָנסבילשע אויגען, טאַפּען דורך יעדע באַוועגונג איהרע.

— נו? — מאַכט קושקע גאָר פלוצלינג און זעהר הייזעריג.

מערען האָט זיך אַ וואָרף געטאָן דאָס בלוט אין קאָפּ פונם דאָזיגען „נו". דאָס האַרץ האָט זיך ביי איהר פאַרצאַפּעלט. פונדעסטוועגען האָט זי אויסגעהאַלטען, ניט אומגעדרעהט זיך, און מיטן ביסען אין מויל, פאַרשטיקט און אַ ביסעל שטאַמלענדיג, אָפּגעענטפערט:

— אַ... ד...אַנק פאַר דער טרחה!

זי האָט בכיון פאַלש אויסגעטייטשט דעם „נו". ס'הייסט, קושקע, כלומרשט, פרעגט מיטן „נו" ווי ס'געפעלט איהר דער חלק סעודה? דאַנקט זי איהם פאַר נאָכפרעגען זיך... אָבער איהר שטאַמלען האָט נאָך ערגער געמאַכט.

— דיין מ...אַמע — שטאַמעלט קושקע צוריק ווי אָנגעשטעקט מיט מערעס שוואַכקייט — די מאַמע דיינע... אַ וואוילע אידענע... זי וועט קומען... אָה־האָ! פאַרטאָג וועט זי ערשט קומען...

קושקעס לויב דער מאַמען איהרער, אַט „די וואוילע אידענע" האָט מערען געטראָפען נאָך אויסטערלישער. זי האָט צו איהם, ניט ווילענדיג, אַ קעהר געטאָן אַ פאָר ברוינע איבערגעשראָקענע אויגען. דורך דער דאָזיגער באַוועגונג האָט זיך קושקען אַנטפּלעקט פון דער זייט, צווישען דער האַלב־אָפענער העמד און אָנגעוואָרפענער רויטער פאַטשיילע, אַ שטיק הויט, וואָס איז אַזוי זאַפטיג און ווייס, ווי אַ געשיילטע ריבען, און אַ טייל פון אַ ברוסט, וואָס איז אַ ביסעל קאַליע געוואָרען

דורך זויגען אַ קינד. און דאָך האָט דאָס אַזוי געפּאַסט צו איהר אויסגעצויגענעם בלאַסליכען געזיכט, צו איהר גאַנצער עלענדקייט פון אַ פאַרוואָגעלטען באַטשאַן אויף הויכע פיס, מיט מענערשע שטיוועל, צו איהר גאַנצער האַלב-אָנגעטאָנענער ווייבערליכקייט אינמיטען דער נאַכט... האָט איבער זיך קוש-קע מעהר ניט געקענט געוועלטיגען און אָנגעכאַפּט זי מיט איין רויטע לאַפּע ביי איהר ווייכען היפט. אָנגעכאַפּט און גע-שמאַק אַ פּעטשעל געטאָן, אַזוי ווי ער איז געוועזען געוואוינט מיט זיין בעסטען פערד, ביים פּאָיען איהם פון עמער.

אַ גרויל איז מערען דורכגעלאָפען דורך אַלע אברים: „וואָס טוט זיך עס דאָ? ווי אַזוי דערוועגט ער זיך דאָס!"... אָבער ניט צו דערלאָזען, שילטען און אָפּשטויסען, האָט זי מעהר קיין כח ניט געהאַט. פאַרגליווערט איז זי געבליבען שטעהן איבער איהר מאָדנער פאַרשמאַכטקייט, ווי איבער אַן אָפּגרונד. ווי אַ דערשראָקענע חיה, וואָס לויפט פון צוטומלע-ניש, גלייך אויפן יעגער, אַזוי האָט זי זיך אַצינד אויסגע-דרעהט צו קושקען, אָנשטאָט צו אַנטלויפען פון איהם. מיט איהר האַלב-צעקייטען ביסען און מיט איהר פאַרבלאַסטען פּנים האָט זי אויסגעזעהן נאַרישעוואַטע. קושקעס קיילעכדיגער פּנים האָט אַנטקעגען איהר געפלאַמט ווי אַן אָנגעגליהטער אייזער-נער טאָפּ. זיינע אויגען זיינען טיף אַוועק אין יצר-הרעדיגע פּעטע קנייטשעלעך.

אַ צווייטע לאַפּע האָט זי אָנגעכאַפּט ביים צווייטען היפט. די מאַכט פון דער מאַנסבילשער האַרטער דלאָניע האָט דורכ-געבּרענט איהר שטוב-קליידעל, איהר העמד. דאָס האָט אין איהר צורייצט דעם צווייטען הונגער, דעם הונגער, וואָס געדויערט שוין באַלד איבער אַ יאָהר צייט, און געמאַכט איהר פאַרגע-סען די גוטע זאַכען אויפן טיש, דאָס ציהען אונטער דער לעפעלע. זי האָט קוים אַראָפּגעשלונגען דעם אַריינגעכאַפּטען ביסען; דאָס הארץ איז זיך פאַרגאַנגען ווי ווען זי וואָלט גע-פלויגען מיט אַ שווערער שליטען און מיט אַ געיאָגטען שוואַ-כען פערדעל אין אַ טיפען באַרג-אַראָפּ.

— כי־כי־כי־כי — איז זיך קושקע פאַרגאַנגען אין אַ פליישיגען געלעכטערל.

דאָס האָט זי אַ רגעלע אויסגעטשוכעט, און כדי צו פאַרגרעסערן דעם שטח צווישען זיך און קושקען, האָט זי אָנגעכאַפּט דעם ליידיגען קאַשעק אויפן טיש און אַ שטופּ געטאָן מיט איהם קושקען, ווי מיט אַ שטרויענעם פּאַנצער, אָבער ניט אויף אַזוי פיל שטאַרק, אַז קושקע זאָל זיך אָפּשרעקן...

און קושקע־בראַנד האָט זיך טאַקע געמאַכט, אַז ער זעהט ניט און פיהלט ניט מערעס וואַפען, און ער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן היים און גראָב פאַרביידע איהרע פּלייצעס אונטער דער פּאַטשיילע.

דער ליידיגער טראָסטינע־קאָשיק האָט טרוקען אַ קנאַק געטאָן צווישען מערעס שלאַנקען גוף און צווישען קושקעס באַלייבטקייט.

— ווי אַמאָל דער פרישער לאָבען ברויט צווישען מיר און פּאַנדרען... איז מערען דורכגעלאָפען אַ בייזער געדאַנקל — עס חורט זיך איבער, אַלץ, אַלץ...

זי האָט דערפיהלט אַ שווינדלעניש. דער קראַך פון שטרויענעם געפלעכט האָט זי פאַרשיכּורט מיט זיין עהנליכקייט צו דער אַמאָליגער „ליבע־ערקלערונג" פון נחן... אַלע איהרע אברים האָבען זיך, ניט־ווילענדיג, אַ ציה געטאָן צו דער זיסער גראָבקייט פון דעם פרעמדען מאַנסביל. אונטערטעניג זיין... אָהו אונטערטעניג זיין, לאָזען זיך. אַזוי, אַז אַלע אָדערען זאָלען וועה־טאָן...

וואָלט אָט דער קושקע געשוויגען און ווייטער געגאַנגען, וואָלט נאָך אפשר מיט מערען געטראָפען יענער מענשליכער זיסער אומגליק, פון וועלכער קיין צניעות אין דער וועלט איז ניט געזיכערט, ווען די בייזע שעה קומט אָן. טאַקע אַזוי, ווי זאָוועל שמייסער האָט אויסגערעכענט און קושקען פאָראויס־געזאָגט.

אָבער קושקע־בראַנד, דערפיהלענדיג מיט זיינע ביידע לאָפּעס דעם קרעפטיגען מאָגערליכען און נאָכגיביגען גוף, האָט שוין געמיינט, אַז ער איז פאַרטיג מיט זיין נצחון איבער

סענדערס טאָכטער. האָט ער געפונען פּאָר נויטיק אַריינצוּרוּ־
מען איהר אין אויער מיט זיין שיכורען אָטעם:
— מיינסט טאַקע, די מאַמע האָט דיר געשיקט? כי־כי־כי.
ס׳האָב איך אַליין.... מיין ווייבס חלק האָב איך דיר אָפּגעגע־
בען. זעהסטו ווי דו געפּעלסט מיר?...

## 3. מיטן זכות פון טאַטענס שטיוועל

מערעס חלב־פּאַרמאַכטע אויגען זיינען גלייך גרויס גע־
וואָרען. אַ ברוינער בליאַסק פון אַ נאַכט־פויגעל האָט אין זיי
אויפגעפלאַקערט. אַ קאַלטער שוידער איז איהר דורך דורכן
רוקען און אויסגעלאָשען דעם פייער. אַ ביטער רויכערדיגע
האַלעוועשקע איז געבליבען...

ווי אַ מענש, וואָס טרינקט זיך און כאַפּט זיך אָן אָן אַ
שטרויעלע, אַזוי האָט זיך מערע אָנגעכאַפּט אָן איהר שוואַכ־
קייט, אָן דער חרפה וואָס מען האָט איהר דאָ אָנגעטאָן. אויס־
גענאַרט זי, אַזוי מיאוס, אונטערגעקויפט מיט אַ שטיקעל
פלייש, ווי אַ בעטלערקע פון גאַס...

— אַזוי גאָר? — גיט זי זיך אַ ריס — ניט די מאַמע?...

מיטביידע באַפּרייטע פויסטען האָט זי קושקען אַ שטויס
געטאָן פון זיך. דער צופרעסטער שטרויענער קאָשעק צווישען
זיי ביידען איז אַראָפּגעפאַלען אויף דער ערד. אָט דער דאָ־
זיגער וואָגיקער שטויס, וואָס איז לכתחילה געווען מעהר געמאַכט־פיינדליך, ווי באמת־פיינדליך, האָט זי אינגאַנצען אויס־
געניכטערט. זי האָט דערשפּירט צו קושקען די אַלטע שנאה
פון צוויי משפחות, וואָס רייסען זיך אַרום שוין דורות־לאַנג.
ס׳האָט איהר פלוצלינג אויפגעלויכטען, אַז פאַר איהר שטעהט
דאָ אַ דם־שונא, וואָס האָט זיך אַהער אַריינגעמאַכט מיט בייזע
כוונות. „שמענדריקע" האָט זיך איהר דערמאָנט, דאָס באַריידען
פאַנדרען נאָכן אַרעסט: אַפילו דעם טאַטען איהרען, נאָך זיין
ביטערען טויט, אויך באַרעדט...

מיט צוזאַמענגעשטשירעטע וועלפּישע ציין האָט זי זיך

אויף איהם אַ וואָרף געטאָן. קושקע איז געשטאַנען מיט פונאַנ־דערגעשפרייטע געזעצטע פיס אינמיטען קיך. ער האָט אָקאָרשט פּאַספּעיעט אויפצוהויבען דעם ווייבס קאַשעק פון אונטער מע־רעס שטיוועל. און פלוצלינג האָט ער דערפיהלט צוויי פלאַ־מענדיגע פּעטש אויף ביידע האַרטע באַקען, ווי מיט צוויי שעפּלעך זודיגע וואַסער אָפּגעגאָסען. און באַלד נאָכדעם — אַזאַ שטויס אין האַרצען, אַז ער, מיט זיין זעקס־פודיגען גוף, איז געפלויגען צום שוואַרצען לאָך פון אויווען און אָנגעשלאָ־גען זיך מיט די לאָפּעטקעס אָן פּריפּעטשאָק. און ס'איז נאָך אַלץ ניט געווען גענוג. אין מערען האָט זיך אויפגעכאַפּט די אַמאָליגע חיה־נקבה, פון פאַר דער חתונה, בשעת זי איז נאָך געווען ווילד און שרעקעדיג און האָט געשלאָגען און געביסען אַלעמען, ווער נאָר עס האָט זיך צו איהר דערנעהנטערט.

איידער קושקע איז נאָך געקומען צו זיך, האָט שוין מערע דערוויזען אַראָפּצוכאַפּען איין מאַנסבילשען שטיוועל פון לינקען פוס, אַ ירושה־שטיוועל פון טאַטען סענדער, עליו השלום. ביי אַזאַ שאַרפער באַוועגונג האָט זי אַפילו ענטבלויזט איהרע שטאַרקע נאַקעטע פיס ביז איבער די קני. נאָר דאָס האָט איהר שוין ווייניג־וואָס געאַרט. אין באַצוג צו קושקע־בראַנד האָט זי זיך איצט דערפיהלט ווי אַן אַמאָליגע מאַטראָנע צו איהר קנעכט...

מיט דעם אַראָפּגעכאַפּטען שווערען שטיוועל האָט זי קושקען גענומען בויקערען, ווי מיט אַ לעדערנעם האַמער, וואו נאָר זי האָט אַריינגעטראָפען. קושקעס רוקען און האַרטער קאָפּ האָבען געפויקט ווי אַ זעלנערשער באַראַבאַן.

אַזאַ פלוצליכער איבערגאַנג פון וואָרעם צו קאַלט, פון ווייבערישע ווייכקייט צו ביינער האַרטקייט, פון זיסען שפּאַס צום ביטערען ערנסט, האָט קושקען אינגאַנצען פאַרטומעלט, דעם גאַנצען מאַנסבילשען האָנאָר צוגענומען פון איהם, גע־מאַכט פון איהם אַ שמאַטע.

— זעה, זעה, מע... מע... משוגע גע...וואָרען!...

אַזוי האָט קושקע געמעקעט, און, איינגעבויגענערהייט,

אונטערן האַנעל פון קלעפּ, גענומען זוכן די טיר פון שטוב, דערנאָך די טיר פון פיר־הויז.

הינטער איהם האָט „מערע די הויכע״ אַלץ נאָכגעטאַנצט מיט איין באָרוועס, מיט איין באַלעגאָלישען שטיוועל אויפן פוס און מיטן צווייטען שטיוועל אין האַנט און אַרויסבאַגלייט איהם מיט אַ ברומיגען קוויטש. די פריהערדיגע מאַטקייט איהרע איז פאַרשוואונדען. מערע האָט, דאַכט זיך, אַצינד אָפּגערעכענט זיך פאַר איהר ווייבערישער שוואַכקייט מיט אַ מינוט צוריק, פאַר דעם זינדיגען פעהלער, וואָס זי איז שיער ניט באַגאַנ־גען; פאַרן פרעמדען ביסען, וואָס זי האָט אַריינגעכאַפּט אין מויל ווי אַ בעטלערקע. דאָס אַלץ האָט זי, דאַכט זיך, אַריינ־געלייגט אין דער וואָגיגקייט פונם טאַטענס שטיוועל... און קושקע האָט דאָס אויפגענומען, ווי אַ בופלאָקס נעמט אויף די הערנער־שטויסען פון אַ יונגער קוה.

זאַוועל שמייסער, וועלכער האָט זיך די גאַנצע צייט באַ־האַלטען הינטער ר׳ סענדערס געבויטער סוכה אויף דער גאַס, און געוואַרט אויף זיין ריי, ביי דער שטרויענער אַלמנה, האָט זיך שוין געוועהן גערייבען די הענט. אין שטוב איז עטליכע מינוט געווען גאָר שטיל. הייסט דאָס, אַז אַלץ געהט כשורה... יאָ, ער, זאַוועל, קען שוין איינמאָל די טבע פון אַזעלכענע ווייבער!... אָבער גאָר פּלוצלינג איז ער אויפגעציטערט געוואָ־רען אין זיין באַהעלטעניש. האָט ער פּאַוואָליע אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פון הינטער דער סוכה און דערזעהן, ביי דער ווייסקייט פונם שניי, מיט וואָס פאַר אַ כבוד און שטורכאַצען זיין באַלעבאָס ווערט אַרויסבאַגלייט פון סענדערס הייזקע. ער האָט גוט געזעהן ווי קושקע־בראַנד שטופּט זיך קוים דורך פון דער נידעריגער פיר־הויז־טיר, מיט אַן איינגעבויגענעם קאַרק און מיט אַ ליידיגען קאָשעק אין די הענט. מ׳האָט גע־קענט פּלאַצען פאַר געלעכטער, ווען ניט דער דרך־ארץ. יענער איז דאָך פאָרט אַ באַלעבאָס... נאַ! הייסט דאָס, אַז ס׳איז געשעהן דער צווייטער פאַל: אַ פולע פוהר מיט קלעפּ אַנ־שטאָט אַ שטיקעלע הנאה... אויך אויף דעם האָט ער זיך

גערירכט. יאָ, ער, זאַוועל, קען גוט די טבע פון אָזעלכענע ווייבער...

ווי נאָר קושקע איז אַרויסגעלאָפן, האָט ער פאַרריכט די וואַטאָווע היטעל, אַ טרייסעל געטאָן מיט די פּלייצעס, ווי אַ הונט, וואָס שפּרינגט אַרויס פון קאַלט וואַסער, און צאָרנדיק-שטיל אַ ברום געטאָן:

— זאַוועל!

זאַוועל איז צו איהם גלייך צוגעקראָכן, די היטעל איבער די ממזרישע אויגען. אָבער נאָך איידער קושקע האָט צייט געהאַט אויסצוגלאָזן דעם כעס אויף זיין שמייסער, האָבען אויף זיי ביידען גענומען פליהען פון פיר-הויז מיני שטיקער פייכטע און קלעפּעדיגע „קליאַטשע".

— זעה, אַ שטיק פיש! — שרייט אויס זאַוועל.

— די בלינטשע! — וואונדערט זיך קושקע.

— די געגנזענע פאַלקע... אַ כאַלעריע!

דאָס פערטעל קאַלטע טייגעכץ האָט אַ ליאַפּע געטאָן זאַווילען איבערן באַק, ווי אַ פעטע שטיק פּעטשאַ, וואָס צוקריכט אונטער די הענט. דאָס האָט מערע אַרויסגעוואָרפען קושקעס שעהנע מתנות און אָנגעצילט, וואו מען באַדאַרף. איהר ווילדצעשויבערטער קאָפּ האָט זיך נאָך אַרויסגעשטעקט פון טירשפּאַלט און צוגעשאָקעלט:

— אַ שענע חברהצקע!

זי האָט דערקענט, אַז קושקע האָט דאָ אַ צווייטען חברל. ניט אומזיסט, הייסט דאָס, האָט זיך איהר פריהער אויסגעדוכט, אַז נאָך אימיצער האָט זיך פאַרטאַיעט חינטערן שטוב.

באַלד נאָכדעם האָט זיך די פיר-הויז האַסטיג צוגעשלאָסען. דער שווערער ריגעל האָט אַ פּאָר געגעבען, ווי מיט אייזערנע ציין אַ קריץ געטאָן. ניטאָ.

זאַוועל מיט קושקען האָבען זיך באַלד אָפּגעטראָגען פון סענדערס הייזקע. שילטענדיג און זידלענדיג, אין דער וועלט אַריין, געווישט זיך די צעשמירטע פּאַטראַוועס פון די פּאַטיל-

ניצעס. יעטווידער האָט אַצינד געהאַט אַ ביסעל הנאה פונם צווייטענס חרפה:

– אַלץ ביסטו שולדיג! – ברומט קושקע.

– איך? וואָס בין איך שולדיג... אַז איהר מאַכט קאַליע?

– שוין געווען אָט-אָט... – פאַרריכט קושקע מיט פאַרדרוס.

– שוין געווען אָט-אָט? – פרעגט איבער זאַוועל שמיי-סער אַ ביסעלע שפּאָטיש.

וואָלט דאָס נאָך אַלץ געווען צו פאַרטראָגען. קיינער האָט דאָך ניט געזעהן, קיינער האָט ניט געהערט. ווער איז דאָס מחויב פאַנאַנדערצופּויקען?

אָבער ווי נאָר זיי פאַרקערעווצן זיך אויף צוריק צום ליובאַוויטשער בית-מדרש, ערשט פון אַ זייטיגער פריזבע שפּרינגט אַראָפּ חיה-שרהקע די משוגענע, ווי אַ דערשראָקענע ציג. איהר קאָפּ-טיכעל פלאַטערט, און אַליין לאָזט זי זיך אַוועק טאַנצען אַנטקעגען קושקען אין אַ מין להכעיס-טאַנץ, מיט הענט און פיס, און איהר ברודנער נעלעכטערל צעגיסט זיך איבער דער פאַרשנייטער גאַס:

אי-כאַ, אי-כאַ, אי-כאַכאַ!
ניטשיינע האָב איך אַ פליה געטאָן
דאָ, אויכעט דאָ!
פון דער קאָכשטוב און פון פירהויז
דאָ, אויכעט דאָ.
מיט די פיש און מיטן טייגעכץ
דאָ, טאַקע דאָ!

– געוואַלד! – רעוועט קושקע אויף, ווי אַ דערשטאָ-כענער אָקס – וואו טוט מען זיך פון איהר אַהין?...

און ער לאָזט זיך לויפען נאָך חיה-שרהקען מיטן ליי-דיגען קאָשעק אין האַנט.

* *

אין דער זעלבער צייט איז מערע צוגעפאַלען, אינם טאַטענס הויז, צו איהר שלאָפענדיג קינד און געכליפּעט. דער־מאָנט זיך אָן דעם מיאוּסען ביסען, וואָס זי האָט, אין איהר פאַרשמאַכטקייט, אַריינגעכאַפּט, געשפּייט ווי פון טרפה און ווייטער געכליפּעט. אויף וואָס האָט זי געוויינט? אויף איהר עלענד, אויף איהר הונגער? אויף דער שאַנד, וואָס אַזאַ גראָ־בער נפש, ווי קושקע, האָט איהר אָנגעטאָן, ווערענדיג זי אי־בערקויפען, ווי אַ שכורע זונה, מיט קאַלטע רעשטלעך פון אַ סעודה? צי אפשר איז דאָס געווען אַ געוויין פון חרטה אויף איהר שוואַכקייט אַ מינוט נאָכאַנאַנד? צי איז עס געווען די נאָכוועהעניש פון דער איבערגעלעבטער געפאַהר, אַזוי גראָב און ביליג אַריינצופאַלען אין קושקעס אָרעמס ווי אין אַ גרוב, פון וועלכער זי וואָלט שוין מעהר ניט געקענט אַרויס; אַפּילו זאָוועל דער אויסוואורף וואָלט איבער איהר געהאַט אַ שליטה, אַבי ער זאָל ניט אויסזאָגען... ווי וואָלט זי פאַנדרען געקוקט אין די אויגען, ווען ער קומט צוריק? וואָס וואָלט פון איהר געוואָרען? אָדער האָט זי גאָר געכליפּעט אויף איהר יונגער ווייבליכער קראַפט, וועלכע געהט לאיבוד נאַכט־איין, נאַכט־אויס?... היינטיגע נאַכט אויך. היינטיגע נאַכט נאָך מעהר ווי־אַלעמאָל...

שווער צו וויסען, איבער וואָס אַזאַ געזונטע, באַליידיגטע ווייבעל האָט געוויינט, אַזוי שפּעט, אין דער נאַכט, איבער איהר קינד מיטן רויטען פלעק אויפן העלזעל. אפשר האָט זי געוויינט איבער די אַלע זאַכען צוזאַמען.

# די באַלאַדע פון צוויי פערד

## 1.

יאָקע דער שינדער האָט היינט געכאַפּט צוויי מציאות אויף איין מאָל. „שמענדריקען" — ביי מאיר פּענטען, און כוועדער דעם וואַסערטרעגערס פערד — אַ סיווע, הינקענדיגע קליאַטשע. און אָט, אינמיטען פרייטאָג, ערב שבת־שירה, פיהרט ער זיי ביידען שינדען איבער דער פאַרפרוירענער אָזערע. קיין שענערע צייט און קיין בעסערען אָרט האָט ער זיך גאָרניט געקענט אויסזוכען!

שוין באַלד דריי וואָכען, אַז מאיר־פּענטע דולט איהם אַ קאָפּ ער זאָל ביי איהם אָפּקויפען „שמענדריקען" אויף דער פעל. וואָרים שמענדריקע האָט שוין אויפגעהערט צו זעהן אויף דער צווייטער אויג אויך. מקוים געוואָרען ישראל יאָצרעס דאָקטאָריע, אַז די חולאת אין שמענדריקס קאָפּ וועט איהם אינגאַנצען בלינד מאַכען. און אָט, אַ שטיק צייט איז אַוועק אין קנעכטשאַפט ביי „פּענטען" און שמענדריק גלאָצט שוין מיטן צווייטען אויג אויך. בלוי און קאַלט ווי שטאָל איז אויך דאָס צווייטע שוואַרצאַפּעל געוואָרען, און די בלוטיקע וויסלען פון זיינע ביידע אויגען דרעהען זיך אַלץ אַרויף און אַרויף־צו. אמת איז, אַז ער האָט אויפגעהערט צו ציהען אין איין זייט, ווי פריהער. דערפאַר אָבער האָט ער אָנגעהויבען צו קריכען אויף גלייכע ווענט, אויף טעלעגראַפנע סלופּעס,

אויף בוימער און אין גריבער אַריין. מאיר פּענטען האָבן שוין מעהר ניט געהאָלפען די שווערע פּעטש, מיט וועלכע ער פלעגט שמענדריקען מכבד זיין, ווי, להבדיל, אַ מענשען. ניט די בייטש, ניט דער בייטש-שטעקעל האָבן דאָ געקענט העלפען. פּענטע האָט שוין מעהר ניט געקענט געהן מיט פאַר-לייגטע הענט אויף הינטען, און נאָר פון צייט צו צייט אויס-גלייכען דעם וועגעל מיט געבען שמענדריקען אַ שטורכאַץ אין דער דאַרער מאָרדע אַריין. אַצינד האָט ער שוין אַליין גע-מוזט העלפען שלעפּען דעם וועגעל. איינשפּאַנען זיך גלייך מיט שמענדריקען האָט ער געמוזט; סאָפּען ביי אַ באַרג-אַרויף און אָפּהאַלטען ביים אַראָפּ. ביז אַזאַ ליימענער גולם, ווי פּענטע איז, האָט דערזעהן באַשיינפּערליך, אַז אַלץ וואָס ער האָט שוין געקענט אַרויסציהען פון שמענדריקס קראַנק-לעבן איז שוין אַרויסגעצויגען געוואָרען. פון די זיבען קאַרבען, וואָס ער האָט מיט אַן אַכט חדשים צוריק באַצאָהלט ר׳ סענדערן פאַר אַזאַ פאַדלע, זענען שוין געוויס דריי קאַרבען, ניט ווע-ניגער, פאַרברויכט געוואָרען, מיטן שווייס פון שמענדריקעס פעל אַוועקגעגאַנגען. און ס׳איז איצט געקומען די רעכטע צייט אָפּצוראַטעווען דעם רעשט. ס׳הייסט: די לעצטע פיער קאַרבאָ-וואַנצעס, וואָס די פעל איז נאָך ווערט. האָט ער זיך בעת דער חברהשער סעודה אין לויה-בית-מדרש, געווענדעט צו יאָ-קען, זיין טיש-חבר, מכח דעם דאָזיגען ענין. שטופּענדיג דעם פּעטען טייגעכץ מיטביידע הענט אין מויל אַריין, האָט ער מיט זיין ליימענעם לשון, וואָס באַשטעהט פון האַלבע ווער-טער, גערעדט צום שינדער אַזוי:

— אָקע! קוי — שוי — אָ— מאַ — פאַדל — און — אָל — שע — נע — נע — נעק. ע?

ס׳האָט געזאָלט הייסען: יאָקע, קויף שוין אָפּ מיין פאַד-לע און זאָל שוין נעמען אַן עק. האַ?

נאָר יאָקע דער שינדער, אַ געלאַסענער בעל-פּרנסה, האָט פּענטען געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז מיט איין פאַדלע לוינט איהם ניט צו פּאַטשקען די הענט. כדי ער, יאָקע, זאָל זיך

וועלן באַנוצען מיט זיין אומנות מוז ער האָבען אַ „פּאַרטיע".
ווענינסטענס נאָך אַ צוויי דריי פגירות מוז ער האָבען. ערשט
דאַמאָלסט לוינט איהם אָפּצודינגען דעם טרפהן-סאַראַי הינטערן
שטאָט. וואָרים, זאָגט ער, ס'איז אַלצאיינס, צי ער שינדט
איין פערד, צי פינף — די פינף-און-זיבעציג קאָפּיקעס מזומן
מוז ער סיי-ווי-סיי באַצאָהלען. לוינט עס איהם ניט. סיידען
פּענטע וועט איהם אָפּלאָזען אַ האַלבען רובעל פון דער פעל,
ווי?

אָבער פּענטע איז אויף אַזאַ הנחה ניט איינגעגאַנגען,
און האָט ווייטער געצויגען חיונה פון זיין קאַליקע-פערדעל.
נאָך גאַנצע צוויי וואָכען האָט ער איהם געמוטשעט, געשלעפּט
פאַרן צוימעל, געשטורכעט מיטן בייטש-שטעקעל צווישען די
ריפּען, געבריקעט איהם, פאַר כעס, מיטן שטיוועל אין אויפּ-
געבלאָזענעם בויך, ביז ער האָט מיט זיינע אונטערגעשוואָלע-
נע אויגען דערזעהן, אַז שמענדריקעס פעל, אַראָפּ דער גרי-
ווע, הויבט אָן אויפגעפרעסען צו ווערען פון אַ קרעץ. האָט
ער זיך דערשראָקען, געלאָפען צום שינדער און אָפּגעלאָזען
איהם גאַנצע פיער גילדען אויף איין מאָל און דאָס געשעפט
איז געמאַכט געוואָרען.

אינם זעלבען טאָג האָט יאָקע איינגעהאַנדעלט אויך כווע-
דער דעם וואַסערטרעגערס אַלטע קליאַטשע, מיטן ביינערדיגען
גרויסען קאָפּ און מיט דער סיוועך אויסגעקראָכענער פעל,
וואָס האָט שוין געגומען געל ווערען פאַר אַלטקייט. אויסער
איהרע אַנדערע מעלות האָט זי נאָך זינט אַ שטיקעל צייט
שטאַרק געהינקט, מחמת אַ שלעכט אונטערפּאָדקאָווען זי. און
הינקענדיג, צעפליוכעט דאָס פולע פעסעל וואַסער, וואָס כווע-
דער פיהרט-פאַנאַנדער צווישען די אידישע הייזער. און גיט
מען איבער דער קאַליקע אַ פּאָך מיט דער בייטש, אַזוי גיט
זי אַ פאַל מיט די הינטערשטע פיס אין שניי, פאַרפּלאָנטערט
זיך אין די לייצעס און אין די האַלאָבליעס אַזוי, אַז עס קומט
אויס אויסצושפּאַנען זי אינמיטען דער גאַס. געהען אַרויס
די בייזע אידישע באַלעבאָסטעס, וואָס קענען זיך ניט דער-

וואַרטען אויף כוועדערס פעסעל, מאַכען מיט די הענט פונדער־ווייטענס און זידלען זיך.

האָט כוועדער דערזעהן, אַז מיט אייגענע מענשליכע כוחות וועט עס געהן גיכער, איז ער אַליין אַריין אין שפּאַן, און פּאַלאַהייקע, זיין אשת-חיל, האָט איהם געהאָלפען מיט אַ דראָנג פון הינטען. און זיין ביזאַהעריגע ברויטגעבערין האָט ער, אָהן רחמנות, פּאַרקויפט יאָקען דעם שינדער. אויך מיט אַ האַלבען רובעל וועלוועלער, אַבי פטור צו ווערען פון אַ אומזיסטיגער סעטשקע-פרעסערין און ניט וואַרטען ביז ביי יאָקען וועט זיך אָנקלייבען אַ גאַנצע פּאַרטיע שונד.

אָבער יאָקע דער שינדער, עהרליך ווי ער איז, איז פונ־דעסטוועגען נישקשה פון אַ דרייער. וואו טרפהר סאַראַי? וואָס סאַראַי? ווען סאַראַי הינטער דער שטאָט? ער האָט זייביידען אָפּגענאַרט, סיי כוועדערן דעם גוי, סיי מאיר פענטען, דעם ליימענעם גולם. דעם אָפּגעהאַנדעלטען קערבעל, פּאַרן סאַראַי, האָט ער זיך אַריינגעלעגט טיף אין די פּאַרשמאָלצעוועטע פלו־דערען, און אַליין אוועקגעלאָזען זיך איבער דער פּאַרפרוירענער אָזערע מיט ביידע פּאַדלעס: מיט דער הינקעדיגער קליאַטשע און מיטן בלינדען שמענדריקען. אַן אָרט צום שינדען האָט ער זיך אויסגעזוכט — די וויסטע לאָנקע, צווישען די געפרוירענע טראָסטינעס פון אָזערע און צווישען וואַלד. זומער קאָסעט מען דאָרט היי און מען שטעהט ביז די קני אין וואַסער. אַצינד, ווינטער, איז די לאָנקע הפקר. די באַלעבאַטים איהרע זיינען ערגעץ-וואו אין דאָרף. די קאָסעס זשאַווערען אין די גויעשקע שפּייכלערס. היינט ווען אַרט דאָס, אַז יאָקע וועט דאָ שינדען זיינע פּאַדלעס?... די וויסטע לאָנקע אַליין, דאַכט זיך, איז מיט איהם מסכים. מיט טיפען איינגעהאַרטעוועטען שניי איז זי באַדעקט ווי מיט אָנגעקראָכמעלטע תכריכים, אויסגעבעט, און וואַרט אויף מתים... און די מתים, אָט-אָ געהען זיי טאַקע, אָט-אָ קומען זיי אָן! — זיי לעבען נאָך כלומרשט. אָבער ניט לאַנג וועט דאָס שוין דויערען. נאָך עטליכע מינוט אפשר; נאָך איין ווײלעטשקע.

## 2.

קרום איבער דער פאַרפרוירענער אָזערע ציהט זיך דער פויערישער שליאַך אין וואַלד אַריין. ער איז ברוין פון אָנגעטראָגענער ליימיגער ערד, און גרין געפינטעלט איז ער פון געפרוירענע פערדען-מיסט. יאָקע טרייבט אָן זיינע צוויי מציאות אויף דעם דאָזיגען שליאַך און הינקט אַביסעל אונטער. אַ שלעכט-געשאָכטענער פערד איז אויף איהם, מיט עטליכע יאָהר צוריק, אָנגעלאָפען און צוקנאַקט איהם דעם פּאָדיאָם פון פוס מיט אַ שווערער פּאָדקאָווע; הינקט ער דערפאַר אונטער. נו,, און כוועדערס סיווע קליאַטשע הינקט דאָך אויך. דאַכט זיך אַז זיי געהען און מישען-איבער איינער דעם צווייטען, קרימען זיך נאָך... מען ווייסט בלויז ניט צי יאָקע קרימט איבער כוועדערס קליאַטשע, צי די סיווע קליאַטשע — יאָקען. ער אַ האָק, זי אַ האָק. זי אַ האָק, ער אַ האָק... און שמענדריקע דער בלינדער שלעפּט זיך נאָך מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם האַלז. ער שפּירט פאַרטריקענט בלוט אויף יאָקעס האַרטער פּאָדיאָווקע און קרימט דערשראָקען מיטביידע אויגען-ווייסלען. צו אַנטלויפען אין זיין בלענדעניש האָט ער מורא, און כדי ניט פאַרלירען דעם אויסגעטראָטענעם שליאַך אונטער די פיס, רייבט ער זיך מיט זיין דאַרער מאָרדע ביים האַלז פון דער אַלטער גוטער קליאַטשע. רייבט זיך און בעט, דאַכט זיך, שטומערהייט רחמים: ווייסט אפשר, באָבע, וואוהין מען פיהרט אונז?

שוויגט די אויסגעדאַרטע פאַרגעלבטע קליאַטשע, כוועדערס געוועזענע ברויטגעבערין. זי הינקט געדולדיג איבערן ברודנעם שליאַך, אין דער ווייסער אומבאַוואוסטקייט אַריין: „פון וואַנען זאָל זי וויסען?... „יאָ, זי שפּירט עפּעס אויך אַ ניט-גוטען ריח פונם מענשענס קליידער. נאָר שוואַך איז זי אַזוי, און הינקען טוט זי אויך, קאָן זי זיך מעהר ניט שטעלען דעם מענשען אַקעגען. זי וויל גאָרניט שטעלען זיך אַקעגען. געלויבט איז גאָט, וואָס זי דאַרף מעהר ניט שלעפּען קיין פולע פאַס וואַסער מיט קלעפּ און מיט שמיץ, אויפן גליטש אין די אידישע גאַסען,

וואָס לויפט אַוועק פון אונטער די שפּיצען קאָפּיטעס אַזוי, אַז מען פאַלט אויף הינטען. יאָ, געהט זי אַצינד וואוהין מ׳פיהרט זי..."

יאָקע ווייסט, אַפּנים, אויך פון דער פּראַקטיק, אַז זיין שעפּסענע פּאָדיאָווקע מיטן פאַרבלוטיגטען לעדערנעם פאַרטוך איבער דער פּאָדיאָווקע, דערוועקען ניט קיין גרויסען צוטרוי ביי די האַלב-געפּגרטע סוסים. פיהרט ער זיי דערפאַר איבערן שליאַך מיט גוטשינקע רייד, כלומרשט: אַ טייערער מענש פיהרט זיינע פיער-פיסיגע פּאַנסיאָנערען אין אַ פערדישען גן-עדן אריין; אין אַ מין גן-עדן, וואָס איז פול מיט פרישען היי און מיט געזיפּטען האָבער. אָהן מעקענע... אָט דאָ איבער דער אָזערע מוז מען זיך נאָר אַריבערשלעפּען, און דער גן־עדן הויבט זיך אָן... אַזוי, דוכט זיך, רעדט ער זיי איין און פאַרקלאַפּט זיי אַ קאָפּ. גאָלע רוסיש רעדט ער צו זיי. ווי אַלע אידען איז יאָקע דער שינדער זיכער, אַז אידיש פאַרשטעהט ניט קיין שום בהמה אויף דער וועלט. אַפּילו „שמענדריקע" דער אַמאָליגער „איידי-מעל אויף האָבער" ביי ר׳ סענדערן, פאַרשטעהט אויך ניט... רעדט ער צו זיי דערפאַר נאָר אויף גויעש; און מיט די גראָבע ליפּען שמונצערט ער אונטער גאָר ליבליך. דערביי באַוועגען זיך מאָדנע זיינע אויסגעקראָכענע און אַראָפּהענגענדיגע וואָנסעס, וואָס האָבען אַ רויטלעך-שוואַרצען קאָליר, ווי פאַרטריקענטע בלוט.

— ניאָ, ניאָ, — שמונצערט ער — קאָניקי! קודי, האַ? העי, העי, טשיטשאָס! וואָט-וואָט, קאָניקי!

(ניאָ, ניאָ, פערדלאַך! וואוהין, וואוהין, אַ? עי, עי, באַלד! אָט-אָט, פערדלאַך!)

אַלץ אַזעלכע פויערשע ווערטער, וואָס האָבען גאָר קיין שום צוזאַמענהאַנג ניט. נאָר זיי דאַרפען אויסדריקען אַביסעל פּאָטערליכע זאָרג און אַביסעל חניפה צו די צוויי פערדישע אינוואַלידען. אַלץ כדי זיי זאָלען זיך לאָזען פיהרען פאַרן צוימעל ווי די לעמעלאַך און זאָלען געהן ווי „מענשען"... יאָ. וואָרים ער, יאָקע אַליין, האָט דאָך קיין כוח ניט נאָכצו-יאָגען זיך נאָך זיי, אויב זיי זאָלען זיך דערשרעקען און עוקר

זיין... ער אליין הינקט צו. טאָ זאָל בעסער זיינס אַריבערגעהן. יאָ, יאָ. אָט אַזוי געהט מען, פּגירהלעך, ווי די סטאַטיקלעך. ניאָ, ניאָ. נאָך אַ טראָט, נאָך אַ טריטעלע...

אָבער אין דער זעלבער צייט, ווי ער רעדט צו זיי אַזוי צוקערדיג און פריינטליך, דרעהען זיך ביי איהם אַליין די פינסטערע, שמאָלע אויגען אונטער דעם פאַרפעטסטען קאָזיראָק, און זיין לינקע האַנט טאַפּט דאָס גליטשיגע הענטעל פון לאַנגען שינד-מעסער אין דער לעדערנער שייד ביים זייט.

אַזוי, ליבליך שמועסענדיג און פאַרדעכטיג שנאָרכענדיג, שפּרייזט די גרופּע אַריבער דעם שליאַך איבער דער אָזערע, ביז טיף אין דער פאַרשנייטער לאָנקע. דער שניי ווערט דאָ עפּעס טונקעלער. די שאָטענס פון דעם נאָהענטען וואַלד פאַרטונקעלען איהם. אויף די שפּיצען סאָסנעס, איבער דער לאָנקע, שרייען הייזעריג און זשעדנע עטליכע וואָראָנעס. ווי די בעטלער ביים טיר פון דער געוועזענער סעודה ביי חברה-קדישא טומלען זיי זיך. שקלאָווער סאַראָקעס קענען יאָקע דעם שינדער זעהר גוט. זיינען זיי איהם פאַרלאָפען דעם וועג, אויסגעשטעלט זיך אויף די בוימער, לויזען זיך אונטער די פליגלען און קראַקען. זיי ווייסען, אַז גלאַט אין דער וועלט אַריין, אינמיטען פרייטאָג, וועט זיך יאָקע ניט אַראָפּלאָזען אַהער-צו-צו מיט צוויי פּאַדלעס-פערד. זאָגען זיי אַרויס זייער שוואַרצע השערה די שוואַרצע חברים זייערע, אויף אַלע עקען וואַלד:

— קראַ-קראַ-קראַ! מיט גאָטס הילף, אינגיכען וועלען מיר דערלעבען גאָר אַ וואַזשנע סעודה... נאָר שטיל זאָל זיין! טומלען דאַרף מען ניט...

און אַליין טומלען זיי:

קראַ-קראַ-קראַ!...

אָנגעקומען צו דער מיטען אויסגעשנייטער לאָנקע, כאַפּט יאָקע אַרויס דעם מעסער פון שייד און לאָזט איהם קונציג אַריינגליטשען אין וואַרימען אַרבעל אַריין, מיטן הענטעל צום

געלענק און מיטן שאַרף צו די פינגער. ער טוט דאָס אָפּ פאַרשטעלטערהייט, ווי אַ קונצענמאַכער. ער האָט מורא די קליאַטשע זאָל ניט דערזעהן דעם בייזן בליאַסק פון מעסער און ניט כאַפּן לויפן, מיטשלעפּענדיג מיט זיך דעם בלינדען שמענדריקען. ניט קיין לייכטע זאַך צו כאַפּן זיי דערנאָך מיט אַ קראַנקען פוס. ער ווייסט, אַז די נאָהענטקייט פון אַ סכנה פאַרדאָפּעלט די כוחות, אַפילו ביי האַלבּ-געפּגרסטע חיות און בהמות. ניט איין לעקציע אַזאַ האָט ער שוין געהאַט אין זיין לאַנגער פּראַקטיק. אַפילו דער צוקוועטשטער פאָדיאָם פון פוס קען עדות זאָגען... יאָ. אָט, אַפילו שמענדריקע, די בלינדע פּגירה, איז עפּעס אומרוהיג געוואָרען. ער שמעקט די לופט, קרימט מיט די ווייסלען פון די אויגען, שוידערט מיט איין אויסגעקראָכענער ליטקע.

שטעהען אַזוי, איין רגעלע, אַלע דריי, אין איין שע-רעננגע: אַ שוואַרץ מענשעל, אַ ווייסע קליאַטשע און אַ ברוין פערדעל, מיט די קעפּ געווענדעט צום ווייטען שטעטעל און מיט די הינטענס — צום נאָהענטען וואַלד. פון איבער דער ווייסטער לאָנקע, הינטער דעם שיטער-גרויען וואַלקענדעל פון די דאַרע טראָסטינעס און הינטער דער פאַרפרוירענער אָזערע מיטן קרומען פאַס פון שליאַך, זעהט דאָס גאַנצע שטעטעל אויס עפּעס מאָדנע-פרעמד און מאָדנע-פאַרוואָרפען אין עק וועלט. הייזקע אויף הייזקע אָנגערוקט מיטן בויך. הייזקע צו הייזקע צוגעטוליעט מיט די פאַרשנייטע דעכער. הייזקע אין הייזקע קוקט אַריין מיט אויסגעגלאָצטע ווינטערדיג-קאַלטע שויבען. און נאָר דער גויעשקער קלויסטער גרינט אינמיטען, מיט זיינע פינף ציבעלע-קעפּ. און ווייסע און בלויע רויכען קרויזלען זיך פון די קוימענס. ס'איז ערב שבת. אַ סדרה בשלח, מיט ווייטע צימבלען פון „אָז ישיר״, געהט אויף דער שטאָט. מאָרגען איז שבת-שירה. קאָכט מען פעטע קאַשע אין די אידישע אויוונס. אַ סך קאַשע! עס זאָל סטאַיען פאַר מענשען און פאַר פויגע-לאַך. אַלע זיינען גלייך פאַר דעם „שבת-שירה״...

## 3.

— האַ־אַסס! — גיט כוועדערס קליאַטשע אַ ניס, און שאָקעלט־צו צו שטאַט מיטן קאָפּ, אַזוי טרויעריג און פאַר־בענקט. און איהרע אויסגעלאָשענע אויגען גלאַנצען מיט פערדישע טרעהרען. ס'הייסט: „אַך, אַ סך וואַסער פאַנאַנדער־געפיהרט צווישען אידישע הייזער, ס'ביסעל געזונט פאַרלאָרען אויף די עלטערע יאָהרען... און וואָס? גאָרנישט...״

און יאָקע, אָט דער דאָזיגער פרעמדער מענש, מיטן פאַרדאַכטיגען גערוף, פונקט ווי ער וואָלט געטראָפען איהרע טרויעריגע געדאַנקען, גלעט איהר דעם אַראָפּגעבויגענעם קאָל־טענעוואַטען האַלז און רעדט צו איהר אויף דער זעלבער שפּראַך, ווי דער לעצטער באַלעבאָס איהרער, ווי כוועדער דער וואַסערפיהרער, אָבער עפּעס צו ליבלעך, פריקרע־ליבלעך:

— לאָ — שאַדקאַ! לאָ — שאַדקאַ! לאָ — שאַדקאַ! סטאָי, לאָשאַדקאַ!

פאַרטייטשט דאָס די קליאַטשע אין איהר טעמפּער באַ־טריבקייט אַזוי:

— פע–רדעלע, פע–רדעלע! ביסט גערעכט ווי די וועלט. גערעכט ווי די וועלט. דעם געזונט פאַרלוירען אויף די אידישע בייזע באַלעבאַסטעס, מיט די גרויסע מיילער און פאַרקאַטשעטע קאָפּטעס...

אָבער גאָר פּלוצלונג, אינמיטען אַזאַ צערטליכקייט, שפּרינגט אַרויס ביים פרעמדען מענשען פון אַרבעל אַ לאַנגער מעסער און פאַרקלעמט זיך שטייף אין דער געזונטער ברודי־גער האַנט, אין דער זעלבער האַנט, וואָס האָט זי אָקאָרשט געגלעט מיט דער דלאָניע אונטערן האַלז. און דער אָרעם, וואָס האָט זי אָקאָרשט געהאַלטען אַרומגענומען אונטערן קאָפּ, גיט זיך אַ ציה־אויס ווי אַ בייטש־שטעקעל און דאָס לעצטע צערטליכע וואָרט „לאָ — שאַדקאַ״ ווערט גאָר אַרויסגעזאָגט מיט אַ פּלוצלעכער בייזקייט, דורך פאַרשצירעטע ציינער, ווי ביי אַ גזלן: „לאָ–אָ–שאַדקאַ!״

דערשרעקט זיך מוראדיג כוועדערס קליאַטשע און גיט אַ וואָרף אַרויף מיטן קאָפּ. פון יאָקס באַוואָפּענטען אָרעם אונטער איהר האַלז וויל זי אָפּשפּרינגען. אָבער אין דער זעלבער רגע גיט זיך אָט דער קאַלטער שטיק שטאָל אַ גליטש אַריין אין איהר גאָרגעל, פון רעכטס אויף לינקס און מיט איין רוק, און טאַקע דאָרטען, וואו די גרויסע באַקענביינער פאַרקייִלעכדינען זיך צו די אומרוהיגע אויערען. אַ שאַרפער קיצעל טרעפט זי, ווי אַ בליץ, פון אויער ביז אויער. און דער זעלבער קיצעל גיעהט גלייך איבער אין אַ מאַוימדיגען שניידענדיגען וועהטאָג. די גאַנצע ווייסע וועלט גיט זיך אַ שאָקעל...

– הי-הי! — ווילט זיך דער סיווער קליאַטשע אַ הירושע טאָן. און זי וואונדערט זיך וואָס אָנשטאָט דעם מאַכט ביי איהר אין גאָרגעל „יוק"... אַזוי הייס און שליימיג. און עס גיט אַ פליוך צו איהרע פערדישע פיס, ווי פון אַן איבער-געקערטען עמער, ווען כוועדער, איהר געוועזענער באַלעבאָס איז שכור, און טרעפט ניט מיטן פולען עמער אין וואַסער-פאַס אַריין... נאָר דאָס מאָל איז דאָס פאַרפרוירענע וואַסער געדיכט-רויט און ליפּט-אויף אין דער ווייסקייט פון שניי ווי אַ בראַנד פייער...

ווי אַן אָפּגעברענטע גיט זיך שוין כוועדערס קליאַטשע אַ וואָרף אָן דער זייט, דרעהט זיך אויס מיטן עק צו שטאָט און כאַפּט ליפּען, אין הינקענדיגען גאַלאָפּ, צום וואַלד צו.

יאָקע גיט אויך אַ שפּרונג אָן אַ זייט מיט זיין הינקענדיג פיסעל, כדי ניט איינצושפּריצען זיך. זאָל זי אַצינד ליפּען, די פּאַדלע. זי וועט שוין ווייט ניט אַנטלויפען. דאָס האַרץ קאָכט ביי איהם מיט אַ פרייד פון אַ מייסטער, וואָס האָט אָפּגעטאָן גאָר אַ האַרבע שטיקעל אַרבייט. נאָר אינגאַנצען אויסהיטען זיך פון פלעקען האָט ער זיך ניט אויסגעהיט. אַ האַלבע לעדערנע פּאָדיאָווקע זיינע און איין באַקי-און-אויער אין איהם מערדערליך פאַרשפּריצט מיט בלוט. ווי אַ האַלבע מאַוימדיגע מאַסקע זעהט דאָס אויס.

דער וועהטאָג ביי דער אַנטלאָפּענער קליאַטשע ווערט אַלץ שניידענדיגער. דער פראָסט אַרום גיט איהם נאָך צו אַ ברענענדיגע שטעכיגקייט. אין די נאָזלעכער בלעזעלט זיך אַצינד אַ געדיכטע רויטקייט. אין אויפגעטרענטען האַלז זידט אַ שליימיג געמורמעל. הי-הי, וויל זי נאָך אַמאָל אַ הירושע טאָן און זי פאַרכלינעט זיך. דער סליאַד פון איהר פאַרצוויי-פעלטען גאַלאָפּ ברענט ווי פייער. אַ רויטקייט און אַ ווייס-קייט מישען זיך פאַר איהרע אויגען און עס דוכט זיך איהר, אַז פון אָט די צוויי שאַרפע קאָנטראַסטען טוט עס אַזוי וועה. אַנטלויפען, וואָס גיכער אַנטלויפען הי-הי!...

וואַרפט זי אין וואַקלענדיגען לויף מיטן אונטערגעשני-טענעם קאָפּ, פונקט ווי זי וואָלט פּרובען אָפּשאָקלען זיך פון מוראדיגען שמאַרץ, ווי פון אַ יאָך – אַ צוטשעפּעניש, און קען ניט. לויפט זי דערפאַר צו דער גרינער פינסטערקייט פון סאָסנע-וואַלד, כדי צו ראַטעווען זיך פון דער פלאַמענדיגער רויטקייט, כדי ניט זעהן מעהר די שניידענדע ווייסקייט, האָצ-קעט זיך ווי אויף אַ פערדישער קוליע... און גאָר פלוצלינג ניט זי אַ פאַל-אַנידער אויף די הינטערשטע פיס. זי וויל נאָך אויפשפּרינגען און אָנשטאָט דעם הויבט זי אָן צו וואַקלען מיטן גאַנצען פאָדערשטען טייל פון גוף. דער געקוילעטער קאָפּ שאָקעלט זיך אַ ווײלע ווי אָן אומרוה, פון זייט צו זייט, און זינקט אַראָפּ. עס ציהט איהר צו לעגען זיך אויף אַ זייט, און זי לעגט זיך, הכנעהדיג, באַשיידען, ווי אַ קרבן: „מילא, גענוג צו צאַפּלענען אַזוי פאַרן לעבען! ניטאָ וואָס אָנצו-ווערן...“ אַזוי, דאַכט זיך, זאָגט כוועדערס קליאַטשע צו זיך אַליין אין איהר לעצטער רגע. אָבער די אויסגעשטרעקטע פיס איהרע טוען דאָס זייעריגע: זיי צאַפּלענען.

באַלד נאָכן אַנטלויפען פון דער געקוילעטער קליאַטשע ווערט דער בלינדער „שמענדריקע“ אומרוהיג: וואו איז דאָס אַהינגעקומען דער ליבליכער פערדישער האַלז, אָן וועלכען ער האָט געריבען אַ באַק און געהאַלטען זיך אָן איהם? ווי אַ בלינדער, וואָס האָט פאַרלוירען זיין שטעקען אין שניי, אַזוי

שטעהט שמענדריקע אַ ווײַלע מיט אויסגעגלאָצטע ווײַסלען אינ־מיטען פעלד, און דערהערט הינטער זיך אַ פאַבריקצווען און פאַרכלינעטען הירזשען. אַ וואַרימער בײַזער געריך גיט איהם פריקרע־זיס אַ זעץ אין די נאָזלעכער. די אויערען זײַנען הויבען אָן צו געהן ווי אויף שרײַפלען. דרעהט ער זיך, בלינדערהייט, אויס צו דער אַנטלאָפענער חברטע און שאָקעלט נאָך איהר נאָך מיטן אויסגעדאַרטען קאָפּ פון אַ מאַרטירער. ס׳הייסט: „שטעל זיך, טײַערינקע, ניט אַקעגען!... זײַ מקבל יסורים באהבה!...״

פונדעסטוועגען, ווען יאָקע שינדער, אָט דער פרעמדער מענש מיטן זויערליכען געשטאַנק, הויבט זיך אָן צו־גנבענען צו איהם, ווערט שמענדריקע אַליין באַנומען פון אַ טיפען שרעק. ער גיט מעשה־שגץ אַ דרעה מיטן בלינדען קאָפּ, אַ שפּרונג אויף די פאָדערשטע אויסגעדאַרטע פיס און אַ בריק מיט די הינטערשטע. אָבער מיט אַזאַ אויסגעפײַניגטען בלינדען שלימזל מאַכט ניט יאָקע קיין שום לאַנגע מחוקות. ער שפּרינגט צו מיט זײַן קורצערער פיסעל, כאַפּט אָן שמענדעריקען, בײַ דער אָפּגעהאַנגענער פעל אונטערן האַלז, ווי אָן אַ זאַק, שנײַדט אַרײַן מיט זײַן מעסער, ווי אַ קצב, אין אַ דיקען שטיק פלייש, און געהט רוהיג אָפּ.

## 4.

איצט איז געקומען שמענדריקעס רייה צו שטאַרבען און צו לויפען פאַרן טויט. „וואָס איז דאָס?״ וואַרפט ער בלינ־דערהייט מיטן קאָפּ און גלאָצט מיט די ווײַסלען. „מיר אויך אָפּגעטאָן אַזאַ מעשה? געקוילעט? מיך אויך?... אַ בלינדען קוילענען? סטייטש, סטייטש! מענשען! אַ בלינדען אויך?״...

די זודיגקייט פון דאָס פליוכענדיגע בלוט אויף די אָנ־געפרוירענע קני דערשיטערט איהם. ער כאַפּט לויפען גאַלאָפּ, פונקט ווי אָקאָרשט — כוועדערס קליאַטשע. ער לויפט אין אַ תהו־ובהו אַרײַן. בלינד איז די וועלט און בלינד איז דער

גרויסער שמאַרץ. לויפען, לויפען! אָבער ניט־ווילענדיג ווערט פון תהו־ובהו אַ מאָדנע קיילעכדיגקייט. עס ציהט איהם, שמענדריקען, צו לויפען זיין לעצטען לויף אין קרייז. ער זעהט אַ פאַרגעסענע רונדיגקייט מיט זיינע בלינדע אויסגע־גלאָצטע אויגען: אַ גרינע רונדיגקייט... שוין אַלט זייענדיג עטליכע וואָכען האָט ער ערגעץ־וואו געזעהן אזא קרייז... ערשט גאָר דאָ ניט לאַנג, דאַכט זיך; נאָכן דערזעהן די ליכ־טיגע וועלט. אינמיטען אַ גרינער לאָנקע איז די מאַמע זיינע געשטאַנען און געשטשיפעט דאָס זאַפטיגע גראָז. זי איז גע־ווען ברוינער פאַר איהם, און איהר פעל האָט געגלאַנצט אויף דער זון, ווי אַ וואַסער אין אַ ליימיגען טייך־ווינקעל. אַ זון האָט געלויכטען. און ער, שמענדריקע, מיט אַ העלער אויפגע־שטעלטער גריווועלע, איז געלאָפען אַרום איהר אין איין גרוי־סען ראָד, אַזוי קיילעכדיג ווי די זון, אַזוי ברייט ווי די בלוי־קייט איבערען פעלד. האָט זיך די מאַמע זיינע, צופענדיג דאָס גראָז, אָנגעבייזערט אויף איהם:

— הי־הי! — האָט זי ליבליך אויפגעהירזשעט.

ס'הייסט: שטיף ניט, מיין קינד! לויף ניט אַזוי ווייט!

האָט ער זיך גענומען דערנעהנטערען צו איהר אין ענגערע קרייזען. אַלץ ענגער און ענגער, נעהנטער און נעהנ־טער. דער מיטעלפונקט איז אויסגעוואַקסען אין זיסע מו־טערליכע אייטער. און שנאָרכענדיג האָט ער זיי שקאָצעוואַטע אָנגעכאַפט און פאַרכלינעט זיך פון מילך...

אָט אינם זעלביגען כישוף־קרייז ווערט ער אויך אַצינד געצויגען, ביים אויסהויכען די נשמה. נאָר אַצינד ווערט ער געטריבען אין קרייז פון אימת־מות און פון וועהטאָג. אויך אַצינד לויפט ער צו איהר, צו דער געהיימניספולער מוטער, וואָס רופט ערגעץ־וואו, צום לעצטען מאָל... איינ־טוליען־זיך אין איהר וואַרימע אייטער וויל ער, פאַרגיסען דאָס געזאַלצענע כאָרכלען אין האַלז מיט זיסע מילך... נאָר דעם גאַנצען קרייז לויפט ער ניט אויס. אינמיטען פאַרענ־גען איהם ווערט ער געשטרויכעלט אָן דעם גוף פון דער

געשאָכטענער קליאַטשע. אויך זי, אַ געוועזענע פערדיכע-מוטער, ליגט טויט. דער קרייז צעבּרעכט זיך מיט אַ שווערען און שמערצליכען אַנידערפאַל. שמענדריק טוליעט-איין דעם גע-שאָכטענעם קאָפּ אין איהר עק און וואַרפט מיט אַלע פיער פיס, דערשראָקען און קאַפּריזנע, ווי אַ ציטעריג קינד:

— מוטער, מוטער. דו זעהסט? ווצה, ווצה...

— קראַ, קראַ! — ענטפּפערען איהם די אומגעדולדיגע סאַראָקעס אָפּ פון די שפּיצען סאָסנעס.

דאָס איז ווי אַ זשעדנע געשרייערי פון בּעטלער אויף אַ בּלוטיגער חתונה, ווען אַ מחותּן צודרשנט זיך צו לאַנג און האַלט אָפּ דעם מאָלצייט...

די פיס פון כוועדערס קליאַטשע האָבּען נאָך קוים גע-שוידערט אין זייער אויסגעשטרעקטקייט, אַזוי דריבּנע און געשווינד, ווי שטאָלענע ספּרונזשינעס. דעם קאָפּ, אָבּער, האָט זי שוין מעהר ניט געקענט ריהרען. דערפאַר האָט זיך שמענ-דריק לאַנג געצאַפּעלט. — פאָרט געוועזן אינגער! און דאָס בּלוט פון ביידע פערדישע העלזער האָט זיך צינד געגאָסען רעגעלמעסיג, אין גלייכע רינעס, וואָס פאַלען אַריין אין צוויי רויטע בּלאָטקעס. און די בּלאָטקעס זיינען אַלץ געוואַקסען אין שניי, אויסגעבּרייט זיך ווי רויטע טינט אויף וויייסען לעש-פּאַפּיר. הפקר האָט אַצינד אויסגערונען דאָס, וואָס גרויסע באַשעפענישען האָ-בּען אין זיך געזאַמעלט און אָפּגעהיט אַזוי פיל יאָהרען. הפקר ווי קאַליע-געוואָרענער בּוריקעס-ראָסעל פון צובּראָכענע פעסער.

אין מיטעלפּונקט פון שמענדריקעס ניט־דערלאָפענעם קרייז איז געשטאַנען יאָקע דער שינדער, אַ שוואַרצינקער, פּאַסקודנינקער. גלייכמאָסיגע ווייסקייט און אַ צושפּריצטע רויט-קייט האָט איהם אַרומגערינגעלט. און ער האָט קאַלטבּלוטיג געקוקט, פון אונטער זיין פאַרפּעצטען קאָזיראָק, אויפן פאַל-אַנידער און אויפן צאַפּלען פון זיין צווייטען קרבּן. דאָס האָט ע ר צובּראָכען שמענדריקעס לעצטען קרייז. ע ר... און ס'אַרט איהם גאָרניט. גאַנץ רוהיג האָט ער זיך פּאַררוקט דעם מעסער אין שייד, אָפּגעווישט די פאַרבּלוטיגטע הענט אָן לעדערנעם

פאַרטוך, פאַרדרעהט אַ גויעשקע „ציהאַרקע״ פון צייטונג-פּאַפּיר און מאַכאָרקע, און פאַררויכערט. אַזוי האָט ער זיך רוהיג אָפּגעוואַרט ביז דער לעצטער צאַפּעל פון די פערדישע פיס וועט אויפהערען. מיט אַ בייזער נייגעריגקייט האָט ער נאָך געגעבען אַ קוק-אַראָפּ אויף זיין רעכטען שטיוועל און פאַר־קוקט זיך. אינם דאָזיגען שטיוועל זיצט אַ פוס מיט אַ צוקאַ־ליעטשעטען פּאָדיאָם. אַ קוק אויפן פוס און אַ קוק אויף די צוויי נבלות דאָ ניט ווייט, פונקט ווי ער וואָלט אַזוי אָפּגעוואויגען אַ פאַרבאָרגען נקמה-געדאַנקעל: צי האָט ער זיך שוין אַצינד אָפּגערעכנט פאַר זיין פוס, וואָס אַ ניט-דערשאָכטענער משא-פערד האָט איהם אַמאָל צומזיקט, צי ניט?...

אַ פנים באַשלאָסען אַז נאָך נ י ט גענוג אָפּגערעכנט זיך. וואָרים ער האָט ווידער אַרויסגעצויגען זיין לאַנגען מעסער פון שייד און גענומען דערנעהנטערען זיך צו די צוויי פערדישע נבלות מיט כיטרע טריטעלאַך פון אַ פאַרטאַיעטען שונא. אַרומגעקוקט צי זיי לעבען נאָך, האָט ער זיך פאַוואָליע אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, צווישען די אויפגעשטרעקטע פיס פון כוועדערס קליאַטשע.

אין שניי האָט איהר פאַרעלטערטע סיוועס פּעל אויסגעזעהן נאָך אָפּגעלעבטער און געלער, ווי זי איז. באַר יאָקעס האָט נאָך אַלץ ניט פאַרטרויט איהר טויטער פאַר־גליווערטקייט. זינט דער משא-פערד האָט איהם מכבד געוועזן מיט דער פּאָדקאָווע, פאַרטרויט ער מעהר ניט קיין שום טויטען פערד אין דער וועלט. האָט ער נאָך כוועדערס קליאַטשע ברוטאַל אַ שטאָך געטאָן אין האַלב-אָפּענעם אויג. זי האָט אַפילו מיט איין האָר ניט אַ קרים-געטאָן. ערשט דאַמאָלסט האָט יאָקע גענומען ציהען איין לאַנגען שניט פון איהר האַלז ביזקעל מיטען ברוסט און פון דאָרטען איבערען בויך. דערנאָך איז ער אַרויפגעפּאָהרען מיט זיין מעסער איבער דער לענג פון די אויסגעשטרעקטע פיס, פון אינעווייניג, דאָרטען וואו די פּעל איז ניט אַזוי שטאַרק. אַזוי אַרויפפּאָהרענדיג ביז איבער די פאַרהאַרטעוועטע „באַבקעס״ מיט די בערדלאַך, האָט ער

זיך אָנגעשטויסען אָן די קאָפּיטעס מיט די נייע שלעכט-אָנגעקאָוועטע פּאָדקאָוועס. ער האָט זיי באַטראַכט צי עס לוינט זיך אָנצוהויבען מיט זיי, און באַשלאָסען, אַז עס לוינט. האָט ער אָפּגעלאָזען דעם מעסער, און פון דער טיפער קעשענע אַרויסגענומען אַ האַמער מיט אַ דלאָטע, און לייכט, ווי אַלטע טינקע פון וואַנט, אָפּגעשלאָגען אַלע פּאָדקאָוועס פון די צופאָהרענע קרוכלע קאָפּיטעס. איין פּאָדקאָווע נאָך דער צווייטער. אָפּגעשלאָגען. אָנגעלענט זיי אויף איין טונקעלער בערגעל, און ווידער אַמאָל גענומען זיך צום מעסער.

אָהן די פּאָדקאָוועס האָבען די פערדישע פיס אויסגעזעהן נאָך עלענדער, נאָך נעבעכדיגער. די ראָזעווע לעכער אין די קאָפּיטעס האָבען דערמאָנט אָן די לעכער אין די הענט און פיס פון אַ געקרייציגטען.

5.

יאָקע האָט באַדעכעלט איין אויג מיט אַ פאַרבלוטיגטע דלאָניע און אַ קוק געטאָן ווי האַלט דאָס מיט דער זון. „אוי אוי!" האָט ער פאַר זיך אַ בורטשע געטאָן, דערזעהענדיג, אַז צו ליכט-בענשען איז נאָך געבליבען בלויז אַ שעה, אָנדערטהאַלבען. „וואו איז ער דאָס, דער ממזר, מיט דעם שליטעל?..."
האָט ער ווייטער אַ בורטשע-געטאָן און אומגעקוקט זיך צום שליאַך איבער דער אָזערע. קיין סימן איז נאָך ניט געווען צו זעהן פון צאַלקען — זיין פופצעהן יאָהריגען געהילף — וואָס האָט געדאַרפט קומען אָפּצונעמען די רויהע פעלען.

יאָקע האָט זיך מיט דאָפּעלטען פלייס אַ כאַפּ-געטאָן צו די געשאָכטענע פערד, ווי איינער וואָס האָט באַשלאָסען צו ענדיגען זיין אַרבייט, מעג עס דונערען און בליצען.

אַצינד אָבער איז שוין די אַרבייט געווען שווערער. די פערדישע ליטקעס זיינען טויטערהייט שווער געוואָרען, ווי די שנייאיג-בלוטיגע ערד, וואָס האָט זיי צוגעטוליעט צו זיך. די אַלטע פעל פון כוועדערס קליאַטשע האָט זיך אָפּגעטיילט פון

די דאַרע ביינער ווי פון פאַרפרוירענעם פעך. אַ שווייס האָט יאָקען אַרויסגעזעצט אונטערן קאַזיראַק אויפן שטערן און צו־מישט זיך מיט דאָס פאַרשפּריצט בלוט אויפן באַק. האָט זיך געדוכט, אַז ער געהט אָפּ מיט בלוטיגען שווייס ביי זיין האַרטער אַרבייט. האָרעוועט ער אַזוי און שילט די טויטע פּאַדלע מיט טויטע קללות:

— אַ ניכפּע זאָל דיך טרעפען, אַלטע שקורע! בלעך ניט קיין פעל, צו אַלדי שוואַרץ יאָהר! הען אַ פאַרשטונקענע קאַפּאָטע! קאָרע פון אַ דעמב איז שוין גרינגער אַראָפּצו־ציהען!

אָט מיט אַזאַ „צדוק הדין" האָט ער אויסגעטאָן פון כוועדערס ברויטגעבערין איהר לעצטע העמד, וואָס די מאַמע איהרע האָט איהר אַמאָל געשענקט, ווען זי איז אַרויס פון איהר בויך. און גראָטעסק און מאוימדיג האָט אויסגעזעהן דאָס, וואָס פון אַזאַ אַלטער ווייסער פעל קריכט אַרויס און אַנט־בלויזט זיך, אַזוי הפקרדיג און ציניש, אַזאַ רויטער באַרג מיט יונגענטליך־נאַקעט פלייש. די פּרעכקייט פון אַ זונה האָט פון נאַקעטען פלייש אַרויסגעפלאַקערט און דער גרויסער וועהטאָג פון אַ קרבן. אָט די דאָזיגע געגענזאַצען האָבען, אפנים, אין דער שטיל געווירקט אויף יאָקע דעם שינדער ער זאָל זיך אַזוי גראָב צוהיצען, אַז זיינע גלייכגילטיגע אויגען זאָלען זיך אַזוי צוברענען, אַז זיינע קאָריאַווע און געניטע הענט זאָלען אַזוי ציטערען, און אַז דער קאָרעק פון זיין הויכען שטיוועל זאָל, פון צייט צו צייט, זעצען אַזוי הערשאַפטליך־ברוטאַל אין דער ענטבלויזטער רויטער מאַסע. נאָר אַ שיכורער בייזער גוי, וואָס טאַרמאָשעט זיין נאָך־מעהר־שכורע „זשינקא" אין בלאָטיגען שניי, זי זאָל מיט איהם געהן אַהיים — באַנעמט זיך אַזוי...

מוראַדיג־אויסטערליש האָט אויסגעזעהן אויך דאָס, וואָס צוליב אַזאַ דינבע האָריג־סיוועך הויט שיט מען אַרויס אויפן שניי אַזאַ רויטען באַרג מיט פלייש־געוועבען, מיט קאָמפּלי־צירטע מוסקולען, מיט קונציג־פאַרצווייגטע אָדערען, מיט מייסטערהאַפט־פאַרוויקעלטע געדערים און פעטס און דריזען,

אין אַלע טענער פֿון ראָז און רויט און ברוין און פּיאָלעט. מען שיט אויס אַזעלכע אוצרות צוליב דעם ביליגען זאַק; מען וואַרפט אַרויס אַזעלכע סודות פֿון לעבען צוליב אַ הויט פֿון אַזאַ גרויס באַשעפעניש. ניין, נאָר אַ מענש איז מסוגל אויף אַזעלכע קרומע זאַכען!

דערנאָך איז געקומען די רייה פֿון „שמענדריקען". זיין פעל איז דאָך געווען טונקעל־ברוין, האָט דאָס שינדען זי פֿון רויטען פֿלייש אַראָפּ, ניט אויסגעזעהן ־אַזוי שרעקליך און אַזוי גראָב, ווי פֿון דער סיווע קליאַטשע. דערפאַר אָבער האָט זי זיך, מחמת אומריינער צעפּרעסענקייט, געריסען ביי דער קאָל־טונעוואַטער גריווע ביזקעל סאַמע רוקען. און יאָקע האָט זיך געזידעלט, וואָס ער איז אַזוי אַריינגעפאַלען. געשאָלטען מאיר פענטען, וואָס יענער האָט אים אַזוי „אַריינגעלעגט", און גע־שלאָגען שמענדריקעס אַנטבלויזט פֿלייש מיטן קאָרעק דערפאַר, וואָס ער איז אַזאַ שלימזל נאָכן טויט אַזוי ווי ביים לעבען, נאָכן טויט אפשר נאָך מ ע ה ר, ווי ביים לעבען.

די זון האָט זיך רויט אַראָפּגעלאָזט צום וואַלד. די סאָראָקעס זיינען געוואָרען חוצפּהדיגער, און אַראָפּגעלאָזט זיך דאָ און דאָרט אויף דעם פאַרגאָסען בלוט אין שניי צום אָנ־הויב — אויף דעם רויטען האַלב־קרייז, וואָס שמענדריק איז ניט דערלאָפען, וועלכער איז צובראָכען געוואָרען אונטער זיינע שוואַכע פיס...

יאָקע שינדער האָט זיך נאָך אַלץ געבאָבערט אַרום די מוראדיגע פֿלייש־בערג מיט די פּאַרסקאַליעטע פערדישע ציין, ווי אַ גרויסער זשוק אין בלוטיגען מיסט געגראַבעלט זיך. און ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט שינדען איז שוין צאַלקע, זיין משרת, לאַנג געווען אָנגעלאָפען מיטן שליטען, איבער דער אָזערע, אָפּצופיהרען די פעלען. יאָקע האָט זיי שווער צוזאַמענגעלייגט, ווי פודיגע פייכטע געוואַנטער, מיטן אָפּגע־שיילטען זייט אינווייניג און מיט די האָר דרויסען. אַזוי האָט ער זיי אָנגעלאָדען אין שליטעל. די שווערערע פעל פֿון דער סיווער קליאַטשע — אונטען, און שמענדריקעס לייכטערע פעל

פון אויבען. אויך דאָ האָט זיך דער שאָטען פון בלינדען פערדעל געשטיצט אויף דער סיווער באָבען זיינער, אַזוי ווי מיט אַ שעה צוריק, פאַרן טויט...

צאַלקע האָט, ווי אַ יונגער לאָשעק, אַ ציה געטאָן די שליטעל און איז גיך אַוועק איבער דעם קרומען שליאַך. און אין רויטען סליאַד, נאָכן שליטען, האָט אַוועקגעהונקען יאָקע, ווי אַ פאַרמאַטערטער און אונטערגעשאָסענער וואָלף.

אין דער זעלבער צייט איז די שבט-זון כמעט אינגאַנ-צען אונטערגעגאַנגען אין אַ פאַרקיהלטער רויטקייט. אויך דאָרטען, אין מערב-הימעל, האָט אימיצער געקוילעט דעם ווייסען פערד פון אָן אָפּגעלעבטען טאָג. אַ סיווער וואָלקען האָט זיך דאָרט געוואַלגערט אויסגעצויגענערהייט און זיין אויפ-געריסענער בויך, מיט רויכיגע געדערים, האָט געטריפט מיט בלוט. און ניט ווייט פון איהם איז געלעגען אַ ברוינער וואָלקען, אַ קלענערער, אַ טונקעלער. אויך אַ געקוילעטער. אַ מין נעפּעלדיגער „שמענדריקע״ מיט אַן אויסגעקראָכענעם עק. און ביידענס געדיכטע בלוטען האָבען זיך צוגאָסען אַרום זיי און אויסגעמישט זיך צוזאַמען; טאָקע דאָרטען, וואו דער הימעל פאַרקיילעכדיגט זיך צום ווייטען אַראָפּ-וואַלד...

זאָל דאָס געווען זיין אַ נאָכקרימעניש אויף דעם, וואָס איז אָקאָרשט געשען אויף דער ערד? צי די גייסטער פון די צוויי אומגעקומענע פערד האָבען אַהין אַוועקגעשוועבט, כדי צוצוטוליען זיך צום כסא־הכבוד, בעטען רחמים?... ווער ווייסט? האָבען דען בכלל פערד אַ נשמה? און ווי קומען די פאַרהויכטע אָטעמס פון פאַדלע-פערד צו אַזעלכע דערהויבענע זאַכען?

# אַ פֿאַרשוועכטער שבת־שירה

## 1.

ביי חיים־יוסף „טרעטי-בייק", אין שענק, האָט מען שוין גענומען אויפראַמען אין שטוב לכבוד־שבת. מ׳האָט אויסגעקעהרט דאָס אָנגעטראָגענע מיסט, אַריינגעבראַכט עטליכע פרישע קייקלעך ליים אויף אַ נייער זאַסלענקע און אַריינגעשטעקט אין זיי חלבנע ליכטלעך צום ליכט-בענשען, מ׳האָט אַרויסגעטריבען אַלע גויים און אָנגעזאָגט זיי, אַז ביז מאָרגען ביינאַכט, נאָך אָנצינדען פייער, זאָלען זיי זיך גאָר ניט דערוועגען אַריינ־שמעקען אַהערצו. וואָרים ס׳איז שבת. אָבער איין גוי האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. כוועדער דער וואַסער-טרעגער איז דאָס געווען; ער איז נאָך געזעסען אין קאָכשטוב ביי אַ ניט-דערטרונקענעם שטאָף בראַנפען. צווישען די קני אַ קאַראָ־מיסעל, מיט וועלכער ער האָט אָקאָרשט געשלאָגען פּאַלאַהייקען, זיין געזעצליך ווייב, וועלכע האָט זיך איהם אַקעגענגעשטעלט און ניט געוואָלט דערלאָזען – ער זאָל אויסברענגען אַזוי פיעל געלט; אָט דאָס בלוטיג געלט, וואָס ער האָט אָפּגענומען פאַר זיין הינקענדיגער קליאַטשע.

כוועדער האָט אַריינגעגאָסען איין קעלישאָק נאָכן צוויי־טען. נאָך יעדען קעלישאָק געבוטשעט מיט אַ שווערען קאָפּ, ווי נאָך איינגענומענעם ביטערען סם, און אַגב אויסגעגאָסען דאָס האָרץ פאַרן טיש, פאַר דער שענקערקע, פאַר דער קאַץ,

להבדיל, און פאַר דער הון, וואָס שפּאַצירט אַדורך זוכען אַ האָבערעל... אַלס אַ היימישען גוי, צו וועלכען די באַלעבאָסטע מוז אָפּטמאָל אָנקומען נאָך אַן איבעריגע פּאָר עמערס וואַסער, און אַלס איינעם, וואָס איז היינט נתעשר געוואָרען און געגעבען צו לייזען אַן אפּותיקי, וואָס ער באַקומט פון צעהן אידישע הייזער פאַר אַ חודש וואַסער־טראָגען, האָט מען איהם אַביסעל געשאַנעוועט און געלאָזען זיצען ביז ליכט־בענשען.

— נאָר וויסען זאָלסטו זיין, כוועדער! — אַזוי האָט איהם חיים־יוסף „טרעטי־בייק” שוין אַ פּאָר מאָל מתרה געווען, — „יאַק זשינקאַ זאַמאָליע סוויעצע...” עס הייסט, ווי נאָר דאָס ווייב וועט בענשען ליכט, אַזוי זאָלסטו זיך גלייך אָפּטראָגען... שבת!

— זאָל זי נאָר קומען, די „סטערווע”. — אַזוי ענטפערט איהם אָפּ כוועדער מיט אַ בויטש פון קאָפּ און קלאַפּט־צו, סטראַשענדיג, מיטן קאָראָמיסעל — זאָל זי נאָר קומען, אין איהר מאַמען אַריין, אַזוי וועל איך איהר די קליאַפּקעס דורכברעכען און דאָס גאַנצע וואַסער פון איהר אַרויסלאָזען.

חיים־יוסף און כוועדער האָבען אַזוי בשום אופן ניט געקענט מושוה ווערען. וואָרים יעדער האָט גאָר גערעדט פון זיין אייגענער ווייב: חיים־יוסף פון זיין אשת־חיל און כוועדער פון פאָלאַהייקען. מיט דעם איין אונטערשיד, וואָס כוועדער האָט זיך זיין פלוניתטע פאָרגעשטעלט אין געשטאַלט פון אַ פולער פאַס וואַסער...

דאָס גאַנצע עשירות, וואָס איז אַריינגעפאַלען צו כוועדערן אין די הענט, איז בסך־הכל געווען דריי מיט אַ האַלבען רובעל. ער האָט דאָס אָפּגענומען פאַר זיין סיוועך קליאַטשע און איבערגעגעבען זי יאָקען צום שינדען. אַ האַלבען פאַדלעפערד האָט שוין כוועדער באַלד פאַרטרונקען און פאַרביסען מיט „באַראַנקעס”, מיט אַ פּאָר קייקלעך געבאַקטע פיש און מיט זויערע אוגערקעס. אָבער ניט קוקענדיג אויף אַזעלכע קייזערליכע פאַרבייסעכצען האָט ער דעם שטאָף בראַנפען שלעכט פאַרדייט. ס׳איז איהם געווען קאַלעמוטנע אויפן האַר־

צען, ווי ביי אַ מענטשן וואָס האָט אַריינגעכאַפּט אין דער פינסטער אַ טרונק קעראָסין אָנשטאָט משקה, און פאַרביסען מיט זייף אָנשטאָט הערינג.

די שענקערקע האָט זיך געדרעהט אין קיך ביי די ערב־שבתדיגע טעפּלעך. און כוועדער האָט זיך אַלץ געטשעפּעט צו איהר, שיער ניט אָנגעכאַפּט זי ביים פאַרטוך. ער האָט דאָס געטאָן ווי אַ מענש וואָס טרינקט זיך און ראַטעוועט זיך פאַר אַ שטרויעלע:

— סלוש — כאַזאַיקאַ! אַ? כאַזאַיקאַ! אַט זאָג מיר דו צי כ'בין אַ „פּאַדליעץ" צי ניט? אָפּגעדינט האָט מיר אַ קליאַ־טשע אַזויפיל יאָהרען... און אַצינד, בשעת איך זיץ דאָ און טרינק סיוואוכע און פאַרבייס מיט זשידאָווסקע פיש, שיילט מען פון איהר די אַלטע שקורע איהרע, אויף יענעם זייט אָזערע... געה אַרויס וועסטו זעהן. מיר טוט וועה דאָס האַרץ און סאַ־ראָקעס פרעהען זיך...

— וואַרף איהם שוין אַרויס פון שטוב! — שרייט די שענקערקע צום מאַן — כ'וועל היינט מיט פאַררוקען טשאָלענט ניט פאַרטיג ווערען...

לויפט צו חיים־יוסף צו זיין פאַרזעסענעם קונד. אין זיין וואַטאָוועןן שוואַרצען לייבעל, איבערן „ארבע־כנפות", און אין דער יאַרמעלקע אויפן שפּיץ בייקענעם קאָפּ זעהט ער אויס כוועדערן משונהדיג און שטאַרק. און דאָ שרייט ער נאָך אויף איהם, דער שענקער:

— וואָס ווילסטו דאָ, וואָס? דערטרינק דיין בראָנפען און געה!

אָבער שרייענדיג אַזוי, דערזעהט חיים־יוסף דעם גרינ־ליכען ניט־דערטרונקענעם שטאָף. אַזויפיל לייזעכץ אויף איין מאָל!... ווערט ער אַ ביסעל ווייכער צו כוועדערן און רעדט איהם צו מיט אַ פריינטליכערען טאָן:

— נו, אידי, אידי, כוועדער! אידי, זשינקאַ טאָביע הו־קאַיטש!... (נו, געה, געה, כוועדער! געה, דאָס ווייבעל דיינס רופט דיך!)

— אָט נאָך אַ שעהלע, גוטער מענש! אַזוי בעט זיך כוועדער מיט אַ ווייגענדיגען קול, נאָך אַ ווײַלעצקע. דו ביסט דאָך אַ קלוגער מענש. אַלע אידען זיינען קלוגע מענשען... טו זאָג־זשע מיר דו, בין איך דען ניט אַ „סוואָלאָטש״? בין איך ניט אַ הינטישער־זוהן? שוין באַלד אַ האַלבע קליאַטשע פאַר־טרונקען. געקווילעט און פאַרטרונקען...

חיים־יוסף דער שענקער איז ניט געוועהנט מען זאָל איהם מאַכען אַזעלכע קאָמפּלימענטען. פאַרקעהרט, אַלע רופען איהם „בייק״. פון זיין אידענע איז שוין אָפּגערעדט. זיין צו־נעמעניש „טרעטי־בייק״ איז איהם איבערגעגאַנגען בירושה, ווי אַ גראַפליכער טיטעל, פונם זיידען, נאָך וועמען ער איז אַ נאָ־מען. יענער, זכרונו לברכה, האָט שוין געהאַט דאָס צונעמעניש „בייק״, זיין טאַטע האָט שוין געהייסן „וטאָרע בייק״ און ער, חיים־יוסף — „טרעטי־בייק״. דערפאַר צוגיסען זיך איבער איהם כוועדערס שיכּורע ווערטער, אַז בטבע איז ער אַ קלוגער מענש ווי אַ גוטער בוימעל. און אָנשטאָט אָננעהמען כוועדערן פאַרן קאָלנער און אַרויסוואַרפען איהם, אַזוי ווי דאָס ווייב הייסט, שטעלט ער זיך גאָר אַוועק איבער כוועדערן און טרייסט איהם:

— וואָס סמאַרקעסטו זיך? וואָס ווילסטו פון דיין לאָמער קליאַטשע? אַ סקאָטינע איז אַ סקאָטינע. אָפּגעדינט — שינדט מען זי אָפּ און אַ סוף.

— ניין, — מאַכט כוועדער און דרעהט שווער מיטן קאָפּ און שנייצט זיך אויס אין פּאָלע פון זיין קאָזשוך. — וואָס ווייסטו, גוטער מענש! זי האָט דאָך אויף מיר געקוקט מיט מענשישע אויגען. ווען מ׳האָט זי אַוועקגעפיהרט — אומגעקוקט זיך אַזוי... אַליין איז זי אַ ווייסע, אַ סיווינקע, און אויגען האָט זי טונקעלע, שוואַרצינקע: „האָב רחמנות!״ האָט זי זיך געבעטען. אָבער ווי קום איך, אַ „פּאָדליעץ״ אַזאַ, צו רחמנות?... אָט אַ האַלבע קליאַטשע באַלד... אָט אָ... גוטער מענש!... וואָט טוטאָשקי (אָט דאָ), אין שטאָף!...

— נו, — ווערט שוין חיים־יוסף אומגעדולדיג, — דרעה

מיר ניט מיין יאָרמעלקע און גּעה!.. געה, געה! פאַלאַהייקע וואָרט אויף דיר אינדרויסן. געה, געה, כוועדער!

— גיב נאָר אַ קוק!.. — קוויטשעט־אויף די שענקערקע ביים אויוועָן, — ווי ער טעהנהט זיך דאָס אויס מיטן ערל! געפּונען אַ צייט, האָט ער...

— ניע סערטשאַיטע! — ווישט זיך כוועדער די נאָז מיט דער פּאָלע — בייזערט זיך ניט, גוטע מענטשן, טרייבט מיך ניט. אַזאַ פּאָדליעץ ווי איך בין!.. אָט ועט מען ביי אייך באַלד אָנצינדען ליכטעלעך שבתדיגע. דער „כאַזאַין" וועט גאָט בעטען און איך וועל מיר זיצען. וואוהין וועל איך געהן, גוּ־טע מענשען? אין כאַטע ביי מיר איז פינסטער. אין שטעל־כעלע פינסטטער. ניטאָ מיין ווייסע קליאַטשע. ווי דער טאָג האָט מיר דאָרטען געלויכטען איהר סיווע פעל...

## 2.

דאָסמאָל ווערט שוין חיים־יוסף גאָר־גאָר אין כעס און גיט זיך, כלומרשט, אַ וואָרף אויף כוועדערן, ווי ער וואָלט איהם געוואָלט דורס־זיין:

— אַרויס צו אַל־די קאַדיק! דו שלאַק, דו אָנשיקעניש!

און די שענקערקע ווישט זיך די הענט אין פאַרטוך און העלפט צו!

— אַרויס, דו שיכור, דו! אַרויס!

— ניע טראָש! (טשעפּע ניט), ווערט מיטאַמאָל כוועדער ניכטערער, שטעלט זיך אויף מיט זיי גאַנצן האַמעטנעם גוף און שאָקעלט זיך אויף זיינע לאַפּטיעס. ניע טראָש, זאָג איך! טשעפּעט נים אַזאַ זינדיגען מענשען, ווי איך בין, אַזאַ פּאָד־ליעץ, אַזאַ —

כוועדערס באַוואַקסענער פּנים קריגט דערביי אַזאַ וויל־דען אויסדרוק, אַז חיים־יוסף דער גבור און זיין ווייב די אשת־חיל דערשרעקען זיך, טרעטען אָפּ און קוקען זיך איבער. העט אַ מעשה! אינם שטענדיג אונטערטעניגען וואַסערטרעגער

האָט זיך אויפגעכאַפּט דער אמתער גוי, דער פרייער „גבעוני", איידער יהושע האָט איהם פאַרשאָלטען...*)

אָבער כוועדער געברויכט ניט זיין גויעשקען כח. ער זיצט שוין ווייטער אויפן פאַרעווען ביינקעל, צווישען מילכי-געז סודניק און פליישיגען טישעל, די קוטשמע האָר האָט ער פאַרצווייפעלט אַריינגעוואָרפען אין די דלאָניעס, און כליפּעט מיט גאָר אַ נייער פרישקייט. גראָד אַצינד האָט ער געפונען די ריכטיגע צייט אויסגיסען דאָס האַרץ בזו הלשון:

– אָט באַלד וועלען די זשידעס אָנצינדען ליכטלעך און עסען אַ הינערשע יאַיכעל. און איך אַ פּאָדליעץ אַ פּינסטערער... פאַרפאַלען בין איך! שטיקער רייסט מען פון איהר דאָרטען, אויפן שנײ, ווי קרויט שיילט מען זי, און איך זיץ מיר דאָ און ציה סיוואוכע... איהר בלוט טרינק איך! – אַזוי צעיאָמערט זיך פּלוצלינג כוועדער, ווי אַ מענש וואָס האָט אָנגעטאַפּט דעם ריכטיגען וואָרט. איהר בלוט!!

און איידער דער שענקער און די שענקערקע קומען צו זיך, פון אַזאַ פּלוצליכען אויפשרייען, ערשט כוועדער האָט שוין אַ כאַפּ געטאָן די פיר-עקיגע, ביט-דערטערונקענע פלאַש פון טיש און גיט זי אַ שליידער מיטן גאַנצען פויערשען כח צום שוועל-צו, אַזוי, אַז שטיקער און שטיקלעך גלאָז צעשפּרינגען אויף אַלע זייטען, אין דער אויפגעראַמטער קיך; און אַ נאַסע פּליאַמע, פונם רעשט בראָנפען, צופלייצט זיך איבערן ערב-שבת-דיג אויסגעשאָטענעם זאַמד, ווי אויף לעש-פּאַפּיר.

הויבט דאָך חיים-יוסף אָן צו שרייען און חיים-יוסיפיכע צו קוויטשען. כאַפּט אָבער כוועדער אַרויס זיין קאַראָמיסעל פון צווישען די קני און צעפאָכעט זיך מיט איהם:

– סטאַי, זשאַדי! (שטעהט אָקאָרשט אידען!) וואָרים כ'וועל אייך דאָ באַלד ממיתן, ווי כ'האָב געממיתט מיין גע-זעצליך ווייב...

---

*) יהושע, וועלכער האָט איינגענומען ארץ ישראל נאָך משהס טויט, האָט די „גבעונים" פאַרשאָלטען, זיי זאָלען אייביג זיין ביים פאָלק ישראל האָלץ-העקער און וואַסערטרעגער.

עס איז אין שענק געוואָרען אַ געוואַלד, אַז הימעל עפּען זיך. אויף די קולות זיינען אָנגעלאָפען שוסטאַרעס, וואָס האָבען זיך אָקאָרשט געלאָזען געהן אין באָד, כדי אַריינצו־כאַפּען אַ פּאָרע פּאַר קבלת־שבת. מיט פּאַראייניגטע כחות האָט מען כוועדערן אַרויסגעשלעפּט אויף דער גאַס, און פּאַר איינע הוצאות אַריינגעלעגט איהם אַ ביסעל „טרוקענע" אין קאָלנער.

— קאַראַ–אול! — האָט כוועדער געשריען איבער דער גאַנצער גאַס.

מ'האָט איהם צוגעשלעפּט צו זיין געפּרוירען פּעסעל אויף דער מיטען גאַס. אויפען שליטען, ביים פּעסעל מיט די צוויי איבערגעקעהרטע עמער, איז געזעסען פּאַלאַהייקע און באַווייינט דעם פינסטערן מזל איהרען ביי כוועדערן. און דאָס וואָס איהר געזעצליכער מאַן פּאַרטרינקט די פּאָר־רובעל, וואָס מ'האָט אָפּגעלייזט פּאַר דער לאָמער קליאַטשע, און מ'וועט ניט קענען איינהאַנדלען עפּעס אַן אַנדער פּאַדלע... מ'האָט כוועדערן מיט גרויס כבוד אויסגעשפּרייט לעבען זיין פּעסעל און אַוועקגעלעגט לעבען איהם זיין קאַראָמיסעל.

דערזעהן איהר געטרייען מאַן אין אַזוי פיל אידישע הענט, האָט פּאַלאַהייקע געקראָגען מוט און קודם־כל צוגעכאַפּט דעם קאַראָמיסעל און פּאַררוקט איהם אין שליטען אונטערן פּעסעל, כדי כוועדער זאָל זיך מיטן אויסגעבויגטן דראָנג מיט די צוויי אויערלעך ווייטער ניט נעהמען שלאָגען... באַוואָרענט זיך אַזוי — האָט זי זיך געשטעלט אויף די קניע, לעבען איהר געזעצליכען מאַן און, איינרעדענדיג איהם ער זאָל זיין אַ מענש און, האַליובענדיג איהם אויפן גויעשקען שטייגער, האָט זי פּאַוואָליע אַרומגעטאַפּט איהם אַלע זיינע קעשענעס, צי פון דעם געלד איז נאָך עפּעס געבליבען, צי ניט. אָבער כוועדער האָט געקעמפּפט ווי אַ לייב און ניט צוגעלאָזען צו זיך קיינע שום ווייבערשע לאַפּקעס.

— קאַראַ–אול! — האָט ער מאוימדיג געשריען — אובי־וואַיוטש! ס'הייסט: מ'זאָל איהם ראַטעווען וואָרים מהרגעט, מען ממיתט איהם...

דאָס געלעכטער, אינם צוזאַמענגעלאָפענעם רעדעל אי־דען, איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק, אַז כוועדער האָט זיך אַ ביסעל אויסגעטשוכעט, אַוועקגעזעצט זיך, אַרומגעקוקט זיך. און קודם־כל אַראָפּגעלאָזט פּאַלאַהייקען אַ פּראַסק אין באַק אַריין, אַז יענע איז גלייך אַנידערגעפאַלען לעבען פּעסעל מיט די איבערגעקעהרטע עמערס. ערשט דערנאָך האָט כוועדער גענו־מען סטראַשען:

— די לייכטער אייערע, די זשידאָווסקע, וועל איך מעהר ניט אַראָפּנעמען. ניין! און פּאָסכע וועל איך דעם חמץ אייצ־רען דעם „פּאָהאַנעם" ניט אָפּקויפען. אָט וואָס!...

— עה, ווסט בעסער ווערען! — האָט דאָס רעדעל ערב־שבתדיגע אידען געלאַכט אַרום איהם.

גראָד דאָ איז אַ שליטעל צוגעפאָהרען צום רעדעל. דאָס איז געווען צאַלקע. יאָקע דעם שינדערס משרתל איז אָנגעלאָפען און האָט זיך אַריינגעשטופּט אַ קוק־טאָן. אויפען שליטעל זיינען געווען אָנגעלאָדען צוויי פּריש־געשונדענע פעלען. אונטען — אַ ווייסע, אויבען אַ ברוינע. דערזעהן די בלוטיגע פעלען, האָט כוועדער ווילד גענומען דרעהען מיט די אויגען, און גאָר פּלוצלינג האָט ער זיך ווידער צעוואָיעט איבער דער גאַנצער גאַס:

— קאַראַ—אול! רעזוטש! אוביוואַ—אַיוטש!

אַ בחברותא־געלעכטער האָט איהם געענטפערט אויף זיינע געשרייען. קיינער פון רעדעל אַרום האָט אָבער ניט חושד געווען, אַז כוועדער וויל דאָ בלויז פאַרשרייען זיין מוראדיגען, גויעשען אומעט, וואָס גריזשעט איהם אין הארצען. אַן אומעט וואָס האָט ניט קיין נאָמען און האָט ניט קיין טרייסט.

## 3.

ביי מאיר־פּענטען אין שטוב איז אויך פאַרגעקומען אַ גרויסע קריגעריי, מיט זיין אידענע, איבער די דריי רובעל

מיט פערציג קאָפּיקעס, וועלכע ער האָט אָפּגענומען פאַר „שמענדריקעס" פעל. נאָר גאָר אויף אַן אַנדער אופן ווי בײַ כוועדערן מיט פּאַלאַהייקען, להבדיל.

אָנגעהויבען האָט זיך די קריגערײַ איבער דעם, ווער פון זיי זאָל דאָס געלט באַהאַלטען בײַ זיך. טרײַנע, מאירס אידענע האָט געטענהט, אַז בײַ איהר איז זיכערער. ער, פּענ־טע, איז דאָך אַ ליימענער גולם, און זי איז אַ סוחרטע. זי האַנדעלט מיט ציגענע מילך, האַנדעלט זי. יאָ. אויסערדעם, אַז מ'וועט דאַרפען קריגען נאָך עטליכע רובעל אין חברה־גמילות־חסדים, כדי צו אײַנהאַנדלען עפּעס אַ נײַע פּגירה אַ פערד, איז ווער וועט מוזען לויפען צום גבאי דרײַ מאָל אַ טאָג, ביז זי וועט דעם גמילות־חסד אַרויסמאַנטשען? זי! אַלץ זי. זאָל ער נאָר, אַזאַ גולם, ניט מורא האָבען! אַז ס'וועט האַלטען בײַ קויפען אַ פערד, וועט זי איהם אָפּגעבען דאָס גאַנצע געלד צוריק...

אָבער פּענטע האָט פּאָרט געהאַט פּחד, די אידענע זײַ־נע זאָל ניט אויסגעבען כונם געלט אויף איהרע צוויי ציגען, וואָס זי קאָרמעט און מעלקט אין שטעלכעל. וואָרים, זינט די ציגען האָבען זיך אָפּגעציגעלט מוטשעט זי איהם די אידענע: „סעטשקע און סעטשקע" און נאָכאַמאָל: „סעטשקע!" ס'רעדט זיך נאָר אַזוי: סעטשקע. זי מאָנט סעטשקע און מײַנען מײַנט זי קלאַיען. ער קען זי גוט זײַן אשת־חיל...

האָט מען זיך אַזוי אַרומגעהאַמפּערט, ביז טרײַנע האָט זיך צוקוויטשעט און גענומען שפּרינגען איהר מאַן אין די אוי־גען אַרײַן. ער שטעהט ווי אַ סלופּ און זי דראַפּעט זיך אויף איהם. שטופּט ער זי אָפּ, כאַפּט זי גאָר אַ ליימענע פּאָקריש־קע פון אַ טעפּל און וואַרפט איהם אין קאָפּ אַרײַן... נו, וועט עפּעס אַזאַ גבר ווי פּענטע געהן שלאָגען זיך מיט אַזאַ דאַרע קאַץ ווי טרײַנע זײַן ווײַב? האָט ער זיך מישב געווען, אַ קראַץ געטאָן זיך אין דער פּאַטילניצע און אָנגעווענדעט זײַן אַלטען מיטעל, דהיינו: ער האָט זי פאַרטריבען, זײַן אידענע, אין ווינקעל, ווי מען פאַרטרײַבט אַ קוואָקעכע וואָס ברעכט

כלים, און אַ כאַפּ-געטאָן זי אַ צאַפּלדיגע און אַ קוואָקצענדי-גע און... געפּענטעט. יאָ, געפּענטעט זי מיטן זעלבען שטריק, וואָס ער פלעגט געברויכען צו „שמענדריקען" אויף דער נאַכט-פּאַשע, און אַ געפּענטעטע אַריינגעוואָרפען זי אין בעט אַריין, כדי זי זאָל זיך אַביסעל אויסליגען און באַרוהיגען זיך. ניט אומזיסט רופט מען דאָך איהם „פּענטע" אין גאַנץ שקלאָוו. זאָלען זיי דאָרטען זאָגען וואָס זיי ווילען! ס'איז אַן אויסגע-פּרובטער מיטעל. קיין בעסערען מיטעל צו אַ צובונטעוועטער אידענע קען ער ניט.

אַריינגעוואָרפען זי אין די בעבעכעס, האָט ער איהר אָפּגעזאָגט זיין אַלטע מימרא, זיין איינציגען שטיקעל מוסר, וואָס ער רעדט אין איהר אַריין אַלעמאָל, נאָך אַזאַ פּאַל. מיט זיין ליימענעם לשון אַריינגערעדט און מיט זיינע האַלב-פּאַר-זשליאָקעטע און ברומענדיגע ווערטער:

— נו, נו! לי—אַ—דו—לי, או—קרי—מי—ניט—אינעזיק!

ס'הייסט: נו, נו, ליג אַז דו ליגסט! און קריך מיר ניט אין היזק!

האָט זיך דאָך טריינע די געפּענטעטע צעוואָיעט און געמאַכט-אויף די גאַנצע שטוב, די קינדער איבערגעשראָקען אין די ווינקעלעך און די ציגען, להבדיל, אין שטעלכעלע. קינד און ציג האָט זיך צומעקעט: „מאַ־מע! מע-ע!..." אָבער פּענטע אַליין האָט זיך גאָר ווייניג געמאַכט פון גאַנצען האַר-מידער. פון אונטער זיינע ליימיג-רויטע און ווייטאָגדיגע אויגען-לעפּלעך האָט ער קאַלט באַטראַכט זיין געפּענטעטע אידענע אין בעט און, געלאַסען, אַרויפגעצויגען אויף זיך זיין צופּליקטע שבתדיגע קאַפּאָטע. די טונקעלע שבתדיגע קאַפּאָטע איבער דער ברוינער, וואָכעדיגער און לענגערער... וואָרים פון דער שבת-דיגער, וואָס ער האָט אַמאָל באַקומען צו דער חופּה, איז ער שוין לאַנג אַרויסגעוואַקסען. אויסגעפּוצט אַזוי לכבוד שבת, האָט ער גענומען באַרוהיגען זיין געפּענטעטע אידענע:

— האַלדווע ניש! כעל קו—צו—וועטשע—על אי—די—אָפּ-ענטע!

ס'הייסט: געוואַלדעווע ניט! כ'וועל קומען צו וועטשערע וועל איך דיך אָפּפענטען!

דערביי האָט ער זיך אַרומגעדרעהט אין שטוב און אַלץ געזוכט אַ באַהעלטערעל, וואו צו פאַרשטעקען דאָס ביסעל מזומנים.

אָבער טריינע האָט איהם, קוויטשענדיג, געגעבען צו פאַר־שטעהן, אַז אַזוי לאַנג קען זי ניט ליגען געפּענטעט:

— גולם! ליכט־בענשען!.. מכות וועסטו עסען, ניט ווע־טשערע!

פענטע האָט זיך פאַרטראַכט: אַ אידענע מוז בענשען ליכט. דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג. היינט וואָס זאָל ער דאָ טאָן? לאָזען זי אַ געפּענטעטע און אַוועקגעהן, צי אָפּפענטען זי און בלייבען דאָ היטען דאָס געלט?

אָבער גאָר פּלוצלינג האָט איהם אין ליימענעם קאָפּ עפּעס אויפגעלויכטען. שאַ! אַז זי וועט אָפּבענשען ליכט וועט זי זיך סיי־ווי־סיי ניט טאָרען צוריהרען צום געלט. היינט וואָס איז דאָ וואָס מורא צו האָבען? ביז מאָרגע', נאָך אָנצינדען פייער, האָט ער ניט וואָס מורא צו האָבען.

איז ער צוגעגאַנגען גאַנץ געלאַסען צום בעט און אָפּ־געפּענטעט זיין אידענע. זי האָט זיך שוין, אגב, אַ ביסעל באַ־רוהיגט. ער האָט רוהיג אויסגעהערט איהרע לעצטע קללות און ניט אָפּגעטראָטען פון אָרט ביז טריינע, זיין ווייב, האָט אָפּגע־בענשט ליכט אין די צינענע לייכטער, וואָס ער האָט אַמאָל באַקומען דרשה־געשאַנק, כאָטש געדרשנט צו דער חתונה האָט ער ניט בעסער ווי היינט. אָבער ווי נאָר טריינע האָט אָפּגע־בענשט און אָפּגעדעקט איהר שבתדיגען פנים, האָט פענטע גלייך געגעבען אַ רוק־אַריין די דריי רובעל מיט פערציג קאָ־פּיקעס אונטער איין צינענעם לייכטער און אַ לאַף־געטאָן, מיט זיין גולמדיגען שמייכעל, אין טריינעס באַלויכטענעם פנים:

— או—איצטע—טרייע—גע—קוי—עטשקע!

ס'הייסט: און איצטער, טריינע, געה און קויף סעטשקע! שמייכלענדיג האַמעטנע, מיט אַ פאַרדרעהטען מויל, איבער

זיין גאונישען איינפאַל, האָט ער אויף זיך אָנגעוואָרפען זיין בּאַלעגאָלישע דעליע און אַוועק צו קבּלת-שבּת. יאָ, אָט ווי מען בּאַהאַלט געלט אַז מ׳האָט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס!..

דערנעהנטערענדיג זיך צום ליובּאַוויטשער בּית-מדרש האָט פּענטע, אויף יענער זייט אָזערע, דערזעהן צוויי בּערג-לעך מיט רויט-געשוּנדענע פלייִשען — אַלץ וואָס איז איבּער-געבּליבּען פון זיין שמענדריקען און פון כוועדערס קליאַטשע. אַ האַלבּ-קרייז פון צושפּריצט בּלוט איז געווען צופּעכערט אַרום זיי, און משוגע-געוואָרענע סאַראָקעס האָבּען זיך געדרעהט אין דעם דאָזיגען ניט-פאַרענדיגטען קרייז, אין דער שבּתדיגער האַלבּ-טונקעלקייט. ליכטעלעך שיינענדיגע אין בּית-מדרש און פינסטערע וואָכעדיגע סאַראָקעס איבּער דער הפקר-דינער יאַטקע...

— אוי, אַ כאָלער — ! — האָט זיך מאיר פּענטע פאַרקוקט מיט אָן אויפגעפּעפּענטען מויל.

שווער געווען צו וויסען וואָס ער מיינט מיט זיין פאַר-טראַכטער קללה: צי וואונדערט ער זיך דאָס, אַזאַ גולם, אויף דעם סוף פון אַלע לעבּענדיגע? אָדער איז דאָס בּלויז אַ מאיר-פּענטעדיגער „צדוק-הדין”, אויף שמענדריקעס מזל בּיים לעבּען און נאָך זיין בּיטערען טויט?...

4

שבּת-שירה גאַנץ פריה האָבּען זיך אידען אויפגעכאַפּט פון שלאָף בּיי אַ גרויס געשריי פון סאַראָקעס.

אידען, וואָס וואוינען בּיים בּרעג אָזערע, זענען געוועהנט צום געשריי פון פויגלען, ווען יענע קלייבּען זיך צוזאַמען אין די טראָסטינעס און שרייען אַלע צוזאַמען אויף זייערע פויגעל-שע לשונות. דאָס ווערט אָנגערופען: „אַ פויגעלשע חתונה”. בּאַר עפּעס אַזאַ „חתונה” ווי דאָס מאָל האָבּען זיי נאָך קיינ-מאָל ניט געהערט. לויטן געשריי זיינען דאָס געווען אַצינד צעהן פויגעלשע חתונות צוזאַמען.

קראַצען אידען אָפּ דעם אייז פון די אָנגעפּראָרענע פענ־סטערלעך און קוקן אַרויס. דערזעהען זיי, אַז די פּאַרשנייטע לאָנקע אויף יענעם זייט אָזערע, הינטער די אויסגעטריקנטע טראָסטינעס, איז עפּעס פאַרגאָסען מיט אַ גרויסער בלאָטע פון שוואַרץ־בלויען טינט. און די דאָזיגע שוואַרצקייט לעבט, באַ־וועגט זיך ווי אַ היישעריק און קלינגט דערביי מיט טויזענטער זכּעדנע קולות. און וואו זיינען דאָס עפּעס די געשוונדענע פערד פון נעכטען?... די געשוונדענע זיינען מעהר ניט געווען צו זעהען. מיט אַן אַטלעסענעם באַדעק פון שוואַרצע פליגלען זיינען זיי אַצינד געווען איינגעהילעט.

אַזאַ שוואַרצען טריאַטער, אינמיטען ווייסען שניי, זעהט מען ניט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. דערצו נאָך איז היינט שבת אויף דער וועלט.



האָבען זיך ווייסע חברהניקעס און שוסטער־יונגען געפּע־דערט, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך וואָס גאָט האָט געגעבען, און אַוועקגעלאָזען זיך, נאָך פאַר שחרית־דאַווגען, איבערן קרומען שליאַך פון דער געפרוירענער אָזערע, כּדי אָנצוקוקען דעם בייז־וואונדער פון דער נאָהענט.

האָבען זיי דערזעהן אַ גרויסע טרפהנע סעודה פון כּל־ערליי שוואַרצע און גרויע פויגלען, קליינע און גרויסע. דורכן שיטערען פאָרהאַנג פון די אויסגעדאַרטע טראָסטינעס האָבען זיי דאָס שוין דערזעהן.

אויף דער מיטען לאָנקע האָבען זיך מיושבדיג געשטופּט די גרויסע וואָראָנעס, מיט די פלאַכע פאַרברעכערישע קעפּ און מיט די גרויע שינעלען פון אַרעסטאַנטען, אָנגעטאָן איבער די שוואַרצע אַרבעל־פליגלען און איבערן שוואַרצען קאָפּ־מיי־צעל. און סאָראָקעס האָבען זיך דאָרטען געטומלט, שוואַרצע ווי קויל און מיט לאַנגע שפּיציגע שנאָבלען, ווי די דלאָטעס פון איינברעכער. מיט די דאָזיגע שוואַרצע דלאָטעס האָבען זיי טאַקע געהאַלטען אין איין איינברעכען־זיך צווישען די ריפּען

פון די געשונדענע פערד. און קליינע האָלקעס זיינען דאָ גע־
ווען, מיט קיילעכדיקע קעפּ פון געטאָקטע שטעקענס. מיט הול־
טיאַסקע אָפענע פּיסקעס, פונק־רויטע. ווי אויסגעשמירט מיט פריש
בלוט, פליהען אָן די האָלקעס איינע אויף דער צווייטער, און,
מיט אויסגעבויגענע העלזער, ווי די שלאַנגען ביים בייסען,
אַזוי קריכען זיי קאָפּ אויף קאָפּ, איבער די נבלות, און היי־
זעריג שילטען זיי זיך „קכ־כ־כ־אַ! פאַסקודניצע, אַט־אָ פּיק איך
דיך, אַט־אָ שלינג איר דיך! קכאַ־אַ! סכנות־נפשות וואָס איך
קען אָפּטאָן אַז איך בין הונגעריג...״

אָבער אָנשטאָט דעם נעמען זיי זיך גאָר פּיקען דאָס
פלייש מיט אַ זשעדנעקייט פון שנאָרער, אומקוקענדיג זיך אַלע
ווייל אויף זייערע חברים פון איין מין. מיט זייער פלינקייט
און חוצפּה און מיט זייער מאָסע שטויסען זיי אַרויס די גע־
לאַסענע און שטאַרקערע ראָבען, די עלטערע און געניטערע
רויבער און פרעסער.

אַ בראָנז־ברוינער שפּאַרבער מיט אַ שאַרפען שנאָבעל,
וועלכער איז דורך די ווינטערדיגע קעלטען געוואָרען אַ גרוי־
סער יורד, איז אויך אַראָפּ פון זיינע הויכען, פון זיינע רוי־
בערישע הימעל־טורעמס. אַראָפּ אויף דער ערד איז ער, צו
טיילען דעם ביסען מיט דער באַנדע שוואַרצע גנבים און מיט
די גרוי־געלאַטעטע בעטלער, מיטן גאַנצען אָנגעלאָף פון האָל־
קעס און אַנדערע פויגעלשע אויסוואורפען. ער הינקט, דער
שפּאַרבער, אונטער דער לאַסט פון זיינע גרויסע פליגלען. און
וואו נאָר ער טוט אַ גראַבעל מיט זיינע קרומע רויבערישע
נעגעל פון אַ הויפטלינג, דאָרטען מאַכט איהם די גאַנצע
שוואַרצע חברה אַ וואַרע. שרייען און ליאַרמען, דאַכט זיך,
ווי באַגזלטע גנבימלעך, און מאַכען, פונדעסטוועגען, אַ וואַרע...

דערזעהן, אַז מענשען קומען אָן — דערשרעקט זיך די
ריזיגע כאַליאַסטרע... פליהט אויף ווי אַ טינטיגע כמאַרע און
צושיט זיך אין איין צושויבערטען געדרעה פון פאַרברענטע
בויגעלעך פּאַפּיר אין ווינט... אַנטפלעקען זיך די צוויי רויטע
בערגלעך פון געשונדענעם פלייש מיט צוצויגענע אָדערען. נאָר

דער שפּאַרבער אַליין קוקט זיך רוהיג אום מיט זיינע בור־שטינענע אויגען. אַ דיקער פּאָדים פליישׁ, ווי אַ רויטע לאָקשׁ, הענגט איהם קרום איבער דער קרומער נאָז. און זעהען זעהט ער אויס ווי אַ ביסעל פאַרשעמט, וואָס מען האָט איהם דאָ געטראָפען, אַזאַ ריז ווי ער, אין אַזאַ מיאוּסער קאָמפּאַניע...

ביסלעכווייז געוועהנט זיך די שוואַרצע, היימזעריג־ליאַר־מענדיגע חברה־פויגלען צו דער נאָהענטקייט פון נייגעריגע מענשען; זיי פליען קורץ אַרויף און לאָזען זיך ווידער אַראָפּ אויף די בערגלעך צופּיקעטע פליישען. אַנטבלויזט זיך אַ ווײַלע, אונטער זייער מאַסע, די רויהע־רויטקייט און באַדעקט זיך ווידער בלוי־שוואַרץ, ווי דורך אַ קונצען־מאַכעריי. די חוצפּה זייערע וואַקסט ביז זיי לאָזען זיך אײַנגאַנצען אַראָפּ מיט אַ שיכורען קראַקען פון פאַרפרעסענע טרפהנע העלזער. מען רייסט מיט שנאָבלען און מיט נעגעל מילץ און לעבער, פעטס און פלייש־געוועבען. איין שוואַרצע כוואַליע פויגלען קומט איבער דער צווייטער, איין מין שטויסט אַרויס דעם צווייטען מין און קומט ווידער צוריק. די אַרויסגעשטויסענע קריכען איבערן שניי מיט דריבנע טריטעלעך און מיט אַראָפּגעבויגטע העלזער, און שילטען און פלוכען. און די אַרויסשטויסער ציהען האָפּערדיג די געפּרווירענע פלייש־פעדימער און טריאומפּירען. פויגעל־כוואַליע אָפּ און פויגעל־כוואַליע אויף. ס'איז אַ שוואַרצע וואַקכאַנאַליע, אַן אָרגיע פון שנאָבלען און נעגעל, הייזעריגע געזאַנגען און אַ שיכורע פליגעל־פאַטשעריי... ס'איז אַ פרעסערישע זעלבסטהערשעריי און אַ קאָמונע אין איין און דערזעלבער צייט. אַ גזלניש רייסען פון מויל און אַ חברישער טיילען־זיך: קררראַ, קררראַ! אַהער שוואַרצע ברידערלעך! אַהער... און אַוועק פון דאַנען! נאַ, נעם איבער מיין אָרט, טרען און פרעס!.. ר־ראַטעוועט! ער ר־רייסט ביי מיר דעם ביסען פון האַלז! ער ר־רויבט מיך!.. קררא, קררא!..

.5

די געשונדענע פערד אַליין האָבּען, דאַכט זיך, דער גאַנ-צער שוואַרצער חברה צוליב, ציגיש-רויט צעוואָרפען די צופּי-קעטע, שטאַרע פיס אָהן פּאָדקאָוועס, אויפגעעפענט, אונפּאַר-שעמט, צושפּאָלטענע בייכער, אַלע געשלאָסענע סודות פון לע-בען און טויט אויפגעפּראַלט דער גראָבער נייגעריגקייט פון שוסטער-יונגען און ווייסע-חברהניקעס: „נאַט, קוקט אַריין, אַז אייך גלוסט זיך! נאָך נייגעריגער, נאָך טיפער!.. קוקט!..“

און זייערע אָפגעשונדענע גרויסע קעפּ, אָהן אויערען, שטשירען דערביי גרויסע ציין און לאַכען, דאַכט זיך, פערד-דיש-גרויזאַם און הולטאַיסקע, וואָס די פּעדערדיגע שוואַרצע לצים קיצלען זיי אַזוי אין די אָפענע געדערים מיט זייערע פלעדערווישען און מיט צושפּרייטע עקען און פּיקען-צו מיט לאַנגע און קורצע שנאָבּלען! „כאַ-כאַ, נאָך אַ ביסעל! נאָך, נאָך!.. די געשונדענע אַליין זיינען די קרבנות און זיי אַליין זיינען דאָס די גאַסטפּריינטליכע איינלאַדער צום אייגען פלייש און ביין.

פון דער גאַנצער גרויזאַמער סעודה שעמערירען אַרויס נאָר דריי גראָבּע פאַרבּען: די פינסטערע שוואַרצקייט פון די פליגלען, די בלענדענדיגע ווייסקייט פונם שניי און די זאַטע רויטקייט פון די געשונדענע פליישען און קנאָכענס. און אַלע דריי פאַרבּען מישען זיך שאַרף און ווילד אויפן גרינליכען גרונט פון דערבייאיגען וואַלד. עקעלהאַפטיג און געוואַלדיג מי-שען זיי זיך און קענען זיך ניט צונויפמישען, ווי די לו-באָק-קאָלירען פון פּאַפּירענע ביליגע בילדער אויף אַ פּויערישען יאַריד...

און ווי זיי שטעהען אַזוי, די שקלאָווער יונגאַטשעס, און באַוואונדערען נייגעריג דעם פאַרביגען טריאַטער פון לעבען און טויט, וואו טויטע באַשעפּעניש שפּייזען מיט זייער לייב די לעבּעדיגע, מיט אַזאַ מוראדיגער הפקרות, וואו די ריהרעוו-דיגע לוסטיגקייט צושטערט און פאַרווישט די אומבאַוועגליכע

מיאוסקייט אויף גאָטס אויסגעשנייטער ערד, ערשט כוועדער דער וואַסערטרעגער, צופּאַטעלט און אויסגעניכטערם, לויפט מיט זיין אויסגעבויגענעם קאַראָמיסעל איבערן אָזיערע-שליאַך און שרייט עפּעס און סטראַשעט. די אויגען זיינען אים נאָך ווילד פון נעכטיגען טרונק. ער לויפט, מיטן אויפגעהויבענעם קאַראָמיסעל, גלייך אויף דאָס רעדעל נייגעריגע אינגלעך. ניט אַנדערש — ער פאַרגינט זיי ניט, די אידישע קינדער, די אומזיסטע הנאה וואָס זיי האָבען פון זיין געשוונדענער לאָמער קליאַטשע. מיטן זעלבען קאַראָמיסעל, מיט וועלכען ער באַשטראָפט, פון צייט צו צייט, פאַלאַהייקען, זיין געזעצליך ווייב, ווען זי פאַרזינדיגט זיך אַקעגען איהם, וואַרפט ער זיך אַצינד אויף די אידישע קינדער און פאָכעט, ווי מיט אַ האַק. און אַז יענע צולויפען זיך, ווי די שרעטעלעך, וואַרפט ער זיך שלאָגען אויף דער שוואַרצער מאַסע פון די פויגלען.

— אוביו-ו!! — צופאָכעט ער זיך אויפן שוואַרצען וואָלקען פון די פלאַטערנדיגע פליגלען און שרייט זיי איבער מיט זיין רעוועט.

און אַ קלאַנג איז גלייך אַרויס אין ליובאַוויטשען בית-מדרש, צווישען די מתפללים, אַז כוועדער דער וואַסער-טרעגער איז משוגע-געוואָרען און אַז פאַלאַהייקע זיין ווייב ליגט אַ געשלאָגענע, און אַז מאָרגען וועלען אידען, ביי דער אָזערע, קיין טראָפען וואַסער ניט האָבען — — —

און שחרית האָט מען אָפּגעדאַווענט אין ליובאַוויטשער בית-מדרש, לייענען די פרשה „שירה" האָט מען אָפּגעלייענט, צו מוסף האָט מען זיך געשטעלט און די שוואַרצע סעודה, אויף יענעם זייט אָזערע, האָט נאָך אַלץ געדויערט. מיט כוועדערס אַוועקגעהן האָט זי זיך ווידער אָנגעהויבען און שוין מעהר ניט אָפּגעשטעלט זיך. פאַרקעהרט, זי האָט זיך נאָך צעוואָקסען, צעפּלייצט זיך ווי אַ בלאָטע טינט איבערן שניי. איין קראַקענדיגע כוואַליע מחותנים איז אָנגעקומען איבער דער צווייטער. איין כאַליאַסטרע סאַראָקעס האָט אָפּגעוואַרט די

צווייטע. די קופּעס רויהע פלייש, אינמיטען דער פּאַרשניי־טער לאָנקע, זענען געוואָרען אַלץ נידעריגער און העלער, וואָרים די גראָבע קנאָכענס האָבען זיך אַנטבלויזט פון רויטען פלייש אַרויס. און אַז אידען זענען אַרויס פון שול און אָפּגע־געבען זיך גוט־שבת, האָט מען איינער דעם צווייטען ניט גע־הערט. אַזוי גרויס איז געווען דאָס געשריי פון די זשעדנע קראָהען.

מען האָט אָפּגעגעסען טשאָלענט. און, ביי די פאַרוועהטע פלייטען און צוימען און פּלאַנקענס, האָבען אידענעס אויסגע־טרייסעלט די שיריים פון שבת־שירה, די רעשטלאַך פון דער פעטער טשאָלענט־קאַשע, און איינגעלאַדען די פויגלעך פון גאָרער וועלט, אַזוי ווי מען איז זיך נוהג פּרשה ב ש ל ח, פון ימים קדמונים אָן: קומט און האָט הנאה, פרייע פויגלעך, פון דער אויסלייזונג, וואָס אידען זיינען אויסגעלייזט געוואָ־רען פון דער הויז פון קנעכטשאַפט אין לאַנד מצרים!..

אָבער נאָר איינצעלנע וואָראָבייטשיקלעך קליינינקע און גרויאינקע, ווי מייזלעך אָהן עקען, האָבען זיך שרעקעוודיג אַראָפּגעלאָזט לעבען די צוימען און, טענצלענדיג ווי בעטלער־לעך, דערנעהענט זיך צו די הייפלעך קאַשע. פון די גרויסע פויגלען, פון די ווילדע פעלד־מחותנים, איז קיינער ניט גע־קומען מתקן־זיין די נשמה מיט די כשרע שיריים פון שבת־שירה. די אומריינע רויטע סעודה אויף יענעם זייט אָזערע איז דאָס מאָל שטאַרקער און אָנציהענדיגער געווען פאַר דער אידישער קאַשע.

און חדר־אינגלעך מיט דורכזיכטיגע אויגלעך, אין וועלכע עס שוועבען נאָך אום די מעשיות פון חומש, זענען אַרויסגע־לאָפען אַ קוק טאָן, ווי אַזוי די פויגלאַך כאַפּען שבתדיגע שיריים און העלפען זינגען שירה, האָבען זיי גאָר דערזעהן, אַז די סיטראָ־אחרא, דער כוח פון שטן, האָט אינמיטען הע־לען טאָג גובר געווען. זי האָט צוגעצויגען צו זיך די טומאה, אַלע שוואַרצע כוחות פון וועלדער און פעלדער, און פראַוועט

מיט זיי אַ פינסטערע סעודה הינטער די גרויע טראָסטינעס, ביים געפרורירענעם וואַסער; און זינגט מיט זיי גאָר אַן אַנדער שירה, אַ שוואַרצען „אָז ישיר". און דער הייליגער טשאָלענט, פון טאַטעס און מאַמעס טישען, וואַלגערט זיך אין עלענדע הייפלעך ביי פלייטען, פאַרשעמט און פאַרגעסען, ביז... איבער־אַ־יאָהר אין דער צייט, אם ירצה השם.

# פריהלינג ביים דניעפער

## 1.

פריהלינג, ביים ברעג דניעפער אין שקלאָוו, הויבט זיך אָן מיט דער קריהע.

אין איין פאַרנאַכט, נאָך פסח צייט, גיט אַ בלאָז אָן אומגעוועהנליכער ווינט, וואָס מענשען פריהרען נאָך פון איהם, אָבער דער אַרשין-דיקער אייז ווערט, פונם זעלבען ווינט, קרוכלע און ערטערווייז, געלעכערט.

דער פּאַראָמשציק, וואָס וואוינט ביים ברעג דניעפּער אויף אַ בערגעל, וועלכער שיצט איהם פון געוויסער, כאַפּט זיך אויף אינמיטען דער נאַכט פון אַ פיל-טענערדיגען קלאַנג און הודזשעריי, פונקט ווי אַ גאַנצע ראָטע אַרעסטאַנטען וואָלטען, אַלע אויף איינמאָל, צובראָכען די קייטען זייערע און וואָלטען זיך אַלע געלאָזען לויפען שטראָם-אַראָפּ מיט ווילדען אימפעט, מיט אויסגעשרייען פון באַפרייאונג און מיט געוואַלדען פון סכּנה.

גיט ער זיך, דער פּאַראָמשציק, אַ צופּ דאָס שוואַרצע קיילעכדיגע בערדעל און אַ זאָג צו זיין אויסגעפּאַשעטער יונגער ווייבעל:

— נאַ, באַשע, ס'האָט זיך געריהרט...

זיפצט אָפּ די פּאַראָמשציכע אונטער דער וואַרימער פּערינע אי מיט דערלייכטערונג, אי מיט באַדויערונג. אַזאַ פאַרשלאָפענער זיפץ באַדייט:

„געלויבט דער אויבערשטער, מ'וועט באַלד אַראָפּלאָזען דעם פּאַראָם און זעהען זיך מיט פּרנסה“. און פאַרדריסען טוט איהר ערגיץ וואו אין אַ האַרץ-ווינקעלע, וואָס זי וועט שוין מעהר ניט האָבען דעם מאַן אַזוי נאָהענט און אַזוי אָפט ביים זייט. אויס מיט די ווינטערדיגע נעכט!

ס'איז די העכסטע צייט צו זעהען זיך מיט אַ ביסעל מזומנים. דאָס פאַרלאַטען און אויספּעכען דעם פּאַראָם האָט אָפּגעקאָסט אַ מטבע, און דער פסח האָט אויך איבערגעלאָזט אַ נישקשהדיגען לאָך אין קעשענע. און בלויז זיבען-אַכט חדשים אין יאָהר האָט מען דאָך פּרנסה. די איבעריגע חדשים איז דער דניעפּער געפרוירען, און ווער עס וויל שליטעלט איהם אריבער. און פאַכטע, דעם פּריץ פון שטעטעל, מוז מען צאָהלען פאַר אַלע צוועלף חדשים.

שטעהט מען אויףביים פּאַראָמשציק גאַנץ פריה און מען גיט אַ וויש די אָנגעשוויצטע שויבען מיטן ברעג פאַרהאַנקע, דערזעהט מען ווי גרויסע און שווערע קריהעס ציהען זיך איבער דער גרויקייט פון וואַסער, ווי די וואָלקענס אין הימעל נאָך אַ שטורעם. זיי זיינען ברודיג-ווייס פון אויבען, די קריהעס, און גרינלעך-בלוי אין ברוך; און זייערע געשטאַלטען זיינען פאַרשידען און משונהדיג — אויך ווי צעריסענע וואָלקענס. זיי טורעמען זיך אין מוראדיגען געדראַנג און קרייכען, בראַזגענדיג, איין קריהע אויף דער צווייטער. זיי שטעלען זיך דיבאָם ווי גלעזערנע חיות מיט די קאָפּיטעס צום הימעל. און פּלוצלונג בלייבט שטעהן די גאַנצע פּראָצעסיע — מיט אַ קראַך פון הונדערטער פוהרען אָנגעלאָדענע מיט גלאָז. און לעבלעכע ווינטען צעיאָגען זיך איבער זיי העגדום-פּענדום, פייפענדיג ווי די סטראַזשניקעס בשעת אַ קאַטאַסטראָפע: האַלט, האַלט! פאַר—פלוכט!... טראַך־טאַראַ־ראַך! האַ—אַלט!...

דער וואַסער־וועג איז ערגעץ-וואו קאַליע געוואָרען... און די קריהע בלייבט, אָפּטמאָל, אַזוי שטעהן, עטליכע שעה נאָכאַנאַנד, פאַרשפּאַרט דעם גאַנצען אויבערפלאַך פון דניעפּער און שטופּט אַרויס די גרינגע שוואַכינקע און קראַנקע קריהעלעך

אויפן צעוורטען ברעג... ביז די לעבלעכע ווינטען מאַכען ערגעץ-וואו אָרדענונג, רוימען-אָפּ אַלע פאַרגליווערטע שטרויכלענישן. און דער וועג קיין קיעוו ווערט ווידער פריי. ריהרען זיך ווידער די שווערע פוהרען גלאָז, און ציהען זיך מיט אַ שלעפּערדיגען קלונג אַראָפּ־שטראָם.

וואָס האַסטיגער און ברויזענדיגער עס ווערט דאָס געלאַף פון דער קריהע, אַלץ ווילדער ווערען איהרע קאָנטורען און צעשויבערטער איהרע געשטאַלטען. די אייז-שטיקער לויפען ווי די רויבער נאָך אַ פּלינדעריי, וואָס זיי האָבען געפּלינדערט ערגעץ-וואו אַרויף-שטראָם, אין קאָפּוסט צי אין אָרשע, וואָרים יעטוועדער קריהע טראָגט עפּעס אַצינד אויפן פּלייצע. די — אַ בערעווענע, די אַ ברעט, די אַ שטיק פּלאַנקען און די אַ צעבראָכענעם עמער. און אָט קומט גאָר אָן אַ קריהע מיט אַ לעבעדיגען הינטעל. ער ציטערט מיט איין פאָדערשטער אויסגעשטרעקטער לאַפּקע און וואָיעט אַזוי קינדיש-פאַרוואָרפען אינם גאַנצען כאַאָס פון אייז-שטיקער, וואָס דרעהען זיך אַרום איהם. קענטיג, בשעת איבערגעהן צום לעצטען מאָל דעם שליאַך האָט זיך דער דניעפּער אָפּגעריסען אונטער זיינע פיסלעך און אַוועקגעטראָגען איהם... האַוו, האַוו! וואוהין? וואוהין?...

דאָס געוויסער וואַקסט דערווייל־וואָס. דאָס איז שוין גוט קענטיג. וואָרים די בלוליכע רויקייט פון וואַסער, צווישען די קריהעס, ווערט ביסלעכווייז מוטנע-רויט פון אַראָפּגעשווינקטען ליים, ווערט אָנגעשוואָלען פון שוים. די כוואַליעס קאָכען צווישען די שטיקער אייז. די משופּעדיגע, זאַמדיגע ברעגעס פון ד ע ר זייט און די ליימענע ברעג פון יענעם זייט, אונטער זאַרעטשיע, הויבען זיך אָן אַראָפּצולאָזען, זינקען. און ס׳דאַכט זיך, אַז אויך דאָס הויז פון פאַראָמשציק, אויפן בערגעל, דערנעהענט זיך צום פלאַך פון וואַסער און גלייכט זיך אויס מיט שטאָדט.

כאַפּט אַנשעל-פאַראָמשציק און לאָזט אַראָפּ פון סכה דאָס פּריש-אויסגעפּעכטע, איבערגעקעהרטע שיפעל, מיט דעם פלאַכען

דעק. מאַלע, וואָס עס מאַכט זיך. מ׳דאַרף זיין גרייט. שוין דער פאַרשטאָרבענער טאַטע זיינער, אויך אַ פּאַראַמשציק, האָט דאָס איהם ביים לעבען ניט איינמאָל אָנגעזאָגט. שוין ניט איינמאָל איז דעם טאַטען זיינעם אויסגעקומען צו אַנטלויפען אין שטאָדט אַריין אויף אַ שיפעלע און איבערלאָזען דאָס פאַר־טרונקען הייזעל אויף גאָטס באַראָט. דער סימן פון אַ געפעהר־ליכען געוויסער איז דאָס, וואָס די אָזערע, הינטער דער גרוי־סער מיהל, ווארפט זיך איבער דער הרעבליע און צעקוּשט זיך מיט די כוואַליעס פון דניעפּער. איהם, אַנשלען אַליין, איז שוין איינמאָל אויסגעקומען צו אַנטלויפען בשעת אַ געוויסער. באַשע, זיין ווייב, איז נאָך דאַמאָלסט געווען זיין כלה; איז ער אַנטלאָפען מיט די בעבעכעס צו איהר טאַטען. נאָר ס׳איז געווען אַן אומזיסטער שרעק. העכער ווי ביז צו די דעמבענע פריזבעס איז דאָס וואַסער דאַמאָלסט ניט דערגאַנגען. על־פּי־רוב דערגעהט ניט דאָס וואַסער אַפילו ביזקעל שפּיץ בערגעל אונטערן פונדאַמענט פון הויז. אַ שמאָלינקע בלאָטיגע סטעזש־קעלע, מיט ברעטער אויסגעלייגט, בלייבט אַלעמאָל איבער און פאַרבינדט דעם פאַראָמשציקס שטוב מיט שטאָדט.

אַ טאָג צעהן נעדויערט אַלעמאָל אַ געוויסער. אַפילו אַ געוועהנליכער. די אַרומיגע לאָנקעס און פעלדער ווערען פאַר־גאָסען; די צוקעמטע צווייגען פון די נאַקעטע ווערבעס שטעקען דאָ און דאָרט אַרויס, ווי שטיקער קעפּ פון דערטרונקענע ריזען, מיט האָר אַזוי דיק ווי ריטער. פון דער גויעשקער באָד, ביים ברעג טייך, קוקט נאָר אַרויס אַ שטיק דאַך מיט אַ בלעכערנעם אויסגעקרימטען קוימען. אַ טייל פון די אָנגעגרייטע קלאַפּטערס האָלץ פאַר די פאַרעכאָדען שווימט אויף, און גויים פאַנגען־אַרויס די צעלאָפענע בעראָזעווע שייטען מיט גרויסע דראָנגעס.

אין אַזאַ פאַרפלייצעניש זעהט אויס דעם פאַראָמשציקס הויז, אויף איהרע הויכע פריזבעס, איבערען שפּיץ בערגעל, ווי אַ מין נחס קאַסטען, וואָס רוהט אויף די בערג פון אררט. ווענינסטענס מיינען אַזוי חדר־אינגלעך און זיינען מוראדיג

מקנא דעם חדר־חבר זייערען, אַבּאַלע דעם פּאַראָמשציקס, וואָס ער איז אַזוי גליקליך און וואוינט אויף די בערג פון דער סדרה „נח". ווער רעדט נאָך, אַז אַ סאַראָקע פליהט אויף פון פּאַראָמשציקס דאַך, אָדער אַ האָן צוקרעהט זיך אויף זיין סכּה, איז עס שוין מעהר ניט קיין שום עהנליכקייט, נאָר אַן אויס־געריסענער שטיק חומש...

פון טאָג צו טאָג ווערען די קריהעס אַלץ קלענער און קיילעכדיגער. דאָס וואַסער לויטערט זיך פון שליים און מאַכט דריידעלעך. כאַפּט זיך אַריין אַ קריהע אין אַזאַ „וואַסער־לייקע", דרעהט זיך ווי אַ קאַרוסעל אויף אַ יאַריד אַזוי לאַנג, ביז אַ צווייטע קריהע שטויסט זי אַרויס און פאַרנעהמט איהר אָרט.

דאָס פּאַרפלייצעניש פאַלט אָפּ, ווערט בלוי, ווי סינקע־וואַסער פאַרן איבערשווינקען גרעט. איבערן שליימיגען, משופּעדיגען ברעג פון דעם זייט טייך ווערט אויסגעלייגט אַ שורה קורצע בערוועגעס אין דער ברייט, און איבער זיי, ווי איבער גרויסע וואַלגערהעלצער, ציהען גויים מיט שטריק צוויי אויסגעפּעכטע פלאַכע לייוועס, וועלכע האָבען זיך אַ ווינטער אויסגערוהט איבערגעקעהרטערהייט און געשלאָפען אויפן בויך הינטער די גערטנער. מען נעהמט צו די אַריבערגעפּאָהרענע בערוועגעס פון הינטען און מען לייגט זיי אויס פון פאָרענט, און די לייוועס קייקלען זיך ביי פריהלינגדיגע גויעשקע אויס־געשרייען.

— ררררראַז! — גיבען זיי זיך אונטער חשק, די גויים, איינער דעם צווייטען, — אַשצע—ע, ררראַז!

די צוויי שווערע לייוועס, דאָס איז דער גאַנצער יסוד פון פּאַראָם. אויפן וואַסער ווערען זיי באַפעסטיגט, זייט ביי זייט, דורך איבערגעקרייצטע באַלקעס און אייזערנע שרויפען. ברעטער ווערען איבער זיי געלייגט און צוגעשרויפט. די היל־צערנע פּאָרענטשעס ווערען אַרומגעשטעלט און ווערען פאַרציי־נערט און פאַרקייטעלט איינס אין איינס. אַ משופּעדיגע ברייטע

קלאַטקע ווערט געלייגט אויף נידעריגע קאָזלעס, זי פאַרבינדט דעם זאַמדיגען ברעג מיט דעם איינגאַנג פון פּאַראָם. פאַרטיג.

## 2.

אייגענטליך — ניט גאַנץ פאַרטיג. עס פעהלט נאָך דער קאַנאַט, וועלכער איז דיק ווי אַ מענשליכע פויסט און איז דורכגעצויגען מיט פאַראַלטערטען פעך, כדי דאָס וואַסער זאָל איהם ניט נעהמען. אָהן דעם קאַנאַט איז דעם פּאַראָם ווי אַ גוף אָהן אַ נשמה. אָהן דעם קאַנאַט, וואָס ווערט געצויגען איבער טשעטשאָטקענע *) רעדלאַך און איבער דעמבענע גע-טאָקטע סלופעס, וואָס דרעהען זיך, שטעהענדיג און ליגענדיג, אויף אייזערנע אַקסען, וועט דער פּאַראָם אַוועקגעטראָגען ווערען מיטן שטראָם, אַזוי גיך ווי ער וועט קומען אינמי-טען דניעפּער.

דער דאָזיגער קאַנאַט ווערט באַפעסטיגט צו אַן איינגע-גראָבענעם גרויסען אַנקער אויף יענעם זייט טייך, אונטער זאַרעטשיער ליימענע בערג, און ווערט אָנגעצויגען, דורך אַ גאַנצער הילצערנער מאַכינאַציע, אויף ד ע ר זייט טייך.

דאָס איז אַ מין קיילעכדיגער שינדעל-דעכעלע אויף קורצע סלופעס. אונטער דעם דעכעלע אַ גרויסער האָלצערנער קאָלוואָראָד, אין געשטאַלט פון אַ מאַסיווען ריזיגען דריידעל, מיט איין טעמפּען אייזערנעם אַקס געווענדעט צום מיטען דע-כעל און מיט דעם צווייטען צו דער ערד. ביידע אַקסען זיצען אין אויסגעהוילטע דעמבענע קלעצער און טוקען זיך אין פרישען דיעגאַכץ.

דער צווייטער עק פון גראָבען קאַנאַט צעצווייגט זיך דאָ, אונטער דעם דעכעלע, אין אַ סך דינערע קאַנאַטען און

---

*) טשעטשאָטקע — אַזאַ שטאַרקע האָלץ, גענומען פון אַ געוויסען סאָרט בוימער-וואָרצלען. ווערט באַנוצט אין גאַנץ רייסען צו בערליבעס און שיפען.

שטריק, וואָס יעטוועדערער פון זיי כאַפּט אַרום, דאָ אַ גלאַטע רעדעל און דאָרט אַ ציינערדיגע וואַלגער־האָלץ· אַ פּאָר פון זיי זעהען אויס ווי לאַנגע שפּינען, מיט הילצערנע פיס אונטערן בויך און אויפן רוקען. צוליב וואָס דאַרף מען דאָס אַלץ? מסתמא דאַרף מען.

כדי צו ברייינגען די גאַנצע פויערישע מאַשינע אין באַוועגונג איז דאָ צוגעפּאַסט נאָך אַ ראָד, אַ קלענערע, אויף צוויי ליגענדיגע אַקסען, מיט אַ סך דאָפּעלטע הענטלעך אַרום און אַרום, ווי די ראָד ביים ברונעם פון דער פּאָזשאַרנער קאָמאַנדע.

דרעהט מען געשווינד די דאָזיגע ראָד און מען ציהט זי, אַראָפּ־צו, ביי אַלע הענטלעך, אַזוי הויבען זיך אָן צו באַוועגען אַלע וואַלגער־העלצער, ברוסיקלעך און רעדלאַך מיט אַ קלאַפּעריי און מיט אַ קוויטשעריי און פויקעריי. גיך־גיך קלאַפּען די קליינע מאַכערייקעס, די גרעסערע — פּאַמעליכער, און גאָר געלאַסען דרעהט זיך דער מיטעלסטער גרויסער קאָלוואַראָד, וויקעלט, צאָל נאָך צאָל, דעם זעכציג־פודיגען קאַנאַט אַרום זיין ברייטען קליאָפּקענעם בויך, ווי אַ גראָב־בייכיגער באַלעגאָלע — זיין צעהן־אַרשינענעם גאַרטעל...

אַזוי הויבט אויף איין איינציגער מענש דעם מוראדיגשווערען קאַנאַט פון וואַסער, אָהן אַ סך מיה און שוויס, און ציהט איהם אָן פון איין ברעג דניעפּער צום צווייטען. אָנגעצויגענערהייט ברומט דער געפּעכטער קאַנאַט ווי אַ ריזיגע סטרונע, ער ברומט מיטן אָפּקלאַנג פונם האַסטיגען שטראָם, וואָס פלייצט אונטער איהם, און וועלכער גיט זיך איבער דורך דעם גאַנצען פּאַראָם, ווי דורך אַן אומגעלומפּערטער האַרפע, מיט געטאָקטע סלופּעס און רעדלעך אָנשטאָט אַ מעמבראַנע.

ביים אָנציהען דעם קאַנאַט קריצען גבורהדיג און וויינען די גרויסע האַקציינער, אונטערן קאָלוואַראָד, און לאָזען איהם צוריק ניט געהן. אָנציהען דעם קאַנאַט לאָזען זיי, און אָפּלאָזען — דאָס ניט. ווייל מען אָפּלאָזען דעם אָנגעצויגענעם קאַנאַט אויף איין מאָל — איז דאָ דערצו אַ שווערער דעמבענער הויבעל מיט אַ קיילעכדיגען קאָפּ, וואָס דריקט איהם־צו ביזקעל

דער ערד. און אויך ער, דער קאָפּ, איז צוגעטשעפּעט צו אַן אייזערנעם צוויי-פוד, כדי צו זיין זיכערער, אַז דער הויבעל וועט אַליין ניט אויפשפּרינגען. טשעפּעט מען אָפּ דאָס אייזערנע געוויכט און מען הויבט פאָרזיכטיג אויף די האָלצערנע האַנט, אַזוי שטעהען-אָפּ די גרויסע האַק-ציינער פון קאָלוואַראָד. און ער, מיט אַלע קלענערע רעדער אַרום איהם, לויפען אויף-צוריק מיט אַ שווינדעלדיגער האַסטיגקייט און מיט אַ שטורמישער באַראַבאַנעריי. און דער שווערער געפּעכטער קאַנאַט פאַלט ראַפּטום אין שטראָם אַריין, שניידט איבער די ברייט פון דניעפּער ווי מיט אַ מעסער. אַ פּאַס ווייסער שוים שפּרינגט אויף אויפן אָרט פון שניט, אינמיטען דער פלייצענדיגער בלויקייט. דער קאַנאַט זינקט דאָרטען אין אָפּגרונט. קענען זעגעל-שיפען, פאַרעכאָדען און פליטען פריי אַריבערשווימען, און ווייטער געהן אַראָפּ שטראָם און אַקעגען שטראָם.

שנעל ווערט אַזוי דער קאַנאַט אָפּגעלאָזען און פאַמעליך אָנגעצויגען צוריק. דער פּאַראָם, ווען ער שווימט, רייבט זיך אָן איהם האַרט מיט זיינע טשעטשאָטקענע רעדלאַך, וויל פון איהם, דאַכט זיך, אַנטלויפען שטראָם-אַראָפּ... און אָנשטאָט דעם פּעקעלט ער זיך גאָר אַריבער אויף יענער זייט טייך מיט פּעק און קאַסטענס, מיט מענשען און בהמות, מיט וועגענער און פערד. אָט אַזוי האָבען זיך דאָס מענשעלעך צוניץ געמאַכט די גראָבע לעכצעניש פון פּאַראָם: אָפּצורייסען זיך פון קאַנאַט, ווי אַ ווילדער הונט פון קייט, און אַנטלויפען קיין קיעוו, מיט דער פלייצענדער בלויקייט אַראָפּ... מיט אָט דעם אייביגען כח פון וועלען אַנטלויפען, טרייבט מען איהם, דעם הילצערנעם גולם, פון איין ברעג צום צווייטען, טאָג-איין, טאָג-אויס, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, ביים שיין פון לאַמטערנעס. וואָרים אויפן פּאַראָם איז נאָך דאָ אַ מין קאַיוטע פון ברעטער פאַר אַנטאָשען דעם גויעשקען שומר, וועלכער קאָכט דאָרטען זיין עסען און שלאָפט דאָרטען און וואַכט איבער דעם שעלמישען שטראָם פון דניעפּער, און קרייצט איהם איבער,

אַפילו אינמיטען דער נאַכט, מיט אַ גאַנצער כאָפּטע פּאַסאַ־זשירען און בהמות.

יעטוועדער מאָל, אָפּפאָהרענדיג פון ברעג, דרעהט זיך דער פּאַראָם אויס אַקעגען שטראָם מיט די שאַרפע שפּיצען פון זיינע צוויי אונטערשטע לייוועס, כדי בעסער דורכצושניידען איהם, דעם האַסטיגען. ווער עס איז טשיקאַווע בויגט זיך אַראָפּ און זעהט ווי צוויי ריזיגע נעזער בוירען זיך אין שטראָם און שוימען און שנאָרכען־אונטער, ווי צוויי בלינדע וואַסער־חיות...

מיטן אויסקערעווען דעם שאַרף פון פּאַראָם גיט זיך די וועלט אַ דרעה. מחמת פּאַמעליכקייט באַמערקט מען גאָר ניט ווי דער ברעג האָט זיך אָפּגעריסען און אַנטלאָפען. בלייבט מען עפּעס הענגען, אינמיטען דניעפּער, צווישען הימעל און וואַסער און צוויי ברעגעס. מען שטעהט, דאַכט זיך, אויף איין אָרט, נאָר דער קאַנאַט ברומט און פּאַליעס לויפען געשווינדער. עס אַנטפּלעקען זיך אומבאַקאַנטע ליניעס פון די ברעגעס, פאַר־קיילעכדיגטע און געבראָכענע, אויפגעשוואָלענע און איינגעפאַ־לענע. ס'איז אַ כשוף! מען שוועבט און מען שטעהט פּעסט מיטביידע פיס אויף אַ הילצערנעם אינזעל. און דאָ דערזעהט מען פּלוצלינג, אַז דער צווייטער ברעג לויפט פריינטליך אַקע־גען, זאַרעטשיע דערנעהנטערט זיך. דרעהט זיך דער פּאַראָם ווידער אויס מיטן טעמפּען זייט צו אַן אָנגעלאָפענער צווייטער קלאַטקע אויף קאָזלעס. אַ פּעטליע ווערט פאַרוואָרפען אויף אַ סלופּ, אַ שווערער דראָנג ווערט אַרויסגעצויגען, ווי אַ גרויסער ריגעל, און דורכן אָפענעם אַרויסגאַנג קריכען־אַרויס אָנגעלאָדע־נע פוהרען, אידענעס מיט קאָשיקעס, פויערים מיט בייטש־שטעקעלעך און מיט טאָרבעס אויף די פּלייצעס, און אַקעגען זיי, צווישען צוויי ליימיגע בערגלעך, שניידט זיך אַ נייער שליאַך אין אַ נייער וועלט אַריין...

אַ קאָפּיקע פון מענשען נעמט אַנשעל פּאַראָמשציק פאַרן איבערפאָהר, דריי קאָפּיקעס פון אַן אויסגעשפּאַנטער בהמה און פינף פאַר פערד און וואָגען. פאַר קאַסטענס סחורות — באַזונ־דער. יאַריד־צייט קאָסט דאָס דאָפּעלט, פאַר אַזאַ אָפּצאָהל פאָהרט

מען אַריבער פון שקלאָוו קיין זאַרעטשיע. אָבער די וואָס קו־
מען אָן פון זאַרעטשיע צאָהלען גאָרנישט. סוף־כל־סוף מוזען
דאָך די אָנגעקומענע, פון זאַרעטשיע, פאָהרען צוריק... גלייכט
זיך דאָס אויס.

אַ לעדערנע טאָרבעלע איז באַפעסטיגט ביים פּאַראָמשציק
פון דער רעכטער זייט גאַרטעל, און פונקט אַזאַ צווייטע טאָר־
בעלע — ביי באַשפן זיין ווייב אונטערן פאַרטוך. איז ע ר
דאָ ביים ברעג מאָנט ע ר אויף דעם אָפּצאָהל, איז ער ניטאָ
מאָנט ז י אויף. פון ראַנעטשקע ביז שפעט אין דער נאַכט
גראַבעלט די געניטע האַנט און קלינגט מיט הויפענס זילבערנע
און קופערנע מטבעות, צו געבען אויסגאָב און גלאַט אַזוי צו
פיהלען דעם טעם פון פרנסה. ס'אַ מחיה אַראָפּצולאָזען די
ברייטע האַנד אין אַזאַ שפע און פיהלען ווי עס וואַקסט, אָהן
עין הרע און ווערט אַלץ שווערער און קלינגענדיגער. קיין
געבען אויף באָרג איז דאָ ניט שייך. ס'איז ניט קיין קרעמעל
מיט שטענדיגע קונדען. זעהט מען זיך שטענדיג מיטן מזומנעם
גראָשען. נתעשר ווערט ער דער פּאַראָמשציק פון וועסנע־צייט
ביז שפעט אין הערבסט!

# מען דרעהט אַ קאַנאַט

## 1.

אַנשעל פּאַראָמשציק איז אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר דריי־סיג, אַ געזעצטער, ברייטפּלייצעדיגער, מיט קורצע שטאַרקע פיס. און אַ פּנים האָט ער — קיילעכדיג ווי אַ ריבען און ארומגעזוימט מיט אַ שוואַרץ גלאַנצענדיג בערדעל, און אין זיינע אויגען שפּיגעלט זיך אָפּ די בלויקייט און פרעהליכקייט פון דניעפּער. די געזונטע רויטקייט פון זיינע באַקען מאַכען די דאָזיקע בלויקייט נאָך בולטער. פּונקט אַזוי פריש און אַזוי מוטיג פרייגען אויס די ליימיגע בערג פון אַקעגען, די בלוי־קייט פון וואַסער, וועלכע שטראָמט צווישען זאַרעטשיע און צווישען אַנשעלס הויז...

אַ גאַנצען זומער און אַ שטיק האַרבסט אַרבייט ער, אַנשעל פּאַראָמשציק, אויף דער פרייער לופט ביים ברעג טייך. ער העלפט אַרויפשטופּען שווערע פוהרען פון דער משופּעדי־גער קלאַטקע אויפן פּאַראָם, אַרויפטראָגען באַלאָדענע קוישען און אַרויפקייקלען פולע פעסער. מ׳וואָלט זיך געקענט באַגעהן אָהן איהם. צו אַזאַ גראָבער האָרעפּאַניע זענען דאָ אַ סטאָ־ראָזש און די גויים וואָס פאָהרען אַריבער. איינער העלפט דעם צווייטען. באַשע די פּאַראָמשציכע שרייט אויך, אַז מ׳עט אויס־קומען אָהן איהם, אַז ער לאָזט זיך צופיל אַראָפּ... אָבער אַנשלען טוט הנאה די אַרבייט גופא. זיינע ברייטע פּלייצעס

פארלאנגען אָנשטרענגונג, זיין קורצער האַלדז — דאָס געשמאַקע שוויצען. אָפּלאָזען און אָנציהען דעם קאַנאַט, דורך דעם גרויסען קאָלוואָראָד, דאָס איז זיין באַליבטע מלאכה. אַזאַ אייזעלע אַרבייט פאַרטרויט ער זיין גוי זעלטענווען. ס'זענען דאָ צופיל רעדלאַך פאַר איין פויערישען קאָפּ!... אַגב, געפעלט איהם טאַקע, אַנשלען, דער עצם אָנציהען, צו הויבען אַזאַ משא פון וואַסער מיט צוויי מענשליכע הענט. עס געפעלט איהם די פויקערייַ פון די האַק-ציינער אין מיטעלסטן ראָד. די זיסע קרעכצען פון דער גאַנצער הילצערנער מאַכינאַציע, וואָס דערמאָנען האַלצהעקער ביי דער אַרבייט...

דורך דעם זומער ווערט אַזוי אַנשעל פאַרברוינט ווי אַ צייטיגער וואַלד-נוס. און די אָרעמס זיינע ווערען איהם אָנגעגאָסען מיט אייזען. און זיינע ברייטע לאַפּעס ווערען איהם פאַרשוואַרצט פון איינגעגעסענעם דיעגאַכץ. דערזעהט עס באַשע זיין ווייב, וועלכע איז אַזוי געזונט און אָנגעגאָסען און פאַרברוינט אַזוי ווי איהר מאַן. דערזעהט זי אין אַ בייזער מינוט זיינע „שוסטערשע הענט" און צושרייט זיך אויף איהם ער זאָל זיי אויסוואַשען. טוט ער איהר אַ נחת-רוח, לויפט אַראָפּ צום ברעג, קניעט זיך אויף דער קלאַטקע פון פאַראָם, פליוכקעט די שוואַרצע ידים אין דניעפּער, שייערט די דלאָניעס מיט זאַמד און פליושקעט ווידער. דערנאָך לויפט ער אַרויף צום ווייב און ווישט זיך די הענט אָן איהר בלויען האַרטען פאַרטוך. זי לאָזט זיך ווי אַ קוה לאָזט זיך זויגען פונם קעלבעל און שמייכעלט צו איהם ווי צו אַ קינד. דער נאַסער פאַרטוך פאַראייניגט זיי ביידען, אַ שטומע קראַפט שטראָמט, דאַכט זיך, דורך צווישען צוויי לייבער. אַ האַלב-שיכורער שמייכעל לאָזט אַראָפּ די וויעס ביי מאַן און ווייב. ער וואָלט געוועזן אַ בעלן אַרומכאַפּען זי אָט דאָ אויפן זאַמדיגען ברעג פאַר אַלע פויערים אין די אויגען, לעשען דערמיט דעם ניט אויסגעברענטען פייער פאַר אַ קורצער זומערדיגער נאַכט... נאָר באַשע שטופּט איהם אָפּ מיט איהר ווייבערישער שעמעוודיגקייט: „געה, שוין, געה!" און דרעהט זיך צו איהם אויס

מיטן רוקען. אָנגעגליהט דורך דער ווייבס פֿאַרטוך, און דורכן קיילעכדיגען דרעה פֿון איהר פּולען היפּס, לויפֿט ער ווידער אַראָפּ צום וואַסער און נעמט זיך שלעפּען קוישען און ווע־גענער מיט אַ מין ווילדען האַסט און מיט בייזער עקשנות, ביז דער הייסער שווייס זעצט איהם אַרויס אונטערן פֿאַרפּעצ־טען דאַשעק און צורינט זיך אין קיצעלדיגע ריטשקעלעך אי־בער זיין האַרטען האַלז. דאָס שוואַכט איהם אַ ביסעל אָפּ דאָס האַרץ־ציהעניש נאָך זיין געזונט ווייבעל. ער קוקט זיך אום מיט אַ צופֿרידענעם פּנים פֿון אַ מענשען, וואָס האָט זיך מנצח געווען. אָבער זי איז שוין ניסאָ. אַ רויך ציהט זיך פֿון קוימען, איבער זיין הייזקע, אויפֿן בערגעל, דאָס ווייבעל קאָכט וואַרמעס, מילכיגען קרופּניק מיט פֿרישען באָב, פֿאַרווייסט מיט סמעטענע... מ׳עט דערצו אַריינרייבען אַ לעבעלע ברויט, אַ קנאַקעדיגס, מיט פֿרישען קימעל באַשאָטען. אָ־האָ־האָ! גוט צו לעבען אויף דער וועלט! —

## 2.

נאָכן אָפּגאַנג פֿון דער קריהע, אין אָנהויב וויעסנע, געהט אַנשעל אַראָפּ, צום אָפּגעפֿרישטען פֿאַראָם, מיט קלאָציגע ביט־זיכערע טריט. ער איז דאַן ענליך צו אַ בער־מענש, וואָס האָט זיך אויסגעפּאָפּען אַ גאַנצען ווינטער אונטער דער ווייבס פּערינעס. דאָס האָט איהם אָפּגעשוואַכט, אָנגעגאָסען מיט פּויל־קייט און פֿעטס זיינע קורצע ליטקעס. די לאַנגע נעכט פֿון גוטען שלאָף און גלוסטעניש און פֿון פֿאַרשפּאַרטע לופֿט דרימ־לען נאָך אין יצר־הרע־קנייטשעלאַך אַרום זיינע בלויליכע אויגען, און מאַכען זיי אָפּגעשטאַנען און שלעפּערדיג. אָבער דער גאַנצער קערפּער זיינער האָט זיך שוין אויפֿגעכאַפּט און ציהט זיך און לעכצט פֿאַנאַנדערצוּוויגען און אויסצופּאַרען דאָס אָנגעזאַמעלטע פֿעטס.

מיט אַ געניטען קוק באַטראַכט אַנשעל זיין אָפּגעפֿריש־טען פֿאַראָם. ער לעגט זיך אויפֿן בויך און קוקט אַרום די

גלאַנציגע אויספּעכונג אונטען, אויף די ברייטע לייוועס. דער־נאָך – די גאַנצע פּאָדלאָגע, וואָס איז אויסגעלאָטעט מיט נייע שטיקער ברעטער. ער פּרובט די פעסטקייט פון די פּאַ־רענטשעס און די גלאַטקייט פון די בערוועגעס, וואָס פאַרריג־לען דעם אַריינגאַנג און דעם אַרויסגאַנג. ער קלעטערט אַרויף צום עק קאַנאַט, אויפן הויכן ברעג, און גיסט אָן פרישען דיעגאַכץ אין די אַקסען פון גרויסען הילצערנעם קאָלוואָראָד. דערנאָך שפּייט ער אָן מיט אַן אויפגערעגטער מונטערקייט אין ביידע הענט און גיט זיך אַ נעם דרעהען די גאַנצע הילצערנע מאַשינעריע, כדי אויסצופּרובען די שטאַרקייט פון אַלטען קאַ־נאַט. אַפּריהער ציהען זיך אָן די דינערע צעצווייגטע שטרי־קען, דערנאָך הויבט זיך אָן אויסצוגלייכען דער אָפּגעהאַנגע־נער, ווי אַ ריזיגער קלאַמער, אויסגעבויגענער קאַנאַט גופא. אָט־אָט ציהט ער זיך אָן, ווי אַ סטרונע, איבער דער גאַנצער ברייט פון דניעפּער. אָבער פּלוצלינג ווערט די פיל־הענטעל־דיגע ראָד לייכט און נאָכגעביג ווי אַ ווינט־מילכעלע. שיער־שיער איז אַנשעל מיט זיין האַרטען גוף ניט אַנידערגעפאַלען ביים לעצטען דרעה... דער קאַנאַט פּלאַצט ביים סאַמע קאָל־וואָראָד און גיט אַ שמיץ אין וואַסער מיט זיין גאַנצער פּופ־ציג־פּודיגער מאַסע. אַ מוראדיגער פּליושק דערגרייכט צו אַנ־שעלס אויערען און די געשרייען פון זיין גוי, וועלכער לויפט דערכאַפּען דעם אָפּגעריסענעם עק.

ווען משה־רבינו האָט געשפּאָלטען דעם ים־סוף מיט זיין סנפּירין־שטעקען האָט ער, כביכול, קיין שנערען און קיין שטאַרקערען שלאָג ניט געקענט געבען. וואָרום דער שמיץ פון קאַנאַט שניידט איבער מיט אַ זילבערדיגען פּאַס שוים די גאַנצע ברייט פון בלויען טייך, פון ברעג ביז ברעג. דאָס ווייסע „בלוט" פון די טיפענישן גיט, דאַכט זיך, אַ שלאָג אין איבערגעשניטענעם שטראָם. ס'איז אַ שען בילד. פון אונטערן רונדען דעקעל אויף סלופּעס, וואו דער פּאַראָמשציק איז שטעהן געבליבען, ווי אַן אָפּגעשמיסענער, ביי דער אָפּ־געלאָזטער ראָד. קוקענדיג אויף אַזאַ שענקייט, זידעלט זיך

אַנשעל אויס גאַנץ געשמאַק, לויפט אַראָפּ צום גוי זיינעם און העלפט איהם ציהען דעם אָפּגעריסענעם עק קאַנאַט. ס׳איז ניט אַזאַ לייכטע אַרבייט צו ציהען אַזאַ פענקענעם ריז אַנט-קעגען שטראָם און דערשלעפּען איהם אַזוי ביזקעל ראָד אויפן הויכען ברעג. נאָר מען אַרבייט און מען קומט דעם דניעפּער ביי. נעמט זיך אַנשעל פאַרריכטען דעם איבערגעריסענעם אָרט, אַריינפּאַסען און פאַרבינדען די שטריק-אָדערען. די איינגעפּעכטע, אויסגעדרייטע און פאַרהאַרטעוועטע פאַקליע איז אַזוי שווער פאַנאַנדערצובויגען, ווי אַלטע, פינגער-גראָבע און פאַרזשאַווערטע פּראָפּענציהערס. אַנשעל אַרבייט שווער אַ פּאָר שעה נאָכאַנאַנד און דער גוי פון בוּדקע אויפן פאַראָם העלפט דערביי סאַפּענדיג און שיטענדיג מיט פויערישע זאַפּטיגע „מי שברך׳ס", כדי אונטערגעבען כח און געדולד דעם באַלעבאָס זיינעם און זיך אַליין. דאָס געדויערט אַזוי לאַנג ביז עס גע-לינגט זיי ביידען אָנצושפּאַנען נאָכאַמאָל דעם פאַרלאַטעטען קאַנאַט פון ברעג ביז ברעג. די לאַטע איז מיאוס, משונהדיג דיק און פאַרפּעכט. אָבער שטאַרק.

אַ אומזיסטע טרחה געווען! וואָרום ווען עס האַלט שוין גאָר גאָר ביים סוף אַרבייט און דער אָפּגעהאַנגענער קאַנאַט גלייכט זיך ווידער אויס – פּלאַצט ער אין אַן אַנדער אָרט. דאָס מאָל אין דער מיטען. און די צוויי צוריסענע עקען גי-בען זיך אַ ציה אַראָפּשטראָם און שניידען-איין אַ גרויסען דריי-עק פון ווייסען שום...

וואָס איז דאָ וואָס צו רעדען? דער קאַנאַט איז פאַר-פוילט. מיט שמאַטעדיגע לאַטעס וועט מען דאָ מעהר גאָר-נישט מאַכען. אַנשעל האָט שוין די צרה פאָראויסגעזעהן נאָך פאַראַיאָהרען און געלאָזען איבערפּעכען דעם גאַנצען קאַנאַט כדי צו מאַכען איהם בויגיגער. ס׳האָט אָבער, ווייזט אויס, ווייניג-וואָס געהאָלפען. די אַלטע געדרעהטע פאַקליע איז דערפון נאָר געוואָרען אַביסעל אָנגעשוואָלענער, קלעפּיגער, אָבער ניט פעסטער. עס צעקריכט ביי יעדען אָנציהען. ס׳איז

קלאָר ווי דער טאָג: דאָס יאָהר קען מען מעהר ניט אָפּלייגען. מען מוז האָבען אַ נייעם קאַנאַט!

ווי-ניט-איז ווערט די אַלטע איבערגעריסענע פּאַקליע צורעכט געמאַכט. אויפן מיטען קאַנאַט שפּרינגט אַרויס אַ נייע לאַטע, ווי אַ מגושמדיגער געשוויר, וואָס טריפט מיט פעך. דאָס ווערט געמאַכט אויף דערווייל. אַנשעל געהט אַרויף צום ווייב אין שטוב מישב זיין זיך. באַשע די פּאַראָמשציכע הויבט זיך אָן צו טומלען. זי כאַפּט אַרויף די וואָלענע פּאַטשיילע און געהט ערגעץ-וואו אַוועק אַ פאַרזאָרגטע מיט איהרע שבתדיגע אוירינגלאַך און מיט דער דימענטענער בראָשקע אין אַ פּעקעלע. אין אַ שעה אַרום קומט זי צוריק אַ פרעהליכע, מיט אַ הויפען געלט אין איהר לעדערנער טאָרבעלע ביים היפּס. אַ גאַנצען הונדערטער האָט זי געבראַכט צושלעפּען אין אַסיגנאַציעס, אין זילבער און אין קופּער-געלט. די גאַנצע פאַרביגע קופּע געלט קלעקט קוים צו באַשטעלען אַ נייע נשמה פאַרן פּאַראָם — אַ קאַנאַט.

## 3.

אַ נייער קאַנאַט פאַרן פּאַראָם — דאָס איז אַ גרויסער חידוש אין ק"ק שקלאָוו. ס'איז אַ טעאַטער פאַר אַלע ליידיגגעהער, אַן אָפּשטעלעניש פאַר באַלמעלאָכעס, וואָס איילען זיך צו דער אַרבייט, אַ פאַרקוקעניש פאַר גויים אויף פוהרלעך און פאַר גויות מיט אָפענע מיילער, אַן אַרומטענצלעניש פאַר מעקלער מיט שטעקלעך, און גאָר אַ טשיקאַווע זאַך פאַר אינגלעך, צוליב וואָס מען איז זיך מוסר-נפש, צוליב וואָס מען דערעסט ניט און מען דערטרינקט ניט, צוליב וואָס מען כאַפּט פעטש און שמיץ, אַבי לויפען קוקען, ווען מען געהט פון חדר וואַרמעס עסען.

* *
*

אויף אַ לעדיגען און זעהד לאַנגען פּאַס ערד, באַ

וואַקסען מיט די ערשטע גרעזעלאַך, צווישען די פּלעקענער־צוימען פון די גויעשקע קרויט־גערטנער און סעדער, באַווייזען זיך גאַנץ פריה דריי געזעצטע אידען אין קורצע וואַטאָווע פּאָדיאָווקעס, יעטוועדער מיט אַ גרויסען פּאַק געפּרעסטע פּאַקליע אויפן פּלייצע. זיי מעסטען אָפּ אַ פינף הונדערט טריט און גראָבען איין אין דער ערד צו צוויי הילצערנע סלופּעס, צוויי געגען צוויי. און צווישען די סלופּעס באַפעסטיגען זיי צוויי הילצערנע רעדער אויף קאָזלעס, מיט איין האַנט יעדער ראָד. דרעהט מען אַזאַ ראָד ביי איהר הענטעל צעגראַגערט זי זיך מיט איהרע האַק־ציינער, ווי פּורים צו דער מגילה. זי דער־מאָנט אָן אַ פויערישע שפּינד־שטול — אַ „שפּונדע" רופט זיך דאָס. נעמט זיך איין איד דרעהען און גראַגערען און דער צווייטער איד רוקט זיך פון דער דאָזיגער שפּונדע אויף הינ־טען, טרעט מיט זיינע שטיוועלעך און בויגט די קניהעלעך, אַלץ אויף צוריק און אויף צוריק, ווי אַן אָפּגעשטאַנענער קרעבס. טריט נאָך טריט מיט די שטיוועלעך, טריט נאָך טריט. און פון זיין פאַרבונדענעם, אָנגעשטאָפּטען פאַרטוך לאָזט ער פּאַ־וואָליע אַרויסקריכען אַ לאַנגען שנירעל פון רויע פּאַקליע. דאָס אידעל טרעט אַלץ אָפּ אויף הינטען און דאָס שנירעל דרעהט זיך. דוכט זיך אויס, אַז ער לאָזט אַרויס פון פולען נאָפּעל אַ לאַנגע אומענדליכע, דינע קישקע. ווי אַ קונצענמאַכער אויפן יאַריד ציהט ער זי, און עס טהוט איהם גאָר ניט וועה. ער רוקט זיך אַזוי און רוקט זיך אויף צוריק. געהט אויס שמנה־עשרה אין דער אומענדליכקייט אַריין, און די שפּונדע גראַגערט איהם צו: „געה, ווייטער, ווייטער!"... פאָלגט ער ווי זי הייסט איהם, ביז ער דערגעהט צו דער צווייטער שפּונדע, וועלכע שווייגט און וואַרט אויף איהם. דאַמאָלסט גיט דאָס אידעל מיט דעם לאַנגען נאָפּעל אַ געשריי „סטאָי!" ס'הייסט: אַצינד הער איך דיך ווי דעם קאָטער!... דערהערט די ראָד און שטעלט זיך אָפּ אין דער ווייטענס. דרעהט זיך צו איהר אויס „דאָס שמנה־עשרה אידעל" מיטן הינטען, גיט אַ ריס אָפּ די אָנגע־שפּונענע דינע קישקע פון בויך און באַפעסטיגט זי צום איינ־

געגראָבענעם סלופּ. אַצינד כאַפּט אונטער די צווייטע, נאָהענטע ראָד דעם אַראָפּגעהאַנגענעם פּענקענעם נאָפּעל פונם אידענס בויך. אַצינד נעמט זי איבער די ממשלה, הויבט זיך אָן דרעהען און גראַגערן צום טאַקט. זי גראַגערט און דאָס אידעל געהט אויס שמנה־עשרה אין צווייטען זייט. האָפּ־האָפּ שטיוועלע נאָך שטיוועלע. האָפּ־האָפּ. דערביי לאָזט דאָס אידעל אַרויס אַ נייע קישקע פונם פולען בויך מיט פּאַקליע. און ער קריכט אַזוי ביז ער דערקריכט צו דער ערשטער, אַנטשוויגען־געוואָ־רענער שפּונדע. „סטאָי!“ שרייט ער. רייסט זיך אַליין אָפּ דעם נאָפּעל און בינדט צו. אַזוי — אַ סך, אַ סך מאָל. שמנה־עשרה אויסגעגאַנגען אַהין און שמנה־עשרה — צוריק.

קלייבט זיך אָן אַ רעכטע פּאָרציע פון אַזעלכע רויע, לאַנגע שפּאַגאַטען, צווישען די סלופּעס. דער אָנגעשטאָפּטער בויך ביים שמנה־עשרה־אידעל פאַלט איין. זעצט ער זיך אַוועק אויף אַ גרויסער אויפגעפּאַטעלטער קופּע פּאַקליע און רוהט זיך אויס. דערפאַר צעגראַגערען זיך די שפּונדעס, אַצינד — ביידע אויף איין מאָל. און ראָד אַקעגען ראָד דרעהען צוזאַמען די רויע האָריגע שפּאַגאַטען אינאיינעם. פון אַלע גרויע שנירלעך ווערט איין אָנגעצויגענער שנור, איין שטריק. ציהט זי זיך אָן ווי אַ שטאַרקע ריזיגע סטרונע, פון שפּונדע ביז שפּונדע, און ביידע רעדער הויבען אָן קרעכצען און בלייבען שטעהן.

הויבט זיך אויף דאָס שמנה־עשרה־אידעל מיט אַ נייעם אויסגעוואַקסענעם פּענקענעם בויך, און שנירעלט אויף איין ראָד, דערנאָך — אויף דער צווייטער ראָד. ער קריכט אַלץ אויף הינטען און אויף הינטען, ווי אַ טאַראַקאַן, ווען די באַ־לעבאָסטע געהט אָן אין קיך.

אַרבייט עס זיך אַזוי עטליכע טעג נאָכאַנאַנד. עס שנֵי־רעלט זיך און עס שטריקעלט זיך. פון די שפּאַגאַטען ווערען שטריקלעך, פון די שטריקלעך ווערען גראָבע שטריק און פון די גראָבע שטריק — קאַנאַטען. יעדער קאַנאַט אָנדערטהאַלבען פינגער די גרעב. און וואָס דיקער און פעסטער די שטריק ווערען ׳געדרעהט, אַלץ האַרטער און ניט־נאָכגעביגער ווערען

זיי, אַלץ שווערער און הייסער אַרבייטען די אידען ביי די שפּונדעס, אַלץ שטייפער און גלייכמאָסיגער זעהען אויס די, פון צוויי עקען געדרעהטע, פלאַקסענע ספּיראַלען. שנירעל אַרום שנירעל און שטריק אַרום שטריק, אַזוי לעגען זיך האַרט און געדיכט די פּענקענע אָדערען. איין ספּרונדזשינע פון פּאַקליע אין דער צווייטער און איין ספּרונדזשינע — אַ ר ו ם דער צווייטער. אַלץ צווילינגס און דרילינגס אין פיר־לינגס פון געדרעהטע פּאַקליע, ענג אַרומגעכאַפּט און פעסט פאַרקראַמפּט... און ס'דאַכט זיך, אַז כדי פאַנאַנדערצונעמען איין דיקע שטריק אַזאַ, וועט מען מוזען צוריק אַרויסשרויפען איין מוראדיג־לאַנגען פּענקע־פּראָפּענציהער פון צווייטען. נאָר אַזוי וועט מען עס קאָנען פאַנאַנדערנעמען...

די אַרבייט ווערט אַלץ הייסער. די גאַס פאַרשמעקט מיט דערהיצטער פּאַקליע. און די שפּונדעס הויבען אָן צו זינגען און צו קרעכצען אונטער אַזאַ אָנשטרענגונג, די איינגעגראָבענע סלופּעס בויגען זיך אויס, פאַרטרויט מען שוין נישט מעהר אַזאַ שפּאַנונג די הילצערנע האַק־ציינער, אַז זיי, הייסט דאָס, וועלען ניט לאָזען לויפען די שפּונדע־רעדער אויף צוריק. און ווען די אַרבייט רוהט — בינדט מען צו די דרעה־הענגלאַך צו די נאָהענטע סלופּעס. און זאָל זיך זיי גאָר ניט גלוסטען אַ מעשה אָפּצוטאָן...

## 4.

דאַן קומט דער לעצטער טאָג, ווען אַלע פיר מיטעלע קאַנאַטען ווערען צוזאַמענגעדרעהט אין איין אויבער־קאַנאַט, דאָס איז דער גרויסער פינאַל פון אַ וואָך פראַצע. אָנשטאָט דריי אידען קומען דאָס מאָל צוגעהן גאַנצע פיר. די שוואַכע שפּונדעס ווערען פאַרביטען אויף אַ סך גרעסערע, ביי וועלכע די מיטעלסטע טיילען זיינען פון אייזען, די הענטלעך אויך פון אייזען און די אַקסען זיינען געדריגאַכצט. זיי זיינען גע־מאַכט אַזוי, אַז מען זאָל זיי קאָנען איבעררוקען אויף שטיקער

רעלסען, ווען דער קאַנאַט וועט קירצער ווערען פונם דרעהען. די דאָזיגע דרעה-רעדער ווערען שטאַרק באַפעסטיגט און איינ-געשרויפט צווישען פריש-איינגעגראָבענע סלופעס. מען צולעגט אַ פלאַקער און מ׳צולאָזט פעך און דיעגאַכץ אין איין פאַר-רויכערטען קעסעל און מען מישט דאָס שוואַרצע געמישעכץ מיט אַ גרויסען קוואַטש. דאָס הייסט: מיט אַ קאָפּ-פאַקליע אָנגעבונדען אויף אַ פלאָקען. מען שמירט מיט איהם ערטער-ווייז אָפּ די פיר טיילען פון קומענדיגען קאַנאַט, איידער מען דרעהט זיי צוזאַמען, כדי מאַכען זיי בויגיגער און קלעפיגער, אָבער ניט אויף אַזויפיל זיי זאָלען זיך גליטשען.

מען זעצט אַרויף די גראָבע. האַלב-געפּעכטע שטריק אויף די געהעריגע קרוקעס, אין מיטעלפּונקט פון די גרויסע רעדער, און די שפּונדעס הויבען אָן צו אַרבייטען. פיר הענט דרעהען געגען פיר הענט. צוויי אידען דרעהען אויף רעכטס און צוויי אויף לינקס. די נייע שפּונדעס גראַגערען ניט. זיי געהען אַ סך שטילער, זיי טשמאָקען נאָר מיטן פעטען דיעגאַכץ אויף די אַקסען און אויף די האַק-ציינער. אָבער אין דער דאָזיגער מעטאַלענער איינגעהאַלטענקייט און אין דער פעטער גליטשי-קייט פיהלט זיך דער גרויסער שוואונג פון קראַפט, וואָס פּרעסט איין, צום לעצטען מאָל, אַ פופציג פוד צעשויבערטע פאַקליע אין איין האַרטען און בויגיגען זייל, אַזוי דיק ווי אַ קילאַק און אַזוי לאַנג ווי די ברייט פון דניעפּער בשעת אַ געוויסער:

אַ קאָרטשעניש כאַפּט אָן די פיר האַרבע אָדערען. די שפּונדעס אַרבייטען און די פיר גראָבע שטריק קרימען זיך אויס אין לאַנגע פּראָפּענציהערס פון ראָד ביז ראָד. אַ רינגלע-ניש און אַ שרויפעניש הויבט אָן אַרומצולויפען איבער זייער צוויי-הונדערט-קלאַפטערדיגער לענג. די צאַפּעלדיגע, שווינדעל-דיגע רינגען שלאָגען זיך אָפּ אינדערמיטען קאַנאַט און צע-לויפען זיך אויף צוריק צו די רעדער-צו. די קרומע „פּראָפּענ-ציהערס" ווערען אַלץ ענגער און ענגער. די טאָלען צווישען זיי פאַרשווינדען און די פוסטקייט צווישען די ספּיראַלען ווערט ביסלעכווייז איינגעשלונגען אין האַרט-געדרעהטען לייב

פון פּאַקליע. די אַכט הענט רוהען־אָפּ און נאָר איין פּאָר הענט פּעכט־איין, פון קעסעל, די האַלב אָפּגעטאָנענע אַרבייט. די שפּונדעס ווערען איבערגערוקט אויף די שטיקער רעלסען, אַביסעלע נעהענטער איינע צו דער צווייטער, כּדי דער קאַנאַט זאָל זיך פרייער קאָנען צוזאַמענרינגלען, און מען נעמט זיך דרעהען ווייטער. שווייס טראָפּענס פון שטערענס און שוואַרצע טראָפּענס פעך טריפען אַרויס פון קאַנאַט. ער שוויצט אויך, ווייזט אויס, פון אָנגעשטרענגונג, ביי אַזאַ הייסען גצדרעה פון צוויי זייטען.

דער פּאַראָמשציק מיט דער פּאַראָמשציכע שטעהען דער־ביי און גיבען אַכטונג. זיי זיינען אַביסעל פאַרזאָרגט די אַר־בייט זאָל זיך איינגעבען, דער נייער קאַנאַט, וואָס קאָסט זיי ביי אַ הונדערט זילבערנע רובעל אויף אַ משכון, זאָל אַרויס אַ געראָטענער. דער פּאַראָמשציק זאָגט צו די פאַרשוויצטע אידען אויף בראַנפּען און פּאַטשט דעם עלטסטען איבערן פּלייצע. דרעהט מען געשמאַק און מען סטאַרעט זִיך. קנאַקען די ביינער ביי מענשען און די שפּונדעס קנאַקען נאָך מעהר. אָט־אָט בויגען זיי זיך אויס און רייסען אויס, אונטער זיך, די איינגעגראָבענע סלופּעס. מוז מען זיי ווייטער איבערשטעלען אויף די גליטשיגע אייזענס.

די שפּונדע־דרעהער הויבט אָן אויסצוגעהן לופט. נעמען זיך אונטער פּרייוויליגע פון דער גאַס צו העלפען זיי. לייטער מיט פאַרקאַטשעטע אַרבעל, שוסטער מיט שוואַרצע נעגעל, אידען און גויים און יעטוועדער, וועלכער האָט גאָט אין האַר־צען. מען שרייט קורץ און פאַרזאָרגט, כּדי אויפצומונטערען איינער דעם צווייטען. ווארום די אַרבייט איז אַצינד כּלל ניט אַזאַ זיכערע. אַ ראָד זאָל פאַרלירען אַ האַק־צאָהן, אָדער זי זאָל מחמת אַן אַנדער סיבה, אַ לאָז טאָן זיך אַצינד אויף צו־ריק, קאָן זי, ביי דער מוראַדיגער אָנגעשפּאַנטקייט פון האַלב־געמאַכטען קאַנאַט, אַראָפּקלאַפּען אַ קאָפּ, אַזוי לייכט ווי אַן עפּעלע פון צווייג.

די געצווילינגטע און געפּירלינגטע טיילען פון קאַנאַט

רינגלפן זיך צוזאמען אלץ הארטער און ענגער. א נאָדעל קאָן מען שוין מעהר אין די „צווישענס" ניט אריינרוקען. פונדעסט-וועגען דרעהט מען נאָך צאָל נאָך צאָל. פון אלע קעגען-כוחות שרויפט זיך א שרויף פון א פופציג פוד פאקליע, וואָס א סך מענשליכע פאראייניגטע קרעפטען געהען אין איהר אריין. זיי שפארען זיך אין איהר הארטקייט און צוריק ארויסגעהן קענען זיי ניט. שפרינגט ערגעץ-וואו אויף א פענקענער אָדער, מחמת איבערפלוס פון אריינגעפרעסטער קראפט, אזוי לויפט צו א איד מיט א ברייטען האמער און קאָוועט דעם אָנגעשוואָלענעם אָרט, און א צווייטער איד קוקט פון א צווייטען עק דורך א פוסטען קולאק, ווי דורך א שפאקטיווע, כדי צו זעהן די גלייכקייט און רונדקייט. ער גיט א צייכען פונדערווייטען און דער ברייטער האמער שלאָגט ווייטער, טעמפ און פעט, ווי אין בליי אריין. אונטער זיינע שלעג, ווערען זיך אָן ווי פעטש, ציטערט דריבנע דער אָנגעצויגענער ריז און ברומט ווי א באנדורע.

## 5.

אזוי שמידענדיג און דרעהענדיג ווערט ביסלעכווייז אויס-געגליכען דער פינף-צאָליג גראָבער קאנאט. קיין איינציגער אויפגעלאָפענער „בלאָטערעל" איז אויף איהם מעהר ניטאָ. ער איז גלאט ווי אָן אלטע וואלגערהאָלץ און שווער ווי א געגאָ-סענער זייל פון אייזען. מען בינדט צו, פון זיכערקייט וועגען, די אָפגעשטעלטע דרעה-רעדער און מען לאָזט אזוי דעם אָנ-געצויגענעם קאנאט עטליכע שעה נאָכאנאנד אין דער לופטען, כדי זיינע פענקענע אָנגעפעכטע שרויפען זאָלען זיך געוועהנען צו אזא שפאנונג, זיי זאָלען זיך גוט אָנפאסען צו זייער אומ-נאטירליכער פארדרעהטקייט; זייער קראמף זאָל פארגליווערט ווערן, זיי זאָל זיך שוין מעהר ניט גלוסטען צו לויפען אויף צוריק. אין דער דאָזיגער שפאנונג ווערען זיי נאָך געפעכט פון צייט צו צייט, געזאלבט מיטן הייסען קוואטש, כדי מא-

כען זיי נאָך ווייכער, נאָך בויגיגער, כדי צו באַרוהיגען זייער מוראדיגע ווידערשפּעניגקייט. פון ביידע עקען, האַרט ביי די שפּונדעס, ווערט דער קאַנאַט פעסט אַרומגעבונדען מיט דינע, געדיכט-אָנגעדרעהטע שטריקלעך, כדי צו דערווערגען, ביים סאַמע וואָרצעל, זיין צוזאַמענגעשרויפּטען צאָרן און זיין אָנגעדרעהטע גבורה.

פונדעסטוועגען, ווען דער פאַרטיגער קאַנאַט ווערט פּאַרנאַכטליך אַראָפּגעלאָזט פון די גרויסע שפּונדעס, גיט ער זיך אַ וואָרף אין קוים-אָנגעשפּראָצטען וועסנע-גראָז, ווי אַ גוססדיגער ווערגשלאַנג. ער צאַפּעלט דערנאָך און דרעהט מיטן קאָפּ, מיטן דערוואָרגענעם האַלז און מיט איין פּוסטען אויג — אַ לאָך אָן וועלכער ער האָט זיך פריהער געהאַלטען אָן דעם קרוק אין שפּונדע — ביז ער באַרוהיגט זיך. ערשט דאַמאָלסט דערנעהענט מען זיך צו איהם און מען וויקעלט איהם צונויף אין געשטאַלט פון אַ ריזיגע מושעל, אין איין געדרעהטער קופּע. אין אָנטאַפּען איז ער האַרט ווי געקאָוועטער אייזען, אין וואָג איז ער שווער ווי בליי. און פונדעסטוועגען איז ער נאָכגעביג, אין צוזאַמענלעגען, ווי רויע טייג ביים פלעכטען אַ קיטקע. עס גלויבט זיך גאָר ניט, אַז פון אַזאַ בערך דינעם וואַגלער זאָל אויסוואַקסען אַזאַ באַרג מיט אויסגעאַרבייטע שטריק. ערשט אַז מען לעגט איהם איינגאַנצען צוזאַמען, אין אַלץ קלענערע און קלענערע ספּיראַלען, דערזעהט מען וואָס פאַר אַן אַרבייט דאָ איז אָפּגעטאָן געוואָרען. צעהנדליגער פוד פון צופלאָשעטע האָריגע פּענקע און ביי אָנדערטהאַלבען פוד פּעך האָט אין זיך דער נייער קאַנאַט איינגעשלונגען. פינף טעג פון מאַשינאָווע און מענשליכע כחות זיינען אין איהם איינגעפּאַקט געוואָרען. און דאָס אַלץ ליגט דאָ פאַרשטאַרט אין ענגע צוזאַמענגעפּעכטע אָדערען. קוקט מען אָן אָט די באַרג מיט פאַרגליווערטער מענשליכער פּראַצע, אַזוי ווילט זיך מאַכען אַ גרויסען קולאַק און סטראַשען עמיצען אַ שטאַרקען, אַן אונבאַזיגטען...

מיט פאַראייניגטע כחות פון די באַלמעלאָכעס, פון אידען

און גויים אויף דער גאַס, און פון אָנשעל פּאַראָמשציק גופא, ווערט די גאַנצע באַרג מיט אויסגעאַרבייטע, איינגעפּעכטע פּאַקליע אַרויפגעשלעפּט אויף אַ ברייטער טאַטשקע און ווערט אַראָפּגעפּיהרט מיט גרויס כּבוד צום פּאַראָם. דאָ ווערט ער אָנגעצויגען, ווי אַ נייער גרעניץ איבער דער גאַנצער ברייט פון דניעפּער, אָנשטאָט דעם אַלטען אָפּגעלעבטען חבר זיינעם, מיט די פאַרצירעוועטע, אָנגעשוואָלענע ריסען. דער נייער יורש זיינער פאַרשמעקט דעם פּאַראָם מיט זיין פּעכיגער פרישקייט און מיט זיין נייער פּענקע, וואָס גיט זיך אָפּ מיט געזונטער פויערישקייט און מיט גויעשקער סערמיאַגע.

דער דאָזיגער נייער ריח גיסט זיך אַריין אין די פריה-לינג-ריחות ביים ברעג טייך; אין די ריחות פון ווערבע-ריטער, פון פערדען-שווייס, פון אָנגעזויקטען לייהם און אָנגעוואַרים-טען זאַמד... אַ נייער קלונג איז דער דאָזיגער ריח אין אַן אָנגעשטעלטער פרעהליכער קאַפּעליע. ס'איז אַ נייער ווינק, נאָך איין ווינק אויף אַ נייעם פריהלינג, אויף נייע אויפגע-כאַפּטע כּחות וואָס יורען שוין שטיל און איינגעשפּאַרט אין מענשען, אין בהמות און אין דער אויפגעוואַכטער ערד. נאָך נאָר... איין אָנזאָג איז דאָס. וואָרום ע ר א ל יי ן איז נאָך ניטאָ. צו בלאָטיג זיינען נאָך די וועגען און צו-שווער איז דער שלעפּ פון זיין קייזערליכען מאַנטעל. ערגעצוואו אין טיף אוקראַינע, אַרום קיעוו, געהט ער טריט ביי טריט. אין רייסען הערט מען דערווייל נאָר די ריחות זיינע.

אָבער שאַ! אָט-אָט קומט ער! אָט-אָ געהט ער שוין, ער אַליין, מיט שוימיג גרינס אויף בעריאָזעס, מיט געלבע קוה-קווייטלעך אין גראָז און מיט ניי-אויסגעוויסטע פּאַרעכאָ-דען אויפן אויסגעלויטערטען דניעפּער.

# זונדעל גאָטס־גנב

## 1.

אַביסעל שפּעטער, נאָכן פּאַראַמשציק, טשוכעט זיך אויס, פון זיין ווינטערדיגען שלאָף, אַ צווייטער בער אין זיין נאָרע אויפן ברעג דניעפּער. דאָס איז „זונדעל גאָטס-גנב".

ער קריכט אַרויס פון זיין הייזקע אין אַ וואַטאָוועץ, צופליקטען לייבעל, מיט צופּאַטעלטע ברודיג-בלאָנדע און לאַנגע האָר פון אַ לאַטיש, שטעלט זיך אַוועק ביים ווינגעל און קוקט אָן דעם מפרנס זיינעם, דעם אָפּגעריינעגטען דניעפּער מיט אַ האַרטער מינע. זיינע לעבעדיגע אויגען זיינען איינגע-גראָבען אין אַ גאַנצער „האַרמאָשקע" פון רויטע און געלבע קנייטשלעך. זעהט דערפאַר אויס זיין קוק שאַרף און פאַר-שעמט, ווי פון שפּאַקטיוועס אַרויס. דער דניעפּער איז נאָך כמורנע, נאָכן אָפּטרייסלען פון זיך דעם שווערען יאָך פון אייז. און פונקט אַזוי כמורנע געגעצט צו איהם זונדעל, פון הויכען ברעג-אַראָפּ. עס הייסט: „דו ביסט נאָך ברוגז, בין איך אויך ברוגז, און טהו מיר עפּעס!..."

בעבעכעס פון אַלערליי ציגיינערשע קאָלירען לופטערן זיך אַרום זונדעלס הייזקע. זיי הענגען אַראָפּ אין די הויפענס ווי ביי אַ מאַרק-הענדלער פון פּלייצע. זיי הענגען אַראָפּ פון זשאַווערדיגע טשוועקעס, פון סוקעס, פון פלעקענער, און פאַר-שטעלען די הייזקע כמעט אינגאַנצען. עס זיינען דאָ בלויע,

ברייטע פּאַרטיכער פון זיין פלוניתטע, רויט-געשפּרענקעלטע ציכעלעך, גרינע מולטענע קאָפּטעס, געלבע קינדערשע מייט-קעלעך מיט שפּענצערס. און גלאַט אַזוי פאַרביגע טראַנטעס. אַלץ פון דער שנור זיינער און פון איהרע צוויי קינדערלעך, וואָס וואַרטען אויף וואַרימערע טעג, כדי אָוועקצופאָהרען נאָך קאָפּלען מיט אַ פּאַרטיע פּערעסעלענצעס, נאָך דעם זעלבען קאָפּלען, זיין בכור, וועלכען מ'האָט פאַרשיקט היינטיגען ווינטער קיין „סימביר" פאַר אַ מעשה שהיה...

דאָ לופטערן זיך געפּאַסעקטע גרויס-שטעטישע זאָקען און אַ פּאָר לאַסטיק-אונטערקליידלעך פון מושען, זיין טאָכ-טער, פון וועלכער ער האָט אויך קיין גרויסען נחת ניט. וואָרים אַן אייניקעל האָט זי איהם געבראַכט אַהיים, און ער אליין ווייסט ניט וואו זי האָט עס געבוירען... וואו האָט זי דאָס חתונה געהאַט? ווער איז איהר מאַן? און ווען איז דער מאַן אַוועק פון איהר? ער ווייסט עס ניט. אַן אייניקעל האָט זי איהם מיטגעבראַכט אין הייזקע אריין און אַ שלוקערץ, אַ מוראדיגען שלוקערץ, וואָס מ'קען גאָר ניט אויסהיילען. און חישין דער דאָקטאָר זאָגט, אַז ס'איז פון נערוועאישקייט...

דאָ לופטערען זיך שוין אַפילו די גרויסע קאָשיקעס פון וועלכע ער און זיין ווייב פאַרקויפען, זומער-צייט, קיכעלעך און אייער ביי די פאַרעכאָדען.

דער פריהלינג-ווינט איז, דאַכט זיך, אַריינגעפאַלען, ווי הייוועז, אין דער ענגשאַפט און ברודיגקייט פון זיין הייזקע, אויפגעבלעזעלט אַלע פאַרלעגענע געוועטער, אויפגעבאָברעט אַלע לעכערדיגע צודעקעכצען און אַרויסגעבלאָזען זיי אויף דער פרייער לופט. און אָט פאָכען זיי אַלע און פלאַטערען אַרום זונדלען, ווי געבראָכענע און גאַנצע פליגלען, טאַרמאָשען איהם ער זאָל אביסעל לעבעדיגער ווערען. ער זאָל מיט זיי פליהען... און פר שטעהט גאָר אין דער פאַרביגער געפּעכעריי און גענעצט.

אַ צוויי-יאָהריג קינד קריכט אַרום איהם אַרום, בלייבט שטעהן פאַרטראַכט און קוקט מיטן זיידען צוזאַמען. דאָס איז

מושעס, זיין טאָכטערס אַ טעכטערל. דאָס איז דאָס אייניקעל, וואָס מ׳ווייסט ניט וואו און פון וועמען ס׳איז געבוירען געוואָרען. די צוויי פנימער פון עלטער און קינדשאַפט שפיגלען אָפּ די כמורנעקייט פונם באַפרייטען דניעפּער, ווי אַן אַלטע צוקרימטע שפּיגעל און אַ נייע שפּיגעלע פאַר דריי קאָפּיקעס... נאָר די רויטע לייהם-בערג פון זאַרעטשיע אַקעגען זיי, מישען אַריין אַ וואַרימען טאָן אין דעם בלייענעם וואַסער-אָפּשיין און פאַרשפּריצען איהם אין די מענשישע קוקערס אויך.

די רויטקייט פון זאַרעטשיער בערג, אויף וועלכע עס שמעלצט זיך נאָך דאָס לעצט ביסעל שניי און וועלכע קייטלען זיך צו די קאַכעלניעס און צום אָרשער שליאַך-צו, דערמאָנען זונדלען אָן די אָרשער ברעמלעך, וואו עס וואוינט הירשעל דער טויבער, דער זעלבער הירשעל, וועלכער האָט געמסרט קאָפּלען זיין זוהן פאַר דער מעשה מיט חישין דעם דאָקטאָרס פערד, און האָט עדות געזאָגט קעגען איהם אין מאָהליוווער סוד. שפּייט ער אויס, זונדעל, מיט האַרץ, כאַפּט אָן מושעס מיידעלע פאַרן האַנט און שלעפּט עס צוריק אין הייזקע אַריין.

די אויפגעריסענע טירעל קלאַפּט זיך צו, און די קאַלירטע בעבעכעס שאָקלען נאָך נאָכן אַלטען און נאָך זיין אייניקעל:

„מאָדנע מענשען! קאָנען ניט פאַרגעסען״...

## 2.

זונדעלס הייזקע, וואו עס האָבען געווינטערט אַ זיבענאַכט פאַרשוין, איז אייגענטליך נאָר אַ מין סכה מיט איין פענסטערל און מיט איין טירעל, אינגאַנצען צוזאַמענגעשלאָגען פון געהובעלטע ברעטער. אויסגעשטאָפּט, וואו אַ לאָך מיט מאָך און מיט אַ בלעכערנעם קוימען איבערן שפּיציגען דעכעל — אָהן אַ בוידעם. שטעהן טוט זי אויפן הויכען, שטאָטישען ברעג דניעפּער, אַזוי ווי דעם פאַראָמשציקס הויז, און איז נאָר

אָפּגערוקט ווייט פון פּאַראַם אַ וועלכענע הונדערט ק אַפּטער. פון דערווייטענס קוקט אויס זונדעלס הייזקע, ווי אַ ווייס־געהובּעלטער נעסט פול מיט מיני מענשען־פויגלען, וואָס קוקט זיך פריי און אונאָפּהענגיג אין דניעפּער אַריין און שמייכעלט אַראָפּ צו די טונקעלע פּריסטאַנעס, וואו די ווייסע פּאַרעכאָדען שטעלען זיך אָפּ. נאָר וואָס נעהענטער מען גנהט־צו צו דער הייזקע, אַלץ קלאָרער ווערט די אָרימקייט, אַלץ בולטער — די דחקות. אַלץ שאַרפער ווערען די פּאַרבען און די ריחות פון דער צוזאַמענגעקאָרטשעטער נויט. און די מענשען, וואָס קריכען אַרויס פון דעם דאָזיגען נעסט, זיינען זעהר ווייט פון זיין עהנליך צו בלויע שוואַלבען מיט ווייסע ברוסט־שירצלעך...

אַנדערש קאָן דאָס אויך ניט זיין. ס'איז אַ „כל־דכפין"־הייזקע... וואָרים אויסער זונדלען און זיין משפחה טוליען זיך דאָ זומער־צייט, אָפּטמאָל אויך ווינטער, אַלץ וואָס אַנטלויפט פון שטאָט, פון שטאָטישע עוולות, און אַלץ וואָס זוכט אָוועקצופאָהרען מיטן ערשטען בעסטען פּאַרעכאָד... אָהן אַ בילעט. אויף די שמאָלע הילצערנע בענק, אַרום די ווענטלעך אין זונדעלס הייזקע, געפינט מען צוגעטוליעט אַן אָרימאַן מיט אַ טאָרבע; אַ ישיבה־בחור, וואָס איז געבליבען אָהן טעג, מיט אַן אומריינער העמד אין אַ נאָזטיכעל פּאַרבונדען, וואָס וויל איבערן וואַסער אַנטלויפען צוריק צו דער מאַמען; אַ קאַטע־רינשציק אָהן אַ האַנט, וואָס דרעהט זיין קאַטערינקע און בעטעלט דערביי נאָר מיט איין גאַנץ־געבליבענער דלאָניע; אַ גויעשקען מייסטער, וואָס אידען האָבען געבראַכט צופיהרען פון דער פרעמד און אַרויסגעטריבען פאַר שיכרות; אַ פּאַרדעכטיגען יונגענמאַנטשיק מיט ברענענדיגע אויגען, מיט אַ קאַמערטאָן אין כאַלעווע, וואָס זאָגט, אַז ער האָט געזונגען ביי אַ חזן... נאָר מ'ווייסט ניט אין וועלכער שול ער האָט דאָס געזונגען און ביי וועלכען חזן. און בשעת ער נעמט ציהען דעם קאַמער־טאָן פון כאָליעווע, כדי צו ווייזען ווער ער איז, גיט עס דאָרטען מאָדנע אַ קלונג, און מענשען רוקען זיך אָפּ פונם יונגענמאַן, וואָס שניידט זיך אויף אַ חזן. מען איז חושד, אַז

אויסער דעם קאָמערטאָן ליגט ביי איהם אין כאָליעווע אַ מע-סער אויך.

הכלל, ווען מען שטאָט האָט עפּעס באַליידיגט, אָדער ניט געטרויט, לויפט אַהער צו זונדלען, ווי די אַמאָליגע קרעפּאָסט-ניקעס זיינען געלאָפען אין דער „וואָלניצע"*) קיין זאַפּאָראָזשיע, הינטער די שטיינערנע שוועלען פון דניעפּער... זונדעלס הייזקע איז זייער מקום-מקלט. אַלע קריגען זיי דאָ אַ פּאָר איילען באַנק צום אָנשפּאַרען זיך, און אַ ביסען ברויט צו אונטערלעהנען דאָס הארץ. מען פרעגט דאָ ניט קיין פּאַפּירען, מען פאַרלאַנגט דאָ ניט קיין שום באַצאָהלט. פאַרקעהרט, זונדעל זעהט אַוועקצו-שוואַרצען, ווי-ניט-איז, זיינע ניט-געבעטענע אורחים מיטן וואַ-סער, קיין אָרשע און קיין מאָהליוו, ער מאַכט דאָס אָפּ מיט די מאַטראָסען פון די פּאַרעכאָדען פאַר אַ שבוש. און באַפּרייט אַזוי אַן אָרט פאַר נייע אורחים איז זיין הייזקע.

זונדעל אַליין, אַזוי זאָגען באַלעבאַטים, האָט קיינמאָל ניט געגנבעט, חס ושלום! ער האָט אַלעמאָל כשר פאַרדינט זיין ברויט. אלא וואָס דען? דעקען גנבים — דאָס יאָ. באַשיצען פאַרדעכטיגע פאַרשוינען, דאָס האַלט ער פון אַלעמאָל-אָן פאַר זיין הייליגסטען חוב, ער און זיין גאַנצע הויזגעזינד. „עס-אָפּ, נעכטיג-איבער און פאָהר געזונטערהייט!... איך בין מיר זונדעל. איך פאַרקויף בולקעס ביי די פּאַרעכאָדען און ווייס פון גאָרנישט..."

רופט מען איהם דערפאַר ניט מיט קיין רויהען צונעמע-ניש, ניט סתם „זונדעל-גנב", נאָר איידעלער, מיט אַ איראָנישען וואונק: „זונדעל, גאָטס-גנב".

די הייזקע פון געהובעלטע ברעטער גופא געהערט גאָר ניט זונדלען. ניט ער האָט זי געבויט. זי געהערט צום רבינס פּריסטאַן אונטערן וואַסער. און פּריסטאַנעס זיינען דאָ צוויי. איין פּריסטאַן אַ גרויסער, אַ געפּאַרבטער אין נאַציאָנאַל-רוסישע קאָלירען, געהערט צו דער גויעשער „קאָמפּאַניע" פון פּאַרעכאָדען, וואָס מען זאָגט, אַז זיי זיינען גרויסע שונאי-ישראל, און דער

---

*) פרייחייט.

צווייטער פריסטאַן, אַ טונקעלער, אַ באַשיידענער, געהערט צום רבין שניאורסאָנס פאַרעכאָד. צו ר׳ לייבעלען פון קאָפּוסט. דעם רבינס נאָמען איז „פאַראייביגט" איבער די גרויסע וויאָסלע־רעדער פון זיין פאַרעכאָד און אויף די רעטונג־גאַרטלען. דאָר־טען שטעהט אויסגעמאָלט, מיט האַלב־אַרשינענע אותיות, מיט טוש און מיט גאָלד: „לצוו"...

„זונדעל גאָטס־גנב" איז כלומרשט דעם אַפּיטרופּוס פונם רבינס פריסטאַן, כאָטש אַליין טהוט ער ביים פאַרעכאָד אַ פינגער אין דניעפּער־וואַסער ניט אַריין. אַלע מלאכות אויפן פריסטאַן, ווי האַלטען איהם ריין, אַרויפציהען די פּאָהן, ווען דער פאַרע־כאָד באַווייזט זיך, און אַרויפשטופּען די קלאָטקע מיט דער פּאָרענטשע, ווען דער פאַרעכאָד קומט צו צום ברעג, וכדומה, דאָס אַלץ טהוען געדונגענע גויעשע סטאָראָזשעס, וואָס וואוינען אויפן פריסטאַן, ווי ביי זיך אין כאַטע. היינט וואָס־זשע טוט דאָ זונדעל? ער טוט דאָס, וואָס יענער יונגערמאַן מיט דער רעקאָמענדאַציע האָט געקאָנט טאָן, ווען ער איז געקומען זוכען אַ שטעלע. וואָס קאָנט איהר? האָט מען דעם יונגענמאַן געפרעגט, בוכהאַלטעריע? ניין. בוכהאַלטעריע האָט ער גראָד ניט גע־לערענט. ער האָט אַ צו שוואַכען זכרון. נו, ווצט איהר פאַקען קאַסטענס! אַך, ניין. דאָס וועט ער ניט קענען. ער האָט „האַר־מאַטיזם", האָט ער. עס טוט איהם שטענדיג וועה אַ לאָפּעטקע. נו, ווצט איהר זיך שוין מוזען מטריח־זיין ווישען די לאָמפּען, אויסקעהרען די פּאָדלאָגע... אויסקעהרען? אויסווישען? חס ושלום! דער דאָקטאָר האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז שטויב און סאַזשע איז פאַר איהם סם־המות, אַ האַלב יאָר שוין, אַז ער הוסט. און אגב ווייסט ער אַפילו ניט ווי מען נעמט אַ בעזים אין האַנט... הכלל, יונגערמאַן, וואָס־זשע קענט איהר? המ... וואָס קען ער?... ער קען נעכטיגען. וואָס הייסט נעכטיגען? אַז מען פאָהרט אַוועק זומער אויף אַ דאַטשע, בלייבט דאָך די דירה איינע אַליין, קען ער דאָס נעכטיגען. אַ ספּעציאַל־נאָסט אַזאַ.

* * *

אָט דאָס, אייגענטליך, איז אויך „זונדעל גאָטס-גנבס״ ספּעציאַליסט ביי די פּאַרעכאָדען. ער קען „נעכטיגען״. ער נעכטיגט אין דער הייזקע זומער, בשעת פּאַרעכאָדען גייען. בינו-לבינו נעכטיגט ער שוין ווינטער אויך, ווען דער דניעפּער איז געפרוירען און דער פּריסטאַן ווערט אַוועקגעפיהרט ערגעץ-וואו איבערצווינטערן. און הייסען הייסט דאָס פּאַרט, אַז אַ איד איז אַ משגיח אויף די ענינים פון רבינס פּריסטאַן אין ק״ק שקלאָוו. עס איז אַ פּשרה, אַ מין דראָטענער ערוב, כדי צו קענען טראָגען אום שבת.

3.

דאָס אָבער, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען טוט זונדעל גרונטאָוונע, מיט מסירת-נפש. ער נעכטיגט און עס נעכטיגט טעמע זיין ווייב, אַ דיקע אידענע מיט שענע שוואַרצע אויגען און מיט אַ מאַנסבי׳שע נאָז; און מושע זיין טאָכטער נעכטיגט, אַ היפּטיגע און ברוסטיגע יונגע ווייב מיט אַ קאָפּ האָר, מיט גראָבע ליפּען און מיט קליינע הענט, וואָס די תאוה שלאָגט פון איהר, ווי די היץ פון ערב-שבתדיגען באָר-אויווען. אַלע באַלעגאָלעס ווינקען זיך מיט איהר איבער און די יונגע מאַטראָסען פון אַלע פּאַרעכאָדען זיינען מיט איהר חבר-לאַפּ. אָבער זי אַליין איז, דאַכט זיך, איבער-געגעסען מיט זיי אַלעמען, ווי אַ ראַסאָווע בהמה מיט צוקער-ריבען. זי קוקט אַוועק פון זיי מיט אַ מאָדנעם אויסדרוק פון פּריקרעצקייט און... שלוקערצט. זינט זי איז צוריקגעקומען פון דער פּרעמד, מיט איר יאָהריג מיידעלע אויפן אָרעם, האָט זי באַקומען אַזאַ שוואַכקייט. זי איז ווייך און באַשיידען מיט ווייבער און גראָב און מגושמדיג מיט מאַנסביל. אַפילו דער טאַטע איהרער עפּענט אויף אַ פּאָר אויגען, ווען ער דערהערט איהר לשון, ווי אַזוי זי ווערטעלט זיך דאָ מיט מענער, וועלכע שטעהען צו איהר צו. „מושע!״, שרייט ער, און אַלע קנייטשעלעך אַרום די אויגען ווערען ביי איהם רויט. ענטפערט זי

איהם אָפּ מיט אַ שאַלענדיגען שלוּקערץ... פאַר איהר שלוּקערץ האָט זונדעל מורא. כאַפּט דאָס איהר אָן, אַזוי שרייט דאָס פוּן איהר אַרויס ווי אַ גלגול, ווי אַ סאָווע אין פינסטערען וואַלד. אַן אָנשיקעניש איז געקומען אויף אַזאַ שטאַרקער נקבה ווי זיין מושע. חישין, דער דאָקטאָר, אָט דער אַלטער בחור, זאָגט אפילו, אַז עס וועט זיך מיט דער צייט „אויסשטעהן״. נאָר עס שטעהט זיך ניט אויס. זונדעל אליין הויבט אָן חושד־זיין, אַז דער אַלטער בחור האָט גאָר הנאה, וואָס זי קוּרירט זיך ביי איהם אַזוי לאַנג. לייט זאָגען, אַז בשעת ער באַגלייט זי אַרויס פוּן זיין קאַבינעט זיינען ביי איהם די אויגען פאַר־גאָסען מיט הינערשע שמאַלץ און ער זינגט איהר נאָך זיס און געצויגען אויף פעטערבורגער רוסיש:

— טאַק שטאָ, באַרישניאַ, וועט איהר קומען איבער־מאָרגען... דאַ!

דרייזע, זיין שנור, מיט איהרע צוויי קינדער העלפען אָצינד אויך „נעכטיגען״. זיי העלפען אין דעם, זייער שווער און זיידען, זינט קאַפּעל זיין זוהן איז אַוועק קיין „סימביר״ פאַר „גאָרנישט מיט נישט...״

גרויס איז ער געוועזן אָט דער דאָזיגער קאָפּעל און שטאַרק, אַז אַלע האָבען זיך געוואונדערט: ווי קומט דאָס אַזאַ ריז צו אַזאַ קורצינקען אידעלע ווי זונדעל גאָטס־גנב? באַלעגאָלעס, ביים ברעג דניעפּער, האָבען משער־געווען, אַז איידער זונדעל איז געגאַנגען אויפמייסטרעווען אַזאַ בנאָק, האָט ער זיך אַוודאי געשטעלט ביי טעמען, זיין ווייב, אויפן קאָפּ און אָפּגעמאָסטען: דו הערסט, טעמע, אָט אַזאַ יאַט זאָלסטו מיר האָבען!

קאָפּעל איז אַמאָל, אַלס אינגעל, געגאַנגען אין תלמוד־תורה צוזאַמען מיט נח פאַנדרען. ער האָט דוקא געהאַט אַ בעסערען קאָפּ פאַר פאַנדרען, בעסער געלערענט פאַר איהם. נאָר פאַנדרע איז דערנאָך אַוועק „אין פלייש״ און קאָפּעל „אין פערד״...

* *
*

ס'הייסט, ניט אין מסחר פון פערד, נאָר אין רייטען אויף פערד. זיין חשק צו רייטען האָט זיך ביי איהם באַוויזען נאָך פאַר „בר-מצוה". און מיט דער צייט איז דער חשק אַזוי שטאַרק געוואַקסען, אַז ער האָט מער רוהיג ניט געקענט זעהן אַ צוגעבונדענעם פערד. ער האָט זיך געמוזט אַרויפכאַפּען אויף איהם און אַוועקרייטען... מיין פערד צו דיין פערד — דאָס איז אַלץ איינס!

אָפּגעריטען מיט באָרוועסע פיס איין וויאָרסט, פלעגט ער שוין אַזוי אַוועקרייטען אַ צווייטען וויאָרסט, אַ דריטען. דער חשק פון רייטען פלעגט איהם אַזוי פאַרפיהרען קיין מאַקאַראָווקי און צו די דערפער אַרום מאָהליוו. נו, אַ מענש מוז דאָך עסען אויך! פלעגט ער דעם פערד פאַרהאַנדלען. בלייבט מען דאָך מיט צוויי באָרוועסע פיס איינער אַליין אין דער פרעמד? פלעגט זיך אונזער קאָפּעל ווייטער אַן עצה געבען. אויסגעשפּאַנט אַן אַנדער פערד פון אַ פרעמדען וואָגען, און אַוועקגעלאָזט זיך רייטען צוריק קיין שקלאָוו.

ער האָט אַזוי לאַנג אַרומגעריטען, ביז מ'האָט איהם געכאַפּט און איינגעזעצט און געמשפּט. אַרויס פון אָסטראָג און אָפּגעגעסען אַ פּאָר אומזיסטע וואַרעמעסען ביי דער מאַמען, פלעגט זיך אין איהם דער חשק פון רייטען צופלאַקערען מיט גאָר אַ נייער פרישקייט. ער האָט שוין חתונה-געהאַט, געקראָגען צוויי קינדער און אָפּגעוועהנען זיך פון זיין שוואַכקייט האָט ער אַלץ ניט געקענט. וואָס ווייטער אַלץ מעהר איז ער „געזעסען" און אַלץ וועניגער געריטען אויף פרעמדע פערד אין דער פריי. מען דערצעהלט אפילו, אַז דאָס לעצטע מאָל, נאָך דריי יאָהר זיצען, איז ער געקומען אַהיים און געטראָפען אַ יאַטעל ביי דרייזען, זיין ווייב, אין וויגעלע. ווי אַזוי דרייזע האָט איהם דערקלערט אַזאַ נס ווייסט מען ניט. מען ווייסט נאָר, אַז פון זונדעלס הייזקע האָבען זיך דאַמאָלסט, איבער דעם דניעפּער, געטראָגען מוראדיגע ווייבערשע געוואַלדען. טעמע, קאָפּעלס מאַמע, איז אַרומגעלאָפען ווי אַ קוואָקעכע זוכען הילף. זונדעל אַליין איז געשטאַנען

ביים אָפּענעם פענסטערל מיט אַ קאַליע אין האַנט און האָט אימיצען געסטראַשעט. דערנאָך איז שטיל געוואָרען. דרייזע, קאָפּעלס ווייב, איז שטיל געוואָרען, און דער יאַטעל אין ווי-געלע איז אויך שטיל געוואָרען, אויף אייביג... קאָפּעל אַליין איז אויך שטילער געוואָרען און, צוזאַמען מיט דרייזען, אַוועק-געזעצט זיך שבעה נאָכן עופהלע. זיינען דאָך נייגעריגע באַ-לעבאַלעס אריינגעקומען מנחם-אָבל זיין. האָט זיך קאָפּעל גנב געקלאָגט פאַר זיי מיט גרויס ענוות, פונאַנדערפיהרענדיג מיטביידע לאַנגע הענט:

– נאַ, ברידער, איהר הערט? אַזוי אומזיסט בין איך נאָך קיינמאָל ניט „געזעסן"...

4.

וואָלט נאָך אַלץ אָפּגעלאָפען ווי עס באַדאַרף צו זיין. וואָרים נאָך שבעה האָט זיך קאָפּעל ארויסגעצויגען פון טאַ-טענס הייזקע און גענומען לעבען צוריק מיט ווייב און קינ-דער אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטען. דאַרף זיך אָבער אריינמי-שען דער שטן און ניט דערלאָזען. ווייטער אַ מעשה מיט אַ פערד.

פאַראַיאָהרען ווינטער, אַ שבת פאַרנאַכט, אינם זעלבען ווינטער ווען מען האָט פאַנדרען אַרעסטירט פאַר אויפהויבען אַ האַנט אויפן פריסטאַוו, געהט זיך אַזוי קאָפּעל צו דער מאַ-מען זיינער אין געסט, אויפן ברעג דניעפּער, כּדי אָפּצועסען אַ טעלער מיט געקאָכטען באָב, וואָס די מאַמע גרייט פאַר איהם אָן כּיבוד אַלע שבת צום טיי. עס טונקעלט שוין אי-בערן דניעפּער און איבער זאַרעטשיער בערג. דער טאַטע, ווייסט ער, איז אַוועק, נאָך שלוש-סעודות, אין שטאָט אריין צו מעריב. ער, קאָפּעל, האָט פיינט צו עסען כּיבוד ביי דער מאַמען ווען דער טאַטע איז דאָ... דער טאַטע איז דאָך אַ „גאַטס-גנב". מוז מען מאַכען אַ ברכה. מען מוז זיך שטעלען

מנחה־דאַוונען. אַלץ פאַרן טעלער באָב... אַזאַ עסק לוינט קאָפּ־
לען נישט. אַזאַ געשעפט קאָסט זיך אַליין טייערער.

פאַרמאַכט מיטאַמאָל קאָפּעל איין אויג און דערזעהט
מיטן צווייטן אויג, ווי דורך אַ שפּאַקטיווע, אַז ניט ווייט פון
טאַטענס הייזקע, צוגעבונדען צו אַ ווערבע, שטעהט אַ פיינער
פערד, אַ שוואַרצער, מיט אַ שוואַרץ־לאַקירטען שליטען, און
קיין קוטשער איז נישטאָ. פאַרטאַיעט קאָפּעל דעם סקריפּ פון
זיינע שטיוועל אין שניי און געהט־צו נעהנטער. וואָס דען?
טאַקע נישטאָ קיין קוטשער. אַ בערישע פעל איבערן שליטען —
אַלס אַ צודעק. דער פערד אויך מיט אַ צודעק, אַ פאַרביגער,
פון גראָבען וואָל געשטריקט, מיט רויטע פרענז. ער וואָלט
שווערען, אַז דאָס איז דאָקטאָר חישינס געשפּאַן. מושע האָט
זיך אַ פּנים צושלוקפּרצט, האָט מען איהם אַרויסגערופען. דער
קוטשער, מסתמא, איז געווען פאַרנומען, איז זיך חישין אַליין
דורכגעפאָהרען, אַליין אָנגעטריבען. וואָס דען! דער אַלטער
בחור איז דאָך פאַר מושען די כּפּרה. .

דורך דער כּפּרה, וואָס דער דאָקטאָר נעהמט איין פאַר
זיין שוועסטער, האָט זיך קאָפּעל־גנב דערפיהלט אין גאָר
קרובישע באַציהונגען צום אַלטען בחור, און מחמת גרויס
מחותנשאַפט האָט ער אָפּגעבונדען דעם פערד און אריינגעזעצט
זיך מיטביידע שטיוואַלעס אינם דאָקטאָרס שליטען. איינגע־
דעקט זיך מיט דער בערישער פעל און אַ ציה־געטאָן די
גוטע לייצעס מיט די מעשענע שמאָכטעס, האָט ער זיך גלייך
דערפיהלט ווי ביים טאַטען אין ווייגאָרטען; און ס'האָט איהם
אָנגענומען דער אַלטער חשק — אַ טרייב צו טאָן, ווי עס
געהער צו זיין, דאָס פרעמד פערדעל, אויספּרובען זיין לויף,
גלאַט אַזוי זיך. דער דאָקטאָר מעג פאָהרען אום שבת? מעג
ער, קאָפּעל אָסטראָזשניק, אויך פאָהרען. די גאַס אין שטאָט
אריין איז אויסגעגלעט פון שליטענס, ווי אַ לאָקשען־ברעט,
און דער דאָקטאָר איז דערווייל פאַרנומען מיט דער שווע־
סטער. אַן אייגענער מענש! נישטאָ וואָס צו איילען זיך. און

טאָמער וועט דער דאָקטאָר זיין ברוגז, וועט ער קושען אַ בער. אַן אייגענער מענש...

אָנטרייבענדיג אַזוי דעם פערד אַ וועלכע צעהן מינוט, איז קאָפּלען איינגעפאַלען, אַז אייגענטליך האָט ער ניט וואָס צו פאַרקירעווען זיך אַזוי גיך צוריק צום דניעפּער. וואָס וועט ער דערפון האָבען? אַ דאַנק אפשר פונם אַלטען בחור מיט דעם שווארצען בערדעל? ער וועט זיך דאָך מסתמא זידלען דערפאַר, וואָס ער האָט אי׳הם אָנגעטראָגען שניי אונטער דער בערישער פעל. טו זאָל שוין זיין פאַרוואָס!... און לאָמיך טאַקע אַ פאָהר טאָן אביסעל ווייטער! נישקשה, דער דאָקטאָר קען אונטערוואַרטען לעבען מושען. ער וועט איהר לאָזען נאָך אַמאָל אויפשפּילען די קאָפּטע און צולעגען אַ אויער צום ברוסט. זאָל ער אויך הנאה האָבען...

אָפּלעגענדיג אַזוי דעם צוריקקעהר פון מינוט צו מינוט און, זאָגענדיג זיך אַליין כלערליי תירוצים, האָט זיך קאָפּעל-גנב מיט איין מאָל געגעבען אַ שטעל-אויף אין שליטען, אַ קנאַל געטאָן מיטן בייטש, אַ פייף געטאָן מיט די ליפּען און ווילד צעוויגט די לייצעס מיטביידע מאַלפּישע הענט. דאָס אויסגעכאָליעט פערדעל האָט זיך דערשראָקען פון אזא פּלוצ-ליכע גראָבקייט, צו וועלכער ער איז קיינמאָל ניט געוועהנט געווען און האָט זיך צוטראָגען אין גאַלאָפּ. די אייזערנע גליטשערס פון שליטען האָבען זיך צוקוויטשעט איבערן שניי, ווי איבערגעצויגענע סטרונעס, און קאָפּעל, ווי גרויס ער איז, האָט שטעהענדיגערהייט דיריגירט איבער אָט דעם צוהיצטען גאַלאָפּ. מיט ביידע הענט און מיט ביידע לייצעס האָט ער דיריגירט, ווי אַ משוגע-געוואָרענער קאַפּעלמייסטער איבער אַ משוגע-געוואָרענעם קלעזמער מיט אַ פערדישען קאָפּ: „היניאָ! היניאָ!" און נאָכאַמאָל „היניאָ!" מיט אַ קנאַק און מיט אַ פייף. אַזוי האָט ער זיך אַוועקגעטראָגען גלייך צום אָרשער שליאַך.

פאַרבייפליהענדיג, מיט אַזאַ התלהבות, די אָרשער ברעמ-לעך, האָט ער אַפילו ניט באַמערקט ווי הירשעל דער גאָלד-שמיד האָט אַרויסגערוקט אַ נייגעריגען קאָפּ פון פאָרטקע און

שאַרף אָנגעקוקט דעם צעווילדעוועטען פערד און דעם צעיו
שעטען פאָהרער. מיט צוויי פינסטערע באַבריליטע אויגען, פון
אַ טויבען רכילותניק, האָט ער עס אָנגעקוקט און נאָכגעקוקט.
ער, הירשעל, הערט טאַקע גיט, זינט שענע עטליכע יאָהר,
די גאַנצינקע וועלט אַרום זיך. נאָר אַ פּאָר אויגען האָט איהם
דערפאַר דער רבונו של עולם געגעבען, וואָס זיינען מעהר
ווערט ווי דריי פּאָר אויערען צוזאַמען.

# אַ רפֿואה צום פֿערד

## 1.

חישין דער דאָקטאָר איז אַרומגעגאַנגען שוואַרץ ווי די ערד. אַ פּאָר חדשים זיינען שוין אַריבער זינט מען האָט ביי איהם, אין מיטען העלען טאָג, אַוועקגעגנבעט פֿערד און געשפּאַן, און ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקענט טרייסטען. ס׳האָבען זיך שוין אָנגעהויבען די ערב־פּסחדיגע בלאָטעס, קויט און טוואַן האָבען פֿאַרגאָסען די קלאַטקעס, און חישין איז נאָך אַלץ אַרומגעגאַנגען צופֿוס צו זיינע חולאים. וואָס פֿאַר אַ צורה האָט דאָס — אַ דאָקטאָר זאָל אַזוי לאַנג אַרומטיאָפּען אין טיפֿע קאַלאָשען, ווי אַ מאַרק־אידענע? האָבען טאַקע שקלאָווער באַלעבאַטים פֿאַרלאָרען דעם רעספּעקט פֿאַר אַזאַ מין דאָקטאָר און חולאים האָבען אָנגעוואוירען דעם צוטרוי, און מאַמעס האָבען איהם גענומען אָפּשטעקען אַ „פֿערטעלע״ אַנשטאָט צוויי גילדען פֿאַר אַ וויזיט. און אויסגעפּאַשעטע דינסטמוידען האָבען מיט גרויס אונצופֿרידענקייט אויפֿגענומען זיינע קויטיגע קאַלאָשען און אַרויסבאַגלייט זיי מיט אַ שפּאָטיש מינעלע: הען, אַ דאָקטאָר! אָנגעטראָגען בלאָטע ווי אַ ליימער...

דערווייל־וואָס האָט קראָל, דער קאָנקורענט זיינער, דער צווייטער שקלאָווער דאָקטאָר, אויסגענוצט חישינס אומגליק ווי ס׳געהער צו זיין, גענומען אַרומפֿאָהרען מיט אַ צולהכעיס־

קנאַק פון פריצישען בייטש. פּאָר זיין ווייסען פערד האָט ער אויסגעשריבען אַ פורפעל־נעץ מיט קליינינקע לאַכענדיגע גלעקלעך, אָנשטאָט פרענז, און פּאָר זיין קוטשער — אַ קיילעכדיגען שאַפּענעם ווינטער־היטעל מיט פּאַווע־פעדערלעך. אַזוי האָט ער זיין דאָקטאָרשע פירמע באַדעקט מיט רייכקייט און מיט „פּאַטשאַט", און דאָס געשעפט האָט געבליהט.

גראָד דאַמאָלסט, ווען דער באַגנבעטער חישין ראַטעוועט זיך אַרויף, מיט זיינע טיפּע קאַלאַשען, פון געדיכטען קויט אויף דער קלאַטקע, פליהט אָן קראָלס געשפּאַן מיט אַ בלאָטיגען שפּריץ און מיט אַ פרעהליכען ניאָ־ניאָ פון קוטשער. די פּאַווע־פעדערלעך, אויף דער קאַצאַפּישער ווינטער־היטעל, גיבען פיל־פאַרביג אַ שיין. קראָלס ברילען צובליצען זיך שפּאָטיש און די ממזרשע גלעקלעך אויף דעם פורפעל־נעץ צולאַכען זיך איבערן פערדס אויסגעכאָליעטען הינטען, מיט זייערע איבערגעקרייזיגטע, אָפענע מיילכלעך.

— גלין, גלין — כי־כי־כי!

ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען חישינס אַ פּאַציענט איז עפּעס ניט געגאַנגען כשורה, האָט מען די שולד גלייך אַרויפגעוואָרפען אויפן דאָקטאָרס טיפּע קאַלאָשען: מ'שטיינס געזאָגט, אַ דאָקטאָר טיאָפּעט נעבעך אין קויט, קומט ניט צו דער צייט, היינט וואָס פּאַר אַ ראַטונעק קען ער שוין געבען זיינע חולאים?...

האָט מען גענומען איינלאַדען קראָלן אָנשטאָט איהם, אָפּטמאָל — נאָך אַ צוויי־דריי ניט־געלונגענע וויזיטען פון חישינען מיט זיינע טיפּע קאַלאָשען.

און קראָל, דער דאָקטאָר, פלעגט דאָס באַלד געבען אַ פּאָר־צו מיטן ווייסען פערד, אַ לויכט מיט די פּאַווע־פעדערלעך אויפן קוטשערס קאָפּ און אַ געה־אַריין מיט זיין טכוירענער פוטער און מיט זיין הויכען וואוקס. מחמת זיין צו־שטאָלצען, ניט־אידישליכען, גאַנג פלעגט ער זיך אָפּטמאָל אָפּשלאָגען דעם שטערען אָן די פאַרהאַנגענע פריטעלקעס אין די אַלט־מאָדישע שלאָפצימערען. אָפּשלאָגען זיך — און מאַכען אַ שווייג. ער

פלעגט אויסהאַלטען כאַראַקטער. און טאָמער איז דאָ זיין קאָ־
לעגע חישין געווען פריהער פאַר איהם, פלעגט ער זיך מיט
איהם און מיט זיינע רפואות אָפּרעכענען אויף דער וועלט:

— ווי? וואָס האָט ער דאָ געהייסען... רי...ריצענאייל?
ריבאַרבערים מוז מען דעם חולה געבען!

— וואָס? אַ לעבעדיכען קאָמפּרעס מיט טאָפּטע האָט ער
געהייסען צולעגען? נאַ... אַ הייסען! בייטען אַלע האַלבע שעה.
איהר הערט וואָס מען זאָגט אייך? אַ הייסען!

— מיט וואָס האָט ער געזאָגט אויסרייבען? מיט האַ...
האַרמאַטיזנעם עסיג? מיט „פּאָדעלדיגע" מוז מען אויסרייבען!

— וואָס האָט ער געהייסען אויסשפּריצען אין שטוב?
קאַרבאָלקע? אַך וואָס!... מיט סקיפּעדאַר! סקי—פּע—דאַר!

אַזוי איז צווישען די דאָקטוירים אַוועק אַ קריג אויף
רפואות. קראָל האָט נאָכן קאָנקורענט זיינעם מבער־חמץ געווען,
וואו נאָר ער האָט געקענט. און שקלאָוו האָט מיטאַמאָל
דערזעהן, אַז די שכינה פון דאָקטאָריע רוהט נאָר אויף
קראָלן...

גאָר אַנדערש האָט וועגען דעם געקלערט חישין אַליין.
אין קראָלס שמד־שטיק האָט ער געזעהן ניט נאָר דאָס וועלען
פאַרשווענכען זיין נאָמען אַלס דאָקטאָר, נאָר אויך אונטערצו־
גראָבען זיין קאַנדידאַטור צו די נאָהענטע וויבאָרעס. וואָרים
דער אַלטער קאַזיאָנער ראַבין איז שוין געוואָרען צו־שוואַך צו
טראָגען אויף זיך דעם אידיש־גויעשען יאָך און פאַרמיטלען
אירען מיט פּראַוויטעלסטווע. האָט מען אַרויסגעשטעלט צוויי
נייע קאַנדידאַטען, און ניט קיין אַנדערע וויביידע שטאָט־
דאָקטוירים. נאָר אַזעלכע צוויי גלייכע העגער פּאַסען זיך פאַר
אַזאַ שטרייט. שקלאָוו געהט מיט יושר און וועט ניט דערלאָזען
שלאָגען זיך אַ שטאַרקערען מיט אַ שוואַכערען... אָבער קראָל
דער דאָקטאָר האָט גראָד קיין יושר ניט און זעהט צו דער־
נידעריגען זיין קאָנקורענט האַרט, פאַר די וויבאָרעס. אַ קאָפּ
זאָל ער זיך ניט דערוועגען אויפהויבען אָט דער קבצן אין
די טיפע קאַלאָשען:

— ריבאַרבערים און ניט קיין ריצענאייל! איהר הערט? רי—באַר—בערים! און האָט מיר אַ גוטען טאָג...

יאָ, ער קען זיך דאָס ערלויבען, אַזאַ עושר ווי קראָל! אַן אַלטע מויד מיט אַ סך נדן האָט ער אין מאָהליוו אויסגע־זוכט. אַ דירה האָט ער זיך גענומען אַ מלכותדיגע. די גאַנצע פּאַרדינעכצען פון זיין דאָקטאָריע קלעקען איהם קוים אויף קאַשע מיט וואַסער. דער עיקר איז ביי איהם — כבוד. נאָר כבוד. אַריינכאַפּען שטאָט אין די הענט. וואָס זאָל אָבער טאָן אַזאַ אַלטער בחור, ווי דאָקטאָר חישין איז? וואָס האָט זיך ערשט גענומען אַרויפּאַרבייטען און האַלט־אויס ביי זיך זיינע דריי שוועסטער, יתומות, אַלע דריי שוואַרץ ווי די טאַ־טערס, מיט ווענסעלעך אויף דער אויבערשטער ליפּ? אַן עקשן, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַרט פריהער חתונה־מאַכען אַזעלכע שוועסטער מיאוסקייטען און ערשט דערנאָך אַליין חתונה האָבען. המ... נישקשה פון אַ נדר! אַ מענש, וואָס איז אָנגעוויזען אויף פיהרען ליבעס, אָהן אַן אָנהויב און אָהן אַ סוף, און צו באַ־גוגענען זיך אין דער שטיל מיט מושען, זונדעל גאָטס־גנבס טאָכטער. וואָרים אַלע ווייסען ברוך־השם דעם סוד, אַז אָט די אָפּגעפּאָהרענע, גראָבע שענהייט געהט שוין צו איהם צו־אָפּס און צו־שפּעט אין דער נאַכט, און אַז ער היילט זי דאָס אומ־זיסט פון איהר נערוועזישען שלוקערץ...

פרעגט זיך: צי קען זיך אַזאַ מענש פּאַרגינען קויפען אַ פערד מיט אַ געשפּאַן אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג? אַזוי לייכט קומט דאָס אָן אָפּצושפּאָרען, אַרום שקלאָווער פּאַציענ־טען, אויף אַ פערד מיט אַ צאַצקעדיגען שליטען?

## 2.

נאָר מען דאַרף ניט מיינען... שווייגען האָט דאָקטאָר חישין ניט געשוויגען, זינט דער פערד זיינער איז פּאַרפאַלען געוואָרען, האָט ער איהם אַרומגעזוכט; צוגעזאָגט אַ צעהן־רובעלדיגען יעדערען, וואָס וועט איהם געבען די ערשטע שפּור.

געלאָפּטן עטליכע מאָל אין באַלעגאָלישען צעך און נאָכגעפרעגט זיך צי האָט מען ניט געזעהן, צי האָט מען ניט געהערט פון אַזאַ און אַזאַ פערדעל און פון אַזאַ און אַזאַ שליטען. דערנאָך ערשט האָט ער זיך גענומען צוהילף דעם נייעם פּריסטאַוו מיט די באַקענבאַרדען און מיט די דראָטענע וואָנצעס, וואָס איז ערהנליך צו ניקאָלאַי דעם ערשטען און איז פאַרהאַסט אין גאַנץ שקלאָוו... אַזוי לאַנג ווי ס'האָט זיך געלאָזען, האָט צו איהם חישין ניט געוואָלט אָנקומען, ניט געוואָלט אָנרייצען אַ שונא-ישראל, נאָר ער האָט געמוזט.



און דער נייער פּריסטאַוו האָט זיך גענומען צוהילף דעם אוריאַדניק, דער אוריאַדניק — די צוויי דעסיאַטניקלעך מיט די נייע גאַרניטערס און מען האָט גענומען אַרומזוכען און אַרומניששטערען און נאָכשפּירען אַלע באַלעגאָלעס, אַלע פאַרדעכטיגע פאַרשוינען, און אַלעמען וואָס האָבען אַ שייכות מיט פערד און פוהרען. אָבער חישינס פערד איז ווי אין וואַסער אַריין. מ'האָט אַפילו יאָ געררעדט וועגן דעם, אַז אין אַ געוויסען שבת פאַרנאַכט האָט קאָפּעל, זונדעלס תּכשיט, ניט געגעסען קיין געקאָכטען באָב ביי דער מאַמען זיינער, און די גרויסע טעלער באָב איז געבליבען שטעהן אויפן טיש און טעמע, די מאַמע זיינע, איז אַרומגעלאָפען זוכען איהם. מ'האָט אויך געוואוסט, אַז אַ קורצע צייט נאָך דער גנבה, האָט דריי:זע, קאָפּעלס ווייב, גענומען אַרומפראַנטעווען אין אַ זיידענעם קאָפּ-טיכעל, וואָס האָט זיך מיט העלע קווייטען געקלעפּט צו איהר סיטצענעם שבתדיגען קלייד, ווי אַ קרוין צו אַ ראָגאָזשע. נאָר קיין גרויסער באַווייז צו אַ געגנבעטען פערד איז דאָס ניט. שקלאָוו ווייסט אַלץ, נאָר דעם סוד פון חישינס פאַרשוואונדענעם פערד האָט זי פאָרט ניט געקענט דערגרונטעווען. און טאָמער האָט עמיצער עפּעס יאָ געוואוסט, האָט ער געשוויגען. געה הויב זיך אָן מיט זונדעלס משפּחה!

וואָלט אפשר אַלץ אַראָפּ פאַר קאָפּלען כשורה, און קראָל

דער דאָקטאָר וואָלט אפשר געוואָרען ראַבינער, און חישין דער דאָקטאָר וואָלט נאָך אפשר לאַנג געבליבען שטעקען אין זיינע טיפע קאַלאָשען און וואָלט נאָך אַלץ ניט חתונה-געמאַכט די שוועסטער זיינע מיט די וואָנסעלעך... אַלץ וואָלט געקענט געשעהן, ווען ניט הירשעל דער טויבער, דער זעלבער הירשעל, וואָס וואוינט ביי די אָרשער ברעמלען, און האָט איינמאָל אַ שבת-פאַרנאַכט עפעס יאָ געזעהן דורך דער אָפענער פאָרטקע.

דאַרף זיך מאַכען אַ מעשה און הירשעל דער גאָלדשמיד קומט אַריין צו חישינען, אַמאָל אין אַ נאָווינע, צו פרעגען אויף זיין אַלטען מיחוש, אויף זיין איינגעגעסענע טויבקייט, וואָס ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג. חישין, אַ צוטראָגענער, אַ פאַר-זאָרגטער, ווי ער איז געוואָרען די לעצטע צייט, האָט איהם אַריינגענומען אין קאַבינעט, אַ טאַפּ געטאָן דעם דופק, אַ טאַפּ געטאָן צוטראָגענערהייט אַרום די אויערען און פון געוואוינהייט גענומען זיך צו זיין בלאָק-פּאַפּיר און געגומען שרייבען אַ רע-צעפּט. אָנגעשריבען, אָפּגעריסען און גענומען אַריינשרייען אין הירשלען, פאָכענדיג מיטן רעצעפּט, אַז אָט דאָס זאָל ער נע-מען, אָ! דאָס קומט ביי איהם אַלץ פון זיין סקלעראָזע, קומט דאָס ביי אים. מוז ער איינגעהמען יאָד, מוז ער. וועט, וועט...

נאָר אָנשטאָט צוצונעהמען דעם רעצעפּט און אַוועקלעגען אויפן ברעג טיש אַ „פּערטעלע", ווי דער שטייגער איז, נעמט גאָר הירשעל דער טויבער מיטאַמאָל אַרויס איין קייקעלע וואַטע פון רעכטען אויער, דערנאָך אַ צווייטען קייקעלע וואַטע פון לינקען אויער, טוט אָן די שפּאַקולען מיט די שוואַרצע רעמלעך און מיט די ברען-גלעזער, קוקט אַריין מיט אַ שמייכעלע אין רעצעפּט אַריין, לעגט איהם צוזאַמען אין פּיערן און דערלאַנגט חישינען זיין רעצעפּט צוריק:

— נאַ. רעצעפּטען האָב איך גענוג. עפּעס רעכטס, גאָס-פּאָדין דאָקטאָר! עפּעס גאָר אַ רעכטס...

דאָס גאַנצע ביסעל בלוט האָט זיך חישינען אַ וואָרף געטאָן אין געלב-בלייכען פּנים. וואָס? אָט דער טויבער שלאַק

האָט אַ העזה וואָרפען איהם צוריק זיינע רעצעפּטען? אַזוי ווייט האָבּען שוין די טיפּע קאַלאָשען געבּראַכט?

האָט ער זיך צושריען מיט אַ ווייבּערשען קוויטש אויף זיין טויבּען פּאַציענט:

— קאַק—קאַק—קאַק ווי סמעיעטע!

הירשעל דער גאָלדשמיד האָט, ווי בּאַקאַנט, ניט זעהר גוט געהערט. נאָר דעם פאַרזאַאיקטען „קאַק" האָט ער יאָ דערהערט. מיט דער זלידנער נייגעריגקייט פון אַ טויבּען, האָט ער גלייך תופס-געווען, אַז דעם „קאַק" האָט זיך דאָקטאָר חיי-שין אויסגעלערענט פון דעם נייעם פּריסטאַוו, מסתּמא, אין משך פון די פּאָר וואָכען וואָס יענער העלפט איהם זוכען דאָס גע-גנבעטע פערדעל. ער האָט אויך קלאָר געזעהן, אַז חיישין איז מלא חמה. האָט צו איהם הירשעל גאָלדשמיד, מיט דער גע-לאַסענקייט פון אַ טויבּען, אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט, ער זאָל זיך בּאַרוהיגען. אַריינגעלעגט איין קייקעלע וואַטע אין רעכטען אויער, מיט דעם צווייטען קייקעלע וואַטע פאַרשטאָפּט דעם לינ-קען אויער; זעהר מיושבדיג אַראָפּגענומען די שוואַרצע שפּאַ-קולען מיט די פאַרגרעסער-גלעזער, אַריינגעלעגט זיי אין דעם קאַרטאָנענעם שיידעל, אַלץ ניט אַראָפּנעמענדיג דעם כיטרע-ברוגזדיגען קוק פונם דאָקטאָרס כעסדיגען פּנים. אין ערשט דערנאָך האָט ער, נאָך מעהר מיושבדיג גערעדט, אַזוי צו זאָגען:

— גיט מיר, מיין איך, אַ רעכטע רפואה, צו מיינע אוי-ערען, וועל איך אייך געבּען אַ רפואה צו אייער פערד...

די צאָרנדיגע רויטקייט פון חישינס פּנים איז גלייך פאַר-שוואונדען געוואָרען. אַ געלבּע בּלאַסקייט האָט זיך ווידער צו-גאָסען איבּער זיין הויט, אונטער די שמאָלע נעגעל אונטערגע-קראָכען. ווי אַ פאַרגליווערטער האָט ער אַ ווײלע אָנגעקוקט הירשעל דעם טויבּען: אַ רפואה צום פערד? די גאַנצע שקלאָ-ווער קאַריערע שטעהט דאָ אין שפּיל...

ניט רעדענדיג קיין וואָרט, האָט ער צוריסען דעם געגע-בּענעם רעצעפּט, געגעבּען זיך אַ זעץ אַנידער און אָנגעשריבּען מיט גרויס היץ צוויי נייע רעצעפּטען.

הירשעל דער טויבער איז אַלץ געשטאַנען אין דער קלוי־
געטשקער פּאָזע. צוגעקוקט זיך, מיט אַ שמייכעלע פון אַ סוחר,
וואָס האָט דאָ ביליג אויסגעדונגען אַ טייער שטיקעל סחורה.

## 3.

צי די צוויי נייע רעצעפּטען האָבען הירשעל דעם גאָלדשמיד
געהאָלפען — איז אַ גרויסער ספק. ווארים די דיקע קייקלען
וואַטע האָבען איהם געשטעקט אין ביידע אויערען, ווי פריהער,
גאַנצע וואָכען נאָכאַנאַנד. אדרבא, רעדענדיג מיט איהם, האָט
מען אַצינד געמוזט אַריינטרויבען, פריהער אין זיין רעכטען אוי־
ער, דערנאָך — אי'ן לינקען. און הירשעל פלעגט זיך נאָך אַלץ
פרעגען: האַ? און טאַקע נאָכאַמאָל — האַ? דערפאַר אָבער איז
חישין דער דאָקטאָר יאָ געהאָלפען געוואָרען. זיין שוואַרצער
נעגנבעטער פערד האָט זיך אומגעקעהרט פון אָרשע. אמת, מיט
אַן אונטערגעשאָרענעם עק און מיט אַ געקירצטע גריווע. מחמת
דעם האָט זיך אָבער געדאַכט, אַז אין דער פרעמד איז ער
אינגער געוואָרען. דעם פאַרלוירענעם שליטען האָט מען אויך
צוריקגעבראַכט פון ערגעצוואו. ער איז אָבער צוריקגעקומען
צָפּגעשיילט, אָפּגעבאַרעט. דער גוטער בערישער צודעק פאַר די
פיס — אויסגעקראָכען, מיט ברוזנע קאָלטונס און פליכען אין
די בערישע האָר. נאָר סיי ווי סיי האָט מען אַצינד, אין דער
ערב־פסחדיגער קאַשע פון שניי און בלאָטע, ניט געקענט נוצען
קיין שום שליטען אין דער וועלט, האָט מען איהם אַוועקגע־
געבען איבערצולאַקירען, און דעם אונטערגעשאָרענעם פערד
האָט מען איינגעשפּאַנט אינם דאָקטאָרס פאַריתומטער בריטש־
קע. חישין גופא האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפען די טיפע קאַ־
לאָשען, אַריינגעזעצט זיך אינם פריש־אויסגעבעטען פאַיעטאָנדעל,
און זיין צוטראָטענער כבוד האָט צוריק גענומען וואַקסען און
בליהען פון טאָג צו טאָג. מ'האָט פון איהם ווידער גענומען
שמועסען, ווי פון קראָלס אַ שטאַרקען קאָנקורענט, ביי די נאָ־

הענטע וויבאָרעס, אָנשטאָט דעם אַלטען קאַזיאָנעם ראַבינער, וואָס איז שוין, צווישן אונז רעדענדיג, אַביסעל עובר־בטל.

הולאים האָבען זיך צוריק איבערגעבעטען מיט חישינצן. און חישין, פון זיין זייט, האָט זיך גענומען אָפּרעכענען מיט קראָלן און מיט זיינע רפואות אויף דער וועלט.

— וואָס? מיט „פּאָדעלדיקע" האָט ער אייך געהייסען אויס־רייבען? רפואות פון דער באָבע־האַפּיע!.. מ'האָט דאָך אייך איינמאָל פאַר אַלעמאָל געזאָגט: „האַרמאַטיזנעם"־עסיג!

קראָלס רפואות האָבען ביסלעכווייז אָפּגעטראָטען דעם אָרט דאָקטאָר חישינס באַליידיגטער דאָקטאָריע. ניט ריבאַרבערים נאָר ריצענאייל; ניט הייסע קאָמפּרעסען, נאָר לעבליכע און דוקא מיט טאָפּטע; ניט סקיפּעדאַר נאָר קאַרבאָלקע. קיין זכר איז ניט געבליבען פון קראָלס זעלבסטהערשעריי איבער שקלאָ־ווער חולאים.

דער נייער פריסטאַוו, דער צורר היהודים, האָט זיך אויך דערפיהלט האָפּערדיג. ער האָט ווידעראַמאָל דערוויזען נאָטשאַל־סטוואָ, אַז ער טראָגט ניט אומזיסט די קאָקאַרדע מיט די עפּאָ־לעטען. נאָך דעם אַרעסט פון נח פּאַנדרע טרעפט איהם צום צווייטען מאָל אַזאַ גליק אויף דער נודנער סלוזשבע אין שקלאָוו... דאָסמאָל האָט ער אַרעסטירט קאָפּלען, זונדעל גאָטס־גנבס בנאָק, אינמיטען שבת, פונקט דאַן, ווען קאָפּעל האָט זיך באַהאַלטען ביי דער מאַמען און געגעסען געקאָכטען באָב פון פולען טעלער. אַרעסטירט און אָפּגעשיקט מיט אַ קאָנוואָי, אין מאָהליוזוער אָסטראָג. וואָרים פאַר אַזאַ געזונטען בויאַן איז איהם שקלאָווער קוטוזקע, אין סטאַן, ניט געוועזען גענוג זיכער.

באַלד נאָכדעם האָט מושע, די אָפּגעפּאָהרענע שענקייט, קאָפּעלס שוועסטער, אויפגעהערט צו געהן צום דאָקטאָר. און דעם דאָקטאָרס לעבעדיג געוואָרענער פּאַיעטאָנדעל האָט אויפ־געהערט אָפּצושטעלען זיך לעבען זונדעלס הייזקע, ביים ברעג דניעפּער. פאַר דער אַרומגעשניטענער ווערבע, ביי דער הייזקע, וואו זיין פערד און זיין אָנזעהן אין שטאָדט, איז איהם איינ־

מאָל אַ שבת פאַרשוואונדען געוואָרען, האָט אַצינד דאָקטאָר חישין מורא געהאַט ווי פאַר פייער...

באַגעגענענדיג אַצינד חישינס געשפּאַן אינמיטען גאַס, בלאָזט מושע אָן איהרע פלײשיגע ליפּען און קעהרט אָפּ דעם שענעם קאָפּ מיט אַ מינע פון אַ מענשען, וואָס האָט פאַרזוכט אַ פריקרע רפואה. און גיב נאָר אַ קוק! זינט זי האָט זיך אויפגעהערט צו היילען, איז איהר דער נערוועאישער שלוקערץ לייכטער געוואָרען. זי באַגעהט זיך, זאָגט זי, אָהן חישינס גע-זאַלצענע רפואות פון וועלכע, זאָגט זי, ס'האָט איהר אַלעמאָל אויסגעקעהרט די גרינע גאַל. נאָר זי האָט, זאָגט זי, פריהער געמיינט —

וואָס האָט זי פריהער געמיינט? גאָרנישט. מעהר קיין וואָרט קען מען פון איהר ניט אַרויסבאַקומען מכח דעם דאָ-זיגען ענין.

חישין, ווייזט אויס, איז אויך מעהר ניט פאַרקאָכט אין זיין באַליבטער פּאַציענטקע מיטן שלוקערץ. ער האָט זיך אָפּגעקילט זינט ער האָט זיך דערוואוסט, ווי אַזוי מושעס פיינער ברודער האָט איהם פיין אָפּגעצאָהלט, פאַר היילען אומזיסט די קראַנקע שוועסטער זיינע... חישין מאַכט זיך, אַז ער זעהט זי מעהר ניט, מושען, קאָפּעלס שוועסטער. מען שמועסט גאָר, אַז ער האָט זיך גענומען באַגעגנען מיט ר' גרונימען, און גרונים דער שדכן, מיטן באַריהמטען פּאַראַסאָל אונטער דער פּאַכווע, נישטערט עפּעס פאַר איהם אין מאָהליוו, און פּאָהרט אויפן דאָקטאָרס הוצאות קיין אָרשע. הייסט דאָך דאָס, אַז ער איז געקומען צום שכל, דער אַלטער בחור, און האָט באַשלאָסען מעהר ניט צו וואַרטען ביז זיינע מיאוסע שוועסטער מיט די וואָנסעלעך וועלען חתונה האָבען. ניין. צו די וויבאָרעס אויף קאַזיאָנעם ראַבין וועט דאָס איהם כּלל ניט פאַרשאַטען! וויבאַלד ער האַלט ביי חתונה האָבען און אָנהויבען פיהרען אַ שטאַט, מיט לייטען גלייך, איז דאָך גאָר אַן אַנדער ענין. אויב אַזוי, האָט זיך שוין קראָל דער דאָקטאָר מעהר ניט וואָס צו בלאָזען. גענוג וועט זיין צו בלאָזען זיך!

ביז אָהער האָט פון חישינבן געהאַלטען נאָר דער פּראָס־
טער עולם, באַלמעלאָכעס און קרעמער, מיט וועלכע ער איז
פון תמיד־אָן געווען אויסגעבונדען. אַצינד האָבען פון איהם
געגומען האַלטען אפילו באַלעבאַטים און לומדים. ניין, וואָס
אמת איז אמת! דעם נאָז פאַררייסט ער פאָרט ניט ווי קראָל
דער גביר, וואָס האָט חתונה־געהאַט מיט אַן אַלטער מויד צו־
ליב נדן, און וואַרפען וואַרפט ער ניט צוריק אַפילו צוואַנציג
קאָפּיקעס, אָנשטאָט צוויי גילדען פאַר אַ וויזיט. וואָס אמת
איז אמת.

4.

ניט נאָר גאַנץ שקלאָוו, אַפילו זונדעל־גאָטס־גנב אַליין,
האָט מצדיק־געווען דעם דין אויף קאָפּלען. טעמען זיין ווייב
מיטן מאַנסבילשען נאָז, און דרייזען זיין שנור, מיט דעם
זיידענעם קאָפּטיכעל אינדערוואָכען, האָט ער אָנגעזאָגט קיין
פּיפּס ניט צו טאָן אַקעגען דאָקטאָר חישינען. וואָרים ער
איז גערעכט... שבת, אינמיטען העלען טאָג, בשעת דער
דאָקטאָר האָט געהיילט מושען. האָט איהם קאָפּעל אָפּגעטאָן
אַזאַ מעשה! דרייזע וואָלט אפשר בעסער געווען?!... ווי? קיי־
נער אין דער וועלט וואָלט בעסער ניט געווען...

דערפאַר אָבער האָט הירשעל דער טויבער, אין זיי אַלע־
מען, געקראָגען די ביטערסטע שונאים. דער גאַנצער צאָרן פון
דער משפחה, ביים ברעג דניעפּער, האָט זיך געווענדעט אָנט־
קעגען א י ה ם. ער דאַרף זיך נאָר באַווייזען אויף דער
קלאַטקע, וואָס ציהט זיך פון אָרשער ברעמלעך ביז דעם גרי־
נעם קלויסטער אין מאַרק, אַזוי וואַקסט אויס אַ פאַרשוין,
אָדער אַ פאַרשויניכע פון זונדעלס חברהצקע און זידעלט איהם
מיט וואָס אין אַ קאָרט. אַ נס וואָס ער איז טויב און דער־
הערט ניט אַלץ. אַפילו יענקוץ, קאָפּעלס זעקס־יעהריגער אַלף־
בית־אינגעלע, מיטן שפּענצער, שרייט איהם נאָך:

— מ–סור! דו טאַקע אַ–מסור!

קאָפּעלס משפּט אין אָקרווזשנאָי-סוד, אין מאָהליוו, דער-נעהענט זיך; און וואָס נעהענטער עס ווערט, אַלץ עפּטער און בייזער ווערן די אָנפאַלן אויף הירשעל דעם טויבען:

— אַ קאַטערינקע וועט מען פון דיר מאַכען, דו טוי-בער לאָך!

— מיט אַ קאָפּ קירצער וועסטו ווערען! וואַרט, וואַרט...

— פאַלשע גאָלד-פינגערלעך מאַך און מיש זיך ניט אין פערד!

— געהערט האָט ער! אַזאַ רכילותניק...

— געזעהן האָט ער!

— זאָלסט אַזוי זעהן, ווי דו האָסט געהערט!

די קללות און סטראַשונקעס זיינען געוואָרען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבען דורכגעדרונגען די דיקע קייקלעך וואַטע אין הירשעלס אויערען. אָנגעשראָקען איהם. געזהט ער אַרויס אויף דער לאַנגער קלאַטקע, אַזוי הויבט ער אָן אַרומצוקוקען זיך, ווי אַ מענש וואָס איז אַרומגערינגעלט מיט געהיימע פיינט און מיט גרויסע סכנות. אָפּטמאָל האָט מען געזעהן ווי ער נעמט אַרויס איין קייקעלע וואַטע פון אַן אויער און האָרכט. טויבע אַנגסטען זענען דערביי צוגאָסטען אויף זיין פינסטערען פנים.

און ער האָט זיך ניט באַרוהיגט, הירשעל גאָלדשמיד, ביז ער האָט זיך אויפגעמייסטרעוועט אַ גראָבען פוסטען שטע-קען מיט אַ מעשענעם הענטעל, ווי אַ מין קראַן צום דרעהען. און אונטען מיט אַ מוראַדיגען שטאָלענעם שפּיץ. ער האָט דעם שטעקען אַלעמען געוויזען און געבעטען מען זאָל נאָר אַ טרייסעל טאָן! אַז מ'האָט דעם פוסטען שטעקען געטריי-סעלט, האָט דאָס אינווענינ געקלימפּערט, ווי אַרבעסלעך אין אַ קינדערשען גראַגערל. האָט מען דאָך ביי הירשלען נייגעריג געפרעגט: וואָס איז דאָס פאַר אַ צאַצקע? האָט הירשעל גלייך אַרויסגענומען איין קייקעלע וואַטע פון אויער און כיטרע און געהיימניספול געקייט די ליפּען: „אַ צאַצקע, זאָגט איהר, איז

דאָס? אַ שענע צאַצקע כ'לעבען! איך זאָל אָנשטעלען דעם שפּיץ ווי עס באַדאַרף צו זיין און אַ דרעה טאָן דאָס מע-שענע הענטעל, אַזוי הרגעט דאָס אַוועק אַ מענשען אויף... אויף דריי קלאַפּטער די ווייט...

ווען פון הירשעל דעם טויבענס שטעקען וואָלט פּלוצ-לינג געוואָרען אַ שלאַנג, ווי אין משה-רבנוס צייטען, וואָלט זיך שקלאָווער נייגעריגקייט אויך ניט אָפּגעטרייסעלט פון איהם מיט אַזוי פיל שרעק און עקעל:

— נעמט, ר' צבי הירש, אַוועק אייער שטעקען און געהט אייך געזונטערהייט!

* *

*

איז אַוועק אַ קלאַנג, אַז דער טויבער טראָגט זיך אַרום מיט אַ מוראדיגען פּיסטאָל אין האַנט, און אַז דער נייער פּריסטאַוו אַליין האָט דאָס איהם דערלויבט. וואָרים הירשעל דאַרף דאָך באַלד פאָהרען עדות-זאָגען קעגען קאָפּעל גנב אין מאָהליווער געריכט. און ווער קען דאָס ניט זונדעלס משפּחהלע? קאָפּעלס חברימלעך קען מען אויך...

ס'האָט געהאָלפען. די סטראַשונקעס אַרום דעם טויבען זיינען ביסלעכווייז אַנטשוויגען געוואָרען. אָפּגעפאַלען ווי אַ געוויספּער. און שטאָלץ אויף זיין נצחון, איבער אַזוי פיל גע-פעהרליכע יונגען, האָט הירשעל אויף צולהכעיס גענומען אַרומשפּאַצירען איבער די קלאַטקעס, שטופּען זיך אין מאַרק און אומעדום — מיט זיין געהיימניספולען שטעקען. ער שפּרייזט זיך פּאַמעליך, הירשעל דער גאָלדשמיד; דער איי-זערנער שפּיץ פון זיין מאַכערייקע קלאַפּט איהם-צו צום טראָט, און אין איהר הילצערנעם בויך — קלימפּערט עפּעס גאָר מוראדיג. די הויט ציטערט אויף אַלע הירשעלס שונאים...

גאָרנישט מיט נישט איז געוואָרען פון אַלע סטראַשונ-קעס. און טאַקע באַלד נאָך פּסח איז הירשעל דער טויבער אַוועקגעפאָהרען, מיט זיין געפעהרליכען שטעקען, קיין מאָהליוו און האָט דאָרטען, טויבערהייט, עדות געזאָגט.

ער האָט אין קרייז-געריכט אַזוי לאַנג געאַרבייט מיט די קייקלעך וואָטע אין ביידע אויערען, אָט אַרויסגענומען, אָט פאַרשטאָפּט, אַמאָל איינציגוויז, אַמאָל ביידע אויף איין מאָל, אַזוי לאַנג געהאַקעט און געבאַקעט, ביז מען האָט קאָפּ-לען — אַ טאַטען פון צוויי קינדער — פאַרמשפט אויף פּאָסע-לעניע קיין „סימביר", אַלס אַ געפעהרליכען פערד-גנב, וואָס איז שוין עטליכע מאָל אָפּגעקומען מיט אָסטראָג, פאַר עהנלי-כע מעשים-טובים, און איז בעסער ניט געוואָרען.

יאָ, און זיין ווייב, אויב זי וויל נאָר, קען זי פּ ר יי-ע ר ה יי ט נאָכפאָהרען נאָך איהם. זי און איהרע ביידע קינדער.

# פֿאַרעכאָדען געהען

## 1. קאָנקורענציע

דערפֿאַר האָט זונדעל גאַטס־גנב „קען נעכטיגען" אין דער ברעטער־הייזקע און היט, כלומרשט, דעם רבינס פּריסטאַן נעמט ער ניט קיין שום שכירות.

אַלס ספּעציאַליסט פֿון „נעכטיגען" וואָס ער נעכטיגט, אין דער קאָמפּאַניע פֿון ווייב און טאָכטער, שנור און איי־ניקלעך, אויסער פֿרעמדע, ניט גאַנץ כשרע פֿאַרשוינען, וואָס לויפֿען פֿון שטאָט, האָט ער אָבער צוויי גרויסע פּריווילעגיעס:

ערשטענס, צאָהלט ער ניט קיין דירה־געלד אַ קיילעכ־דיגען יאָהר, אפילו דאַמאָלסט, ווען די פֿאַרעכאָדען געהען ניט מעהר. שוין אָפּגערעדט פֿון די פּרייע האָלץ וואָס ער נעמט זיך, מיט אַ ברייטער האַנט, פֿון די לאַנגע קלאַפּ־טערס הייץ־מאַטעריאַל, וואָס זיינען אָנגעגרייט פֿאַרן רבינס פֿאַרעכאָד.

און צווייטענס, האָט ער און זיין פֿאַמיליע אַ חזקה אויף־פֿאַרקויפֿען עסענוואַרג די פּאַסאַזשירען, וואָס געהען־אַריין און געהען־אַרויס פֿון רבינס פּריסטאַן. אויפֿן פֿאַרעכאָד גופא טאָר ער ניט אַרויפֿגעהן מיט זיינע קאָשיקעס, ווייל דער פֿאַרעכאָד האָט דאָך זיין בופֿעט. טאָר זונדעל מיטן בופֿעט ניט קאָנקורירען.

דרייזע, זיין שנור, וואָס וואָרט היינטיגען יאָהר אויף די הייסע טעג, כדי אַוועקצוגלאָזען זיך מיט די קינדער אין קאַלטען „סימביר״ אַריין. נאָך איהר פאַרשיקטען מאַן, פיהרט די באַלעבאַטישקייט אין הייזעל, רוימט-אויף און קאָכט. און זונדעל און טעמע זיין ווייב און מושע — זייער טאָכטער זיינען באַוואָפענט יעדער מיט צווי פויערשע קאָשיקעס, גע-פלאָכטען פון רויהע, גרינע לאָזעס. יעדער קאָשיק איז אָנגע-פאַקט, ווי אַ מין טיפּע פּאַליטרע, מיט כלערליי פרישע פאַר-בען, לויטן סעזאָן נאָך. אין אָנהויב וויעסנע — מיט רויט-קאַלירטע אייער, מיט פרישע פראַנצויזישע בולקעס, מיט וויאָלעט-רויטע רעטעכלעך און מיט ברוינע לעקעכלעך. שפּע-טער קומען שוין צו — גרינע אוגערקעלעך און ווייס-גרינע ציבעלקעלעך. נאָך שפּעטער — פּאַפּירענע פּימפּערס פול מיט שוואַרצע און רויטע קאַרשען, מיט ווייסע און פייער-רויטע וויינפּערלעך, מיט גרינע סטרוטשע, מיט רויטע יאַגדעס. נאָך שפּעטער — פלוימען, באַרן און עפּעל. אַזוי בליהען זונדעלס קאָשיקעס ביז שפּעט אין הערבסט, אַלץ שטאַרקער און ריי-כער, ביז זיי בליהען-אָפּ. דער זומער פאַרגעהט און מיט איהם צוזאַמען וועלקען די קאָלירען פון זונדעלס סחורות. בלייבען-איבער אין די קאָשיקעס ווידער אַמאָל נאָר געפּאַרבטע אייער, פראַנצויזישע בולקעס און גרינע ווינטער-עפּעל. דער פריסטאַן ווערט אַוועקגעפיהרט ערגעצוואו איבערצווינטערען און די קאָשיקעס מיט זייער שפע פאַרשווינדען אויך...

ווי נאָר עס דערהערט זיך דער טרוב פון פאַרעכאָד' וועלכער קומט-אָן פון אָרשע אַראָפּ-וואַסער, פון צווישען די קאָכעלניעס, אָדער פון מאָהליוו — אַרויף-וואַסער, פון הינטער-דעם פּאַראָם, אַזוי פליהט-אַרויף דער רוסישער פלאַג אויף אַ שטאַנג איבערן פריסטאַן. און פון דער ברעטער-הייזקע, איבערן הויכען משופּעדיגען זאַמד-ברעג, לאָזען זיך לויפען זונדעל גאָטס-גנב, טעמע זיין ווייב און זייער טאָכטער, אַלע דריי מיט ברייטע אָנגעלאָדענע קאָשיקעס אין די אָרעמס. יעטוועדער

מיט גאַנצע צוויי, כדי צו האַלטען גלייכגעוויכט. אַזוי לויפט זיך בעסער.

מחמת זייער קורצקייט און אָנגעפּעלצטקייט זעהען זונדעל און טעמע זיין ווייב אויס ווי אָפּגעפּליקטע, איבערגעקאָרמעטע קאַטשקעס, יעדער מיט צוויי אָפּגעלאָזענע פאַרביגע פליגלען, וואָס איילען זיך, מיט אויסגעצויגענע העלזער, צום אויסגעשאָטענעם האָבער, ס'הייסט, צו דער פרנסה ביים פּריסטאַן. נאָך זיי געהט נאָך מושע זייער טאָכטער, אַ גרויסע, אַ ברוטיגע, אַ שענע, מיט פוסטע אויגען, אין וועלכע ס'איז פאַרגליווערט געוואָרען דער שרעק פאַרן אייגענעם קרענקליך-דונערדיגען שלוקערץ; און מיט אָראָפּגעלאָזענע ליפּען-ווינקלען, אין וועלכע ס'איז פאַרגליווערט געוואָרען אַ זאַטע פריקרעקייט קעגען אַלע מענער אין דער וועלט.

זי דעקט טאַטע-מאַמעס פרנסה מיט איהרע ברייטע און שען-געקיילעכדיגטע היפּטען און מיט איהרע נאָך-ברייטערע קאָשיקעס פול מיט עסענוואַרג, כדי אַנדערע דאַרינקע און פלינקע פאַרקויפערקעס-קאָנקורענטקעס זאָלען זיך ניט דורכשטופּען צו די פּאַסאַזשירען פונם רבינס פאַרעכאַד און זאָלען ניט פאַרכאַפּען, מיט זייערע לייכטע קאָשיקלעך און גלאַטע צינגעלעך, דאָס ביסעל לייזעכץ. זאָלען די פרעמדע פאַרקויפערקעס געהען צום גויעשען פּריסטאַן, פון דער „קאָמפּאַניע". דעם רבינס פאַרעכאַד געהערט זונדלען מיט זיין משפחה. זיי האָבען אַ חזקה אַזאַ פון כמה יאָהרען...

נאָר ווי-אַזוי זאָל מען זיך שטופּען און פאַרקויפען ביים פּריסטאַן פון דער „קאָמפּאַניע", אז יענע זיינען שונאי-ישראל, לאָזען ניט צו צום פּריסטאַן אויף דלד-אמות? מ'שטערט כלומרשט די פּאַסאַזשירען דעם אַרויס און אַריין... אָבער די פאָר גויעשקע פאַרקויפערינס האָבען יאָ צוטריט. זיי שטערען ניט.

זיינען טאַקע אַלע אידישע פאַרקויפערקעס מלא-חימה אויף זונדעל גאָטס-גנב און אויף זיין משפחה. די גאַנצע שנאה לאָזט מען אויס צו דער טאָכטער. און ווען מושע לאָזט זיך

אראָפּ מיט איהרע קאָשיקעס אַלס אַן „אַריעגאַרד" (נאַקען-שויץ) הינטער סאַטע-מאַמע, הערט זי, גאַנץ אָפּט, הינטער זיך אַ שלאַנגישע זידעריי:

— די שענע נפשה!

— די לויפערקע.

— חתונה געהאַט האָט זי... יע!

— אין האָצעפּלאָץ.

— אין כאַנדריקעווע.

— צוגעוואָרפען אַ ממזר און געכאַפּט זיך פאַר די קאָשיקעס.

— שלוקערצט און שלוקערצט און פּלאַצט ניט.

דערגעהט דאָס מושען ביז דער גאַל. קען זי זיך מעהר ניט איינהאַלטען און דרעהט זיך אום. זי עפענט אויף אַ מויל מיט ווייסע ציין און זידט צוריק:

— פּאַסקודניצעס!

די דאַרינקע אידענעס קריגען פּחד פאַר מושען. וואָרים זי קאָן לאָזען שטעהן די קאָשיקעס און וואַרפען זיך שלאָגען אויך. שוין געווען איינמאָל אַזאַ מעשה. פּעטש און קאָפּ-טיכלעך און פּאַרוקען זיינען געפלויגען אין דער לופטען.

טראָגען זיך די פּאַרקויפערקעס גלייך אָפּ. שטעלען זיך אויס נאָך ווייטער מיט זייערע אָרימע קאָשיקלעך און קריצען מיט די ציין אויף מושעס שענע היפטען, וואָס באַוועגען זיך אַזוי פאַרפיהרעריש, אַז אַלע באַלעגאָלעס אויפן הויכען ברעג גלאָצען-אויס די אויגען זייערע, ווי יאַטקע-הינט אויף אַ פרי-שען זייטעל-פלייש.

דערפאַר, אַז מושע וויל זיך אַמאָל דערשלאָגען מיט איהרע קאָשיקעס צום גויעשקען פּריסטאַן, לאָזען די באַעוולטע פּאַרקויפּערקעס אויך ניט צו. איין קייט פון אָרעמס און קאָ-שיקעס שליסט זיך צוזאַמען, און מושע שטויסט זיך אָן אָן האַרטע געבויגענע רוקענס מיט אָפּגעטראָגענע פּאַטשיילעס.

מאַגערע הענט, ווי די דישעלס, באָטען אָן עסצנוואָרג יעדערען וואָס גערט דורך: „נעמט, נעמט! קויפט עפּעס; בייגעלעך, מאַנדלעך, אייעלעך, בולקעלעך!...״ קען דאָ מושע גאָר ניט מאַכען. „דו, הייסט עס, מיט דיין טאַטינקען ביים רבינס פּריסטאַן, מיר — ביי דער „קאָמפּאַניע״. איינגעטיילט זיך דעם דניעפּער.

נאָר מיט דעם אַליין איז מען ניט יוצא. מ׳האָט זונדלען אַ פּאָר מאָל פאַרמסרט ביים רבין אין קאַפּוטס, אַז זונדעל, הייסט דאָס, און זיין ווייב און טאָכטער האָבען פאַרכאַפּט דעם גאַנצען מסחר ביים אידישען פאַרעכאַד, לאָזען קיינעם אַ קאָפּ ניט אויפהויבען. דעם רבינס איידעם אַליין וואָלט זיך אַזאַ זאַך ניט ערלויבט... וואו איז דאָס געהערט געוואָרען!

האָט מען פון קאַפּוטס געהייסען אָנשרייען אויף זונדעלס משפחה. און די פאַרקויפערקעס האָבען געשטעלט אַ פּוס ביים רבינס פּריסטאַן. האָט דאָס אָנגעהאַלטען אַ וואָך צייט. אָבער ביסלעכווייז, מיט קריגערייען און שטורכעניש, זיינען די פאַר־קויפערקעס ווידער אַרויסגעשטופּט געוואָרען הינטער מושעס ברייטע היפטען, און אַלץ איז אַוועק „פּאָ־סטאַראָמו״. וואָרים קריגען זיך מיט דער „משפחת״, דאָס קען מען זיך נאָך ער־לויבען, אָבער שלאָגען זיך — דאָס איז שוין אַ שטיקעל סכנה.

רייסט מען אַזוי, ביי די פאַרעכאָדען, איינער ביים צווייטען דעם ביסען פון מויל. מען שלאָגט־זיך איבער אַ קאָפּיקע ליי־זענץ ביי אָרימע פּאַסאַזשירען, וואָס האָבען מורא פאַר די פּרייזען אין בופעט, אָדער וואָס זיינען שטאַרק אָפּגעהיט אין כשרות... ווי די ענטלעך איבער אָבפאַל אַזוי רייסען זיך, ביים וואַסער, די פאַרקויפערקעס מיט זונדעלס משפחה. ביז עס קומט אַ טאָג און די הערשער אַליין צוקריגען זיך... דעם רבינס פאַרעכאַד מיט די פאַרעכאָדן פון דער „קאָמפּאַניע״ קריכען אַריין איינער דעם צווייטען אין גרגרת. ווער ווצמצן ס׳וועט בדלות־שטעלען. כמעט אַלעמאָל הויבט זיך דאָס אָן מצד דער „קאָמפּאַניע״, וואָס זיינען רייכער, באַזיצען עט־ליכע פאַרעכאָדען און זיינע גרויסע שונאי־ישראל. עס ברעכט

אויס אַ קאָנקורענציע. אַנשטאָט צוויי גילדען – צעהן קאָפּיקעס, מיטן וואַסער־אַראָפּ, קיין מאָהליוו, און צעהן קאָפּיקעס מיטן וואַסער־אַרויף קיין אָרשע!

קליגעלט זיך דער קאַפּיטאַן פונם רבינס פּאַרעכאָד. ער הייסט פייפען אין פּאַראָווען פייפער און קלינגען אין גלאָק פון דער קאָמאַנדע, און אַליין שרייט ער אַראָפּ פונם העכסטען פּונקט אויפן פּאַרעכאָד, פון דער קאַיוטע ביים רודער:

– אַ פאָהר קיין מאָהליוו אַכט קאָפּיקעס; אַ צוגאָב יעדערען – אַ רויטע איי!

וואָס עפּעס דוקא אַ רויטע איי? נאָך־פּסח־צייט שמעקט נאָך אַ ביסעל מיט גויעשקער חגא און ס׳געהט, להבדיל, צו ל״ג־בעומר, זיינען רויטע אייער זעהר פּאָפּולער, סיי ביי אידען סיי ביי גויים.

דערזעהט די „קאָמפּאַניע״, אַז דעם רבינס פּאַרעכאָד האָט זיי איבערגעכיטרעוועט און אָנגענומען פּאַרן גאָרגעל אַזוי, אַז אַלע פּאַסאַזשירען, סיי אידען אין קאַפּאָטעס, סיי גויים אין סערמיאַגעס, לויפען צום רבינס פּריסטאַן, הייסט דער קאַפּיטאַן פון דער „קאָמפּאַניע״ אויך פייפען אין פייפער און קלינגען אין גלעקעל, און ער אַליין מיט דער קאָקאַרדע אויפן קאָפּ צושרייט זיך, ווי אַ קאַצאַפּ אַ קוואַסניק אויפן יאַריד:

– העי, העי! סיודי, סיודי! זיבען קאָפּיקעס אַ פאָהר קיין מאָהליוו און אַ צוגאָב אַ פרישע בולקע יעדען פּאַסאַזשיר!

דער קאַפּיטאַן שרייט־אויס, און די מאַטראָסען צעריטשען זיך אויף אַלע עקען פון פּאַרעכאָד, אונטערן ווייסען אָפענעם דאַך:

– העי, העי! סיודי! סיודי! (עי, עי! אַהער, אַהער!).

אין אַזאַ הייסער שעה, ווען אַזעלכע גדולים ווי דעם רבינס פּאַרעכאָד מיט דער קאָמפּאַניע שלאָגען־זיך איבער שקלאָווער פּאַסאַזשירען און ברעכען ביידע האַלז און נאַקען, שטעהט זונדעל מיט זיין ווייב און טאָכטער אויפן הויכען ברעג, אַרום זיי–די פרעמדע פאַרקויפערקעס, אַלע מיט אַראָפּגעשטעלטע קאָשיקעס אין זאַמד, מיט פאַרלעגטע הענט אויף

די בייכער. די מלחמה פון די „הארצן" אויפן דניעפּער האָט זיי געמאַכט פאַרגעסן זייער אייגענע נעבעכדיקע קאָנקורענץ, וואָס זיי פיהרען טאָג-איין טאָג-אויס. מ'שטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ צורה זיי האָבען דאָ אַלע מיט די עטליכע צעהנדליג געקאָכטע אייער און רעטעכלעך און בולקעס אין די קאָשיקעס! ווער קען דאָס אַצינד קלערען פון לייזען אַ קאָפּיקע! אַז אייער און בולקעס שיטען זיך, ברוך השם, ווי די שפּענער.

אָבער אַ צרה פאַר אַלעמען איז פאָרט אַ האַלבע טרייסט. ניט מיר און ניט דיר...

שטעהען זיי אַזוי אַלע צוזאַמען, די קאָשיק-קאָנקורענטען, מיט אָפענע מיילער, קוקען-צו פאַרזאָרגט און גאַנערען, צווי-שען זיך, קורץ און דערשראָקען, ווי די שטוב-געננז, בשעת צוויי בייזע שפּאַרבער שלאָגען זיך איבער אַ גרויסען בלוטיגען ביסען אין בלויען הימעל... עס דאַכט זיך, אַז דאָס רעדען פון די פּייפערס און דאָס קלינגען פון די גלעקלעך און דאָס אויסשרייען פון די הייזעריגע העלזער, דאָס זיינען די רויבע-רישע קולות אין דער לופטען, פון אָט די צוויי ריזיגע ווייס-באַפליגעלטע רויב-פויגלען. איין רגע קריגט די אויבערהאַנט דעם רבינס פאַרעכאָד, אַ רגע שפּעטער – די קאָמפּאַניע. די צוטומעלטע און גליקליכע פּאַסאַזשירען קענען זיך קיין עצה ניט געבען. אָט לויפען זיי צום רבינס פּריסטאַן און אָט גיט מען זיך אַ וואָרף צו דער קאָמפּאַניע. ס'זעהט אויס, אַז יעדער איינער פּאַסאַזשיר וואָלט געוועז אַ בעלן פאָהרען מיט איין פוס אויפן רבינס פאַרעכאָד און מיטן צווייטען ביי דער „קאָמ-פּאַניע", מיט דער רעכטער האַנט נעמען אַ פרישע בולקע און מיט דער לינקער – אַן איי. און אַלץ פאַר זיבען קאָפּיקעס!..

און עס פעלט זיי גאָר ניט איין, די זשעדנע פּאַסאַזשירען, אַז די קרבנות פון אַזאַ פייערדיגער קאָנקורענץ וועלען, סוף-כל-סוף, זיין זיי אַליין; אַז פון זייער קעשענע וועלען זיי סוף-כל-סוף מוזען באַצאָלען אַלע היזקות פון רבין און פון דער קאָמפּאַניע.

און כך הוה. אין אַ פּאָר טעג אַרום מאַכט די „קאָמ-

פאַניע״ יד־אחת מיטן רבינס פאַרעכאָד. און די אומזיסטע אייער מיט די אומזיסטע בולקעס פאַלען שקלאָווער אידען און גויים אויס באָקאָם. וואָרים מחמת גרויס שמחה פון שלום־מאַכען רייסט מען דריי פעלען פון יעדען פאַסאַזשיר. צווייפאַכיג און דרייפאַכיג, ווי ביזקעל דער קאָנקורענץ, מוז מען צאָהלען פאַר אַ בילעט, ביז די פאַרלוסטען פון „קאָמפּאַניע״ און פון רבין גלייכען זיך אויס. קאָסט ווידער ווי געוועהנליך: צוויי גילדען — קיין מאָהליוו און צוויי — קיין אָרשע. ערשט דאַמאָלסט קוקען זיך שקלאָווער אידען אַרום, אַז פון אַלע גליקען, בשעת דער קאָנקורענציע, זיינען זיי געבליבען מיט געריבענע זייטען, ביים שטופּען זיך, און מיט אַ האַרבער עבירה פון עסען בולקעס אומגעוואַשען... וואָרים אָפּהיטען אויף אַ פאַרעכאָד די מצוה פון נטילת־ידים, בשעת קאָנקורענציע, איז גאָר ניט פון די לייכטע זאַכען.

געענדיגט דער גרויסער קריג ביי די האַרען פון דניעפּער און דער קליין־קריג—די פאַרטיזאַנישע מלחמות, צווישען זונדעלס משפחה און צווישען די פאַרקויפערקעס – הויבען זיך ווייטער אָן, און מיט גאָר אַ נייער פרישקייט. ביי די פּייפערס פון די פאַרעכאָדען און ביי די הייזעריגע קאַפּיטאַנען האָבען זיי אויך עפּעס געלערענט.

## 2. מערע האָט זיך פאַרביינקט

אויף דער פאַרשלאָפענער שקלאָווער אָזערע, וועלכע איז אַרומגעזוימט מיט איבערגעפרוירענע טראָסטינעס, ריהרט זיך דער אייז אַ סך שפּעטער ווי אויף דעם שטראָמיגען דניעפּער.

דער ערשטער ציכען פון פריהלינג, ביי דער אָזערע, איז דער: בערעלע שד, דער קיילעכדיגער יתום און גאַסען־יונג, גליטשט זיך אויף דעם אָבגעטאַיעטען ברעג, ברעכט־דורך דעם אייז און פאַלט אַריין אין וואַסער. דאָס איז שוין זיין חזקה, אַלע יאָהר, נאָך פסח, טרינקט ער זיך און דערטרינקט זיך קיינמאָל ניט. ער שרייט נאָר זיצענדיג אין אייז און וואַסער ביז

די פּאַכוועס, מען זאָל איהם ראַטעווען. ווערט אַן אָנגעלאָף, בערעלע שד טרינקט זיך!

און אין הערצען ווערט פונדעסטוועגען אַ ביסעל פּרעה-ליכער: אַזוי ווייט האַלט מען שוין? אַ סימן, אַז דער אייז ברעכט זיך שוין ווי מצה!

דערווייל-וואָס צעוואַרימט בערעלע שד, מיט זיין אַריינ-פאַלען אין אייז-וואַסער, דאָס אידישע רחמנות. עטליכע וואָכען נאָכאַנאַנד, נאָך זיין ניט-דערטרינקען זיך, האַלט מען איהם אויס מיט אַלט-געבאַקענע שטיקער חלה, מיט אויסגעריבענע הויזלעך, מיט פאַרלאַטעטע העמדער, ביז ער דערעסט אַלעמען ווי אַ ביטערע ציבעלע און מען פאַרגעסט אויף איהם.

נאָך בערעלעס טרינקען-זיך קומען פון ערגעץ-וואו צו-פליהען צוויי טשייקעס (מעווס), מיט אַ שטאָלענעם גלאַנץ אין די שאַרפע גרוי-ווייסע פליגלען, מיט אַ ושעדנעם אונבאַ-קאַנטען געשריי, וואָס קלינגט נאָך גרויסע וואַסערפלאַכען און הפקרדיגקייט. שטעלען זיי זיך אַראָפּ, די טשייקעס, אויפן קרוכ-לען אייז און טשיקעווען געדולדיג. אויף וואָס אַ שטייגער וואַרטען זיי? אידען פון ברעג אָזערע ווייסען שוין אָבער, אַז אָט די ווילדע פויגלען קענען דעם וועטער אַ סך בעסער ווי דער אידישער ווילנער לוח. וואו נאָר די טשייקעס שטעלען זיך אַראָפּ מיט זייערע נידעריגע ניט-געניטע לאַפּקעס, דאָרטען מוז דער אייז פלאַצען. און באמת — עס געהען ניט אַריבער קיין פּאָר שעה ווי דער קרוכלער אייז גיט זיך אַ וויג אונטער זייערע פיסלעך און די צוויי פויגלען כאַפּען איינער ביי דעם צווייטען פון שנאָבעל אַרויס דאָס ערשטע זומער-פישעל — אַ ברייט-בייכיגע פלאָטקע, — וואָס האָט זיך די ערשטע אַ שפּאַר-געטאָן אין אייז-שפּאַלט צו כאַפּען אַ ביסעל לופט, אַ טראָפּען שיין, אָטכאַיען זיך פון דער ווינטערדיגער טורמע אונטערן אייז...

די שוואַרצע סאַראָקעס פון נאָהענטען וואַלד, אויף יענער זייט אָזערע, וועלכע האָבען זיך אָנגעגעסען סוף ווינטער מיט נבלות און טרפות, מיט שיריים פון כוועדאָרס געשונדענע קליאַ-

טשע און מיט „שמענדריקס" אינגעווייד, און וועלכע זיינען אַצינד געבליבען אָהן קעסט, וואָלטען געוועזן גרויסע בעלנים איבערצוכאַפּען דאָס האַרץ מיט אַ צאַפּעלדיג פישעל, נאָך אַזאַ שווערען סוף-ווינטער. נאָר זיי האָבען מורא פאַר די כמורנע שטיקער אייז, פאַר דאָס פרעהליכע וואַסער, וואָס שפּאַרט זיך פון אַלע שפּאַלטען. שאָקלען זיי זיך בייז און הונגעריג אויף די דאַרע טראָסטינעס און קוקען אויף די ווילד-פרעמדע, דרייסטע טשייקעס. מיט גנבישע, ניט-פאַרגינערישע אויגען קוקען זיי און באַרעדען און שילטען זיי, אויף זייער שוואַרצען הולטאַיסקען לשון:

— קרראַ! העט אַ נכפּה זאָל זיי טרעפען! פרעמדע קבצנים... מ׳דאַרף זיי דאָ! קרראַ! געקומען אָנפרעסען זיך מיט פיש. קאַרג אייגענע הונגעריגע שנאָבעלס האָבען מיר דאָ? קרראַ... אַזאַ גזלוואָניע!

איבערן טאָג האָט זיך שוין דער אייז אומעטום געזעצט אונטער די דריבנע טריטעלעך פון די געדולדיגע טשייקעס. שמייכלענדיגע יונגע וואַסער האָט אין אַלע לעכער און שפּאַלטען אַרויסגעשפּאַרט, צופּאַטשקעוועט מיט לאַכענדיגע בליצען-ציקצאַקען דעם פאַרעלטערטען פאַרשנייטען אייז. אַ לינדער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן און איבער אַ נאַכט האָבען זיך באַוויזען צוויי נייע וויעסנע-סמנים:

די צעפּלאַצטע שטיקער אייז האָבען זיך פאַרמישט אין אַ מין גלעזערנער קאַשע, און נאָר דער קרומער שליאַך איבער דער אָזערע, וואָס האָט זיך אַ גאַנצען ווינטער געקאָוועט אונטער שליטענס און פּאָדקאָוועס, געקלעפּט זיך פון שניי און פון פערדען-מיסט, ער אַליין האַלט זיך נאָך פעסט. איבער אַ נאַכט האָט ער זיך נאָר אָפּגעריסען פון ביידע ברעגעס און געלעגט זיך פּאָפּערעק. אָנשטאָט צו ליגען איבער דער ברייט פון אָזערע, האָט ער זיך אויסגעקירעוועט און ליגט אין דער לענג. אַ מין גלגול פון אַ שליאַך איז דאָס אַצינד. אָהן אַן אָנהויב און אָהן אַ סוף. אַלע אייז-שטיקער אַרום איהם שמעלצען-זיך, צופּאַלען אין פאַרפעל, און ער האַלט זיך, דער איינגעטאָפּטשעטער אומ-

געדרעהטער שליאַך. ער ווערט נאָר אַלץ שמאָלער און גרינער. דאָס גרינט אַצינד די אָפּגעטאַיעטע פערדען-מיסט... אַצינד זעהט ער שוין אויס, דער שליאַך, ווי אַ פאַרשימעלטע דנאָ פון אַ משונהדיגען, אונטערגעגאַנגענעם אָקרענט, וועלכער האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אַהער, מען ווייסט ניט ווי-אַזוי און פון וועלכע וואַסערען.

און נאָך אַ זאַך איז געשעהן איבער דער טויאיגער נאַכט: דער שניי אויף דער לאָנקע, אויף יענער זייט אָזערע, איז צוגאַנגען און די סקעלעטען פון צוויי געשונדענע און צו-פיקעטע פערד האָבען זיך אַנטפּלעקט. דער סקעלעט פון כווע-דערס קליאַטשע — גראָבע קנאָכענס און אַ מגושמדיגער פאַר-סקאַליעטער קאָפּ, און שמענדריקעס סקעלעט — אַן איידעלער, מיט דינע ריפּען, און מיט שמאָלע ראַסאָווע באַקען-ביינער.

אַ ראָב לאָזט זיך איבער זיי אַ רגעלע שווער אַראָפּ און באַלד פליהט ער אויף צוריק.

— קררא! — שרייט ער גאַנץ אַנטטוישט, קיין שריד ופליט ניט געבליבען!

דער אומגעדרעהטער שליאַך צופאַלט זיך דערווייל און געהט-אונטער אין די שפּילצוודיגע כוואַליעס. די טשייקעס האָבען זיך מעהר ניט וואו אַראָפּצושטעלען. שוועבען זיי אַרום אין דער לופטען אויף זייערע שטאָלענע פליגלען, דרעהען זיך און מאַכען הקפות. זייער זאַך האָבען זיי אָפּגעטאָן. זיי האָבען אָנגעזאָגט דעם פריהלינג איבער דער אָזערע. אַצינד האָבען זיי דאָ ניט מעהר וואָס צו טאָן. פאַרשווינדען זיי.

אין די טראָסטינעס, אויף יענער זייט אָזערע, באַווייזט זיך אַצינד אַ גוי, אַ יעגער, אין לאַנגע כאָליאַווּעס מיט אַ לאַנגער אייזערנער הראַבליע אין האַנט און מיט אַ ביקס אין דער צווייטער האַנט. די הראַבליע לעגט ער אַוועק לעבען זיך און די ביקס נעמט ער איןביידע הענט האָריזאָנטאַל. אַזוי שטעהט ער אַ פאַרכישופטער שפּהן לאַנג אין די שיטערע טראָס-טינעס, ווי אונטער אַ לייכטען שלייער. קיין ריהר גיט ער זיך ניט. אַ מאָדנער שאָטען!... אַצינד טשיקעוועט ע ר, אָנשטאָט די-

פאַרשוואונדענע טשייקעס. ער וואָרט מיט אַן אונמענשליכען גע־דולד אויף די גרויסע קאַרפּען און ליעשצען, וועלכע וואַרפען זייער רויג ניט ווייט פון די שליימיגע ברעגעס. דערזעהט ער אַ גרויסען פיש, וואָס צאַפּעלט אין זיינע וויעסנע־ליידענשאַפטען, צילט ער זיך אָן און שיסט אויס. אַ בלויער רויך שפּרינגט אַרויס אין די טראָסטינעס און ערשט דערנאָך דערהערט מען דעם שאָס. אַז דער רויך צוגעהט זיך — דערזעהט מען, אַז דער פאַרגליווערטער שאָטען פונם פיש־יעגער האָט אָפּגעלעבט. ער גראַבעלט דאָרט אַצינד מיט זיין לאַנגער הראַבליע. און דערנאָך צוצאַפּעלט זיך אַ לעבעדיגער שטיק זילבער אין זיינע שוואַרצע הענט. און ווידער אַמאָל בלייבט ער שטעהן, צווישען די שי־טערע טראָסטינעס, געהיימניספול טונקעל און פאַרגליווערט. און אינגלעך און אידען קוקען אויף איהם פון דער זייט אָזערע און קאָנען זיך ניט אָנקוקען.

## 3.

מערען, פאַנדרעס ווייב, קלאַפּט דאָס האַרץ. דער שאָטען פון פיש־יעגער רייצט זי מיט זיין זשעדנער פאַרגליווערטקייט. די אָזערע, און אַלץ וואָס אַרום דער אָזערע, איז אַזוי פויל. אַלץ ריהרט זיך דאָ אַזוי פּאַמעלעך. און אויף דער וועלט איז שוין וויעסנע, די דינע ריטער פון די ווערבעס האָבען זיך אָנ־געגאָסען מיט גרינעם זאַפּט און אין שטוב האָט מען שוין אויפגעגעסען די לעצטע מצה־פאַרפעלעך.

אַ מאָדנע אומרוהיגקייט האָט זי אַרומגענומען היינטיגען נאָך־פּסח. אַן אומרוהיגקייט פרעסט זי זינט קושקע בראַנד האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו איהר אין שטוב און אָנגענומען זי ביי די היפטען. זי האָט איהם געשלאָגען פאַר אַזאַ העזה. יאָ, דאָס איז אמת. אָבער איהרע הענט געדענקען עפּעס פון זיך אַליין קושקעס געשלאָגענע באַקען. איהרע אויערען — דאָס מאַנס־בילשע פויקען פון קושקעס ברייטען רוקען, בשעת זי האָט איהם געבויקערט מיטן טאַטענס שטיוועל... אָפּטמאָל דוכט זיך

איהר. אַז איהר פּאַרדריסט וואָס אַזאַ געזונטער מאַנסביל איז געגאַנגען צום ציל און ניט דערגאַנגען. איהר לייב שרייט אין דער איינזאַמקייט פון די נעכט. ווי אַן אויסגעהונגערטע הינ־טיכע, וואָס וויל פון גאָרניט וויסען, וואָיעט דאָס בלוט אין די אָדערען. זי קנייפּט זיך אַליין און זידעלט זיך מיט פאַרקריצטע ציין:

— הינטיש־פלייש ביסטו, מערע, הינטיש פלייש!

און בייטאָג, אַז זי דערמאָנט זיך וועגען אַזאַ זידלען־זיך מיט זיך אַליין, לאָזט זי אַראָפּ די אויגען און זיפצט:

— געוואַלד, נח, וואָס וועט פון מיר ווערען?...

די האַלב־טונקעלע פּיר־הויז אין טאַטענס שטוב דער־מאָנט איהר, אַז זי האָט דאָרטען אַמאָל נחן, חתן־צייט, גע־שלאָגען, זיין בלוט פאַרגאָסען... זאָל ער נאָר קומען אַהיים און אָנכאַפּען זי מיט די שטאַרקע הענט און אויפהויבען ווי אַ פּעקעל וואַטע, די פינגער וועט זי איהם אַצינד קושען פאַר זיין גראָבער איבערגעבענקייט.

היינטיגען זומער מוז נח קומען אַהיים. זי ווייסט נאָר ניט אין וועלכען חודש און אין וועלכען טאָג. נח שרייבט איהר, אַז ער אַליין ווייסט ניט קלאָר. שווער צו דערגעהן אַ טאָלק ביי פּאָניען. נח שרייבט אפילו, אַז ער רעכענט קומען פון מאָהליוו מיטן פאַרעכאָד, אויב ס׳וועט איהם נאָר בלייבען אויף הוצאות. ווייסט דאָך מערע גאַנץ גוט, אַז ער האָט נאָך צו זיצען אַ פּאָר חדשים. אָבער אין איהר ברענענדיגער בענק־שאַפט דרומעלט זיך איהר, אַז עס וועט עפּעס געשעהן אַ נס. אין אָסטראָג פיהרט זיך אַצינד נח אויף זעהר גוט. נאָכן גע־שלעג מיטן „טשורילי״, מיט דעם ראַזבאָיניק, איז ער אינגאַנצען שטיל געוואָרען. וועט מען אפשר אויף איהם רחמנות האָבען, אויף זיין ווייב און אויף זיין קינד... וועלכען ער האָט נאָך גאָר אין די אויגען ניט געזעהן. מען וועט איהם באַפרייען פאַרן „סראָק״. געוואַלד, נח!



דאָס איינרעדעניש האָט זי גענומען אַזוי פייניגען, אַז זי האָט זיך מער קיין אָרט ניט געקענט געפינען. זי איז שוין עטליכע מאָל געלאָפען צו דער מומע־פייגען, צו ר׳ ישראל דעם גבאי פון ליובאַוויטשער בית־מדרש, אין באַלע־גאָלישער צעך; אָנגעכאַפּט מענשען אין גאַס: מען זאָל איהר זאָגען צי אַזאַ זאַך איז מעגליך, ס׳הייסט: אַז נח זאָל קומען פאַרן „סראָק״. זי האָט שוין אַלעמען דערעסען. אָבער קיינער פאַרשטעהט זי ניט. אַלע שטאַמלען זיי אַז... יאָ. ביי גאָט איז אַלעס מעגליך. גאָר... וואַרטען אויף נסים איז אויך ניט קיין תכלית. זי האָט דאָך שוין, ברוך־השם, געוואַרט אַ קיי־לעכדיגען יאָהר, איז מילא... נאָך אַ פּאָר חדשים. צוליב וואָס נעמען זיך דאָס לעבען?...

איין קלייניגקייט, נאָך אַ פּאָר חדשים!... און דאָ בלאָזען שוין די וויעסנע־ווינטען. מיט אַזאַ ליבליכער קראַפט בלאָזען זיי אין מערעס הארץ אַריין, ווי אויף איינגעגאַשטע קויהלען. דער אַש פליהט־אַוועק און די קויהלען ברענען. פון די האַ־לאָוועשקעס ווערט אַ פלאַם־פייער. ווי אין אַ פיבער געהט זי אום. דער שטן אַליין, דאַכט זיך, פרעגט זי שטיל אויפן אויער: וואָס וואָלט זי געטאָן, אַז קושקע בראַנד כאַפּט זיך נאָכאַמאָל אַריין אינמיטען דער נאַכט און טשעפּעט זי?...

מערע שפּרינגט־אויף און מאַכט אימיצען אַ קולאַק. זי וויל ניט וויסען, זי וויל ניט הערען, זי וויל ניט ענטפערן. מען טאָר גאָר ניט קלערען פון אַזעלכע זאַכען. שוין גלייכער נעמען דאָס קינד אויף די הענט און אַוועקלאָזען זיך צום דניעפּער. אַוועק, אַוועק פון דער אָזערע, פונם פאַרשלאָפענעם יעגער אין די טראָסטינעס. שטאַרבען קען מען דאָ אין אַזאַ אומעט. אויפן דניעפּער איז גאַנץ אַנדערש. ביי די פאַרעכאָדען איז אַצינד קאָנקורענציע. אידען פאָהרען קיין מאָהליוו, צי זיי דאַרפען צי זיי דאַרפען ניט. באַלעבאַטישע מיידלעך און בחורים מאַכען הוליאַנקעס, לאָזען זיך אַוועק מיט פעקעלעך עסענוואַרג קיין אָרשע, אָנצוקוקען דאָרטען די באַהן... לייטען איז גוט.

פאַרווילט זיך מערען זעהן ווי לייט פאָהרען-אָפּ, ווי לייט קומען-אָן. אַ סך קומען צופאָהרען פון דאָרטען... פון מאָהליוו, וואו נח זיצט אין אָסטראָג. מען לאַכט, מען גריסט-זיך, מען קושט-זיך אפילו.

לויפט זי מיטן קינד אויף די אָרעמס צום דניעפּער. זעצט זיך ביי זונדעל גאָטס-גנב לעבען הייזקע אויף אַ באַנק און וואַרט מיט אַ פאַרבאָרגענער האַרצקלאַפּעניש אויפן אָנקומען פון פאַרעכאָד. טעמע, זונדעלס אידענע מיטן מאַנסבילשן נאָז, זעצט זיך צו איהר צו און ביידע ווייבער, די אַלטע און די יונגע, גיסען-אויס דאָס האַרץ איינע פאַר דער צווייטער. טעמע ווישט זיך דעם מאַנסבילשען נאָז, דערנאָך די שענע אויגען און דערצעהלט צום זיבצעהנטען מאָל, אַז... מען האָט קאָפּלען, איהר זוהן, פאַרמשפט און פאַרשיקט קיין „סימביר" פאַר גאָרנישט מיט נישט... כ׳ווייס... אַ פערד-שמערד !.. הירשעל דער טויבער מסור זאָלען אַזוי לעבען ! און מערע שטעהט ניט אָפּ און דערצעהלט-איבער מיט היץ די אַלטע מעשה מיטן פריסטאַוו, אויף דער שרפה ביים נייעם נגיד. פאַנדרע האָט כלומרשט געפּאַטשט דעם פריסטאַוו, אָפּגעריסן איהם אַ יונסקען קנעפּעל... די עהנליכקייט פון אומגליק פאַראייניגט ביידע ווייבער: מאַמע און ווייב. ביי יעדען קרימען-זיך די פּנימער צום וויינען. דערזעהט מערעס צופּעלע, אַז די מאַמע קלייבט זיך וויינען, הויבט דאָס אויך אָן צו מאַכען העויות, אָט-אָט ווײנט זיך דאָס פאַנאַנדער. לויכט-אויף מערעס פּנים מיט מוטערליכער רחמנות, וואָס דאָס קינד העלפט איהר אָפּעסען זיך דאָס האַרץ. גלעט זי דאָס קינד און שעפּטשעט איהם אַריין איהר מאָדנע איינרעדעניש:

— דיין טאַטינקע וועט באַלד קומען... אָט וועסטו זעהען...

און מיט אַ מאָל דערהערט זיך אַ פייכטער רעווען פון אַ פייפער, און דער שניי-ווייסער נאָז פון רבינס פאַרעכאָד באַווייזט זיך אינם רויטען בויג פון די ליימיגע דניעפּער-בערג, הינטערן פאַראָם, די צוויי שוואַרצע אויפשריפטען „לעוו" פון ביידע זייטען, ביים שאַרפען שפיץ, זעהען-אויס

ווי נאָלעכער... אין דער בלויקייט פון וואַסער שניידט ער זיך, דער נאָז, אַקעגן שטראָם און שוימט און שנאָרכט. דער גאַנצער פאַרעכאָד אַנטפּלעקט זיך, לויפט אַרויס ווי אַ שוואַן. מען זעהט אפילו שוואַרצע מענשעלעך אונטער זיין אָפענעם ווייסען דאַך, און — די מאַטראָסען ביים רודער. נאָך איהם באַווייזט זיך אַ צווייטער פאַרעכאָד. דאָס איז דער גויעשקער, פון דער קאָמפּאַניע. קאָנקורענציע-צייט געהט-נאָך די „קאָמ-פּאַניע" נאָך דעם רבינס פאַרעכאָד ווי אַ שאָטען; לאָזט איהם ניט אויסכאַפּען אַלע פּאַסאַזשירען. אויף די פּריסטאַנעס ציהט מען אַרויף די קאָלירטע פלאַגען. צעפלאַטערצן זיי זיך ווי אַ בשורה פון זומער-פרייד און זומער-פרייקייט אין צוויי גע-שטאַלטען.

— טואוו, טואוו! טו-טו! גיבען נאָכאַמאָל אַ טרובע די פאַרעכאָדען. אַצינד — ביידע אויף איין מאָל. דאָס גיבען זיי אַ צייכען דעם פּאַראָמשציק ער זאָל אָפּלאָזען דעם קאַנאַט, זיי זאָלען קענען דורכגעהן.

פונם הויכען ברעג, ביי זונדעלס הייזקע, זעהט מען ווי אַנשעל דער פּאַראָמשציק לויפט פון שטוב אַרויס אָפּצולאָזען דעם קאַנאַט. אונטערן רונדען דעכעלע, אויף סלופּעס, גיט ער אַ ציה-אַרויף דעם שווערען הויבעל און די גאַנצע מאַשינעריע, פון גרויסען הילצערנעם קאָלוואָראָט ביז אַלע אַרומיגע ציינער-דיגע רעדלעך און וואַלגער-העלצער, הויבען אָן צו באַרעבאַ-נעווען, ווי אויף אַ טרעוואָגע. דער נייער געפּעכטער קאַנאַט גיט שווער אַ שמיץ דאָס בלויע וואַסער און שניידט איבער מיט אַ פּאַס פון שוים די גאַנצע ברייט פון דניעפּער. די פאַרעכאָדען פאָהרען דורך, ווי די זיגער, איבערן געפאַלענעם און געזונקענעם געגנער. אויפן שפּיץ נאָז פון יעדען פאַרע-כאָד שטעהט אַ מאַטראָס מיט אַ שאַרפער האַק אין די הענט... טאָמער לאָזט מען ניט אָפּ אַזוי גיך דעם קאַנאַט, האָט ער דאָס רעכט איבערצוהאַקען איהם אויף צווייען... וואָרים ס'איז אַ גרויסע סכנה דער פאַרעכאָד זאָל זיך אָן איהם אָפּשלאָגען אין פולען גאַנג. דעם רבינס פאַרעכאָד, אַז ער פאָהרט אָן

טרובעט ער צוויי מאָל. חזרט איבער זיין סיגנאַל. אָבער די פּאַרעכאָדען פון דער גויעשקער קאָמפּאַניע גיבּען נאָר איין מאָל אַ טרוב. מען ווייסט זעהר גוט, און מעהר פון אַלעמען — אַנשעל פּאַראָמשציק, אַז די שונאי־ישראל פון דער קאָמפּאַניע קוקען די אויגען אויס — דער פּאַראָמשציק זאָל זיך פאַרגעסען, ניט דערהערען דעם סיגנאַל בשעת אַ ווינט, כּדי איבערצוהאַקען דעם נייעם קאַנאַט זיינעם, אַזוי ווי זיי האָבּען שוין ניט איינמאָל אָפּגעטאָן זיין טאַטען, אַנשעלס טאַטען, עליו השלום. היט ער זיך דערפאַר, אַנשעל, פאַר דער קאָמפּאַניע ווי פאַר פייער. ער וואַרט קיינמאָל ניט ביז מען וועט פייפען. ווי נאָר ער דערהערט דעם גערויש פון די וואַסער־רעדער דעם שווערען אָטעם פון דער טרובע, וועלכע קלינגען אַזוי הילכיג צווישען די הויכע געבּויגענע ברעגעס, אַזוי שטעלט ער אָפּ דעם פּאַראָם, און לויפט אָפּלאָזען דעם קאַנאַט. ער פאַרטרויט דאָס אָפּילו ניט אַזאַ בלייענעם פויגעל ווי דעם גוי זיינעם, דעם סטאָראָזש אויפן פּאַראָם. און נאָר ביים צוריק אָנציהען דעם קאַנאַט לאָזט ער צו צו דעם גוי, ער זאָל איהם העלפען.

ביידע פּאַרעכאָדען שווימען צו מיט שוים און רויך. די הייך פון די טרובּעס שלענגעלט זיך אין דער לופט ווי אַ געדיכטע זיסקייט אין לעבּלעך וואַסער. זיי רוקען זיך צו מיט אַ זייט צו די פּריסטאַנעס. מען פּאַרציהט קייטען און פּעטליעס, מען וואַרפט איבּער קלאַטקעס מיט פּאָרענטשעס. פּאַסאַזשירען מיט רענצעלעך שטראָמען אַראָפּ.

מערע לויפט צו נעהענטער און קוקט זיך דורשטיג איין אין יעדען פּאַסאַזשיר. געהט אימיצער אַרויס אין אַ פּאָדיאָוועקע מיט ברייטע פּלייצעס, אַזוי רייסט זיך איהר אָפּ אין האַרצען: „אפשר גאָר פּאַנדרע? מען קען ניט וויסען...״

די אָנגעקומענע געהען־אַראָפּ און די קאָנקורענציע הויבּט זיך אָן. ביידע הייזעריגע קאַפּיטאַנעס שרייען, די פייפערס פייפען. די מאַטראָסען ברומען אויף כּלערליי קולות: „סיודי! סיודי!״ דערנאָך בּאַרוּהיגט מען זיך. די מאַטראָסען פון ביידע פּאַרעכאָדען לאָזען זיך אַראָפּ נאָך הייץ־מאַטעריאַל, וואָס איז

אָנגעהויפּט אין גאַנצענע ווענט אַקעגען יעדען פּריסטאַן. אין גרויסע הויפענס טראָגען זיי די בעראָזעווע שייטען, און דער שווייס גיסט זיך פון זיי. אַראָפּלויפענדיג מיט ליידיגע אָרעמס ווינקען זיי צו מושען זונדעלס טאָכטער, וועלכע רייצט זיי אַלעמען מיט איהר לייביגקייט, מיט איהרע גרויסע און פוסטע אויגען, מיט איהרע קליינע הענט. אַ מין הייסקייט וועהט פון איהר אידישער שענקייט אויף די גויעשע פאַרברוינטע פּנימער. עס ציהט פון איהר מיט אַ ריח פון אַ אומבאַקאַנטען געריכט... נאָר אינמיטען דערינען צוטרובעט זיך דעם רבינס פאַרעכאָד:

— טו־טו! טו־טו!

ס'הייסט: איהר פאָהרט אַרויף־וואַסער, קיין אָרשע, צי ניט?

— טו־טו!—כאַפּט גלייך אונטער דער פאַרעכאָד פון דער קאָמפּאַניע — מען איז אייך מתרה: איהר פאָהרט צי איהר פאָהרט ניט?

— טו־טו! צום דריטען מאָל. ניין? טו דאַרף מען ניט!!

דער דריטער פייף שפּרינגט־אַרויס נאָך פלוצליכער. די פּעטליעס און אַנקערס ווערען אַראָפּגענומען פון די פּריסטאַנעס. די קלאַטקעס ווערען אַראָפּגערוקט, די רודערס גיבען זיך אַ דרעה און די פאַרעכאָדען לאָזען זיך אַוועק מיט פולען גאַנג, מאַרש, מאַרש אַקעגען שטראָם! דאָס בלויע וואַסער אַרום זיי ברויזט־אויף ווי פּעטע מולינעס, די פּריסטאַנעס צושאָקלען זיך, די פלאַגען פליהען־אַראָפּ. און די ווייסע שיפען שניידען זיך אַלץ אַרויף און אַרויף, צו די קאַכעלניעס — דער וועג קיין אָרשע.

דער עולם צוגעהט זיך און מערע בלייבט שטעהן איינע אַליין מיטן קינד אויף די הענט. זי איז פאַרחלומט פון אָט דער גאַנצער סצענע, זי איז אַנטציקט פון דער שטאַרקער געהיימניספולער האַנט, וועלכע רעגירט הינטער די אייזערנע שטאַבעס, אין בויך פון די פאַרעכאָדען. זי לאָזט ניט צו, אָט די שטאַרקע האַנט, צום נודנעם ישוב־הדעת. קיין מינוט ניט! ווער עס פאַרשפּעטיגט דער פאָהרט ניט!... אָט פונקט אַזאַ

האַנט, נאָך אַ שטאַרקערע, קאָמאַנדעוועט ערגיץ־וואו איבער אַלע פאַרעכאָדען, איבער שטעט און שטעטלעך... ווער עס שטעלט זיך אַקעגען ווערט צוריבען ווי שוים. אַזוי ווי פאַנדרע איהר מאַן, אַזוי ווי קאָפּעל — זונדעלס עלטערער בנאָק...

— טו־טו־טו! אָרימע־לייט מוזען פאָלגען! אָרימע־לייט מוזען שווייגען, טו־טו! און טאָמער ניט —

אַ שווערער אומעט כאַפּט מערצן אַרום. די פאַרעכאָדען פאַרשווינדען הינטער די קאַכעלניעס. נאָר זייער שווערער אָטעם, אַ סאָפּען פון אייזערנע חיות, דערגרייכט נאָך פון דערווייטענס. די אייזערנע האַנט צווינגט זיי — שנאָרכען זיי: „פּאַך־פּאַך־פּאָך!״ מיר ווילען ניט נאָר מיר מוזען!... און יעטווידער דאַמף־אָטעם זויגט מערצן דאָס בלוט פון האַרצען, ביז עס ווערט שוואַכער און שוואַכער, ביז עס פאַרלירט זיך צווישען די רויטע לייהם־בערג.

טרעהרען שפּאַרען מערצן אָן איןביידע אויגען. זי דריקט צו זיך צו דאָס קינד ליידענשאַפטליך. זי קושט איהם דעם רויטען פלעק אויפען העלזועל, דאָס געבורטס־אָנדענקען פון דער שרפה ביים נייעם נגיד, וואָס האָט איהר אַזוי טייער געקאָסט — :

— ניט געקומען דער טאַטענקע, זונעלע, ניט געקומען!...

## וואַרט, וואַרט! פּאַנדרע וועט קומען...

### 1.

דאָס כאַפּען מיטן באַלעגאָלישען שטיוועל איבערן רוקען, וואָס קושקע בראַנד האָט געכאַפּט פון מערען און דערנאָך — דער גוטער כמאַל מיט דעם קאַלטען טייגעכץ איבערן באַק, איז ניט געבליבען קיין סוד. נישטאָ קיין סודות אין שקלאָוו. ווי דורך אַ כישוף איז אויף מאָרגען, נאָך דער סעודה פון חברה-קדישא, געוואָרען באַקאַנט אין גאַנץ שטאָט, אַז ביי סענדערן אין הייזקע איז עפּעס, מיט קושקע בראַנד, געשעהן אַ מיאוסע מעשה: אַז ער איז אינמיטען דער נאַכט געפלויגען פון צוויי טירען מיט אַ לעדיגען קאָשיק אין האַנט און, אַז מען האָט איהם נאָך דערצו געבויקערט מיט סענדערס אַ וואַ-רימען שטיוועל... כע-כע! מאַלאָדיעץ פּאַנדריכע! וואָס דען! סענדער דעם חסידס אַ טאָכטער וועט זיך לאָזען? געטראָפען דעם ריכטיגען אָרט!...

ס׳זיינען אַפילו געוועזען בעלנים אַזעלכע, וואָס האָבען זיך געלאָזען געהן זעהן די רעשטלעך פון פיש און טייגעכץ, וואָס מערע האָט קושקען געוואָרפען אין קאָפּ אריין. אויפן שניי זיינען דאָך מסתמא דאָ סמנים. אָבער די גאַסען-הינט האָבען שוין געזאָרגט, עס זאָל קיין שריד ופליט ניט בלייבען פון דאָס נאַכטיגע באָמבאַרדירען קושקע-בראַנד עט קאָמפּאַניע.

האָבען זיך די אַנטוישטע פאָרשער געטאָפּטשעט אין שניי,

אָקעגען סטענדערס הייזקע, און געקיהלט זיך דאָס האַרץ מיט האָפנונגען אויף דער נאָהענטער צוקונפט:

— וואַרט, וואַרט! זאָל נאָר פאַנדרע אַרויס פון אָסטראָג. ער וועט שוין יאָ דערגעהן אַ טאָלק. ער וועט זיך שוין מיט קושקען אָפּרעכענען אויף דער וועלט...

אַ לעבעדיגער עדות, צו דעם וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, איז פּאָרט געבליבען איין חיי-שרהקע די משוגענע. דריי טעג און דריי נעכט, נאָך דער סעודה, איז זי אַרומגעשליאָנדערט, ווי אַ טרובאַדור, איבער אַלע גאַסען און באַזונגען די גרויסע געשעהענישען מיט איהר נודנעם קולכעלע און מיט איהרע לידעלדיגע קורצע שורהלעך, וואָס זי האָט, אין איהר משוגענער באַגייסטערונג, ספּעציעל פאַרפאַסט לכבוד קושקע בראַנד און לכבוד זיינע נאַכטיגע אַוואַנטורעס:

„ניטשיינע” האָב איך אַ פליה געטאָן,
דאָ, אויכעט דאָ!
פון דער פאַנדריכען, פון קאָכשטוב —
דאָ טאַקע דאָ.
מיט דעם קושקע, מיט דעם קאָשיק —
דאָ, אויכעט דאָ!
מיט די גריבענעס און טייגעכץ —
איכאַ—איכאַ—כאַ!

אַזאַ צופויקטע חרפה האָט שוין קושקע ניט געקענט פאַרטראָגען. האָט ער קודם גענומען פאַרענטפערען זיך אין באַלעגאָלישען צעך, ביי אַ גרויס געלעכטער פון אַלע פוהרמאַנעס, אַז ער אַליין איז גאָט די נשמה שולדיג. ער אַליין איז געווען „מלא”, נאָך דער גרויסער סעודה, און ניט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט איהם. דאָס האָט איהם זאַוועל-שמייסער פאַרפיהרט. ער און מעהר קיינער ניט. אַזאַ פאַרך דאָס איז! „אַ פריהער, מאַכט ער, באַלעבאָס, איהר, דערנאָך איך...”

האָט זיך דאָך זאַוועל גענומען שטעלען אַקעגען, דער-צעהלען אַז... פאַרקעהרט, דער באַלעבאָס איז גאָר ניט געווען

שיכור. פון אַ סאָטקע ווערט מען ניט שיכור און פון בולבע־צימעס מיט פלוימען אודאי און אודאי ניט... איז אַוועק אַ קריג צווישען באַלעגאָלע און שמייסער. איינער האָט געוואָרפען אויפן אַנדערען, ביז קושקע האָט ביי זאַוולען אָפּגענומען די בייטש און איהם אַליין אַרויסגעטריבען. איז זאַוועל דער ווייבערניק געבליבען אָהן אַרבייט, וואָרים קיינער אין צעך האָט איהם מעהר ניט געוואָלט נעמען אַלס שמייסער. אַביסעל צוליב זיין שלעכטען נאָמען, וואָס ער האָט געקראָגען, און אַביסעל צוליבן כבוד פון אַזאַ אַלטען מיטגליד פון צעך, ווי קושקע־בראַנד.

— וואָס דאַרפען מיר זיך דאָ מישען? — האָבען באַלעגאָלעס געהויבען מיט די ברייטע, אָנגעפּעלצטע פּלייצעס, אָט פאַנדרע ווערט באַלד אַרויס פון אָסטראָג. זאָל ער דערגעהן ווער ווערמען ס'האָט פאַרפיהרט...

איז קושקע בראַנד געבליבען אָהן אַ געהילף, געוואָרען אָפּגעלאָזען ביי זיך. דאָ עפּענט זיך ביי איהם אַ כאָמעט, דאָ רייסט זיך איבער אַ לייצע. דאָ קומט ער אָפּנעמען זיינע שודאַקעס אַ שעה צו־פריה און דאָ — אַ שעה צו־שפּעט. די פּאַסאַזשירען פיהרט ער אַרום איבער גאַנץ שטאָט, איידער ער לאָזט זיך מיט דער בויד אין וועג אַריין; און די — פּאַר־שפּעטיגען דורך איהם צום אָרשער באַהן. און אפילו אַצינד, ווען די פאַרעכאָדען געהען שוין איבערן דניעפּער און די זעקס שעהדיגע פּאָהרענישען קיין מאָהליוו און אָרשע האָבען אויפ־געהערט, פאַרשפּעטיגט ער אויך. דאַכט זיך צופיהרען אַ פּאַסאַ־זשיר צום פאַרעכאָד געדויערט דאָך אינגאַנצען אַ פערטעל שעה! אָבער קושקע ספּראַוועט זיך ניט. ניטאָ אַמאָליגע כחות. דער בויד וואַקסט און די הענט ווערען שוואַכער. זאַוועל, זיין געוועזענער שמייסער, טשאַטעוועט אויף איהם פון אַלע געסקעס. אין זיינע אויגען ברענט אַ געבעט... אָבער קושקע האַלט אויס כאַראַקטער. ער קען דעם ממזר גלייך אין די אויגען ניט קו־קען. זאָל ער יעצט פּוכניען פון הונגער!...

זאַוועל וויל אָבער ניט „פּוכניען". זינט דער דניעפּער האָט זיך געריהרט און „זונדעל גאָטס־גנב"ס הייזקע האָט זיך

געעפענט פאַר אַלע פאַרביטערטע פאַרשוינען וועלכע לויפען פון שטאָט, האָט זיך זאַוועל-שמייסער אויך אָהער פאַרנאַדיעט. אַריינגעקומען איז ער כלומרשט אָנוואַרימען די הענט ביי דער אייזערנער אויוועלע, וואָס הייצט זיך מיט רבי לייבעלע שניאור-סאָנס האָלץ. דערווייל-וואָס האָט ער צוגעוואָרפען אַ גוט-וואָרט דרייזען, קאָפּעלס ווייב, ׳ וואָס וואַרט אויף די הייסע טעג, כדי נאָכצופאָהרען איהר פאַרשיקטען מאַן, אין „סימביר״. אָבער דרייזע איז געווען פאַרנומען מיט אויפראַמען די הייזקע, און ביי איז זי געצווען אויף אַלע „האָלעדראַנצעס״, וואָס טראָגען אָהער אָן זאַמד און בלאָטע. האָט זי זיך אפילו ניט אומגע-קוקט אויף איהם, ניט באַמערקט אפילו די שוואַרצע טשופּרינע זיינע, וואָס שטופּט זיך אַזוי וואויל-יונגיש פון אונטער זיין היטעלע. האָט זאַוועל נעפּרובט אַ וואָרף-טאָן אַ פּאָר ממוריש-הייסע אויגען אויף מושען — זונדעלס טאָכטער, אָט אויף דער אָפּגעפאָהרענער קראַסאַוויצע, מיט די שעהנע היפטען און מיטן נערוועאישען שלוקערץ. אָבער יענע האָט גלייך געמאַכט אַ מינע פון אַ מענשען וואָס האָט זיך איבערגעגעסען מיט צי-מעס... האָט זאַוועל געפּרובט אַ זידעל-טאָן הירשעל דעם טויבען: אַזאַ מסור, אַ איד!... און חישין דעם דאָקטאָר האָט ער אַ טשעפּ געטאָן, אַריינגעמישט זיין געגנבעטען... ס׳הייסט דעם פאַרפאַלענעם און צוריקגעפונענעם פערד מיטן אונטערגע-שוירענעם עק... אָט צוליב וואָס מען פאַרמשפּט היינטיגע צייטען אַ טאַטען פון קינדער! און שטאָט שטעהט און קוקט, און גאָרניט.

דאָס מאָל האָט זאַוועל יאָ געטראָפען. מיט זיין הייליגען צאָרן האָט ער אָפּגעקויפט דאָס האַרץ פון קאָפּעלס מאַמע, וואָרים טעמע, זונדעלס אידענע, האָט גלייך גענומען צושאָקלען מיטן באַטיכעלטען קאָפּ, ווישען מיטן פאַרטוך די אויגען און דעם מאַנסבילשען נאָז איהרען. זאַוועל האָט אַפילו געקראָגען פון איהר אַ הויפען געקאָכטע באָב. ניין, אַדרבא — אַזוי האָט צו איהם טעמע וויינענדיג גערעדט — זאָל ער נאָר פאַרזוכען... קאָפּעל, איהר זוהן, האָט אויך ליב געהאַט באָב. אַזעלכענע בלאָטערען, זאָגט זי, זאָלען זיך הירשעל דעם טוי-

בען זעצען אויף דער צונג, וואָס פאַר אַ באָב קאָפּעל איהר זוהן האָט ביי איהר געגעסען אַלע שבת...

נאָר פון אַ הייפעל באָב קען מען נאָך ניט געהאָלפען ווערען. האָט זיך זאַוועל גענומען אַרומדרעהען ביים דניעפּער, צווישען אַנשעלס פּאַראָם און זונדעלס הייזקע, ביי די פּריסטאַ־נעס. דאָ שאַרט ער זיך אַריין און העלפט־צו, דאָ פעהלט אַ האַנט און מען בעט איהם. דאָ קייקעלט ער אַרויף אַ פּאַרטיע פעסער אויפן פּאַראָם און דאָ העלפט ער דרעהען פייכטע לאָזעס צו בינדען די פליטצען. דאָ טראָגט ער אַרויף אַ משא אויפן פּאַרעכאָד און דאָרטען טראָגט ער אַראָפּ זעקלעך מצהל פון אַן אָנגעשיפּטער לייווע. ער כאַפּט איבער אַ גריוו־נעצקע, אַ פּערטעלע. ער לעבט זיך אַזוי דורך מיט מאַטערניש און דער כעס קאָכט אין איהם אויף קושקע־בראַנד. ביי קוש־קען אויף דער קעלניע האָט זיך געלעבט לייכטער, זאַטער, און די שטיוועל האָבען זיך אַזוי ניט אָפּגענוצט. יאָ, שמייסען קוש־קעס פערד שמייסט ער שוין ניט מצהר, אָבער שוויגען טוט ער אויך ניט. דאָס וואָס חיה־שרהקע די משוגענע האָט ניט דערזונגען אין איהר לידעל פּאַרטייטשט ער מיט אַ ברייטען „פּירוש־זאַוועל", יעטוועדען, ווער עס וויל נאָר הערען: אָט, אָט־אַזוי איז קושקע געפלויגען איינגעבויגענערהייט פון סענדערס פּירהויז, און אָט אָט־אַזוי איז איהם מערע נאָכגעטאַנצט מיט איין באָרפּיסען פוס און געבויקערט איהם מיטן שטיוועל פון דערטרונקענעם טאַטען... אָהן בייכער זענען געבליבען באַלעגאַ־לעס און נאָסקע־טרעגער ביים ברעג דניעפּער. „הער אויף, זאַ־וועל־ממזר!" אַזוי קוויטשען זיי פון גרויס געלעכטער און לאָ־זען־אַראָפּ די משאות פון די קייכענדיגע פלייצעס. „די מיל־צען כי־כי־כי פאַלען אונז באַלד אַרויס!"

לסוף ווערט נאָך זאַוועל־שמייסער ערנסט, גאָר ערנסט:

— איך, זאָגט ער, דער קירבים, האָב איהם געשלעפּט. איך!... אַ מענש לאָזט מיך ניט לעבען: מערע דאָס און מערע יענעס... געזעהן אַ וואוקס פון אַ אידענע? געזעהן אַ ברוסט? פאַנדרע „זיצט"... היינט וואָס שוויגען מיר?

— כאָ־כאָ־כאָ! — ענטפערען איהם פון בויך די נאָסקע־טרעגער.

און אַז זיי זעטיגען זיך אָן מיטן געזונטען געלעכטער, ווישען זיי זיך די אָנגעלאָפענע טרערען אין די אויגען.

— וואָרט, וואָרט! — פסקענען זיי אַלע — פאַנדרע וועט אַקאָרשט אַרויס פון אָסטראָג...

## .2

איינמאָל, אין אַ מאַיאָווען נאָכמיטאָג, האָט זאַוועל, אויפן ברעג דניעפער, דערזעהן מערען. זי איז געשטאַנען אין זאַמד, מיטן קינד אויף די הענט, און פאַרבענקט נאָכגעקוקט דעם, אָקאָרשט אָפּגעפּאָהרענעם, רבינס פאַרעכאָד. טרערען זיינען איהר געשטאַנען אין די ברוינע אויגען. אינם טומעל פון באַלעגאָלעס, וועלכע רייסען זיך איבער אָנגעפאָהרענע שודאַקעס, האָט זיך זאַוועל צוגערוקט צו איהר מיט אַ זייטעל:

— המ... מערע, זי זאָל קיין פאַראיבעל ניט האָבען. ע... וואָס האָט ער געוואָלט פרעגען — ווען קומט פאַנדרע?

מערע דערקענט אין איהם דעם געוועזענעם שמייסער פון קושקע בראַנד. זינט קושקע האָט זיך צו איהר אַריינגעמאַכט, אינמיטען דער נאַכט, און אימיצען געלאָזען וואַרטען דרויסען, טראָגט זי אויף זאַוועלען אַ חשד, אַז ע ר האָט זיך דאָס פאַר־טאַיעט אויף דער גאַס, הינטער דער געבויטער סוכה...

ענטפערט זי איהם ניט און וויל אַוועקגעהן.

אָבער גאָר אומגעריכט, פון דער העלער הויט, הויבט זאַוועל אָן צו שווערען און צו פלוכען זיך אַליין. מיט טויטע קללות און חרמות שווערט ער זיך:

— מערע, זי הערט? זאָל ער קרענקען, אַ קרופּ זאָל איהם דערווערגען, אַ דונער זאָל איהם טרעפען, אויב, אויב, אויב... ער איז גאָט די נשמה שולדיג. קושקע דער פרעסער האָט זיך אין איהם איינגעגעסען: מערע און מערע! לעבען האָט ער איהם ניט געלאָזט...

— טו־טו! — טרובעט דעם רבינס פּאַרעכאָד און רייסט איבער זאַוועלס היציגע שבועות. דאָס גיט דער פייפער אַ צייכען דעם פּאַראָמשציק מען זאָל אָפּלאָזען דעם קאַנאַט, ער זאָל זיך קענען פריי פּאַרקירעווען אויף מאָהליוו.

דערמאָנט זיך מערע, אַז אין מאָהליוו זיצט נאָך פּאַנדרע איהר מאַן... זאָגט זי זאַוועלען אָפּ דאָס, וואָס אַלע זאָגען:

— אָט, נח וועט קומען, וועט ער זיך מיט אייךביידען דורכשמועסען.

זאַוועל ווערט געלבליך־בלאַס. ער ווייסט מיט וואָס עס שמעקט אַזאַ דורכשמועסן זיך... אָבער באַלד כאַפּט ער זיך איינטענהן מיט מערען מיט נאָך מעהר היץ:

— נח? ע... אדרבא. אויף דעם וואַרט ער דאָך. טאַקע דערפאַר פרעגט ער זיך נאָך. ער וועט פּאַנדרען אַליין דערצעהלען יעטווערער ברעקעלע און יעטוועדער פיצעלע און יעטוועדער — אַ? זי מאַכט „עי”, מאַכט זי? זי רעכענט אפשר, אַז ער, זאַוועל, וויל דאָ פאַרכאַפּען די פיש פאַר דער גנעץ? טאָ, אדרבא, זאָל זי אַליין זאָגען. ווער וועמען פאָלגט? אַ שמייסער אַ באַלעבאָס, צי אַ באַלעבאָס אַ שמייסער? אַז קושקע האָט זיך אין איהם איינגעקלעמט: מערע און מערע...

די היץ מיט וועלכער זאַוועל שמייסער טענהט, זיין געדיכטע טרוקענע טשופּרינע, וואָס רייסט זיך ווי אַ שוואַרצע זאַווערוכע פון אונטער זיין דאַשיק, מאַכען מערען אַ ביסעל ווייכער. זינט יענער נאַכט, זינט קושקע האָט זי צורייצט, קוקט זי, קעגען אייגענעם ווילען, מיט אויגען פון אַן אויסגעהונגערטער וואָלפיכע אויף שענע און געזונטע יונגע לייט. דער מאַי יערט איהר אינם בלוט. אַ מאַטקייט ציהט איהר די קניע. אפשר איז זאַוועל באמת ניט שולדיג? נאָר דאָס איבערקייען פון איהר נאָמען, וואָס אַ פרעמדער שמייסער־יונג קייט איבער, איז איהר פריקרע. בעט זי איהם שטילערהייט:

— וואָלסט בעסער געלאָזען מיך פון מויל. געה, געה!

און דאָ, פּונקט ווי איהר צו הילף, פּאָהרט אָן קושקע־בראַנד, זאַוופלס געוועזענער ברויטגעבער. מיט צוויי פּאַרשפּע־

טיגטע פּאַסאַזשירען אין פּאַיעטאָנדעל קומט ער אָן, ווי זיין שטייגער איז די לעצטע צייט. די אויפגערעגטע פּאַסאַזשירען טייטלען מיט די פּאַראַסאָלען אויפן רויך, וואָס דעם רבינס פּאַרעכאָד האָט נאָך זיך איבערגעלאָזען איבערן פּאַראָם, און ביידע זידלען קושקען אויף וואָס די וועלט שטעהט.

וויל אָבער ניט זאַוועל, אַז קושקע זאָל איהם זעהען, ווי ער רעדט עפּעס מיט מערען. רייסט ער איבער אינמיטען-דעריי־נען מיט אַ בורטש, וואָס האָט קיין שום טייטש ניט, און רוקט זיך אַוועק פון פּאַנדריכען אַזוי ווי ער האָט זיך צו איהר פריהער צוגעשאַרט. אין זיין קרומען גאַנגעלע דערפיהלט מע־רע, אַז דער אמתער אָנהויבער, אין יענער נאַכט, איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי זאַוועל. אָה, פאַר דעם יונג דאַרף מען זיך היטען, אַ סך מעהר ווי פאַר קושקען דעם שווער-לייבי־גען, מיטן געלען פּליך.

קושקעס פּאַרשוואוּמענע אויגלעך גיבען שאַרף אַ בליק־אַראָפּ פון דער קעלניע. ער דערקענט זעהר גוט, אַז זאַוועל האָט דאָ אָקאָרשט געשמועסט מיט מערען. מסתמא עפּעס וויי־טער געגראָבען אונטער איהם... דאָס בלוט גיט איהם אַ זעץ אין קאָפּ. ער האָט בדעה אַראָפּצושפּרינגען פונם פּאַיעטאָן און אויסקאָסעווען זיין געוועזענעם שמייסער מיט דער בייטש. אַזאַ טרפהנע ביין דאָס איז!.. נאָר זיינע פּאַרשפּעטיגטע פּאַסאַזשי־רען לאָזען ניט. זיי זידלען זיך און שרייען דאָס זייעריגע. דאָס זיינען דאָך עפּעס צוויי חשובע אידען חסידים פון ליובאַ־וויטשער בית-מדרש: ישראל דער גבאי און בערע רחמיאלס— דער אונטער-גבאי. זיי פּאָכען פאַר כעס מיט זייערע רויטע נאָזטיכלעך און טיקען מיט די שפּיצען פון די פּאַראַסאָלען. אַצינד מעהר ניט אויפן פּאָס רויך פון אַוועקגעגאַנגענעם פּאַ־רעכאָד, נאָר אויף איהם טאַקע, אויף קושקען גופא: יאָ, גע־בראַכט צום דניעפּער האָט ער זיי. אַ גרויסען דאַנק!.. און וואו איז דער פּאַרעכאָד?

— דער פּאַרעכאָד? — קראַצט זיך קושקע פּאַרלעגען.

— אָקסען-פּאָטשט! — שרייט דער גבאי.

— אויף אַ קאַטשערע וואָלט מען שוין גיכער געקומען! — העלפט־צו דער אונטער־גבאי.

באַרוהיגט זיי קושקע־בראַנד: ס'איז, זאָגט ער, קאָנקו־רענציע. און באַלד פאָהרט אָן אַ צווייטער פאַרעכאָד פון דער „קאָמפּאַניע". אַ קלענערער אַפילו, אָבער מעהר ווי אַכט קאָ־פּיקעס אַ פאָהר קיין מאָהליוו וועט זיי דאָך אצינד ניט קאָסטען.

ווערט ישראל דער גבאי אָן אָנגעצונדענער:

— ווער פרעגט איהם עצות? וואָס הייסט חסידים ווע־לען פאָהרען מיט אַ גויעשקען פאַרעכאָד?

— הען אַ חוצפה! — שטילט זיך בערע רחמיאלס דאָס האַרץ מיט אַ דיקען שמעק־טאַבאַק. — אַפּטשכי, צו אַלדי קאַדיק!

פאַר כעס רייסען זיי ביידע קושקע־בראַנדן אַראָפּ אַ גאַנצן פּיאַטאַקעל. ווי? פאַר פאַרשפּעטיגען קומט איהם אפשר אויך אַ גילדען?...

קושקע נעמט־צו אַ גריוונע און רעדט מעהר קיין וואָרט ניט. ער איז גלייכגילטיג צו אַזעלכע קלייניגקייטען. מע־רעס אָנוועזענהייט און זאָוועלס אַוועקמאַכען זיך פון איהר האָבען איהם איבערגעקעהרט די בעבעכעס אין בויך. און טאָ־מער ווענינ — לאַכט נאָך פון איהם דער סטאַראָזש פון גויעש־קען פּריסטאַן, אָט דער הויכער שטעכיגער גוי, מיט דער קאָ־קאַרדע פון דער „קאָמפּאַניע" אויפן היטעל:

— כאַ־כאָ! פאַרשפּעטיגט, דו זשידאָווסקער קוטשער דו! אַ?

ענטפערט איהם קושקע גלייך אָפּ מיט אַ גרונטאָווענעם רוסישען ווערטעל. ער איז זיכער, אַז עס פּאַסט זיך פּונקט אהער אריין:

— לוטשי פּאָזדני טשעם ניקאָגדאַ. סווינ־אַטשיאַ טי מאָרדאַ! *).

די באַלעגאָלעס קאַטשען זיך פאַר געלעכטער פון קוש־קעס שענעם ענטפער. נאָר קושקען טרייסט דאָס אַ האָר ניט.

---

*) „בעסער שפּעטער איידער קיינמאָל ניט דו חזירישער שנוק". — פּאַרגריזם.

מערעס שלאַנקער וואוקס, איהר אויסדרעהען זיך צו איהם מיטן רוקען — זויגט איהם דאָס בלוט. ער געדענקט זעהר גוט, אַז אין דער ערשטער הייסער מינוט האָט זי זיך פאָרט פאַר-לוירען, געלאָזען זיך אַרומנעמען. זי קען דערצעהלען וואָס זי וויל... ווען ניט זיין נאַרישקייט, ווען ניט די גראָבע רייד זיינע, אַז דאָס גיט ער איהר אָפּ זיין ווייבס חלק פיש, וואָלט... אַך, וואָס איז דאָ וואָס צו רעדען! זינט זי האָט איהם גע-שלאָגען מיטן שטיוועל, האָט ער זי, דאַכט זיך, אַזוי פיינט. צוריסען אויף שטיקער וואָלט ער זי, אזא ווילדע בריאה! און אין דער זעלבער צייט ברענט אין איהם אַ פייער, אויסגע-מישט מיט אַ מאָדנער מורא פאַר איהר, מיט אַ מאָדנעם דרך-ארץ. ס׳איז מעהר ניט יענע גראָבע צולאָזענקייט פון זיין גע-דיכט בלוט, וואָס האָט איהם געטריבען פון דער סעודה אין לויה-בית-מדרש צו פאַנדריכען אין שטוב אַריין. ס׳איז דער געשטיקטער פייער, דער שטאָלץ פון אַ זכר, ווענען די ווייי-ביכע האָט געגעבען אַ גוטע לעקציע, געוויזען איהרע שטאַר-קערע נעגעל. די בייזקייט אַקעגען איהר מישט זיך ביי איהם אַצינד מיט אַ בענקשאַפט פאַלען איהר צו די פיס: נאַ, טאָפּ-טשע קושקען! אָפּגעלעבט פערציג יאָהר. אַ ווייב מיט קינ-דער... טאָפּטשע מיך!.. ער האָט ניט געוואוסט, קושקע, אַז פונקט אַזאַ בענקשאַפט האָט אַמאָל אַנידערגעוואָרפען פאַנדרען, דעם שקלאָווער שמשון-הגבור, צו איהרע לאַנגע פיס פון אַ באָטשאַן, צו איהרע געטאָקטע פיס אין רויטע זאָקען.

ער ווייסט נאָר קושקע, אַז זינט יענער נאַכט, האָט ער אָפּגעלאָזט זיין פרנסה. ער רייסט זיך ניט מיט באַלעגאָלעס איבער אַ שודאַק. זאָל דאָס אַלץ געהן אין דר׳פרד אַריין! נאָר אַן אויסטערלישע נייגעריגקייט האָט איהם אַרומגעכאַפט צו זעהען זיך מיט פאַנדרען, צו זעהען נאָכאַמאָל אָט דעם יונגאַטש, וואָס נעמט מערען אַרום, ווי זיינע אַ זאַך, און האָט אפילו קיין מורא ניט. מען קען ניט וויסען, עס קען נאָך אויסקומען צו געבען איינער דעם צווייטען מיט אַ מעסער אין זייט.

אָבער פֿאַנדרע „זיצט" דאָך. און ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט נאָך זיצען. פֿון גרויס בענקשאַפֿט צו „זעהען זיך" מיט איהם, האָט קושקע גענומען טרינקען. ס'איז אַ חרפּה אויסצוזאָגען: ער האָט שוין אפֿילו איינמאָל געשלאָגען פּעסיען זיין ווייב אויך.

אמת, זי האָט איהם שוין אַ ביסעל צופֿיל דאַקוטשעט. זי האָט איהם געעדערט, אַז די לעצטע עטליכע וואָכען גיט ער איהר ניט גענוג אויף דער הוצאה. קומט פֿרייטאָג האָט זי ניט מיט וואָס שבת צו מאַכען. אַן אמת איז דאָס. נאָר גע-פּיהלט האָט ער, אַז אונטער דעם שטעקט עפּעס נאָך אַ טענה. נאָר זי האָט מורא צו זאָגען אָפֿען וואָס זי מיינט... נו, האָט ער איהר מכבד געווען. רייבענדיג זיך אַ פּלייצע, נאָך די קלעפּ, איז שוין פּעסיע אַרויס מיטן גאַנצען לשון:

— וואַרט, וואַרט! — האָט זי גיפֿטיג געשריען — אַז פֿאַנדרע וועט דיר בּרעכען די ביינער וועט דאָס שוין זיין צו-שטייער פֿאַר מיר אויך!

פֿון אַלע זייטען הערט קושקע, אַז מען שרעקט איהם מיט פֿאַנדרען ווי מיט אַ באַבוק. נמאס ומאוס זיינען איהם אַזעלכע סטראַשונקעס. זיי מיינען אַלע, אַז ער האָט פּחד. אינ-דעראמתן עסט איהם אַ ברענענדיגע נייגעריגקייט. אדרבא, זאָל ער נאָר קומען, דער אָסטראָזשניק! צוליב אַזאַ נקבה ווי מערע איז ווערט צו שלאָגען זיך. ס'קען אויסקומען צו געבען מיט אַ מעסער אין זייט אויך. מ'קען ניט וויסען...

— טו-טו!

קושקע כאַפּט זיך אויף אויף דער קעלניע פֿון זיין ביי-זער פֿאַרטראַכטקייט. דער פֿאַרעכאָד פֿון דער „קאָמפּאַניע" איז שוין נאָהענט. דאָס טרובעט ער צווישען די קאָכעלניעס, גיט צו וויסען, אַז דאָס קומט ער אָן, הייסט דאָס, מיט מזל, פֿון אָרשע. דער זשידאָוווסקער פֿאַרעכאָד איז שוין אפֿילו אַוועק, אויסגעכאַפּט די פּאַסאַזשירען. נאָר די „קאָנקורענציע" בלייבט ווי געווען. טו-טו!

קושקע גיט אַ טרייסעל מיטן קאָפּ. ער טרייסעלט זיך

אָפּ פֿון זיין שווער געמיט, ווי אַ הונט פֿון וואַסער. פֿון דער בּרייטער כאָליאַווע ציהט ער פלינק אַרויס אַ פלאַכע פלעשעל, שטאָפּט־אויף און פאַרוואַרפט דעם קאָפּ מיט דער פלאַש צו־זאַמען. אַזאַ טרונק בּפרהסיא שאַדט געוויס צו פּרנסה. נאָר ס׳אַרט איהם ניט. יעדער איינער היילט זיין האַרצוועהטאַג ווי ער קען. אדרבּא, זאָל ער!... זאָל ער נאָר קומען, דער פאַנדרע!

# ווי אַזוי מען היילט גילדענאָדער

### .1

בערע רחמיאלס, דער אונטער-גבאי אין ליובאַוויטשער בית-מדרש, איז אַ געזעצטער ניט-הויכער איד, אַ פרומאַק מיט אַן איינגעהויקערטען פּעטען רוקען און מיט אַן אויסגעפּאַשעטען קאַרק. אַ פּנים האָט ער אַ ווייבעריש-צושוואומענעם, פון אַ פאַרעלטערטער גבירהנטע, וואָס איז זיך אויסגעלעגען אין פּוכענע בעטען און איבערגעקאָרמעט זיך מיט זיסע פלעצלעך. די שמאָלע, אַביסעל יצר-הרעדיגע אויגלעך געהען-אַוועק אין פּעטע קנייטשלעך און אין אַ לאַכענדיג-וויינענדיגען אויסדרוק— אויך פון אַ פרומער באָבען, וואָס זאָגט נאָך דעם חזן אין מחזור און ווייסט ניט אויף קלאָר, צי מען באַדאַרף דאָ ווייינען אָדער לויבען, מיט שמחה, גאָטס נאָמען; טהוט זי ביידע זאַכען צוזאַמען.

אָט דאָס לאַכענדיג-וויינענדיגע געזיכט פון ר' בערע רחמיאלס איז נאָך אַרומגעשאָטען מיט אַ שיטערליך-סיווער באָרד, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ ווי אַ זיידען-ווייכער קייל איבערן חסידיש-אַרויסגעלאָזטען קאָלנער פון העמד. דאָס זעהט זיך שוין ווידער אָן עכט מאַנסבילש. האָט ער, אָבער, צוברייטע, ווייבערישע זייטען, וואָס וויגען זיך בשעת ער געהט. מישען זיך אַזוי אין איהם די יסודות פון חסיד און חסידקע צוזאַמען.

אויפן גרויסען פליכצוואַטען קאָפּ איז איהם טיף אָנגע־רוקט אַ „נאַפּאָלעאָנקע", אַ דריי־עקיג היטעל אַזאַ, פון אַ גראָ־בען אָפּגעקראָכענעם געוואַנט. פון פאָרענט האָט דאָס אַ מין שמאָלען קאָזיראָק, אויסגעבויגען ווי דער אויבערשטער טייל פון אַ גרויסען שנאָבעל, און פון הינטען איז דאָ אַ מין פאַר־טוכעל, וואָס שפּילעט זיך צו און שפּילעט זיך אָפּ און לאָזט זיך אַראָפּוויקלען ווי אַ מין צודעק פאַרן פעטען קאַרק — אַ שוץ בשעת שטאַרקע פרעסט און גרויסע היצען. אַ גאַנצען יאָהר דינט זי איהם, די „נאַפּאָלעאָנקע". דערפאַר, אַפּנים, איז זי אַזוי גרויסאַרטיג אַרומגעווימט מיט אַ פאַרפעצטען בכבודיגען זוים.

ניט קוקענדיג אויף זיין באַלייבטקייט באַוועגט זיך בערע רחמיאלס זעהר גיך. נאָר זיינע איבעריגע פליישען מאַ־כען איהם וואַקעלדיג. מיט קאַטשקע־טריט לויפט ער איבער דער גאַס און זיין גרויסער פאַראַסאָל אין האַנט פאַספּיעט ניט אָנצוקלאַפּען די ערד נאָך יעדען טראַט, נאָר איינמאָל אי־בער צוויי טריט. דערביי ווידעלט זיך איהם פון הינטען זיין רויטע חסידישע טיכעל, וועלכע שטעקט אַרויס פון הינ־טער־קעשענע, אין שפּענצער. ווי אַ צוגעטשעפּעטער פאַרביגער עק פון אַ פּאַווי־אַן כוואַליעט דאָס טיכעל הינטער איהם און גיסט זיך צוזאַמען, אין אַ מאָדנעם צוזאַמענהאַנג, מיט דעם ווייבעריש־פאַרטאַיעטען אויסדרוק פון זיין פנים. אַ באַהאַלטענע עברהשקייט שטעקט אין דעם, וואָס איז נאָר פון אויבען באַ־דעקט מיט פאַרגלאָצטע פרומקייט און מיט זיסליכער עלטער.

און זאָגען זאָגט מען טאַקע, אַז אַמאָל איז ער גאָר ניט געווען פון די גאָטספאָרכטיגע לייט, סיי אין געלט־זאַכען, סיי אין ווייבערישע ענינים. אַמאָל, זאָגט מען, האָט ער געהאַלטען אַן אכנסיה. איז ביי איהם איינמאָל איינגעשטאַנען אַ רייכער סוחר. און עפּעס גאָר פּלוצלינג איז ביים גאַסט פאַרפאַלען געוואָרען אַ הונדערט רובעלדיגע אַסיגנאַציע פון טאַש. איז דאָך געוואָרען אַ טומעל און אַ געוואַלד. אַ קליינינקייט אַ הונדערטער אַמאָליגע צייטען! אַ נדן פאַר אַ טאָכטער... האָט זיך דער גאַסט ניט געפוילט און געבראַכט דעם פּריסטאַוו

מיטן אוריאַדניק אין אכסניא אַריין. מ׳האָט דורכגענישטערט אַלע קאַמערן און דורכגעטאַפּט יעטוועדער שטרויעלע. לסוף האָט מען דעם הונדערטער געפונען אין דער גמרא ברכות. טאַקע ביים באַלעבאָס אַליין, אויף דער ספרים-פּאָליצע. האָט מען איהם דאָך גענומען אויפן צימבעל: ווי קומט דאָס אַ הונדערטער אין אַ גמרא? האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז דאָס האָט ער נאָר אַריינגעלעגט אַלס אַ סימן, וואו ער האַלט אין לערנען... אָט ווי בערע רחמיאלס האָט אַמאָל געהאַלטען פון לערנען גמרא! אפילו אַ פרעמדען הונדערטער פאַר אַ סימן האָט ער אויך ניט געזשאַלעוועט.

און עפעס נאָך אַ מעשה מיט אַ אידישער דינסטמיידעל איז זיך פאַרלאָפען אין דער זעלבער אכסניא. דאָס מיידעל האָט געמאַכט אַ געוואַלד אינמיטען דער נאַכט, אַז דער באַלע-באָס – יאָ, דער באַלעבאָס האָט... האָט עפעס געוואָלט פון איהר. האָבען דאָך מענשען גענומען מוסרן: ס׳טייטש, אַ איד אַ בעל-אכסניא! אַ טאַטע פון קינדער!.. האָט אָבער בערע רחמיאלס געטענהט, אַז איהם איז ניט-גוט געוואָרען, איז ער געלאָפען בעטען ביי זיין דינסטמיידעל טראָפּענס. אָט ווי איהם איז ניט-גוט געוואָרען – אַז אפילו לויפען צו דער דינסטמיי-דעל נאָך טראָפּענס אין בלויזען העמד האָט ער זיך אויך ניט געשעהמט.

נאָר וואָס טויגען אונז אַלע מעשות? אַז אויף דער על-טער איז ער פאָרט געוואָרען פרום און גוט, סכנות נפשות. דאַווענען דאַוועגט ער, קלאַפּענדיג מיט די פויסטען אין שטענ-דער, מיט פאַרמאַכטע אויגען און וואַרפענדיג קאָפּ אָן פּלייצע. און נאָך יעדען פסוק אין דאַווענען שרייט ער געשמאַק: „אַי, טאַטע, ליבער פאָטער!״ און ביים אויסגעהן שמונה-עשרה געהט ער ניט אויס דריי טריט, ווי מען איז זיך נוהג, נאָר אַזוי פיל טריט וויפיל עס לאָזט זיך. דהיינו: „עושה שלום״ און אַ טראָט אויף הינטען. „במרומיו״ — אַ טראָט. „הוא יעשה״ – אודאי אַ טראָט. „שלום״ ווידעראַמאָל אַ טראָט. „עלינו״ –

נאָך אַ טראָט, „ועל כל ישראל" — ערשט אַ רעכטען טראָט, „ואמרו אמן" — אודאי און אודאי אַ טראָט.

ס'איז אפילו אַלץ פון די פרומע זאַכען, וואָס קיין סך געלט און געזונט קאָסטען זיי ניט. אָבער אין ליובאַוויטשען בית־מדרש האַלט מען פאַרט פון זיין גאָטספאַרכטיגקייט. איהר הערט דאָך! אַ איד נעמט זיך דאָס לעבען. העט ווי ער פאַר־געהט זיך! „אַי טאַטע, טאַטע ליבער פאָטער!" און אַ טראַסק אין שטענדער אַריין.

אמת, ניט אַלעמאָל גילט איהם אָפּ, בערע רחמיאלס, אויסצורעכענען דעם שטח פון הינטען, בשעת אַזאַ דרייפאַכיגען אויסגעהן שמונה־עשרה. אין נאַקען האָט דאָך אַ מענש קיין אויגען ניט. קריכט ער, בלינדערהייט, אָן מיט זיינע שטיוועל אויף נאַגניאָטקעס, און מיטן פעטען וואַקעלדיגען געזעס — אויף בערד און נעזער. איז נאָך גוט, אַז ער קריכט־אָן אויף אַן עלטערען אידען, וואָס קוקט אויף אַזאַ געצויגענעם שמונה־עשרה־אויסגעהן ווי אויף אַ פרומע זאַך, וואָס ניט אַלע זיינען בכח אויסצופיהרען. ווי איז אָבער דער דין, אַז ר' בערע קריכט אָן אויף אַזאַ שייגאַץ ווי פייווקע אוריס, אָדער אויף אַזאַ גערבער־יונג ווי פיישקע דער געלער, פעטער זשאַמעס אַרבייטער, וואָס איז געכאַפּט אויף יענער מעשה מיט חאַצע דעם „ציטשעליסט"? — דענסטמאָל, זעהט איהר, איז זעהר ביטער. וואָרים יענע לאָזען זיך ניט. פון פייווקע, למשל, האָט ר' בערע, דאָ אַנומעלטען, געקראָגען אַזאַ קניפּ מיט די נעגעלעך אין דער מחילה, אַז אָנשטאָט פאַרענדיגען, אין פרומקייט און אין דבקות, דעם „ואמרו אמן", איז גאָר בערע רחמיאלס אונטערגעשפרונגען און פאַרענדיגט אַזוי:

— ואמרו — ...אוי, געוואַלד!

פון פיישקע דעם געלען איז שוין אָפּגערעדט. פיישקע דער גערבער־יונג האָט אָפּגעטאָן אַ שענערע מעשה. בשעת בערע רחמיאלס איז איהם, אויסגעהענדיג שמונה־עשרה, אָנגעקראָכען אויף די נאַגניאָטקעס, האָט איהם דער יונגאַטש גע־געבען אַזוי שטויס, אַז דעם זעלבען מאַרשרוט, וואָס ר' בערע

איז אויסגעטראָטען אויף הינטען, האָט ער נעבאָך ראַפּטאָם גע־מוזט צוריקלויפען נאָך פּאָרענס. און מיטן „ואמרו אמן״ אַרויפ־געפּאַלן צוריק אויפן שטענדער.

וואָס פּייווקע אוריס און וואָס פּיישקע דער גלעזער האָבען געקראָגען פון די בית־מדרש־אידען און דערנאָך — פון די זייַ־עריגע, דאָס איז אַן אַנדער זאַך. מיר וועלען זיך אין דעם אפילו ניט אַריינמישען. אָבער זינט דעם האָט זיך בערע רחמיאלס פּאָרט גענומען היטען מיט זיין דבקותדיגען פּיל־טריטעלדיגען שמונה־עשרה־אויסגעהן. ער האָט גענומען „אויס־געהן״ ניט באַלכסון, נאָר אין האַלב־קרייז, כדי ניט אָנקריכען אויף מענשען. אַצינד געהט ער אויס וויפיל טריט ער וויל און בלייבט שטעהן אינמיטען בית־מדרש. אַזאַ „אויסגעהן״ האָט נאָר איין חסרון: וואָס אויפּעפּענענדיג ביידע פאַרדבקותטע אוי־גען ווייס ר׳ בערע ניט אויף וועלכער וועלט ער איז, צי פאַרן בעלעמער צי הינטערן בעלעמער. שטעהט ער אַזוי אַ ווייַלע און פינטעלט מיט ביידע אויגען־שפּעלטעלעך ביז ער קומט צו זיך.

אָבער פרומע אידען און כלי־קודש געפעלט עס פּאָרט. והא ראיה, אַז ס׳איז געקומען צו קלויבען אַ נייעם סגן צום גבאי, האָט מען אויסגעקליבען בערע רחמיאלס. און זינט דעם טרעט ער ניט אָפּ פון ר׳ ישראלן. וואָס ר׳ ישראל דער גבאי טוט, טוט ער אויך.

## 2.

אַצינד, פאַרשפּעטיגענדיג צום רבינס פאַרעכאָד, דורך קוש־קע־בראַנדס פאָהרעכץ, האָבען ר׳ ישראל גבאי און בערע רחמיאלס קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי אַרומגעהן אויפן זאָמדיגען ברעג, פאַר די פריסטאַנעס, און וואַרטען אויפן פאַ־רעכאָד פון די שונאי־ישראל. פון דער גויעשקער „קאָמפּאַניע״ הייסט דאָס. וואָרים פאָהרען טוען זיי דאָך קיין מאָהליוו ניט צוליב וואוילטאָג, נאָר טאַקע צוליבן וואויל פון ליובאַוויטשער

בית-מדרש. די ערב-יום-כפורדיגע טעלער, וואָס מען שטעלט ביים אַנטפּאַס, צוליב די הצטרכותן פון זעלבען בית-מדרש, האָט היינטיגען יאָהר ניט געווגג אַריינגעבראַכט. אַ שווערער ווינטער, הוספה די שמשים, און צוויי גרויסע הרובעס האָבען אויפגעגעסען אַלע געגעבענע מתנות און נדבות. מען כאַפּט זיך דאָ אַנומעלטען צו דאַך — ערשט די אַלטע שינדלען האָבען זיך ערטערווייז איינגעבראָכען אונטער דער משא פון אָנגעפאַלענעם שניי. אַ גאַנצע טייך האָט מען געפונען אויפן בוידים. האָבען גבאי און אונטער-גבאי באַשלאָסען פאָהרען קיין מאָהליוו און צוזאַמענעמען עטליכע צעהנדליג רובעל ביי די דאָרטיגע חבדער חסידים און ביי אַמאָליגע שקלאָווער באַלעבאַטים, וואָס זיינען רייך געוואָרען אַזוי, אַז וואוינען אין שקלאָוו איז זיי מעהר ניט אָנגעשטאַנען און זיי האָבען זיך אַריבערגעפּעקעלט אין דער גרויסער שטאָט מיט ברוקירטע גאַסען. היינט אַצינד, אַז ס'איז נאָך „קאָנקורענציע״, אין אַ פאָהר קיין מאָהליוו קאָסט אַ שבוש, איז דאָך אַוודאי גוט. אי מען איז זיך עוסק בצרכי-צבור, אי מען שפּאָרט קהלשע געלט.

פּאַרפאַלען. פאַרשפּעטיגט צום רבינס פאַרעכאָד איז פאַרשפּעטיגט. אָבער אַזאַ מצוה ווי פאַרריכטען דעם דאַך פון ליובאַוויטשער בית-מדרש איז דוחה דעם רבינס פאַרעכאָד אויך... שפּאַצירען זיי זיך אַזוי אַרום און פּאָכען מיט די גרויסע פּאַרעסאָלען, און דאָס האַרץ שטילט זיי ניט אויף קושקען דעם באַלעגאָלע און אויף זיין פאַרשפּעטיגען.

דערשמעקט דאָס זאַוועל, קושקעס געוועזענער שמייסער. ער האָט געזעהן ווען די גבאים זיינען אָנגעפאָהרען און איז זיך משער וועגען וואָס זיי שמועסען אַצינד. רוקט ער זיך פּאַוואָליע צו, מיט אַ זייטעל, און בורטשעט צו זיי פאַרבייגעהענדיג:

— ווי אַזוי זאָל ער ברענגען שודאַשקעס, ווי אַזוי? אַז אַליין שיכּורט דאָס; און קיין שמייסער האַלט דאָס אויך ניט...

דערקענט איהם ישראל גבאי און גיט אַ נעם דעם שפּיץ באָרד מיט די שפּיצען פינגער:

— אָ, דו ביסט דאָך, דאַכט זיך, געווען אַ... זייניגער?
— ער האָט מיר אָפּגעזאָגט דע... דע... דער פּרעסער.
— אַ? מען זאָגט אָבער: האָסט איהם פאַרפיהרט. גע-קלאַפּט אין לאָדען ביי סענדערס טאָכטער...

איך? פאַרפיהרט? געפונען וועמען צו פאַרפיהרען... אָט פרעגט אין גאַנץ שטאָט! — גליטשט זיך זאַוועל ווי אַ שלייען — נעמט אַ גאַנצע זלאָטע און אַלע פאַרשפּעטיגען ביי איהם... נאַט, קוקט! אָט-אָ ציהט ער שוין ווייטער דאָס פלעשעל פון כאָליאַווע!

קושקע-בראַנד האָט בשעת-מעשה, אינדערזאמתן, געצויגען זיין פלאַכע שנאַפּס-פלעשעל פון כאָליאַווע און, פאַרוואָרפענדיג זיין פליכעוואַטען קאָפּ איבער דער קעלניע, צוקושט זיך מיט דעם גלעזערנעם העלזעל. מיט דער ביטערקייט פון אָנגעוואַ-רעמטען בראַנפען האָט ער געוואָלט פאַרטרייבען אַן אַנדער ביטערקייט, דאָס ביטערניש פון האַרצען, די בענקשאַפט נאָך פאַנדריכען און דעם כעס אויף זאַוועל-שמייסער, וועלכער גראָבט אונטער איהם, וואו נאָר ער קען.

דערזעהן אַזאַ מעשה, האָט בערע רחמיאלס, דער פרומאַק, אַ טרייסעל-געטאָן מיט זיין „נאַפּאָלעאָנקע" און אַ פּיק-געטאָן מיטן שפּיץ פאַראַסאָל אין זאמד אַריין:

— אַ חוצפה!

שרייט נאָך העכער ישראל דער גבאי און האַקט מיט זיין פאַראַסאָל:

— אַ יונגאַצטווע!

— שעמט זיך גאָרניט! — שטעהט ניט אָפּ ר' בערע — אינמיטען העלען טאָג! בפרהסיה!

— אַ באַלעגאָלע אַ יונג קען!

— אויף דעם-אָ געהען דאָס אַוועק אונזערע גריוו-נעצקעס!

— אַ קאָפּיקע ניט געדאַרפט באַצאָהלען. אַ נאַרישקייט געווען.

זאַוועל שמייסער, דער אונטערהעצער, האָט זיך שוין לאַנג

ערגעצוואו אַוועקגעמאַכט. און גבאי אזן אונטערגבאי שטעהען נאָך אַלץ, איינער אָקעגען צווייטען, און פלייסען זיך אַרויסצו-שרייען פון טיפען האַרצען דעם צאָרן פון גערעכטיגקייט, און האַקען אַלץ מיט די שירעם-שפּיצען אין די שטיינדלעך אויפן ברעג דניעפּער.

און ווען עס דערגעהט שוין ביי בערע רחמיאלס צום העכסטען שטאַפּעל פון הייליגען צאָרן, רייסט ער מיט אַמאָל איבער, דריקט צו די גאַלקע פון פאַראַסאָל צום האַרצען און פאַרקרימט זיך. מיט דער פרייער האַנט שלעפּט ער פּלוצלינג אַרויס פון דער שפּענצער-קעשענע... פון דאָרטען, וואו עס באַמבעלט זיך איהם שטענדיג-נאָך די רויטע נאָזטיכעל, שלעפּט ער אַרויס אַ סאַטקעלע בראַנפען, פּראָבקעט אויף און מאַכט אויף גיך „שהכל", גיט אַ רעכטען זופּ און אַלע פּרומע קנייטשעלאַך גיסען זיך ביי איהם צוזאַמען אַרום מויל און נאָז אין איין שמאַלציגער, שטראַלענדיגער הנאה... און באַלד נאָכדעם קריגט ער אַרויס פון דער זעלבער שפּענצער-קעשענע אַ קאָרע-נעם שטיקעל לעקאַך. מאַכט מיט דער זעלבער פלינקייט „בורא מיני מזונות" און פאַרבייסט. און אַלץ אַזוי פאַרהאַוועט און פאַרסאָפּעט, ווי אַ חסיד אַ איד, וואָס איז געלאָפען אַ תחום-שבת פאַרדינען אַ מצוה. און אָט האָט ער זי דערכאַפּט אין לויף — די מצוה פון „שהכל" און „בורא מיני מזונות" אויף איין מאָל.

בלייבט דאָך ישראל דער גבאי שטעהן אַ פאַרגאַפטער. סטייטש ? ווי קלעפּט זיך דאָס איינס מיט דאָס צווייטע? אָקאָרשט האָט ר' בערע אַזוי הייס געזידעלט קושקע-בראַנדס טרונק-בראַנפען בפרהסיה, אינמיטען העלען טאָג, און אָט מאַכט ער שוין אַליין שהכל, זיין פרומער אונטער-גבאי, אויך בפרהסיה און אויך אינמיטען העלען טאָג...

דערזעהט בערע רחמיאלס דעם גבאיס אויסגעלופּעטע אויגען און איז ניט מפסיק. פאַרקעהרט, ער צעטשמאָקעט זיך נאָך געשמאַקער, מיטן מויל אָהן ציין קייט ער האָניגדיג, די אויגען פאַרציהט ער אינגאַנצען מיט קלוגעטשקע קנייטשעלעך

און זעקעלעך, און מיט זיין נאַפּאָלעאָנקע און מיט ביידע הענט שאָקעלט ער צו. ווי איינער זאָגט: לאָזט נאָר, ר׳ ישראל, אַראָפּשלינגען דעם ביסען — וועט מען אייך שוין זאָגען וואָס פאַר אַ שהכל און וואָס פאַר אַ בורא מיני מזונות דאָס זיי־נען... אָט נאָך אַ ווײַלעצקע, ר׳ ישראל!

## 3.

אָפּגעשאָקעלט מיט קאָפּ און הענט און אַראָפּגעשלונגען, גיט זיך בערע־רחמיאלס אַ גלייך אויס, ווי אַ מענש וואָס איז פון מיטען חלשן געקומען צו די כוחות. ער כאַפּט אַרויס דאָס רויטע טיכעל פון הינטער־קעשענע, פאַררוקט אינם לעדיג־געוואָ־רענעם שפּאַלט דאָס רעשט לעקאַך, ווישט זיך אָפּ די ליפּען, פּאָסמאַקעוועט זיך און מאַכט צו ר׳ ישראל דעם גבאי אַזוי:

— איהר ווייסט דאָך, ברוך השם, אַז איך בין אַ חלוש, גילדענאָדער — ברוך השם... האָבען מיר, זאָג איך אייך, ביידע שקלאָווער דאָקטוירים געמוטשעט. קיין גוטער איד זאָל זיי ביי־דען ניט קענען. זאָגט חישין: הייסע קאָמפּרעסען! הייסט קראָל: קאַלטע! פאַרשרייבט דער ריבאַרבערים — שרייט יענער: ריצענאייל! אַ גאַנצער אַפּטייק איז ביי מיר אין שטוב גע־וואָרען.

— טצ, טצ... — שמונצערט ר׳ ישראל — הײַנט וואָס עס קאָסט אָפּ!

— נאָך דאָס איז נאָך גאָר ניט, שאָקעלט זיך בערע־רחמיאלס אָפּ מיטן פּאַראַסאָל און מיט דער רויטער טיכעל, — מיטאַמאָל פאַרווילט זיך גאָר חישין דעם דאָקטאָר: אַ „פּאַ־ראַציע"! אַלע רפואות מאַכט ער, זיינען קיין שמעק טאַבאַק ניט ווערט. כ׳זאָל, הייסט דאָס, פאָהרען קיין מאָהליוו און לאָזען זיך שניידען לעבעדיגערהייט...

— גאָר שניידען? — וואונדערט זיך דער גבאי, — כ׳פאַר־שטעה נאָך געהאַקטע באַנקעס. אָבער גילדענאָדער שניידען? דאָס ליגט דאָך, דאַכט זיך, אין, אין, אין —

— וואָס איז? ס'איז דען זיין פלייש און בלוט?... נאָר דאָס איז נאָך גאָרנישט! — אַזוי קלאַפּט בערע ירחמיאלס מיטן פּאָראַסאָל — קיין טראָפּען משקה זאָל איך אין מויל ניט נעמען. קיין געפּעפּערטע פיש ניט עסען, קיין לעקאַך מיט נעגעלאַך אודאי ניט. בראַנפען, זאָגט ער, איז גאָר סם-המות!

— כע-הע! — לאַכט ר' ישראל — אַביסעל משקה, דאַכט זיך, וואָס קען עס שאַדען?

— אָט וועט איהר הערען. האָב איך מיך אַרומגעקוקט, אַז איך געה אָפּ, שונאי-ישראל, מיט בלוט און די כוחות געהען אויס. און קומט אַ באַדערפעניש אַזוי עקט זיך מיר, שונאי-ישראל, דאָס לעבען. און דאָס הארץ אָט, אָט, אָט... האָב איך זיך מישב געווען און אָנגעהויבען, כע-כע, טאָן וואָס אונזערע אבות-אבותינו האָבען געטאָן...

— כע-כע, — העלפט איהם אונטער ר' ישראל — כאָטש ווייסען ווייסט ער נאָך כלל ניט וואָס ר' בערע מיינט דערמיט.

— ווי אונזערע אבות-אבותינו, — חזרט איבער בערעירחמיאלס און זיינע אויגלעך ווערען אינגאַנצען פאַרשוואומען; אָנשטאָט אויגען בלייבען איבער אויף זיין ווייבערשען פנים נאָר צוויי קלוגעטשקע שפּעלטעלעך, — דוקא אַ ביסעלע משקה, און דוקא אַ שטיקעלע לעקאַך. און דוקא האַלטען עס גרייט ביי זיך אין קעשענע. עד כל צרה שלא תבא!*) מ'געהט אין גאַס, ס'כאַפּט אָן ביים האַרצען. די תחתוניות**) צושפּילט זיך; נעמט מען אַרויס דאָס פלעשעלע —

— יאָ! — העלפט דער גבאי פּאָטערליך.

— מ'מאַכט שהכל.

— ש-הכל! — כאַפּט אונטער ר' ישראל, ווי אַ איד אַ חכם, וואָס פאַרשטעהט אויפן וואונק.

מ'ציהט אַרויס דעם פיינעם שטיקעל לעקאַך.

— לע-עקאַך!

— און דוקא קאָרענעם, געווירצט מיט נעגעלאַך.

*) מאַלע וואָס עס מאַכט זיך.
**) גילדענאָדער.

— מי־יט נעגעלאַך!

— מ׳מאַכט דעם שענעם בורא מיני מזונות.

— בורא מיני כע־כע־כע.

— און עס ווערט גלייך אַ ליכט אין די אויגען! האַ, וואָס זאָגט איהר, ר׳ גבאי!

— יאָ, יאָ! — איז מסכים ר׳ ישראל מי̃ט גרויס אָנער־קענונג און מיט אַ פייערליך־אָנגעבלאָזענעם גוידער.

געגעבען די הסכמה, אַנטשוויגען געוואָרען; און קאָפּ און באָרד שאָקלען זיך נאָך. ער פאַרקלערט זיך, ר׳ ישראל גבאי, אַז אויף די עלטערע יאָהרען וואָלט ער זיך אויך געדאַרפט פאַרזעהן מיט אַזאַ קוואַל פון כח אין דער הינטער־קעשענע. ווען אַרט דאָס? זאָל דאָרט טאַקע ליגען אַ מאָנאָפּאָלקעלע מיט אַ שטיקעלע לעקאַך... באַטראַכט זיך — שרייט ער מיט־אַמאָל אויף:

— און טאַקע... מ׳געהט אין גאַס!

ער קרעהט דאָס אַרויס מיט דערזעלבער מינע און מיט דיזעלבע הויות, ווי אָקאָרשט ר׳ בערע. נאָר אַצינד האָבען זיך די ראָלען געביטען. אַצינד זינגט דער גבאי און דער אונטער־גבאי כאַפּט ביי איהם די ווערטער פון מויל:

— עס׳ עס... עס... — זוכט ר׳ ישראל דאָס ריכטיגע וואָרט.

— עס כאַפּט אָן ביים האַרצען! — העלפט איהם אַרויס ר׳ בערע רחמיאלס.

— מאַכט מען שהכל... — כאַפּט זיך ר׳ ישראל ווי אַ פאַרכישופטער פאַר זיין הינטער־קעשענע. כאָטש דערווייל איז די מאָנאָפּאָלקע אין שפּענצער ניט מעהר ווי אַ חלום.

— ש־הכל! — שאָקעלט בערע־רחמיאלס מיט דער „נאַ־פּאָלעאָנקע".

— און טאַקע בורא מיני מזונות, — דערמאָנט זיך ר׳ ישראל.

— מיני מזונות!—באַשטעטיגט זעהר האָפּערדיג ר׳ בערע,—

און געהען די דאָקטוירים צו אַלדי קאַדיק! האַ, וואָס זאָגט איהר, עפּעס, ר׳ ישראל?

בערע-רחמיאלס פּיהלט זיך, ווייזט אויס, גאָר געהויבען, וואָס ער אַליין היילט זיך מיט אַזאַ ערפאָלג און וואָס איהם איז געלונגען צו געבען אַזאַ גאָלדענעם געדאַנק דעם גבאי אויך. שטעהט ער און באַוואונדערט זיך אַליין.

— העך, אַ נאַרישקייט! — חזרט ער איבער נאָך אַ ווײלע פון קלוגעטשקען שווייגען.—מ׳לעבט, אָהן עין-הרע, אַפּ אַזויפיל יאָהרען און צום שכל קומט מען אַלעמאָל צו שפּעט. דאַכט זיך אַזאַ פּראָסטע זאַך: מ׳געהט אין גאַס —

— מ׳געהט אין גאַס! — קייט איבער ר׳ ישראל נאָך אַלץ פאַרכישופט פון דער ליכטיגער המצאה.

— אַ חלוש... גילדענאָדער... ס׳כאַפּט ביים האַרצען.

— ביים האַרצען! — זאָגט נאָך ר׳ ישראל און כאַפּט זיך ביים בוזים.

— שפּאַרט מען זיך אָן אַ וואַנט, אין אַ ווינקעלע...

— אין אַ ווינקעלע.

— כע-כע. שהכל... בורא מזונות... אַ? און מען אָטכאַ-יעט זיך!

— געהרעכט ווי די וועלט! — איז ווייטער מסכים ר׳ ישראל און גיט אַ האַק מיטן שפּיץ פּאַראַסאָל אין די שטיינדלעך, — מ׳קומט אַביסעל צו שפּעט צום שכל. כ׳בין אויך ניט ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גיבור. כ׳וואָלט דאָס אויך געמאָגט טאָן.

— נו-נו! — גיט איהם אונטער חשק דער אונטער-גבאי.

— אם ירצה השם — פאַרזיכערט ר׳ ישראל און הויבט אָן פון סאַמע פאָרענט: — מ׳געהט אין גאַס —

— אין גאַ-אַס! — באַלעקט זיך בערע רחמיאלס.

— ס׳כאַפּט, הייסט דאָס, ביים האַרצען.

— ביים האַרצען.

— בורא מיני... כ׳מיין שהכל, און טאַקע —

— בורא מיני מזונות! — זאָגט אונטער בערע־רחמיאלס.

— יאָ. און געהט צו אַלדי קאַדיק! אַ? די דאָקטוירים מיין איך...

— כי־הי־הי! — פאַרגעהט זיך בערע רחמיאלס פון פאַר־געניגען — איהר ווערט זיך, זאָג איך אייך, גבאי ר׳ ישראל, מחיה זיין! ס׳איז װעלװעלער װי ריצנאייל אין אַפּטייק. פאַר־וואָס טאַקע ניט האָבען אַזאַ רפואה ביי זיך?... מאַלע וואָס עס מאַכט זיך. מ׳געהט אין גאַס —

— אין גאַס...

## 4.

גבאי און אונטער־גבאי האָבען זיך, אַזוי צו זאָגען, צע־הוידעט און געכאַפּט איינער ביים צווייטען, פון מויל אַרויס, די הויכע אידעע ווי אַזוי צו היילען גילדענאָדער און האַרצ־קלעמעניש. ביי ביידען האָבען זיך די סיווי־באָבערדעלטע פּנימער געשמאָלצען, די אויגלאַך געגלאַנצט, די צינגעלאַך גע־קנאַקט און פּאַסמאַקעוועט, און די פּאַראַסאָלען האָבען געקלאַפּט צום טאַקט. פון דער זייט האָט דאָס געקענט אויסזעהן, ווי צוויי עלטערע אידען זיינען מחדש די לבנה אינמיטען הע־לען טאָג:

— שלום עליכם!

— עליכם שלום!

— עליכם שלום!

— שלום עליכם!

— מכשפה לא תחיו!

— לא תחיו מכשפה!

— מכשפה תחיו לא.

און ווער ווייס צו וואָס פאַר אַן עקסטאַז זיי וואָלטען נאָך ביידע דערגאַנגען, ווען ניט דער פאַרעכאָד פון דער

גויעשקער „קאָמפּאַניע", וואָס איז אָנגעלאָפן אויפן דניעפּער מיט אַ רעווען, מיט אַ סאָפּען און מיט אַ כוואַליען.

האָבּן ר׳ ישׂראל דער גבאי און בּערע רחמיאלס גע-מוזט איבּעררײַסן אינמיטן בּרען, אויפהויבּן די קאַפּאָטעס און לאָזן זיך לויפן צום גויעשקען פּריסטאַן, כאַפּן אַ קאָנ-קורענציע-בּילעט פאַר גאַנצע אַכט קאָפּיקעס פון פּאַרשוין.

אָבּער שוין קלעטערנדיג, אַ פּאָר מינוטן שפּעטער, פּנים צום רוקן, אויף דער משופּעדיגער קלאָטקע פון פּאַרע-כאָד און אָנהאַלטנדיג זיך בּיי דער גליטשיגער פּאָרענטשע, האָבּן בּיידע שליחי מצוה געפונען דעם ריכטיגן מאָמענט אומצוקעהרען זיך צום איבּערגעריסענעם הויך אינטערעסאַנטן שמועס. האָבּן אויך אַנדערע פּאַסאַזשירען זוכה-געווען אונ-טערצוהערען אַ מאָדנעם געשפּרעך צווישן צוויי חשובע אי-דען. דער איינער בּלייבּט שטעהן אויף דער מיטן קלאָטקע און דרעהט אויס דעם קאָפּ צום צווייטן:

— דאַכט זיך אַזאַ פּראָסטע זאַך, אַ?

— מ׳געהט אין גאַס —

— ס׳כאַפּט אָן בּיים האַרצען... ווי?

— מאַלע וואָס עס מאַכט זיך...

— מאַכט מען —

— נו־נו! געהט, אַז איהר געהט! — זיינען בּייז גע-וואָרען עטליכע אומגעדולדיגע פּאַסאַזשירען און גענומען שטור-כען פון הינטען מיט רענצעלאַך און מיט קערבּעלאַך.

— שהכל... — דערשרעקט זיך ר׳ ישׂראל גבאי און כאַפּט לויפן אַרויף דער קליאַטקע.

— בּורא מיני מזונות... — ענטפערט בּערע רחמיאלס פון הינטען און גיט זיך אַ לאָז נאָכן אַנטלאָפענעם גבאי.

— טו-ו-הו, טו-ו-ו! — האָט זיך גאָר פּלוצלינג אַריינ-געמישט דער פּאַרעכאָד גופא און צורעוועט זיך מיט פּאַרע און מיט שנאת ישׂראל צו דער הייפּעלע אידישע פּאַסאַזשירען,

וואָס זיינען איהם היינט איבערגעבליבען פון דער קאָנקורענציע מיטן רבין.

— טו-ו-הו, טו-ו-ו! — דאָס הייסט: „איהר פאָהרט צי איהר פאָהרט ניט?"

אַזוי אַרום איז דער סוף פון טשיקאַווען געשפּרעך, צווישען גבאי און אונטער-גבאי, דערטרונקען געוואָרען אין בייזען געברום און אין געדיכטער פּאַרע.

# קלאַסענקאַמף אין זונדעלס הייזקע

## 1.

אין זונדעל־גאַטס־גנבס הייזקע האָבען זיך הייגטיגען פריה־לינג, אַזוי ווי אַלע יאָהר אין דערזעלבער צייט, פאַרנאַדיעט מאָדנע פאַרשוינען, אַלץ אַזעלכע מענשען, וואָס לויפען פון שטאָט צום דניעפּער, ווי די באַעולהטע פאַרובקעס זיינען אַמאָל געלאָפען אין דער קאָזאַקישער „סיטש". דאָ, אין ענגשאַפט פון זונדלען מיט זיין אידענע, פון מושען זייער טאָכטער און איהר ערגעצוואו געבוירענער מיידעלע, פון דרייזען זייצר שנור מיט איהרע צוויי קינדער, האָבען זיך נאָך צו דער אייזערנער אויוועלע צוגעשטופט ווילד־פרעמדע, פאַרדעכטיגע פנימער און אָדערדיגע הענט. דאָס אייזערנע אויוועלע הייצט זיך ביז אין טיפען מאַי אַריין, און די פרעמדע פאַרשוינען וואַרטען ביז זונדלען, זייער באַשיצער, וועט זיך איינגעבען אַריינצושמוגלען זיי, אָהן אַ בילעט, און אָפּשיקען איינציגווייז, דעם אויף אָרשע און יענעם אויף מאָהליוו.

צווישען די אָנגעלאָפענע דערוואַקסענע פאַרשוינען האָט זיך דאָ דאָסמאָל אַריינגעשטופט אַ אינגעל אַ מופקר. פראָיקע האָט מען איהם געהופען, וועלכער איז, פאַראַיאָהרען זומער, געקומען אַהער פון טשערקאַס, כלומרשט — לערנען גמרא און עסען טעג. ער האָט, הייסט עס, געהערט, אַז שקלאָוו פאַר־מאָגט נאָך איינגעפונדעוועטע ישיבות; איז ער געקומען צו

לויפֿען, אַזש פֿון דער אוקראַינע, ווי אַ קאָטער, להבדיל, אויפֿן ריח פֿון געפּאַרעטע מילך.

איז עסען טעג האָט ער דווקא יאָ געגעסען, אָבער לער־נען האָט ער ניט געלערנט. אָנשטאָט צו לערנען יומם־ולילה, אַזוי ווי ער האָט צוגעזאָגט די פֿרומע גבאים פֿון אַלטען בית־מדרש, אָנשטאָט צו לערנען אין די גרויסע, אין קאַלב־לעדער־געבונדענע גמרות, האָט ער גאָר פֿון זיי, שטילערהייט, אָפּגע־טרענט די טייערע טאָוולען און געמאַכט רענצלעך...

פּאַרוואָס עפּעס דווקא רענצלעך? ער האָט געזעהן דעם בייעם־גגידס בחורל, ווי ער געהט, אַלע אינדערפֿריה אין שקאָ־לע, מיט אַ לעדערנעם ראַנעץ אויפֿן רוקען, האָט זיך איהם אויך פֿאַרגלוסט האָבען אַזאַ מין מאַכערייקע. האָט ער זיך דאָס, איינער אַליין, אויפֿגעמייסטרעוועט מיט טשוועקעלעך און מיט ברעטעלעך. אָהן קיינעמס הילף האָט ער עס געמאַכט, נאָר מיט דער הילף פֿון גמרא ברכות. די אַלטע בכבודיגע גמרא האָט איהם אָוועקגעשענקט איהרע לעדערנע טאָוולען. צוויי גלייכע ברעטעלעך האָט ער ערגעצוואו אַליין פּאָטיאַפּעט. פֿון די ברע־טעלעך זיינען געוואָרען הילצערנע רעבּרעס, פֿונם לעדערנעם רוקען — אַ דעק, פֿון די טאָוולען — וואַנטלעך. צוגעשלאָגען מיט האָבער־טשוועקלעך פֿון איין זייט, צוגעשלאָגען פֿון דער צווייטער זייט. אָפּגעריבען מיט זאַמד די גאָלדענע אותיות און פֿאַרגלעט מיטן נאָגעל. איז אַרויס אַ ראַנעץ — אַ צאַצקע, וואָס גאָט און לייט האָבען זיך געמעגט מיט איהם פֿרעהען: געררוי־מיג און באַקוועם און גלאַט. אַ כּפּרה אַלע מאָהליוועער פֿאַבּרי־קאַטען!

שפּעטער אַביסעל האָט זיך אָבער פּראָיקע אַרומגעזעהן, אַז דער ראַנעץ איז צו גרויס, כּדי צו טראָגען איהם אונטערן פּאַכווע בפּרהסיא. מען קען עס נאָך דערקענען. האָט ער זיך פֿאַבריצירט אַ קלענערען רענצעל פֿון די לעדער־טאָוולען וואָס ער האָט אַראָפּגעריסען ביי אַ גראָבינקען און קורצינקען משניות... ער האָט שוין אַפֿילו געהאַט בדעה אָנצוהייבען אַ רענ־צעל־פֿאַבּריקאַציע אויף אַ ברייטערן פֿוס און פֿאַרקויפֿען די

אויסאַרבייטונג, פון הינטען-אַרום, שקאָלע-אינגלעך און פאַר מזומן-געלט... אָבער גראָד דאָ, היינטיגען נאָך-פסח, האָט מען איהם פלוצלינג דערטאַפט און צושטערט אַלע זיינע פּלענער: גבאים האָבען געריסען פאַר די אויערען און באַלעבאַטים האָבען געבראָכען די ביינער. מ'האָט אָפּגענומען אַלע רענצעלעך און איהם גופא פון אַלטען בית-מדרש אַרויסגעוואָרפען. אַ פאַר-ווינטער און אַ הונגעריגער האָט פראָקיע אַרומגעבלאָנדזשעט איבער אַלע גאַסען, געזוכט אַ מקום-מנוחה, ביז ער האָט זיך דערקליבען צו זונדעלס הייזקע. דאָ האָט איהם טעמע, זונדעלס אידענע, אָפּגעווישט די נאָז מיט איהר פאַרטוך און געגעבען אַ טעלער מיט געקאָכטע בולבעס. טאָגט ער דאָ פון דאַמאָלס אָן און נעכטיגט אויף אַן אַרשין באַנק ביים וואַנט. כאַפּט שיריים, פּאָלגט אַ גאַנג און קלייבט זיך אָפּפאָהרען, טאָהן אַ בילעט, מיט אַ פאַרעכאָד וואָס געהט קיין מאָהליוו, און פון דאָרטען — קיין טשערקאַס... נישקשה, זונדעל-גאָטס-גנב וועט עס שוין באַזאָרגען.

פאַר דער קורצער צייט וואָס ער וואוינט דאָ, ביי זונדלען אין כאַטע, האָט זיין פּערצעניאָהריגער פּנימעל באַקומען אַ ציניִשען אויסדרוק פון אַ מופקר. די האָר האָבען זיך איהם ווילד צעוואַקסען און אין די מויל-ווינקלען איז איהם אָנגעלאָפען אַ פאַרטריקענטע שוים. דערזעהט ער צווישען די פּאַסאַזשירען באַלעבאַטים פון אַלטען בית-מדרש, אַזוי לאָזט ער אַראָפּ דעם אומריינעם קאָפּ און וואָרטשעט, ווי אַ הינטעל, וועלכען עס גלוסט זיך שטאַרק אַ ביס צו טאָן, נאָר ער האָט פחד פאַר אַ שטעקען...

מיטן ברייטען צושוואומענעם געזעס האָט זיך דאָ, ביים אויוועלע, אַריינגעשטופּט אַ וואָגלענדיגע קאָרטען-טרעפּערקע אויך. ס'איז אַ אידענע אַ קאָזאַק, וואָס שטעקט די נאָז און צונג אין אַלצדינג. און ווען זי רעדט ניט — וואַרפט זי קאָרטען. אויב זי האָט ניט ווער מען — וואַרפט זי זיך אַליין. איבער די מולטענע קאָפּטעס איז זי אָנגעטאָן אין אַ בלויען סיטצענעם קליידעל מיט אַ בלויצר, ניט-אונטערגעגאַרטעלטער

בלוזע פון זעלבען שטאָף. געפּינטעלט איז דער סיטץ מיט ווײַ־סע פּינטעלעך, די נאָז — מיט רויטע פּינטעלעך און די אוי־בערשטע ליפּ — מיט שוואַרצינקע בראָדעווקעלעך. דער שמיי־כעל איהרער איז צוגאָסען און זיס ווי פּאַטאָקע. זעהט זי אויס אינגאַנצען ווי אַ גרויסע ביליגע שלח־מנה, געפּינטעלט מיט כלערליי קאָלירטע צוקער־פּאַרפּעלעך. בלויז איהרע אויגען זייַנען אַביסעל צו לעבעדיג, לויפען אַרום, ווי ביי איינער, וואָס האָט שטענדיג מורא מ׳זאָל איהר חלק ניט אַוועקגעבען אַן אַנדערען.

מיטן ערשטען וויזיט צו זונדלען אין הייזקע, האָט זי פאַרשטאַנען אָפּצוקויפּען טעמעס הארץ, מיט וואַרפען קאָרטען און מיט אַ טרעפען, וואָס זי האָט איהר געטראָפען, ביים שיין פון הייס־צוגליהטען אויוועלע.

נאָך יעדער קאָרט, וואָס זי האָט געוואָרפען, האָט זי גע־לעקט דעם גראָבען פינגער, ווי בשעת בלעטערען אין אַן אַל־טער קלעפּיגער תחינה. און נאָך יעדען טרעף — צוגעשטוקע־וועט עפּעס אַ מאָדנעם וואָרט: „פּאָקאַזאַניע״. געקלעפּט האָט דאָס זיך צום טרעפען, ווי אַן אַרבעס צום וואַנט. עס האָט אָבער געווירצט דאָס גאַנצע קאָרטען־וואַרפעריי און צוגעגעבען יעדען פּשוטען אויסדרוק אַ וויכטיגקייט, אַ פאַרסודעטקייט... אויף טעמען, וואָס בענקט און טרויערט אַזוי נאָך איהר פאַר־שיקטען תכשיט, נאָך קאָפּעל גנב, האָט גראָד דאָס אויסטער־לישע וואָרט און דאָס לעקען דעם גראָבען פינגער שטאַרק געווירקט, ווי די צויבערייען און העויות פון אַ כשוף־מאַכערין.

— אָי, אָי! — אַזוי האָט די בלויע אידענע געוואָרפען און פלינק געלעקט דעם פינגער,—זי זעהט אַ הויכען מאַנסביל, זעהט זי... שאַ, אַ „פּאָקאַזאַניע!״ צוויי קינדער זעהט זי אויך... און אָט איז אַ פערד מיט אַ „פּאָקאַזאַניע״ אויף אַ לאַנגען וועג... אמת צי ניט אמת? ס׳איז דאָ אַ „פּאָקאַזאַניע״ און ס׳מוז זיין אמת... זי זעהט נאָך אַ יונג ווייבעל אין טרערען, זעהט זי. און צוויי עלטערע מענשען... שאַ! און אָט איז אַ

„פּאָקאַזאַניע" אויף אַ יונגענמאַן מיט אַ שוואַרץ בערדעל... אַ בחור נאָך, דאַכט זיך! טעמע, איהר הערט? היטען דאַרף מען זיך פאַר אָט דעם אַלטען בחור! ווערים די „פּאָקאַזאַניע" ווייזט... וואַרט, וואַרט! לעבען יונגענמאַן, מיט דער בערדעלע, זעהט זי נאָך עמיצען... אַ שונא מיט אַ גראָבען שטעקען... מיט סיווע האָר, מיט אַ פּאָקאַזאַ –

טעמע איז געשטאַנען פאַרגאַפט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָ-זען, דאָס מאַנסבילש-פאַרצרהט פּנים אונטערטעניג און באַלויכ-טען פון דער אייזערנער אויוועלע; די שוואַרצע אויגען — פאַרשוואומען מיט טרערען. און מיט די פרום-אָפּגעלאָזטע לי-פּען האָט זי שטיל און דערשראָקען נאָכגעזאָגט יעדען וואָרט פון דער טרעפּערקע. יענע זינגט ווי אַ חזנטע און זי העלפט אונטער. יענע טרעפּט און זי באַשטעטיגט:

— אַ הויכער מאַנסביל זאָגט זי? וואָס דען אַ קורצער? קאָפּעל... קאָפּעל מיט די ביינער! אַ פערד? נאָך אַ מין פערד! זאָל שוין קאָפּעל, איהר זוהן, אַזוי האָבען הצלחה אין דער פּרעמד, ווי ס'איז געווען אַ פערד... אַ לאַנגער וועג? דרייזע! מענשען! הערט! זי רעדט דאָך ווי פון אַ סידור, רעדט זי. אודאי אין סימביר ניט נאָהענט. אָך-אָך-אָך!... אַ שוואַרץ בער-דעלע? זאָל זי שוין, טעמע, אַזוי געזונט זיין ווי ס'איז חישין דער דאָקטאָר. אַ שונא מיט אַ גראָבען שטעקען? וואַרט, וואַרט... ווער קען דאָס זיין? אָי, מאַמעלעך! ס'איז דאָך הירשעל דער טויבער! זאָל זי שוין, דער אויבערשטער אַזוי פאַרהיטען פון אַנגסט און נויט ווי ס'איז הירשעל דער מסור.

זאַוועל שמייסער, וועלכער האָט זיך דאָ אויך געוואַרעמט ביי דער אייזערנער אויוועלע און איז געווען אַן עדות פון דאָס גאַנצע טרעפּעניש, האָט געוועזן אָנגעהויבען ממוריש אונ-טערצווינקען, באַלעגאָליש צו שמייכלען — מיט אַ האַלב-פאַר-קרומטען מויל.

— וואָס פאַר אַ קונץ — מאַכט ער – איז צו טרעפען אַזעלכע זאַכען?... אַ גרויסע נייעס! — קאָפּעל האָט גע... פאַר-קויפט, הייסט דאָס, אַ... פּרעמד פערד און מ'האָט דערפאַר

פאַרשיקט. אַ קינד אי׳ן וויג ווייסט דאָך דאָס אויך! יעדערער קען וואַרפן קאָרטען און טרעפן אַזעלכע חידושים און נע־מען פּיאַטאַקלעך... ניט מעהר — די אידענע גיט צו צו יעדען וואָרט „פּאָקאַזאַניע", מען קען זיך אָבער באַגעהן אָהן דער „פּאָקאַזאַניע"... אדרבא, זאָל די אידענע אַליין זאָגען: ער זאַוועל וואָלט געוועזן אַ בעלן וויסען...

ווי אַ מידער מענש, וועלכען מען רייסט אויף פון טי־פען שלאָף, אַזוי איז אויף איהם טעמע אָנגעפאַלען, צובייזערט זיך:

— וואָס וויל ע ר דאָ נאָך, וואָס?... אויב עס געפעלט איהם ניט, קען ער זיך געהן וואַרימען אין אַן אַנדער אָרט, צו אַנשעל־פּאַראָמשציק קען ער געהן!... די קאָרטען־וואַרפער־קע איז דאָך פון דער פרעמד! ערשט נעכטען געקומען... היינט ווי אַזוי ווייסט זי דאָס אַלץ?... צוקושען דאַרף מען יעדען וואָרט איהרען...

אויסגעזידעלט און צוריק אַ וואָרף געטאָן זיך צו דער בלויער אידענע מיט די פינגעלעך:

— טרעפט, טרעפט, זייט מוחל! טרעפט ווייטער!

אויסגעלאָזט האָט זיך דערמיט, וואָס אויסער אַ פּיאַטאַ־קעל, וואָס זי האָט איהר געשענקט, האָט נאָך טעמע אַריבער־גענומען די טרעפערקע צו זיך אויף קעסט, אַבי נאָר זי זאָל איהר וואַרפן קאָרטען, ווען נאָר עס וועט זיך איהר פאַר־גלוסטען. און גלוסטען האָט זיך איהר געגלוסט אַלע ווייל. אינדערפריה און ביינאַכט, פאַר וואַרימעס און נאָך וואַרימעס, צווישען איין פּאַרעכאָד און דעם צווייטען...

מיט דער זעלבסט־פּייניגונג און מיט דער גריבלעריי פון אַ מאַמען, וועלכע שפּילט זיך מיטן וועהטאָג נאָך איהר פאַר־שיקטען זוהן, האָט זיך טעמע גענומען אויסהערען, פון די קאָרטען אַרויס, די מעשה מיטן געגנבעטען פערד, מיט חישין דעם דאָקטאָר און מיט הירשעל דעם מסור, צום צעהנטען און צום צוואַנציגסטען מאָל. זי האָט זיך גאָרניט געקענט אָנזעט־טיגען. די אָפּגעריסענע, קורץ־אָטעמדיגע ווערטער פון דער

בלויער אידענע, דאָס לעקען דעם גראָבען פינגער און די גע־
היימניספולע „פּאָקאַזאַניע" — האָבען איהר אַ פּישוף אָנגעטאָן:
האַ? זי זעהט עפּעס אַ שליטען... איינס, צוויי דריי... אַ ווײַ־
טער וועג און שניי... און אָט איז ווייטער די „פּאָקאַזאַניע"
אויף אַ הויכען מאַנסביל... ער פאָהרט... און אָט זיינען צוויי
קינדער נעבען... אַ „פּאָקאַזאַניע" מיט אַ מאַמען, מיט פּעקלעך.
אַ סך פּעקלעך... קינדער וויינען... און אָט איז דער אַל־
טער בייזער מענש מיטן שטעקען. די זעלבע פּאָקאַזאַניע...
ער געהט נאָך און לאַ־אַכט... עפּעס זעהר אַ גרויסער שונא.
די פּאָקאַזאַניע ווייזט, אַי, ער איז גאָר נאָהענט. זי קען דאָ
גאָרנישט מאַכען! אַזוי ווייזט די פּאָקאַזאַניע...

## 2.

דער ערשטער הייסער וויעסנע־טאָג איז היינט אויסגעפּאַ־
לען. און זינט צעהן אינדערפריה האָט זיך אָהער פּאַרנאַדיעט
דעם נייעם־נגידס איינגעל. ער דרעהט זיך אַרום אָהן אַ היטעל,
ביי די פּריסטאַנעס און אַרום זונדעלס כאַטע און קען זיך קיין
אָרט ניט געפינען.

ס'איז דער שקאָלע־בחורל מיטן פאַרשטאָפּט נעזעל, מיט
דער גרויער קורטקע און מיטן ברייטען פּאַסעק אויף די דאַ־
רע לענדען. ער האָט זיך היינט פריה צושלאָגען מיט זיין
אינגערער שוועסטער—די „ציג" מיט די לאַנגע פּערעל־באָמבע־
לעך אין די בלייכע אויערען. ווי שטענדיג האָט זי מעלה־גרה
געוועזן אַ מאַנדעל־בייגעלע, געשאָקעלט דאָס אויסגעצויגען גאָמ־
בעלע. האָט דאָס איהם פאַרדראָסען. אָנקוקען קען ער זי ניט
ווען זי איז אַזוי מעלה־גרה. האָט ער זיך גענומען טשעפּען
צו איהר, און זי, די „ציג", האָט, ווי איהר שטייגער איז,
געכאַפּט דער מאַמעס אַ טיפּען קאַלאָש און נאָכגעיאָגט זיך
נאָך איהם איבער אַלע קאַמערען. זי יאָגט זיך נאָך איהם און
ער באַשיצט זיך מיט אַ בייניקעל, שליינגעלט זיך אַרויס און
טשעפּעט זיך. זיין באַקאַנט לידעלע פּאָנפּעט ער איהר:

קאַזי-קאַזינע,
שהלכה לגינה
ואכלה לבאַטשווינע —
אמר רבינא:
מאי דינא?...
נוטל דובינע
און ברעכט איהר אַ זייטינע
און שפּאַלט איהר אַ —

אָבער דאָס טייער לידעלע, מיטן גמרא-ניגון, האָט ער ניט פאַרענדיגט. וואָרים די באַזונגענע „ציג" האָט איהם דאָס-מאָל געטראָפען מיטן טיפען קלאָש. ער כאַפּט אַ קוק אין שפּיגעל און דערקענט זיך ניט. אַ קויטיגער מיתה-משונה-פלעק ליגט איהם אויסגעגאָסען אינמיטען פּנים, און פונם פאַרשטאָפּט נעזעל קאַפּעט בלוט... ווי אַ ווילדע קאַץ האָט ער זיך איינ-געקלעמט דער „ציג" אין די שיטערע צעפּ און אויסגעריסען איהר אַ צייל האָר פון סאַמע פאָרענט. האָט זיך דער טאַטע אליין, דער נייער-נגיד, אַריינגעמישט, אָנגענומען זיך פאַר דער טייערער טאָכטער און אַריינגעוואָרפען דעם שקאָלע-יונג עטלי-כע פייערדיגע פעטש. אַזאַ באַליידיגונג און אַזאַ אומגערעכטיג-קייט האָט דער פופצעהן-יאָהריגער שקאָלע-בחור ניט געקענט פאַרטראָגען. אָנשטאָט אַוועקצוגעהן אין שקאָלע איז ער, אויף-צו-להכעיס, אָהן אָנבייסען און אָהן אַ היטעל, אַנטלאָפען צום דניעפּער. אַלע באַליידיגטע און פאַרביטערטע לויפען צום פרייען וואַסער, איז ער אויך געלאָפען. אַזאַ קראַפּט האָט שוין דער זאַמדיגער ברעג פון טייך... דרעהט ער זיך דאָ אַרום, דעם נייעם-נגידס תכשיט, שלינג-און-שלאַנג געהט ער דאָ אום, און לעהנט אונטער דאָס האַרץ מיט אַ קיכעלע, מיט אַ פּרע-פּיצע — אַ ווייך קיכעל אַזאַ מיט געשטויסענע קאָניפליעס באַשמירט—און מיט אַ האַרט-געקאָכטער, רויטער איי, וואָס ער נעמט אויף באָרג ביי זונדעל-גאָטס-גנב פון קאָשיק...

— נישקשה, כע-כע, זאָל ער נאָר נעמען! — אַזוי מונ-

טערט איהם זונדעל — דעם נייעם־נגידס אַ זוהן קען מען בּאַרגען. דער טאַטע זיינער, דער נייער־נגיד, וועט זיין זוהן ניט לאָזען אָנזעצען, ווי?

מען קען ניט זאָגען, אַז אַזאַ צווידייטיג ווערטלען זיך פון „גאָטס־גנב״ איז דעם פאַרפיעסצעטען שקאָלע־בּחורל שטאַרק געפעלען געוואָרען. אַן אַנדערש מאָל, לעבען שטוב, אָדער אין הויף פון שקאָלע, וואָלט ער איהם די אָנגעשפּאָלטענע איי און די דורכגעטאַפּטע פּרעפּיצע געוואָרפען צוריק אין בּרוד־נעם קאַשיק אַריין. נאָר וואָס זאָל ער טאָן? אַז ער איז דאָ אויפן בּרעג דניעפּער אַ גר... אַן עלענדער גר צווישען אַזוי־פיל בּאַלעגאָלעס און גראָבּע־יונגען. ס׳איז ניט דער ריכטיגער אָרט צו בּלאָזען זיך און ניט צו־עסען עמיצען אויף צו־להכעיס. קיינער וועט איהם דאָ ניט נאָכלויפען און ניט בּעטען זיך בּיי איהם... האָט ער מיט בּיטערען אַפּעטיט געקייט און גע־שלונגען דעם טרוקענעם, אויף בּאָרג־גענומענעם אָנבּייסען. גע־קייט און געשוואוירען זיך אין האַרצען, אַז אויך דערפאַר וועט ער זיך נאָך מיט זיין ליבּהאַרציגער שוועסטערקע אָפּ־רעכענען... ס׳איז אַלץ איבּער איהר!... וואַרט! זאָל ער זיך נאָר איבּערבּעטען און געהן אַהיים און זאָל ער זיך נאָר לאָ־זען איינרעדען פון דער מאַמען אויפצועסען אַ הינערשע יאַיכעל... אָבּער ניין! אַהיים געהט ער ניט! אָט דאָ וועט ער נעכטיגען אויפן בּרעג דניעפּער אין הוילען זאַמד! אָט דאָ וועט ער זיך צוקיהלען... און זאָלען „זיי״ וויסען!

און ווי ער קיהלט זיך אַזוי דאָס האַרץ, דער שקאָלע־בּחור, און ווי ער ווערגט זיך אַזוי מיט דעם לעצטען שטיקעל פּרעפּיצע, וואָס לאָזט זיך ניט אַיינקייען ווי אַן אָנגעוואייקט לעדער, אַז עס גיט דאָס ניט אַ קלאַפּ דער ערשטער מאַיאָווער דונער אינדערווייטענס, און אַ צווייטער — נעהענטער. אַ ווינטעל גיט אַ בּלאָז, אַ וואָלקען לויפט אָן ווי אַ שוואַרצער פאַרעכאַד אויפן מיטען הימעל און אַ רעגען הויבּט אָן פליוכען ווי פון אַ רעשעטע. די בּאַלעגאָלישע דעליעס צוגלאַנצען זיך פון

נאַסקייט און וואַסער־מענשעלעך צוטאַנצען זיך אויף דער פלאַך פונם דניעפּער־שטראָם.

אַלע לויפן אַרויף־ברעג. צו זונדעלס כאַסע־צו איילט מען זיך, צו דער אייזערנער אויוועלע אינמיטען שטוב... פאַר־געסט דער שקאָלע־בחור, אַז ער האָט אָקאָרשט געשוואוירען צו פאַרקיהלען זיך, אויף צו־להכעיס טאַטען און מאַמען... ער לויפט מיט אַלע באַלעגאָלעס און נאָסקע־טרעגער. ער פאַר־לויפט זיי פאָראויס מיט זיינע יאָלדישע פיס. ער שטופט זיך דער ערשטער צו דעם צוגליהטען אייזערנעם אויוועלע, אָפּצו־טריקענען די שול־קורטקע מיטן רימענעם פּאַסעק. עס איז דאָך עפּעס דעם נייעם־נגידס אַ זוהן, ער געהט דאָך עפּעס אין שקאָלע...

אָבער דאָ, ביים רויטליכען שיין פון דער אויוועלע, דער־קענט איהם פראָיקע, דער פאַראָרימטער פאַבריקאַנט פון לע־דערנע רענצעלעך. פראָיקע האָט מיטן נגידישען יאָלד זיינע חשבונות: ערשטענס, איז ער דאָס דורך ז יי ן שקאָלע־ראַניעץ נכשל געוואָרען... ווען ניט דער טונקעל־געלער־לעדערנער ראַנעץ ביים שקאָלניק אויפן רוקען, וואָלט זיך איהם, פראָיקען, קיינמאָל ניט פאַרגלוסט אָפּצוטרענען די קעלבערנע איינבאַנדען פון די גרויסע גמרות און מאַכען פון זיי רענצעלעך. צוויי־טענס, בשעת מ׳האָט נאָך איהם, פראָיקען, געלאָזען שלאָפען אין אַלטען בית־מדרש און געגעבען צעטעלעך צו עסען טעג, האָט ער אַלע מיטוואָך געגעסען ביים נייעם־נגיד אין קאָכ־שטוב. דאָרטען האָט ער געגריזשעט ביינער און, מיט דער זשעדנעקייט פון אַ פאַרוואָגעלט הינטעל, צוגעזעהן, וואָס פאַר אַ יאַיכעלעך, צימעסלעך, טייגעכצלעך, הינדעלעך מען קאָכט דאָס און מען פרעגעלט פאַרן נייעם נגידס תּכשיט, פאַרן שקאָלניק מיטן שוואַכען בייכעל און מיטן פאַרשפּיצט מאָרדע־לע. מיט דער שנאת־חנם פון אַ היימלאָזען מזיק אַ אינגעל, האָט פראָיקע צוגעזעהן ווי דער שקאָלניק פּיעסטשעט זיך און בריקעט זיך און בלאָזט זיך און וויל ניט עסען פון די אַלע טייערע געקעכצען; און ווי די מאַמע זיינע, די נגידיתטע

מיטן גאַליגען פּנים, בעט זיך ביי איהם רחמים-תחנונים און האַליו-בעט איהם... אַ חלשות איז דערפון פּראָיקען אָנגעגאַנגען. צו-קוקענדיג אַזעלכע סצענעלעך אין קאָכשטוב, האָט אָפטמאָל דאָס נגידישע געקעכץ באַקומען אַ מאָדנעם טעם, אַ מין שווערע פּריקרעקייט פון פלאָדען מיט הערינג-ראָסעל, צימעס-פלייש מיט נאַפט...

אַ באַהאַלטענע בייזקייט האָט אַזוי פּראָיקע געטראָגען אויף דעם שקאָלניק און אויף זיין שוועסטערל מיט די לאַנגע באָמבעלאַך אין די בלאַסע אָפּגעצויגענע אויערען. דער שקאָל-ניק אָבער, פון זיין זייט, האָט אפילו קיינמאָל, דאַכט זיך, ניט באַמערקט, אַז עמיצער אַ פרעמדער עסט דאָ אין קיך פון אַן אָנגעשפּאָלטען טעלער. איהם האָט, אפּנים, זעהר ווייניג גע-אַרט וואָס דאָס בעטלערעל טראַכט זיך דאָרטען פאַר זיך, גריי-זשענדיג דאָס ניט-דערקאָכטע פלייש אַרום די ביינער...

נאָר איינמאָל, מיטוואָך, בשעת וואַרימעס עסען, האָט, אפּנים, דעם נגידישען שקאָלניק יאָ געגומען פאַרדריסען וואָס דער פרעמדער ישיבה-בחורל טשמאָקעט אַ ביין און שווייגט אַזוי פאַרביסען. האָט ער זיך צו איהם צוגעשאַרט אַזוי, פאַר-ביי́געהענדיג, ווי אַ האָן צו אַ הענדעל, און פון אויבען-אַראָפּ גענומען עפּעס קוואָקצען און באַריהמען זיך. אַ וואָרט צו אַ וואָרט האָט ניט געקלעפּט. ער האָט זיך געקעמט דעם כאָכעל-טשיק מיט פינף-פינגער ווי אַ חתן-בחור און, פאַרשקענדיג מיט די ליפּען פאַר גאוה, דערצעהלט עפּעס פון דער שקאָלע און וואָס מ׳לערענט אין דער שקאָלע. אָט, למשל... צי ווייסט ער, אַ שטייגער, דער טשערקאַסער אינגעל, ווער עס האָט געפונען אַמעריקע? ער ווייסט ניט. אַז רב פּפּא אפשר?.. אָט וועט ער איהם זאָגען. געפונען האָט דאָס קאָלומבוס. קאָ־לום־בוס!.. אַצינד ווייסט ער.

דעם נייעם נגידס בחורל האָט זיך געדוכט, אַז ער פאַר-שפּרייט „ליכט און וויסענשאַפט” צווישען אָרימע קינדער, אַזוי ווי עס טוען, לויט ווי ער האָט געהערט, די עלטערע חברים פון זעקסטען קלאַס אין שקאָלע... אָבער אויף פּראָיקען האָט

דער זאַפטיגער, צוויי מאָל איבערגעחזרטער „קאָלומבוס" גע-
האַט גאָר אַן אַנדער ווירקונג. פּראָיקע האָט חושד געווען, אַז
אַזאַ וואָרט איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. עס קען גריילעך
זיין, אַז איינער אַ קאָלומב האָט געפונען אַמעריקא. אָבער
נ י ט — קאָלומבוס. דאָס זאָגט נאָר אַזוי דעם נייעם נגידס
תּכשיט, כּדי צו ווייזן איהם זיין געלערענטקייט...

דער שקאָלניק, מיטן פּאַרשטאָפּט נעזעל, איז אָבער ניט
אָפּגעשטאַנען. ס'האָט איהם גאָר ניט אָנגעהויבן צו אַרען וואָס
דער ישיבה-אינגעל שווייגט אונטער. יאָ — עקזאַמינירט ער
איהם ווייטער — און פון וואָס, אַ שטייגער, ווערט אַ דונער?..
ווי? גאָט רייט איבער די וואָלקענס? כאַ-כאַ... ווער האָט איהם
דאָס אין טשערקאַס געזאָגט?.. אַ פערד אפשר מיט פּאָדקעוועס?
נו, אַ דונער קומט פון עלעקטריטשעסטווע... דאָס צינדט זיך
אָן די עלעקטריטשעסטווע אין די וואָלקענס. ער פאַרשטעהט?

פּראָיקע דער מופקר, דער טרענער פון לעדערנע גמרות,
האָט דעמאָלט, אין דעם נייעם נגידס קאָכשטוב, געמאַכט אַ
באַשיידענע מינע פון אַן עם-הארץ, וואָס לאָזט זיך לערנען פון
אַ תּלמיד-חכם. ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער גלויבט זעהר
שטאַרק אין דער געלערענטקייט פון אַזאַ יאָלד אַ שקאָלניק. ער
האָט אַזש די ממזרשע אויגען זיינע אַראָפּגעלאָזט פון דאַנקבאַר-
קייט. יאָ, איצטער ווייסט ער: „עלקע... ליקרע..." ווי זאָגט ער?
— עלעקטריטשעסטווע! — האָט אין איהם דעם נייעם
נגידס בחורל אַריינגעטייטשט מעשה-לעהרער, וועלכער האָט אַ סך
געדולד צו גראָבע קעפּ.

אָבער דאָ, אַצינד, אין רעגען, ביי זונדעלס אויוועלע,
האָט זיך פּראָיקע דערמאָנט אָן דער תּורה וואָס ער האָט אַזוי,
אונטערטעניג און איבער-געוואַלד, געמוזט לערנען פון אַזאַ
לאָקש, אין דער נגידישער קאָכשטוב. די גאַנצע פאַרגעסענע
שנאה האָט אין איהם אויפגעפלאַקערט. העט? דאָ וועט אפשר
דער יאָלד אויך מאַכען אַזאַ „פּאַראַד"? דאָ, ביי זונדעל גאָטס-
גנב זיינען אַלע גלייך. ער, פּראָיקע, דאַרף דאָ מעהר ניט קיין
נגידישע וואַרמעסלעך, מיט וועלכע מען ווערגט זיך אפילו ווען

מען איז הונגעריג... דאָ, ביי זונדלען עסט מען געקאָכטע בולבעס מיט הערינג און עס צעגעהט זיך איבער אַלע אברים.

און עפּעס גאָר פּלוצלונג, בשעת אַלע אָנגעלאָפענע פּאַרשוינען פון ברעג דניעפּער האָבן זיך, שווייגענדיק, געוואַרימט ביים אויוועלע און אַ פּאָרע האָט גענומען זעצען פון די פּייכטע כאַלמידעס און פּאָדיאָווקעס, דאַרף זיך עמיצן פּאַרוועלן אַ זאָג טאָן!

— העץ, אַזעלכע דונערען אין מאַי!

נעהמט פּראָיקע און פּאַרקרימט, מעשה-באַלעגאָלע, זיין אינגעלשען, פאַרשוימטען מופקר-מויל אויף איין זייט, און מיט אַ ברודיגען פינגער, מיט אַ שוואַרצען נאָגעל, ווייזט ער אַלעמען אָן אויף דעם נייעם נגידס בחורל אָהן אַ היטעל:

— כ'העט!.. ער זאָגט, אַז אַ דונער ווערט פון ליקעריטשעסטווע!..

אַלע ווערען נשתומם פון אַזאַ מאָדנעם וואָרט. אַ פּאָר נאָסקע-טרעגער צעקיצעלט עס און זיי טוען אַ לאַך. באַקומט פּראָיקע דער מופקר נאָך מעהר מוט און טיקעט דעם בלאַסען שקאָלניק מיט זיין פינגערעל גלייך אין פאַרשטאָפּטען נעזעל אַריין:

— אפשר ניט?... ס'צינדט זיך דאָך אָן אין די וואָלקענס ליקעריטשעסטווע...

אַצינד פאַרשטעהען שוין גאָטס-גנב און טעמע זיין ווייב אויך, וואָס און ועמען מען מיינט דאָ. גיבען זיי אַ צוק מיט די אַקסלען און טוען פּאָטערליך-שפּאָטיש אַ לאַך, ניט צום מטושטשן שקאָלניק, נאָר צו פּראָיקען — זייער אַדאָפּטירטען גאַסען-אינגעל.

דערזעהט די בלויע קאָרטען-וואַרפּערקע, אַז איהרע ברויטגעבער לאַכען, שטעקט זי אויך אַריין די צונג:

— וואָס זאָגט איהר, טייערינקע? אַזאַ מין פּאָקאַזאַניע! אַ דונער איז גאָר „ליקעריטשעסטווע״!

## 3.

ביים נייעם נגידס בחורל האָבען גיך גענומען בייטען-זיך אַלערליי קאָלירען אינם אויסגעצצואָגענעם, לאַנגען פּנים. פון אויפרעגונג האָט ער גענומען פּאָמפּען מיט זיין פאַרקאָטערט נעזעל, ווי אַ פאַרעכאָדעל, בשעת ער רעגולירט דעם דאַמף. ער האָט קעציש-שאַרף אָנגעקוקט זיין אָפּלאַכער און געבליבען אַ ווײַלע שטעהן אַ צעטומעלטער. ער האָט זיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט. ער האָט אינם באַוואַקסענעם, אָפּגעריסענעם און אָפּגעשליסענעם מופקרל קוים דערקענט דעם ישיבה-בחורל, וואָס האָט ביי זיי אין קאָכשטוב געגעסען טעג, מיט עטליכע וואָכען צוריק... וואו איז אַהינגעקומען יענע בעטלערישע מינע, יענע פאַרשעמטע באַשיידענקייט מיט פייכטע, אַראָפּגעלאָזענע אויגען. דאָ איז אַקעגען איהם געשטאַנען די גאַסען-חוצפּה אַליין, די צו-להכעיס-הפקרות, מיט ברודיגען שוים פון שנאה אויף די ליפּען. ווי?... און אַזאַ איינער, אַזאַ שלעפּערעל דערלויבט זיך דאָס צו וואַרפען איהם אין פּנים אַריין די לעהרע וואָס ער האָט איהם געלערענט? איהם — דעם נייעם נגידס ציטעריגען זוהן, דעם שקאָלניק פון פערטען קלאַס, וואָס זוכט צו פאַרשפּרייטען בילדונג צווישען די אָרימע אינגלאַך? —

—ד... דו... דו, פאַסקודניאַק! — ווערט פּלוצלונג אויפּגעקאָכט דעם נייעם נגידס בחורל. — דו קבצן-דו! דו-דו-דו גנב דו, פו-פו-פון גמרא-טאָוולען...

דעם נגידס אינגעל פאַרזאַאיקעט זיך אָזש פאַר אויפרעגונג און כאַפּט איבער די מאָס. דאָס זידעל-וואָרט „גנב" ווירקט אין זונדעלס כאַטע, ווי דאָס דערמאָנען אַ שטריק אין אַ שטוב פון אַ געהאָנגענעם...

— פּע! — מאַכט טעמע, זונדעלס אידענע, און פאַרקרימט זיך אַזוי דעליקאַט, פּונקט ווי זי וואָלט גאָר קיינמאָל אין לעבען ניט געהערט אַזעלכע רייד — וואָס עפּעס פאַר אַ ווערטער, האָס?

— ליקערי־טשעטשוועס! — רייצט זיך פּראָיקע דער מופקר מיטן צאָרנדיקן שקאַלניק. ער פאַרדרעהט נאָך דערביי שפּאָ־טישער דעם מויל אָן אַ זייט און וואַרפט מיט דער ברודיגער גאָמבע.

— יאָ, און ווער האָט דאָס ביי דיר געפונען אַמעריקע?.. עפּעס איינער אַ — אַ — „בומבוס“, — אַזוי ווענדעט זיך פּראָיקע צו די באַלעגאָלעס און נאָסקע־טרעגער, — ער מאַכט פאַראַד, מאַכט ער: „קומבוס“, „שמומבוס“... כ־הי!

אין אַ כוואַליע פון גרויס געלעכטער גיט זיך דעם נייעם נגידס בחורל אַ וואָרף אויפן חוצפּהדיגען בעטלערל. ער גיט זיך אַ וואָרף שלאָגען ווי אויף קדוש־השם. וואָרים פיהלען פיהלט ער, מיט זיין נגידיש האַרץ, אַז דאָ, ביי זונדעל גאַטס־גנב אין כאַטע, איז י ע נ ע ר שטאַרקער און זיכערער. יענער געפינט זיך דאָ אין זיין סביבה, ווי אַ פיש אין וואַסער. און ער, דעם נייעם נגידס זוהן, אַזאַ תכשיט, וואָס אינדערהיים בלאָזט ער זיך אויף הינערשע יאַיכלעך, שטעהט דאָ איינער אַליין מיט זיין איידעלען פנים, מיט די מאָגערע הענט און מיטן לעדערנעם שקאָלע־פאַסעק אויף די דאַרע לענדען. פון דער היים איז ער דאָך אַנטלאָפען. אָפּגעריסען פון וואָרצעל שטעהט ער דאָ אויג אויף אויג מיט אַזאַ גראָבער חברה... אָבער די צעקאָכטקייט זיינע און צאַפּעלדיגקייט לאָזען איהם ניט איבערטראַכטען. וואַרפט ער זיך ווי אַ שטוביגער הינטעל אויף אַ ווילדען חזירל אין וואַלד.

אָבער טעמע, די בעל־רחמימטע און זונדעל גאַטס־גנב אַליין דערלאָזען ניט צו אַ געשלעג. פיער הענט שטעלען זיך אַקעגען. דעם נייעם־נגידס בחורל באַרוהיגט זיך אַביסעל. אין האַרצען צופרידען וואָס מ׳האָט ניט דערלאָזען. שאָקעלט אויף איהם טעמע איהר באַטיכעלטען קאָפּ, קוקט אויף איהם, מיט שפּאָטישער רחמנות פון אונטערן שטערן און ווישט זיך די מאַנסבילשע נאָז:

— און טאַקע, — מאַכט זי מיט אַ געמאַכטער פרומקייט

פון אַ רודף־שלומניצע — וואָס דאַרפסטו דערצעהלען אַ קינד
אַזעלכע נאַרישקייטען... ליקריטשעסטווע גאָר!
— אַ דונער — ליקעריטשעסטווע! — העלפט אונטער
די קאָרטען־וואַרפערקע מיט אַ חניפה־שמייכעלע — אַזאַ „פּאָ־
קאַזאַניע״!
דאָס „קינד״ — מיינט מען פּראָיקען דעם גנבל פון
גמרא־טאָוולען. זיצט זיך דאָס „קינד״ באַשיצט הינטער די צוויי
ברייטע אידענעס מיט פּאַרטיכער איבער די אויפגעבלאָזענע
בייכער, הינטער טעמען און הינטער דער בלויער טרעפערקע,
און מאַכט נאָך פון שקאָלניק חוכא־טלולא. ער מאַכט דערביי
העויות פון אַ געמיינעם נפשל, וואָס האָט פריהער אויסשפּיאָ־
נירט אַלץ וואָס טוט זיך ביים נייעם נגיד אין קיך און האָט
אַלץ געבראַכט אַהער צו זונדלען אין פעסטונג. דאָ האָט ער
זיך פאַרפאַנצערט און לאַכט אָפּ פון שונא, וועלכער שטעהט
אונטערן „מויער״ און קען צו איהם ניט דערלאַנגען. אַצינד
מאַכט ער נאָך ווי דער שקאָלניק וויל ניט עסען, און ווי די
מאַמע זיינע, די נגידיתטע, בעט זיך ביי איהם מיט אַ זויערען
פּנים און מיט אַ שוואַכען קול פון אַ קינפעטאָרין:
— זונעלע, אַביסעלע יאַיכעל! פאַרזוך נאָר...
— כ׳וויל ניט קיין יאַיכעל!
— אַ שטיקעלע ביילק פון הון... צעגעהט אין מויל.
— זצה, לאָז מיך!
— כאָטש אַ קאַפּעלע פלוימען צימעסעל, ליאָווקע, ס׳איז
דיר גוט צום מאָגען!
— זצה, זצה... כ׳וויל ניט... דוקא ניט!
קען שוין דעם נייעם נגידס בחורל מעהר ניט אויסהאַל־
טען. פייל פון בויגען גיט ער זיך אַ וואָרף אויף „דאָס קינד״,
און ד אָ ס מאָל געלינגט איהם צראָפּצולאָזען אַ קנאַק, מיטן
דאַרען פויסט, איבער די ברודיגע, צעבלאָשעטע האָר.
אָבער גלייך נאָכדעם באַמערקט דער שקאָלניק, אַז דער
קליינוואוקסיגער גאָרנישטעל, דער שטענדיג הונגעריגער ישיבה־
בחורל, איז דאָ, אין זונדעלס סביבה, אויסגעוואַקסען, ניט

נאָר אין חוצפּה, נאָר אפילו אין כּח און פלינקייט. ער באַמערקט דאָס אָבער צו־שפּעט, וואָרים דער טשערקאַסער יאָטעל שפּרינגט־אויף, אונטערן קלאַפּ, ווי אַ געשלאָגענער גומענער באַל; גיט זיך איהם אַ וואָרף אין פּנים, אין בלאָסען, אויסגעאיידעלטען פּנים פון אַ נגידס אַ זוהן. דער „גומענער באַל" לאָזט דערביי אַרויס פינף שוואַרצע נעגעל און צעדראַפּעט איהם די גאַנצע הויט פון באַק:

— נאַ דיר ליקריטשעסטווע!

דעם נייעם נגידס בחורל דערפיהלט אויפן באַק דעם טעם פון אויסגעשאָטענעם הייסען פּריסיק. אַ גליהענדער שמאַרץ שיסט פון אויג צום שלייף־צו. ער גיט אַ טאַפּ די באַק, מיט זיין אויסגעכאָליעטער האַנט, און דערזעהט בלוט אויף דער דלאָניע. אַצינד איז ער פאַרלוירען. אַצינד וועלען אַלע זעהן, אַז ער, דעם נייעם נגידס תכשיט, האָט זיך געשלאָגען מיט אַ גאַסען־אינגעל. אין שקאָלע וועט ער זיך ניט קענען באַווייזען. דער טאַטע וועט ברומען, די מאַמע וועט קוויטשען און די שוועסטערעל מיט די באָמבעלען און די ציינגענע אויערען וועט איהם ערשט אַצינד נעהמען דעם לעבער: „וויפיעל קאָסט ביי דיר אַן אַרשין „דראַפּ"? דו!"

פון פאַרצווייפלונג פאַרקרימט זיך ביים שקאָלניק דער פּנים אין אַ משונהדיגער העויה. די צייהן פאַרסקאָליען זיך ביי איהם אונטער די מאָגערע באַקען. ער דערפיהלט דעם באַהאַלטענעם דם־שונא, ניט נאָר אין פּראָיקען, נאָר אין אַלע גראָבע־יונגען אַרום איהם; ניט נאָר צו איהם אַליין, נאָר צו זיין טאַטע־מאַמע אויך. ס'איז אַ מאָדנע שנאה, אַ פּאַרטאַיעטע פון אַלע די וואָס עסען ביי רייכע באַלעבאַטים אין קאָכשטוב און טאָפּטשען זיך אויף איין אָרט און ריידען כּלומרשט אונטערטעניג און חניפהדיג. ס'איז די שנאה פון אַלע די וואָס בעטען טובות, פון אַלע די וואָס דאַנקען און ווינשעווען אין נגידישע הייזער...

מיט אַ יאָמערדיגען געשריי גיט ער זיך אַ וואָרף אויף זיין שונא. אָט וועט ער איהם אַצינד ווייזען ווער עלטער איז!

אָבער „דאָס קינד" האָט זיך שוין ווידער באַהאַלטען הינטער די ברייטע פּאַרטוכער פון די צוויי אידענעס, און קוקט אַרויס, ווי אַ יונגער טכויר פון נאָרע, אויף אַ גאַלאַגאַנעם הענדעל וואָס האָט זיך צעקרעהט.

דאָס מאָל, מישט זיך אַריין זונדעל גאָטס-גנב אַליין. זיין גאַסט-פריינטשאַפט און גערעכטיגקייט דערלאָזען ניט — אַ גביריש בחורל זאָל שלאָגען אַן אָרים פאַרוואָגעלט אינגעל ביי איהם אין הייזקע.

— געה צום טאַטען דיינעם! — שרייט זונדעל הייזעריג — וואָס ביסטו געקומען אַהער שלאָגען זיך, וואָס?..

— אַ נייע „פּאָקאָזאַניע"! — העלפט איהם אונטער די קאָרטען-טרעפּערקע — אַ יתום — שלאָגען גאָר! אַי-אַי... שעמט זיך גאָר ניט...

— ווער פרעגט ביי אייך? — גיט זיך צו איהר אַ מאָר-דעווע דעם נייעם נגידס שקאָלניק — וואָס לעקט איהר זיך דאָ אונטער, וואָס? ש...שלעפּערקע!

— פּע-ע! וואָס פאַר אַ ווערטער! — שטעלט זיך איין טעמע פאַר איהר קעסט-אידענע. זי מאַכט דערביי די פריהער-דיגע דעליקאַטע מינע פון איינער, וואָס איז ניט געוואוינט צו אַזעלכע רייד. זי פּאָכעט זיך אַזש אָפּ מיטן ברייטען פאַרטוך, ווי פון אַ שלעכטען ריח, — געה, געה!

העלפט איהר נאָך צו דער מאַן איהרער, זונדעל, מיט זיין גערעכטיגקייט פון אַ גאָטס גנב:

— געה! — מאַכט ער צום שקאָלניק — ברענג מיר בעסער אָפּ די פיער קאָפּיקעס פאַר דער פרעפיצע און געקאָכטע אייער, וואָס דו האָסט ביי מיר אָנגעבאָרגט.

דעם נייעם נגידס בחורל פאַרדעקט זיך די אויגען פאַר חרפּה. אַזוי לויפט ער אַרויס פונם דאָזיגען גיהנום, וואו שנאה און אומגערעכטע בייזקייט ברענען צוזאַמען מיט די שייטען גע-לאַטכענטע האָלץ אין דער אייזערנער אויווע. דאָ, וואו אַזאַ אויסוואורף, ווי פראָיקע, איז נעבאַך אַ יתום אַן עלענדער, און ער, דעם נייעם נגידס זוהן, אַ צעדראָפּעטער, אַ באַליי-

דיגטער, איז נאָך אומגערעכט און ווערט אַוועקגעטריבען ווי אַ פרעמדער הונט פון אַ פּאַמוניצע, דאָ וועט ער שוין קיין גע־רעכטיגקייט פאַר זיך ניט געפינען. אָט, ווען ער וואָלט גע־גאַנגען אָפּגעריסען־אָפּגעשליסען, מיט אַ חדשים־לאַנג ניט־גע־וואַשענעם קאָפּ, וואָלט מען זיך פאַר איהם יאָ איינגעשטעלט. אַצינד לויפט ער זוכען גערעכטיגקייט אין שטאָט... אין שטאָט? ביי וועמען? ביים טאַטען? ביי אָט דעם ברוגזן נגיד? ביי דער מאַמען מיטן זויערען פנים?... ביי זיי וועט ער עס אויך ניט געפינען. זיי וועלען זיך גאָר שעמען אָנצוהויבען מיט אַזעלכע נפשות, ווי זונדעל און אַלע פאַרשוינען אַרום איהם. צו זיי איז ער דאָך היינט פריה אַנטלאָפען פון טאַטע־מאַ־מען. אצינד זאָל ער לויפען צוריק מסרן טאַטע־מאַמע אויף זיי?

דער ביטערער ווידערשפרוך טרייבט איהם צוריק צו זונ־דעלס הייזקע. ניין! נאָר אויף זיך אַליין מוז ער זיך פאַר־לאָזען!...

שפרינגט ער צו, שטעלט זיך אין דער אָפענער טיר און שרייט צו פראָיקען:

— וואַרט, וואַרט, גנב, כ׳וועל דיר שוין כאַפּען אין אַ געסעלע!

— ליקעריטשעסטווע! — שרייט איהם אַקעגען פראָיקע דער מופקרל, און באַהאַלט זיך פונדעסטוועגען גלייך הינטער די ברייטע אידענעס. וואָרים אין די אויגען פונם נייעם־נגידס יאָלדישען תכשיט ברענט אַצינד אַ נייער פייער, דער פייער פון אמתער נקמה און זעלבסטשטענדיקייט.

# אַ מלאך פון רבינס פאַרעכאָד

## 1.

נאָכן הייסען קלאַסענקאַמף אין זונדעלס הייזקע האָט די זון אויפגעלויכטעט און מערע, מיטן קינד אויפן אָרעם, איז אָנגעקומען פון שטאָט קוקען ווי די פאַרעכאָדען געהען. דאָס איז געוואָרען איהר טעגליכע באַדערפעניש. זינט די מאַי-ווינטען האָבען אַ בלאָז געטאָן קען זי זיך קיין אָרט ניט געפינען. די נויט אין שטוב דריקט זי צו, די איינזאַמקייט, אָהן דער מאַן, וועלכע שטעהט אַ גאַנצען טאָג אין מאַרק ביי אַ טישעלע מיט „סחורה" פאַר צוויי גילדען, יאָגט זי אַוועק פון די פיער אָפּגעלאָזענע ווענט. לויפט זי דערפאַר טאָג-איין טאָג-אויס צו זוכען טרייסט ביי טעמען און — אַביסעל זון ביים פרייען ברעג דניעפער, און געפינט דאָס אָפטמאָל.

פון זונדעלס הייזקע האָט זיך אַצינד, נאָכן רעגען, אַרויסגעשאָטען די גאַנצע משפחה מיט די אָנגעלאָדענע קאָשיקעס איןביידע הענט, און געלאָזען זיך געהן צום פריסטאַן. וואָרים דעם רבינס פאַרעכאָד האָט שוין געטרובעט ביי די קאַכעלניצעס, אָנקומענדיג פון אָרשע.

ווי נאָר דער פאַרעכאָד איז צוגעשטאַנען צום פריסטאַן, איז פון דער אַריבערגעוואָרפענער קלאַטקע, מיט די ערשטע פאַסאַזשירען, אַראָפּגעלאָפען אַ פלינקער יונגערמאַנטשיק, מיט אַ שוואַרצען ציגיינערשען פנימעל, באַשאָטענט מיט אַ גרויסען

קאָזיראָק פון אַ ברוינעם קאַשקעט. אַ דאַרינקער און אַ לעבע־דיגער, אין אַ נייעם געפּרעסטען גאַרניטער, פונם זשלבען ברוינעם שטאָף ווי דער קאַשקעט, און מיט פיינע האַלבע לאַק־שיכלעך, ווי אַ חתן־בחור, אַזוי איז ער אַראָפּגעלאָפען, אָהן אַ פּאַלטאָ און אָהן אַ רענצעל אין האַנט. ער איז צוגעלאָפען גלייך צו טעמעס קאָשיקעס און ניט־טאַפּענדיק און ניט־נישטע־רענדיג, ווי אַנדערע אידישע קונים, אַ נעם געטון אַ פּאָר רוי־טע אייער, אַ ווייסע פראַנצויזישע בולקע, אַ שטיקעל געפּרע־געלטען מאָהן אין אַ פּאַפּירעל, און פון דער זשילעט־קעשענע דערלאַנגט דער פּאַרקויפערקע אַ זילבערנעם רובעל. ער האָט דאָס דערלאַנגט מיט אַזאַ באַוועגונג פון ביטול ווי מען דער־לאַנגט אַ פּאַרשימעלטען צווייער. עטליכע פּאָר אויגען האָבען זיך אויף איהם פאַרקוקט. מען איז אין שקלאָוו ניט געוועהנט זילבערנע רובעלס זאָלען זיך וואַלגערן אין זשילעטען, אדם־נאַ־קעט, אָהן אַ בייטעלע...

טעמע, זונדעלס אידענע, האָט זיך גענומען פּאָקען אונ־טערן פּאַרטוך, אין איהר לעדערנער טאָרבעלע, כדי צו געבען אויסגאָב. האָט אָבער דאָס שוואַרץ־חנעוודיגע פּאַרשוינדעל אַ טרייסעל געטאָן מיטן קאָפּ און האַנט:

— מ׳דאַרף ניט!

ערשט דאָ האָט טעמע אויפגעהויבען איהרע סוחריש־צעטראָגענע אויגען, און, מיט אַן אָפענעם מויל, אָנגעקוקט איהר קונה. דאָס פּאַרשוינדעל האָט איהר ממזריש אונטערגע־וואונקען מיט איין אויגעל פון אונטערן ברוינעם קאָזיראָק.

— שעפּטעלע... דו? — אַזוי האָט טעמע שטיל אַ פרעג געטאָן און אַרומגעקוקט זיך.

— ששש אַ, מומע! — אַזוי האָט דער לעבעדיגער פּאַסאַ־זשיר אַ שושקע געטאָן און זיך אויך אַרומגעקוקט.

טעמע האָט שעפּטעלע דעם גנב גוט געקענט. ניט איינ־מאָל זומער און ווינטער האָט ער זיך ביי איהר אויסבאַהאַלטען, מייסטענס נאָך אַ גנבה אין מאָהליוו צי אין אָרשע. פאָריגען ראש־השנה האָט ער זיך ביי איהר אויך באַהאַלטען, אַנטלוי־

פענדיג פון מאָהליווער אָסטראָג צום אָרשער באַהן. זינט דאָ־מאָלסט איז ער ווי אין וואַסער אַריין. ניטאָ שעפּטעלע.

— ווי דו זעהסט אויס! — קען זיר טעמע ניט אָפּוואונ־דערן — אַ פּריץ!

— שאַ, מומע, דאָס קום איך פון אויסלאַנד.

— וואָס פאַר אַ לאַנגע האָר דו טראָגסט. אַ מאָדע אַזאַ?

— מ ײ ן מאָדע. מ׳זאָל ניט זעהן דעם שראַם אויף דער פּאַטילניצע...

— אַה, יאָ, כ׳געדיינק!... נו, אַ נגיד געוואָרען?

— געלויבט דער אויבערשטער, כ׳האָב גוט געאַרבייט.

— אוי, אוי! — דערמאָנט זיך טעמע — מיין קאָפּלען, ווייסטו?... מ׳האָט דאָך איהם פאַרשיקט!

— פאַרן פערד?... דעם דאָקטאָרס, דאַכט זיך...

— געדענקסט נאָך? הירשעל גאָלדשמיד פון די ברעמלעך...

טעמע האָט זיך געריכט, אַז שעפּטעלע וועט זיך אַ כאַפּ־טאָן, אַז ער וועט זיך אָנבאָטען אָפּצורעכענען זיך מיט הירשעל דעם מסור. קאָפּעל, איהר זון, און שעפּטעלע זייגען דאָך מענ־שען פון איין פאַך... אָבער שעפּטעלע, ווייזט אויס, האָט גאָר קיין שום חשק ניט געהאַט צו איינשטעלען זיך פאַר קאָפּלען און צו באַשטראָפען טויבע אידען פאַר זייערע רכילות. וואָרים ער האָט גאָר זעהר קאַלט אַ הויב־געטאָן מיט ביידע דאַרע פּלייצקעס. האָט איהם טעמע געוואָלט אַ נעם־טאָן פון אַן אַנ־דער זייט:

— און מושען, מיין טאָכטער, געדענקסטו נאָך?... זי איז געקומען צוריק אַהיים. אַן אייניקעל געבראַכט מיר. מי... מי... מיט דעם מאַן געגעט זיך.

— הערט, מומע. — שלאָגט שעפּטעלע פּלוצלינג איבער— איהר ווייסט ניט, פאַנדרע איז שוין אַרויס פון אָסטראָג?

— פאַרדאָנס איידעם? ער?... ניין. נאָך ניט. וואָס איז? דו קענסט איהם?

שעפּטעלע האָט אַ שאָקעל געטאָן מיטן ברוינעם קאַשקעט אויף „יאָ“.

— ס׳איז שוין איינמאָל אַ „יאַט״! — מאַכט ער און גיט אַ זיפץ ווי אַ פאַרביינקטער — נו, גוט! וועל איך איהם שוין זעהן אין מאָהליוו...

— אַך, — גיט זיך טעמע פלוצלינג אַ כאַפּ און אַ פּאַטש מיט ביידע הענט איבער איהרע קאָשיקעס — וואָס שווייג איך, וואָס? אָן שטעהט דאָך מערע! מערע סענדערס. פאַנדרעס ווייב...

שעפטעלע צאַפּעלט אינגאַנצען אויף:

— וואו?...

— אָן דאָרטען. יענע הויכע ווייבעל. מיטן קינד אויף די הענט.

— וואָס שטעהט זי דאָ?

— וואָס זאָל זי טאָן? וואַרט אַלע טאָג אויפן מאַן. געהט אויס פאַר הונגער.

לעגט שעפטעלע אָפּ די בולקע מיט די רויטע אייער וואָס ער האָט איינגעהאַנדעלט אין טעמעס האַנט:

— האַלט-צו אַ ווייל׳עטשקע! מומע, כ׳בעט אייך...

— טו-טו! — גיט דער פאַרעכאָד אַ רעווע. ס׳איז שוין דעם צווייטען מאָל, אַז ער טרובעט. נאָכן דריטען פייף געהט ער אָפּ.

שעפטעלע קוקט זיך אום און לאָזט זיך האַסטיג געהן, דורכן אָנגעקומענעם און אָפּפאָהרענדיגען עולם. ער געהט ניט גלייך צו מערען, נאָר אין אַ גאַנץ אַנדער זייט. ער געהט פאַנדריכען אום אין האַלב-קרייז, ווי אַ שפּיר-הונט, און וואַקסט אויס לעבען איהר גאָר אומגעריכט. אַוועק, דאַכט זיך, איז ער רעכטס און אויסגעוואַקסען פון לינקס:

— המ... איהר זענט דאָס... מערע?

מערע ציטערט אויף. זי דרעהט אום דעם קאָפּ און דער-זעהט פאַר זיך, ריכטיגער — א ו נ ט ע ר זיך, אַ קליינינקען שצאָגעל אין אַ ברוינעם גאַרניטערל און אין בלישצענדיגע שי-כעלעך, וועלכער קוקט זי אָן מיט אַ פּאָר אומרוהיג-פאָרשענדע אויגלעך.

ניט וואַרטענדיג אויף אַן ענטפער, שטעלט דאָס פאַר־שווינדעל אַ צווייטע פראַגע:

— וואָס מאַכט עפּעס אייער מאַן? נאָך ניט געקומען?

— ניין, — מאַכט מערע, און שטויסט זיך אָן עפּעס אָן — שוין לאַנג קיין בריף ניט געוועזן.

— נאַ, — מאַכט דאָס פאַרשווינדעל — כ'פאָהר באַלד אָפּ קיין מאָהליוו. איך וועל איהם שוין זעהן.

— ווער זיינט איהר? — פרעגט מערע שטילערהייט.

— נאַ. פאַנדרעס ווייב מעג איך זאָגען. כ'בין שעפּ־טעלע.

— אַך, שעפּטעלע ג... — כאַפּט זיך ביי מערען שיער־שיער ניט אַרויס, דע... דער, וועלכער...

— שעפּטעלע גנב, — פאַרריכט איהר דאָס פאַרשווינדעל און לאַכט, — שעמט זיך ניט!.. און דאָס איז אייער יאַטעל? וואָס? כ'וועל שוין דעם טאַטען אָפּגעבען אַ גערוס.

מערעס פּנים צושטראַהלט זיך:

— אַך, נח האָט איהם נאָך אין זיינע אויגען ניט גע־זעהן, ווייסט ניט וואָס פאַר אַ חכם דאָס איז...

— כ'וועל איהם שוין דערצעהלען.

— דערצעהלט. דערצעהלט... און איהר... זיינט איהר דאָס שעפּטעלע? מיין מאַן האָט מיר געשריבען, אַז איהר האָט איהם געטאָן אַ סך טובות. דורך אייך האָט מען איהם באַ־פרייט פון די אָפּטריטען, דורך אייך —

נאָר שעפּטעלע קרימט זיך גאָר. עפּעס וויל ער גאָר ניט אויסהערען מערעס גוטע רייד. „גוט־גוט־גוט"... אַזוי שלאָגט ער איהר איבער און כמורעט זיך אָן. אין דער לינקער פרייער דלאָניע רוקט ער איהר פלינק אַריין אַ צונויפגעלעגט פּאַפּירעל:

— שפּעטער... שפּעטער וועט איהר קוקען, אַ? כ'מוז צום פאַרעכאָד... דערצעהלט נאָר ניט קיין מעשות... איהר פאַר־שטעהט?

— אַ פּנים אַ צעטעלע פון נחן, — טראַכט ביי זיך מע־רע און קוקט זיך אַרום. שווייגענדיג זעהט זי צו, ווי דאָס

פאַרשווינדעל מיטן גרויסן קאַשקעט איבער די פּעך־שוואַרצע גויִש־אונטערגעשניטענע האָר, לויפט־צו צו טעמען, כאַפּט ביי איהר פון האַנט אַ פּעקעלע מיט עסענוואַרג, לויפט, ניט־אָפּ־צאָהלענדיג, צו דער קלאַטקע און פאַרשווינדט אין אָפענעם איינ־גאַנג פון פריסטאַן. דער פאַרעכאָד גיט אַ טרובע צום דריטען מאָל, האַסטיג, אימיצען דראָהענדיג. די קלאַטקע מיט דער פּאָ־רענטשע ווערט אַראָפּגערוקט. די וויאָסלע־רעדער פון פאַרעכאָד הויבען אָן צו שוימען.

מיט שרעקעוודיגער נייגעריגקייט גיט מערע אָן עפּען־אויף די פאַרמאַכטע האַנט און גלויבט איהרע אייגענע אויגען ניט. אויף דער דלאָניע ליגט אַ צוזאַמענגעלעגטער, בלויאינקער, פינף־רובעלדיגער. זי גיט אַ קוק צום וואַסער: אַ צעשוימטער ברייי־טער פאַס שטראָמט שוין צווישען רבינס פאַרעכאָד און פריס־טאַן... אונטערן סאַמע דאַך פון פאַרעכאָד, ניט ווייט פון קאַ־פּיטאַן מיט דער קאָקאַרדע, שטעהט שעפּטעלע און פאָכעט צו איהר אַראָפּ מיט אַ ווייס טיכעל. די פּלוצלינקייט און פאַר־סודעטקייט, מיט וועלכער דער מאָדנער אורחל איז געקומען און אַוועק, די אומדערוואַרטעטע הילף, וואָס ער האָט איהר געלאָזען פאַלען אין האַנט, אין אַזאַ שווערער מינוט פון נויט — דאָס אַלץ האָט איהר אַצינד אויסגעזעהן ווי אַ נס פון הימעל: אַ צוטומעלטע איז זי געבליבען שטעהן און געקוקט, מיט בלאָנ־דזשענדיגע אויגען, ווי דער פאַרעכאָד מיטן ברוינעם פאַרשווינ־דעל מיט דעם ווייסען טיכעלע רוקען זיך אָפּ אַלץ ווייטער. די שוואַרצע מענשעלעך אונטערן בלעכערנעם דאַך ווערען קלע־נער, גיסען זיך צונויף. נאָר דאָס ווייסע טיכעלע פאָכעט־נאָך, ווי אַ צובראָכען פליגעלע ביי אַן אַוועקגעשוועבטען מלאך... אַזעל־כע פליגלען האָט זי געזעהן ביי די גויִשקע מלאכים, אויף די דריי־קאָפּיקענע בילדער, בשעת אַ יאַריד...

נאָר אָט דערנעהנטערט זיך שוין דער פאַרעכאָד צום אָראָפּגעלאָזענעם קאַנאַט פון פאַראָם. דער „מלאך" מיט זיין טיכעלע גיסען זיך צוזאַמען מיטן קוימען און מיטן רודער. צוויי גרויסע קנוילען פאַרע פליהען אַרויס פון פייפער, און

ערשט דערנאָך דערהערט זיך אַ דאָפּעלטער טרובען: „טו־טו, טו־טו!" דאָס הייסט: אַריבער בשלום דעם קאַנאַט... איך פאָהר קיין מאָהליוו!..

## 2.

אַז דעם רבינס פאָרעכאָד איז אַוועק, דער עולם איז זיך צוגאַנגען, זיינען נאָר די באַלעגאָלעס אָהן „שודאַקעס" געבלי־בען זיצען אויף די קעלניעס, איבערן הויכען, זאַמדיגען ברעג. זייערע פערד, מיט די אונטערגעבונדענע זעקלעך אויף די מאָר־דעס, האָבען, מיט פערדישער פאַרלעגענהייט, געוואָרפען די לאַנגע קעפּ אַרויף. זיי האָבען זיך, הפנים, שטומערהייט פאַר־ענטפערט פאַר זייערע באַלעבאַטים:

— מיר, פון אונזער זייט, האָבען געטאָן אַלץ וואָס מען קען, כּדי עפּעס צו פאַרדינען. אלא וואָס דען — ניט? קייען מיר האָבער מיט סיעטשקע. און גאָט איז אַ פאָטער. לעבען מוז מען דאָך...

טעמע, זונדעלס אידענע, מיט איהרע צוויי קאָשיקעס, האָט זיך געלאָזט לויפען אין זאַמד צו מערען, ווי אַ גאַנז מיט צוויי אָפּגעלאָזענע פליגלען. צוגעלאָפען צו פאַנדריכען, האָט זי אַראָפּגעשטעלט איהר גאַנצע קראָם, אָפּגעווישט דעם מאַנסביל־שען נאָז מיטן פאַרטוך, דערנאָך דעם שוויס פון שטערען און אַ שמונצער געטאָן צום קליינעם נפשל אויף מערעס אָרעמס:

— נאַ, — מאַכט זי — טצ... טצ!.. פעטער־שעפּטעלע וועט שוין אָפּגעבען אַ גערוס דעם טאַטען דיינעם. זאָלסט נאָר קיין צער ניט האָבען! טצ... טצ...

ערשט דאָ באַמערקט זי ווי מערע שטעהט ווי אַ פאַר־שטיינערטע און איהרע ברוינע, האַלב־צוגעמאַכטע אויגען זיי־נען פול מיט טרערען. גיט זיך צו איהר טעמע אַ וואָרף, אַ פאַרזאָרגטע:

— וויינסט?... ער האָט דיר עפּעס געזאָגט? חס־ושלום— עפּעס שלעכטס?

— וואָס רעדט איהר? — מאַכט מערע און די אָגגעלאָ־פענע טרערען פאַלען איהר אַרויס אויף דער פאַטשיילע.

זי עפענט אויף די פינף פאַרקלעמטע פינגער. אונטער טע־מעס פאַרוואונדערטע אויגען:

— זעהט!

טעמע שפּיצט אָן דעם מאַנסבּילשען נאָז. זי דערזעהט אַ בלויאינקען פינף-רובעלדיגען. דאָס גאַנצע פּנים צושיינט זיך ביי איהר:

— אַזאַ ברייטע האַנט ווי דאָס האָט! אַזאַ שעפּטעלע דאָס איז! אַ קלאָג צום נייעם-נגיד! געמעגט זיך לערנען ביי שעפּטעלען. מיר — אַ רובעל פאַר אַ בולקע מיט אַ פּאָר איי־ער, און דיר — אַ פינפערל...

— אַ מאָדנער מענש! — מאַכט מערע מיט די פּלייצעס — נאָר כ'ווייס... מעג מען דאָס אָננעהמען, צי אפשר... ווייל...

— רעד ניט קיין נאַרישקייט! — פאַלט אויף איהר טעמע אָן — ס'האָט דיר גאָט צוגעשיקט. נעכטען האָסטו זיך געקלאָגט אויף דיין מזל, און היינט — זעהסט?

— נעמט, — מאַכט מערע נאָך אַזאַ הסכמה — צוביים און רעכענט אָפּ דאָס „פּערטעלע”. איך בין אייך שולדיג...

טעמע נעמט קלינגען אין דער לעדערנער בייטעל אונ־טערן פאַרטוך, און מערע קען אַלץ ניט קומען צו זיך פון פאַרוואונדערונג:

— איהר קענט איהם?... מיין נח קען זיך גאָר פון איהם ניט אָפּלויבען. אין אַ אידישען בריף האָט ער מיר דאָס גע־שריבען, פון הינטען-אַרום... דאָס האָט שעפּטעלע געמאַכט, שרייבט ער, מ'זאָל איהם און שמחהלען אַוועקנעמען פון דער פּאַס מיט עפּוש, טפו! אַצינד, געלויבט דער אויבערשטער, אַרבייטען זיי ביי געהילך אין וואַלד.

— אַז דו ווייסט נאָך גאָרניט וואָס פאַר אַ מענש דאָס איז, — ווישט זיך טעמע די נאָז מיט גרויס באַגייסטערונג — אַז פאַר טאָן אַ אידען אַ טובה, וועט ער דיר לויפען אין פייער און אין וואַסער. זעהסטו, נגידים האָט ער גראָד פיינט...

אויפברעכען בײַ אַ נגיד אַ שלאָס איז ווי בײַ מיר — אַ געקאָכט איי. נאָר רעדען דערפון דאַרף מען ניט! וואָרים ער איז דאָך אַצינד... ווייסט דאָך מסתמא...

— שעפטעלע?

— ווער דען? אַ בורח איז ער. אַנטלאָפען. נאָך פאַר ימים־נוראים איז ער אַנטלאָפען פון אָסטראָג. אָנגעטאָן זיך אין ווייבערשע קליידער מיט אַ שלומפּער און אַנטלאָפען. נאָר גאָרניט. רעדען דערפון דאַרף מען ניט! כ׳הע! עס האָט בײַ איהם אַ צורה אַנטלויפען פון אַרעסט, ווי בײַ מיר אויפמאַכען אַ פענסטער... נאָר ווער דאַרף עס רעדען פון אַזעלכע זאַכען?... ער אַנטלויפט מיינכטו, צום ערשטען מאָל? הירשעל דער טויבער זאָל אַזוי לעבען! איינמאָל, מיינסטו, האָט ער בײַ מיר איבערגענעכטיגט, שעפּטעלע?... אַזוי פיל טויזענטער, רבונו־של־עולם, זאָל מיין קאָפּעל פאַרדינען אין „סימביר״... אין דער פרעמד, וויל איך זאָגען... נאָר רעדען דערפון דאַרף מען ניט. אַזאַ טויבע־לאָך ווי הירשעל דער גאָלדשמיד זאָל זיך געוועזען דערוויסען, וואָלט ער אפשר ניט געלאָפען מסרן דעם פּריסטאַוו מיינסטו?... נאָר גאָרניעט, רעדען דערפון איז קיינער ניט מחויב. געדענק מיינע ווערטער: שעפּטעלע וועט זיך שוין אין מאָהליוו פאָסטאַרצען פאַר נחן. אַז וואָס ווייסטו! אַלע אדונים און אַלע „קנעפּלעך״ זיינען דאָך בײַ איהם אונטערגעקויפט, בײַ איהם און בײַ זיין „חברה״. „יאַטען״ הייסען זיי בײַ איהם... נאָר אַז מען קען איהם שוין מעהר ניט באַהאַלטען — „זעצט״ מען איהם אויף אַ ווײַלעצקע אַריין... נאָר גאָרניט. אַ וואָרט דאַרף מען דערפון ניט רעדען! מאַלע וואָס ווער עס קען דערשמעקען... הלוואי וואָלט ער נאָר געווען אין מאָהליוו בשעת מען האָט געמשפּט מיין קאָפּלען. ער וואָלט, זאָג איך דיר, ניט דערלאָזען. צי אַזוי, צי אַזוי... איך ווייס נאָך ניט צי וועט ער הירשלען אינגאַנצען פאַרשווייגען פאַר דער מסירה, הירשעלס הייזעל קען נאָך, זאָג איך דיר, אַוועקגעהן איין שבת־צוגאַכטס מיטן רויך. אין קוימען האָט זיך אָנגעצונדען־ געה

ווייס — צי די סאָזשע אין קומען צי שעפּטעלס חברו... נאָר גאָרנישט, רעדען דערפון דאַרף מען ניט...

שיטענדיק אַזוי מיט רייד און וואָרנענדיק אַלע ווײלע אַז... „רעדען דערפון טאָר מען ניט און מען דאַרף ניט" האָט טעמע אויסגעצעהלט אין קלײנגעלט מערעס צוביטענעם פינף־רובעלדיקען. און פאַנדריכע האָט באַקומען אַ גרויסען הויפען זילבער און קופּערגעלט, אָנשטאָט איהר פּאַפּירעל. זינט מ'האָט נחן אַרעסטירט, האָט זי אַזאַ הויפען געלט אין די אויגען ניט אָנגעזעהן. זי האָט דאָס צוגענומען און באַהאַלטען אין אַ טי־כעלע און אין קלײדעל־קעשענע, און ניט אָן אַ פּאַרטאַיעטען געפיהל פון מיאוסען זיך... זי אַלײן האָט זיך דערבײ געוואונדערט, וואָס זי, מערע, סענדערס טאָכטער, נעמט צו אַזאַ הויפען געלט, און ווייסט אפילו ניט פון וואַנען עס שטאַמט; וואָס זי הערט זיך־צו צו אַזעלכע דיבורים פון זונדעלס הײזקע און שווידערט ניט. זי אַלײן איז עפּעס אַרײן אין דעם קאָמפּאַניע, וואו מען רעדט אַזוי לייכט פון אונטערצינדען, פון גנבענען, פון לויפען פון אָסטראָג, פון אונטערקויפען „קנעפּלעך"... ווען דער טאַטע האָט נאָך געלעבט און ווען נח איז געווען אויף דער פרײ וואָלט זי זיך פאַר אַזעלכע רייד דערשראָקען. אַצינד אַרט איהר עפּעס ניט. די צרות האָבען זי טעמפּ געמאַכט, פאַר־ביטערט זי. זי איז אויסגעהונגערט אויף ברויט און אויפן מאַנס־ביל. גאָט ווייסט וואָס פון איהר וועט נאָך ווערען אויב... אויב נח וועט נאָך אַזוי גיך אַהײם ניט קומען. דער כעס אויף זיך אַלײן און טעמעס טרייסט־ווערטער האָבען זי אײנגאַנצען צו־גענומען;

— אַך, — מאַכט זי, מיט האַלב־פאַרשטירעטע ציין, ווישענ־דיג זיך ביידע אויגען — איך האָב שוין מעהר קיין כח ניט... איהר הערט, טעמע? איך... איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטען. עס ציהט מיך צו אַל־דאָס בייז... אין לעצטען בריף שרייבט נח, אַז ער רעכענט צו קומען אַהײם אַרום תמוז מיט שמחהלע טורערו צוזאַמען. ס'איז נאָך זעהר ווייט. די שטוב פאַלט אײן. און די מאַמע —

— זינדיג ניט, — שלאָגט איהר איבער טעמע זונדעלס — מיין קאָפּלען, אַ וועהטאָג דער מאַמען זיינער, האָט מען פאַר־שיקט אויף גאַנצע צ ע ה ן יאָהר... כ׳וועל שוין, מן הסתם, ניט דערלעבען איהם צו זעהען. און דרייזע מיט צוויי פּיצלעך קינ־דער מוז זיך שלעפּען צו איהם טויזענטער מייל קיין סימביר... שאַ! — גיט פלוצלינג טעמע אַ פּאַטש מיט די הענט איבער איהרע קאָשיקעס — וואָס שווייג איך וואָס? קום, קום! טשער־ניע די טרעפּערקע וועט דיר באַלד אַלץ זאָגען. פאַר איין פּיאַ־טאַקעל... זשאַלעווע ניט, זאָג איך דיר! איצטער, אַז גאָט האָט דיר געהאָלפען...

— אַך... די קאָרטען־וואַרפערקע?

— קאָרטען־וואַרפערקע! וואָס רעדסטו וואָס? ווי פון סידור אַרויס וועט זי דיר אַלץ זאָגען... אַ שטיין, זאָג איך דיר, וועט דיר אַראָפּ פון האַרצען. שאַ! ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָ־גען?.. שטעה דאָ! בלייב דאָ שטעהן אַ ווייַלעצקע. אָט־אָ באַלד רוף איך זי דיר אַרויס אַהערצו־צו. וואָס? דער פּאַרעכאָד? האָב נאָר קיין צער ניט. צום פּאַרעכאָד פון מאָהליוו אויף אָרשע איז דאָ נאָך אַ גוטע שעה צייט.

## די „פּאָקאַזאַניע"...

### 1.

כּדי קיינער פון די אייגענע און פרעמדע, אין זונדעלס הייזקע, זאָלן זיך ניט אַריינמישען אין די ווייבערשע ענינים און ניט אָפּלאַכן פון די קאָרטען, האָט טעמע אַרויסגעשטעלט אַ קליינטשיקען טישעלע אין זאַמד, נאָהענט צום וואַסער, פאַרשאָטענט פון הויכען ברעג און ווייט פון נייגעריגע אויגען. אָנשטאָט אַ שטול — אַן איבערגעקעהרטען צעבער מיט אָפּגעבראָכענע אויערלאַך. אָט אויף דעם דאָזיגען כּסא-המלכות האָט זי אַוועקגעזעצט איהר קעסטניצע, די בלויע געפּינטעלטע אידענע מיט איהר טעשעל קאָרטען. אַליין האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט פון איין זייט טישעל, מערען מיטן קינד אויפן אָרעם — אַקעגען זיך.

— נו, מערע... — אַזוי האָט זי געגנומען אונטערוואַרעמען פאַנדרעס שטרויענע אלמנה — האָסט ניט וואָס מורא צו האָבען!

אָבער מערע האָט זיך פאָרט געשעמט, געקווענקעלט. אויב די אידענע מיט די פּינטעלאַך איז באמת אַזאַ נביאהטע, קען זי נאָך איהר טרעפען, פון די קאָרטען אַרויס, אַלץ וואָס עס איז געשעהן צווישען איהר און קושקע-בראַנד אין יענער נאַכט, נאָך דער סעודה פון חברה-לויה... וואָלט נאָך טעמע דערביי ניט געווען! אָבער טעמע שטעהט דאָ און שפּיצט

שוין די אויערען זעהר נייגעריג. קען נאָך אַ פרעמדע דער־הערען דעם אמת, ניט ווי מען דערצעהלט און ניט ווי זי אַליין מאַכט דעם אָנשטעל, נאָר טאַקע, ווי זי האָט פאַרלוי־רען דעם קאָפּ אַ גוטע ווײַלע, געלאָזען זיך אַרומנעמען. און שיער, שיער –

די בלויע אידענע טאַסט דערווייַלע איהר קלעפּיגען טעשעל קאָרטען גיך־גיך; ווי אַ ריהרעוודיגער שערער צווויגט די קלינגען פון שער, איידער ער לאָזט זי אַראָפּ איבערן קאָפּ אין די האָר, אַזוי גיך באַוועגט זי איהרע געניטע, זשעדנע און פעטינקע הענטלאַך. און די קאָרטען מישען זיך ביי איהר ווי אין וויכער: לאַפּ־לאַפּ, לאַפּ־לאַפּ.

אָבער מערע לאָזט זיך ניט „שערען".

– ניין, – מאַכט זי און ווערט רויט – אפשר אַן אַנדערש מאָל.

– אַ מאָדנער מענש ביסטו, – שאָקעלט אויף איהר טעמע מיטן באַטיכעלטען קאָפּ – קלאָגסט זיך און קלאָגסט זיך, און אַז עס קומט צו עפּעס –

די בלויע אידענע, גיט, טאַסענדיג, כיטרע אַ וואָרף מיט די שפּילעוודיגע אויגען צו טעמען און צו מערען. טעמע און די טרעפּערקע צושמייכלען זיך, ווי געניטע בעלי־עבירהטעס. ס'הייסט: מיר ביידע פאַרשטעהען דאָך... אָהן אַ מאַן נעבאָך, אַזוי יונג... שעמט זי זיך, כע־כע...

אָבער כדי דאָס פּיאַטאַקעל פאַרדינסט זאָל ניט געהן פאַרלוירען, זוכט זי, ווי אַ פישער זוכט צו פאַרמאַניען דאָס קאַפּריזנע פישעל מיט אַ פרישען ווערימעל.

– אָט, אַזאַ מין פּאָקאַזיאַנע! – גיט די אידענע אַ הויב מיט די פעטע פלייצעס – טעמע־לעבען, לאָזט, איך וועל אייך טרעפען אומזיסט, וועט דאָס יונגע ווייבעל, די קראַסאַוויצע, זעהן אַז איך בייס קיינעם ניט אָפּ. איך טרעף נאָר, אַז ס'איז דאָ אַ פּאָקאַזאַניע אַזאַ און מעהר גאָרנישט.

– אָך, – צושמעלצט זיך טעמע, ווי אַ שכורטע ווען

מען טשוכעט זי אויס צו נעמען אַ פּריש ביסעל בראָנפען — מיט-מיט-מיטן גרעסטען כּבוד!

די בלוי-צושוואומענע אידענע צושווימט אין איהר צו-קפּרדיגען שמייכעל. די רויטע פּינטעלאַך אויף איהר נאָז בליהען-אויף און איהרע אויגעלאַך גלאַנצען. וואַרפענדיג מיט ביידע הענט, טאַסט זי מיט גאָר אַ נייער פרישקייט איהרע פאַרסמאָדערטע, מאָכרעסדיגע קאָרטען. „סאָלדאַטסקע” רופט מען אָן אַזעלכענע אָפּגענוצטע קאָרטען. יאָ, צום שפּילען טוי-גען זיי אפשר ניט מעהר, אָבער צום טרעפען — יאָ.

אָנגעטאַסט זיך זאַט — הויבט זי אָן צו לעגען. אַ לעק דעם גראָבען פינגער און אַ לעג אַ קאָרט מיטן פּנים אַרויף. ביי יעדען לעק און לעג כאַפּט זיך איהר עפּעס אַרויס אַ ניי-אויסטערליש וואָרט. סתרי-תּורה-שעפּטשעניש. אַלץ כּדי מאַכען מעהר איינדרוק אויף אַזאַ איינגעשפּאַרט ווייבעל ווי מערע איז. וואָרים מיט טעמעס הארץ און מיט טעמעס גלויבען איז זי שוין לאַנג פאַרטיג:

— ראַז-דוואַ-טרי. מי-קאַ-שאָן. קאָ-זע-לופּ. נאַש-מי-קאָ: טרי, דוואַ, ראַז...

דער פּנים, ביי דער אידענע, איז, ביי אַזאַ מין קאָרטען אָפּשפּרעכעניש, פאַרזאָרגט. וואָרים דער גוטער יאָהר ווייסט וואָס פאַר אַ מזל אַ מענשען קאָן דאָ אויספאַלען!... און מיט אַמאָל צושיינט זי זיך אינגאַנצען, קריגט מענשליכען לשון:

— נו, איז אָט, טעמע-לעבען, זאָל איך שוין אַזוי גע-זונט זיין, ווי די „פּאָקאָזאַניע” פאַלט שטענדיג אויס מיט איינעם אַ שוואַרצען יונגען-מאַן מיט אַ בערדעל. אַ ביינ-אויג האָט ער געוואָרפען אויף אייערע אַ נאָהענטע... מסתּמא אַ טאָכטער, טפוּ!

— חישין... חישין דער דאָקטאָר... — אַזוי הויבט אָן טעמע גלייך צו טייטשען, ווי אַ באַצויבערטע, און פאַרלעגט די האַנט אונטער דער גאָמבע. — אוי, הלואי זאָלען מיר שוין אַלע אַזוי געזונט זיין.

— איז אָט, — צעוואַרעמט זיך די טרעפערקע פון אַזאַ

הסכּמה — אָט איז אַ „פּאָקאַזאַניע" אויף אַ פערד... טויז־שצרל איז שטענדיק אַ פּאָקאַזאַניע אויף אַ פערד... און צעהנטעל אייכעל איז אַ פּאָקאַזאַניע אויף טרעהרען, אַ סך טרעהרען! ווען מיר נישט... וואָרים ניינטעל אייכעל איז אויך טרעהרען...

— אוי, טרעהרען! — שעפּטשעט טעמע און ווייזט אַ ביישפּיל דערמיט, וואָס זי הויבט אָן פינטלען מיטביידע אויסגעגלאָצטע אויגען און חישען זיך מיטן ברעג פאַרטוך די מאַנסבילשע נאָז — קנאַפּ טרעהרען האָט אונז דער פערד געקאָסט?...

— נאַ, זעהט איהר דאָך! — פּלייסט זיך ווייטער די קאָרטען־לעגערקע — און אָט איז נאָך אַ פּאָקאַזאַניע! אַ סיוועער מאַנסביל מיט געדיכטע ברעמען, שטופּט זיך אומעטום... עפּעס אַ פעהלער האָט ער... זעהט איהר דאָך... אָט איז די פּאָקאַ־זאַניע. מלך פּיק...

מערען דאַכט זיך, אַז די בלויע אידענע שפּילט זיך אָביסעל אין באַהעלטערלעך. זאָגט כּלומרשט אויס אַ קאָרט, גיט צו פאַרשטעהן, דעקט אויף אַ ברעג שלייער פון איהרע סודות: „איהר זעהט, דאַכט זיך, מיט ביידע אויגען, אַ? אָט אַזוי ווערט דאָס געמאַכט!... פונדעסטוועגען וועט איהר זיך אָהן מיר ניט באַגעהן..."

— שאַ! און אָט איז אַ פּאָקאַזאַניע, אַז... דער אַלטער סטראַשעט! מיט... מיט אַ ביקס... אַ גרויסער שונא. די פּאָ־קאַזאַניע ווייזט, אַז ווען ניט ער —

— הירשעל דער טויבער! — כאַפּט זיך אַרויס ביי מערען. זי איז אויסער זיך פון פאַרוואונדערונג.

אַן אַנדערש מאָל וואָלט זי זיך אפשר אָנגעשטויסען, אַזאַ גלייכער קאָפּ ווי זי איז, אַז די מעשה מיטן פערד, מיט חישין דעם דאָקטאָר, מיט קאָפּלען און מיט הירשעל דעם טויבען איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד: פאַר גאַנץ שקלאָוו, הייסט דאָס. אָבער דער „מלאך" פון רבינס פאַרעכאָד, די פינף־רובעל, וואָס זיינען איהר ווי פון הימעל אַראָפּגעפאַלען,

די „פּאָקאַזאַניע" און אַלע איבעריגע שטיקלעך פון דער בלויער אידענע האָבען זי אינגאַנצען צוטומעלט.

און די בלויע טרעפּערקע, צוהיצט און צוקאָכט אינם פלאַס פון נבואה, מאַכט זיך, אַז זי הערט גאָרנישט אַרום זיך. טייטעלט זי אין די אויסגעלעגטע קאָרטען און רעדט ווי פון היך:

— און אָט איז אַ פּאָקאַזאַניע מיט אַ לאַנגען וועג... שאַ. אַ פּריסטאַוו מיט אַ סך פרעמדע מענשען און צוויי קינדער ווייגען... נאָר אַלץ וועט זיך ענדיגען אין דער פרעמד מיט גליק און מיט הצלחה. צעהנטעל האַרץ ווייזט אויף הצלחה, און מלכה-שערל איז אויך אַ פּאָקאַזאַניע — אַז —

— נאַ, זעהסט! – אַזוי רעדט טעמע צו מערען. זי איז באַנומען פון די גרויסע אמתן און פון גרויסע האָפענונגען פאַר קאָפּעלס הצלחה אין „סימביר"... און אַ מינע מאַכט זי דערביי פון אַ גוטהאַרציגער מאַמען, וואָס האָט אָקאָרשט אַראָפּגעשלונגען אַ געזאַלצענע רפואה מיט צוקערוואַסער. אַלץ כדי דאָס קאַפּריזנע קינד זאָל זעהן באַשיינפּערלאַך, אַז מען סמט זיך דערמיט ניט. אדרבא, מען שלינגט אַראָפּ און מען ווערט געזונט.

אָבער מערע לעגט זיך נאָך אַ ווײַלע איבער:

— וואָס איז דאָס... פּאָקאַזאַניע? צוליב וואָס זאָגט מען דאָס?

די אידענע גיט אַ קרים אַ ליפּ און אַ הויב מיט איין פּלייצע, ווי איינע זאָגט: אַזוי? מ'וויל גאָר אַרויסקריגען ביי מיר דער סוד פון מאַכען גאָלד? ס'איז בלאָטע!

נאָר טעמע, זונדעל-גאָטס-גנביכע, פיהלט זיך אַביסעל אין דער ראָל פון אַ גבאיטע ביי גאָר אַ גרויסער רביצין. קיין געלט, פאַרשטעהט זיך, נעמט זי ניט דערפאַר. זי טוט דאָס נאָר מחמת גרויס דרך־ארץ און איבערגעבענקייט. פאַר־טייטשט זי דער רביצינס סתרי-תורה אַזוי:

— וואָס ווייסטו, מערע! „פּאָקאַזאַניע"? אַ – וואָרט אַזאַ! אַז מען וואַרפט קאָרטען, מוז מען אַזוי זאָגען...

## 2.

לעגט שוין מערע אַוועק, שעמעוודיגצרהייט, אויפן טישעל, אַ קופּערנעם פּיאַטאַקעל, איינעם פון דעם הויפען פּיאַטאַקעס, וואָס זי האָט אָקאָרשט באַקומען צוביטען ביי טעמען.

די קאָרטען-אידענע גיט זשעדנע אַ כאַפּ די מטבע, שפּייט אויף איהר אָן, צוליב הצלחה וועגען, און לאָזט אַראָפּ, פלינק און געניט, אין זאָק אַריין. עפּעס גאָרניט ווי אַ רביצין... מ'וואָלט געמעגט שווערען, אַז נאָר ווייבער פון אַ געוויסען מין טוען אַזוי. מערע בלייבט שטעהן אַ רגעלע גאַנץ פאַר-וואונדערט פון אַזאַ כאַפּ-און-באַהאַלט אין זאָק. געהערט דאָס אויך, אַזוי ווי „פּאָקאַזאַניע", צו די סודות פון קאָרטען-וואַרפען?

אָבער די בלויע אידענע לאָזט איהר ניט קיין צייט צום טראַכטען. „ראַז-דוואַ-טרי", גיט זי אַ זאָג; אַפּנים, כדי אָפּצוגרענעצען איהרע קאָרטען-נבואות צווישען איין קונדין און דער צווייטער — צווישען טעמען און מערען. איהרע פּעטע הענטלאַך צוזאָגען זיך און צופּאָכען זיך און צוטאַסען זיך. די גאַנצע קלעפּיגע טאַליע קאָרטען געהט כאָדאָראָם. זי גיט אַ לעג די גאַנצע טאַליע און צופּעכערט זי. און באַלד ווערט ביי איהר פון פּעכער אַ פּירקאַנטיג פּעקעלע ווי פריהער, און זי טאַסט ווייטער. איהרע צושוואומענע בריסט שאָקלען זיך, איהרע אָפּגעהאַנגענע באַקען טרייסלען זיך. זי קאָכט, דאַכט זיך, אינגאַנצען פון באַגייסטערונג און גלוסטעכישען צו טרעפען דאָס וואָס עס איז געוועזן און וואָס וועט זיין. זי גיט מערען אַראָפּנעמען פון דער טאַליע. מערע הויבט אויף אַ האַלבען פּעקעלע קאָרטען מיט אַ ציטערדיגער האַנט און לעגט אַוועק אויפן טיש. די בלויע אידענע דעקט עס איבער מיט דער צווייטער העלפט, הויבט אָן גלייך צו לעקען דעם גראָבען פינגער און לעגען די קאָרטען מיט די פּנימער אַרויף, אַלץ מיט שעפּטשעטשען און מיט סתרי-תורה:

— מיקאַשאָן — קאָצערופּ, שאַנק-אַ-אים — נאַשאַקים...

און פון די אַלע סודות שווימט מיט אַמאָל אַרויס אַ מענטשליכער לשון:

— נאַ, ביי אייך איז גאָר אַן אַנדער „פּאָקאַזאַניע"! די ערשטע פּאָקאַזאַניע איז אויף גליק. זאָלען מיר שוין ביידע אַזוי לעבען און געזונט זיין... אָט איז די מלכּה שערל! אַ פּאָקאַזאַניע אויף אַ גוטער מערכה.. נאָך דער חתונה, אַ פּנים. וואָרים אָט איז אונטער-שערל. מלכּה און אונטער — אַ חתונה. דערנאָך איז דאָ אַ פּאָקאַזאַניע... שטעהט, אַ פּאָקאַזאַניע אויף אַ שׂרפה. אַ גרויסע שרעק פון אַ שׂרפה...

טעמע לעגט צונויף איהרע שווערע הענט אויפן בויך, איבערן פאַרטוך. און ווינקט-צו צו מערען:

— נו, מערע, וואָס זאָגסטו?

— טאָקע... מאַכט מערע גרויסע אויגען און גיט דער-שראָקען אַ קוק אויף דעם מוטער-פלעק ביי איהר ברוסט-קינד אויפן העלזעל — דער רויטער שטעמפּעל פון שרעק בשעת דער שׂרפה ביים נייעם נגיד, בשעת דאָס קינד האָט נאָך געצאַפּעלט ביי איהר אונטערן האַרצען.

— און אָט, — צווינגט זיך די אידענע גאָר האָפער-דיג — אָט איז דאָ אַן אָדון מיט „פּאָלעטען" (עפּאָלעטען); איך זאָל שוין אַזוי געזונט זיין, ווי ס'איז דאָ אַ פּאָקאַזאַניע... אַ פּאָקאַז — שאַ! כ'וואָלט געמעגט שווערען — דער זעלבער אָדון וואָס פריהער ביי —

— דער פּריסטאַוו. — זאָגט אונטער טעמע — ווער דען?

— און אָט איז אַ פּאָקאַזאַניע אַז דער אָדון מיטן קנעפּעל —

— מערע! — שרייט אויס טעמע — דו הערסט? דאָס קנעפּעל... נו?

— ... אַז דער אָדון מיטן קנעפּעל האָט זיך אָנגעזעצט אויפן אונטער שערל, אויפן יונגען-מאַן, וואָס פריהער... נאָך דער התונה. קומען אַרויס טרעהרען. אָט איז זי דאָס טייערע אייכעלע... צעהנטעל אייכעל, נאַט, זעט!

— נח... — שעפּטשעט מערע ווי אַ באַטויבטע.

די בלויע אידענע פון איין זייט און טעמע פון דער צווייטער זייט האָבן זי אינגאַנצן צונומען. באַמערקט זי־שוין אַליין ניט, אַז זי הויבט אָן צו טייטשן די סתרי־תורה־ווערטער אַזוי ווי טעמע זונדעל־גאַטס־גנביכע. די ליפּן שפּי־טשען און דער קאָפּ איז ערגעץ ווייט.

— אוי, וועה מיר ניט! — שרייט פּלוצים אויף די אי־דענע — אַ פּאָקאָזאַניע אויף אַן אומגליק... אַן אומגליק גע־קומען פון אַ פערד. דאָ אויך — אַ פּאָקאָזאַניע אויף אַ פערד! טויז שערל!... עפּעס אַן אָנשיקעניש, ניט פאַר קיינעם געדאַכט...

— דער טאַטע, — שעפּטשעט מערע און ווישט אַ טרעהר.

— „שמאַרעוואָז"! — פאַרטייטשט טעמע און שאָקעלט צו זיך אַליין מיטן קאָפּ — שמאַרעוואָז האָט דאָך איהם נעבאַך אַראָפּגעשלעפּט אין גרוב... אין אָזערע, ניט היינט געדאַכט.

— און אָט! זאָל איך שוין אַזוי געזונט זיין, — טיי־טעלט די בלויע אידענע מיטן פינגערל און די אויגען ברע־נען ביי איהר — אָט איז אַ פּאָקאָזאַניע אויף ברויט און דחקות און אַ פּאָקאָזאַניע אויף איינעם עפּעס אַ געלען פּאַרשוין... צוגעטשעפּעט זיך... אַ פּאָקאָזאַניע, אַז אָט־אָט איז ער געקו־מען גאָר נאָהענט... איינגעשפּאַרט זיך, האַ? איינמאָל פאַר אַלע מאָל. וואַרט, וואַרט —

די אידענע שטאָמעלט פאַרסודעט. פון צופיל אַנטפּלע־קונגען קען זי, דאַכט זיך, ניט ריידען, און וואַרפען טוט זי־דערביי כיטרע אויגען אויף מערען.

אין מערעס פּנים הויבען זיך אָן צו בייטען אַלערליי קאָלירען: אָט־אָט זאָגט די פרעמדע אידענע אויס דעם גאַנ־צען אמת!... מערע טוט ניט ווילענדיג אַ טראָט צוריק. אָבער די אידענע, דאַכט זיך, זעהט גאָרניט און פּלייסט זיך ווייטער:

— די פּאָקאָזאַניע ווייזט, אַז דער געלער מענש האָט אייך געוואָלט שלעכטס טאָן. געקומען כלומרשט אַלס אַ גוטער פריינט —

ביי מערען שטעלט זיך אָפּ דאָס האַרץ: זי ווייסט אַלץ, זי ווייסט אַלץ. די גאַנצע מעשה מיט קושקע־בראַנד!

— אַפּריהער, — טייטעלט די אידענע אין די קאָרטען מיט אַ געזאַלצען שמייכעלע, האָט איהר... איהר האָט הייסט דאָס, אַזוי ווייזט די פּאָקאָז —

אָבער אינמיטען דער געפּעהרליכער „פּאָקאָזאַניע" דער־הערט זיך אַ שטאַרקע טרובען פון אַ פּאַרעכאָד, פון מאָהליווער זייט הינטערן פּאַראָם. באַלד נאָך דעם — נאָך צוויי האַסטיגע טרובען. אַ געשריי. און נאָך אַ געשריי. אַ סך געשרייען! אָצינד טרובעט שוין דער פּאַרעכאָד אָהן אויפהער און באַטויבט אַלע מענשליכע קולות. פון פּאַראָם־זייט דערהערט זיך אַ קראַך פון צובראָכענע העלצער, אַ צוזאַמענפאַלען פון שווערע סלופּעס און אַ גראָבער וועה־געשריי פון אַ מאַנסביל, וועלכער געהט איבער אין אַ דינעם מוראדיגען קוויטש „אוי־אוי!" דער דאָזינער קוויטש שניידט דורך, ווי אַ מעסער, דאָס ברומיגע פּייפען פון פּאַרעכאָד, און רייסט זיך איבער.

די בלויע אידענע שפּרינגט אויף. טעמע און מערע שטעלען זיך אויף די ציפּקעלאַך. כדי אַריבער צו־קוקען די בערגלאַך זאַמד, וואָס ליגען צווישען זיי און צווישען פּאַראָם —:

— האַ? וואָס איז דאָס? וואו איז דאָס?

אַלע דריי אַריינגעטאָנענע ווייבער טשוכען זיך אויס ווי פון אַ שיכּרות. זיי קוקען זיך אום, צו זונדעלס הייזקע און צו די באַלעגאָלעס, איבער זייערע קעפּ, אויפן הויכען ברעג. ערשט — יע, מען לויפט! אַלע לויפען. פון אַלע זייטען לויפט מען. באַלעגאָלעס, וואָס וואַרטען אויפן פּאַרעכאָד, שפּרינגען פון די קעלניעס, נאָסקע־טרעגער שפּרינגען פון די לייוועס, לאָזע־דרעהער — פון די פליטען, פיש־כאַפּער — פון די שיפלאַך. אַלע לויפען צום פּאַראָם־צו.

און דאָרטען ווייט, אויפן הויכען גאַניק פון אַנשעלס הייזקע, לויפט אַרויס אַ אידענע. די פּאַראָמשטשיכע אַפּנים, באַשע די פּאַראָמשטשיכע! זי צופּיהרט ביידע הענט און שרייט מוראדיג, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה:

— ראַ־טע־ווע־עט!

# אַ נאָדעל אין לעקאַך

## 1.

אַבאָלע, אַנשעל דעם פּאַראָמשציקס אינגעל, האָט אָנגעהויבען לערנען גמרא צו ניין יאָהר. דאָס איז געשעהן הײנטיגען נאָך־פּסח, בײ זוסעל דעם זאַאיקען אין חדר. צוליב אַזאַ שמחה און צוליב אַזאַ נחת פון אַ קינד האָבען שוין, דער פּאַראָמשציק און די פּאַראָמשציכע, לאַנג געוואָלט מאַכען אַ לעקאַך־און־בראַנפען פאַר עטליכע גוטע פרײנט און פאַרן מלמד. אָבער באַלד נאָך פּסח איז מען געווען פאַרנומען מיט אויספּעכען און אָראָפּלאָזען דעם פאַראָם. דערנאָך איז געווען אַן עסק מיט באַשטעלען אַ נײעם קאַנאַט און מיט אָנפּאַסען איהם, אַנשטאָט דעם אַלטען. איז די סעודה אָפּגעלעגט געוואָרען אויף הײנטיגען פרײטאָג פאַר וואַרימעס. זוסעל דער זאַאיקער וועט דען לאָזען פאַרפאַלען ווערען אַ לעקאַך־און־בראַנפען? ער האָט דאָס די לעצטע טעג גענומען מאָהנען אין בית־מדרש ביים פּאַראָמשציק:

— ר־ר־רב אַנשעל! ש־שוין דעם ז־זיבענטען בלאַט ג־גמרא אָנגעהויבען. און גאָרנישט.

ווי יעדען זאַאיקען שיקט איהם דער רבונו של עולם צו אַזעלכע אותיות, איבער וועלכע ער פאַלט מיט דער צונג ווי אַ בלינדער איבער אַ בערוועגע. ווי אַזוי אַזאַ איד מיט אַזאַ לשון האָט דאָס באַוויזען דורכצואַרבײטען זיך, אין צוויי

וואָכען צייט־מיט אַ גאַנצער כתה ווייסע־חברהניקעס, דורך גאַנצע זיבען בלאַט גמרא מיט רש״י, איז אפילו אַנשלען געווען זעהר קשה. נאָר אַז אַזאַ למדן אַ איד ווי ר׳ זוסעל זאָגט, מסתמא ווייסט ער וואָס ער זאָגט. ער וועט דאָך איהם, חס ושלום, ניט געהן נאַרען. האָט שוין דער פאַראָמשציק מעהר ניט געקענט אָפּלעגען. און היינטיגען פרייטאָג נאָכן דאַוונען, פאַר־רופען צו זיך אַהיים דעם מלמד, דעם גבאי פון שול און נאָך עטליכע פיינע אידען, אויסער קרובים.

מען איז געקומען פינקטליך, אָרום אַ זייגער איינס, פאַר וואַרימעס, כדי ניט מבטל צו זיין די קינדער פון מעביר־זיין די סדרה אין חדר. באַשע די פאַראָמשציכע האָט איינגעהאַנ־דעלט אַ גרויסען קאָרענעם לעקאַך, און אַליין האָט זי, מיט איהרע בריהשדיגע הענט, אויסגעבאַקען אַן אייער־פלאָדען, געפילט מיט רעשטלעך פון פסחדיגען האָניג־איינגעמאַכץ מיט אינגבער, צושניטען עטליכע מאַרינירטע הערינג. אַנטאָשע, דער גוי פון פאַראָם, האָט פון מאָנאָפּאָל געבראַכט צו שלעפען אַ צוויי־קוואָרטיגע פלאַש זעכציגער און ס׳איז אַוועק ביי אַנשלען אין הייזקע אַ סעודה אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטען.

מיט דער נחתדיגער זיכערקייט, אַז נאָכן לעקאַך־און־בראַנפען ביי אַנשלען, וואַרט אויף יעדען, ביי זיך אינדער־היים, אַ פרישע בולקע אָדער אַ פרעפיצע מיט יאָדרעטשעס און אַ געבראָטענס מיט אַ סך ברוינע ציבעלע־יויך צום טונ־קען, האָבען זיך די איינגעלאַדענע פיינע אידען צוזעצט אַרום טיש. פון די אָפענע פיער־שייבעלדיגע, פויערשע פענסטערלעך, ביי אַנשלען אין שטוב, האָבען אַריינגעקוקט שטיקלעך זאַפטיגע בלויקייט פון דניעפּער, וואָס זיינען איינגעקלעמט, ווי ווילדע סאַפּירען, אין דער רויטקייט פון די אָרומיגע ליים־ברעגעס. אָנגעשוואָלענע ווייסע וואָלקענדלעך האָבען, פאַרביישווימענדיג, אויך געכאַפּט אַ קוק ווי אידען האָבען הנאה פון גאָטס וועלט און פון לעבען. גראָבליכע באַסאָווע קולות פון גויים און פון נאָסקע־טרעגער, הירזשעריי פון פערד און אַ פאַרביינקטער רע־ווען פון קיה האָבען זיך געשטופּט, ווי אַ צוריסענער בריי־

טער ניגון, דורך אַלע שפּאַרונקעס. אָט צולאָזט זיך אַ באַנדורע און רייסט זיך איבער, און אָט צוטרומייטערען זיך לעבעדיגע טרובעס און הערען אויף... אין אַנשעלס הייזקע, וועלכע שטעהט הויך אויף אַ בערגעל, האָבען נאָך די דאָזיגע קולות מאָדנע פריש און דייטליך אָפּגעהילכט. און די גאַנצע פאַרביגע זומער־דיגקייט, מיט אַלע איהרע טענער האָט צוגעגעבען אַ באַזונדער געווירץ צו דער אידישער שמחה. זי האָט באַטעמט דעם לע־קאַך און פּאַרטיפּט די שאַרפקייט פון זעכציגער בראַנפען. דאָס שענע און געשמאַקע האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען. עולם־הבא און עולם־הזה האָבען זיך באַהעפט. און אפילו עלטערע אידען ביים טיש מיט בלינדעוואַטע אויגען און אָפּגעטעמפּטע גומענס, האָבען זיך צוכראַשצעט די קאַפּאָטעס אויפען ברוסט, אַרומגע־קוקט זיך אויף די אויסגעווייסטע ווענט, אַרויסגעקוקט צום קאָ־לירטען דרויסען:

— או–וף! אַ שפע, אָהן עין־הרע! אַ דאַטשע, ניט קיין שטוב!

שוין לאַנג איז אַנשעל דער פּאַראָמשציק ניט געזעסען, ביי אַ טיש, מיט אַזוי פיל שענע אידען צוזאַמען. זינט דער דניעפּער האָט זיך געריהרט איז מען פאַרהאַוועט אַרום פּאַראָם בייטאָג און ביינאַכט; מען איז פאַרגרעבט צווישן גויים, וואָס שטופּען זיך מיט זייערע פוהרלעך אַריבערצופאָהרען דעם דניע־פּער אַלע אויף איין מאָל, און זידלען זיך אין דער מאַמען אַריין. מען איז באַטויבט פון דעם קופּערנעם און זילבערנעם קלאַנג פון מטבעותלאַך, וועלכע שיטען זיך אין דער לעדערנער טאָרבעלע ביים גאַרטעל. דאָ נעם, דאָ גיב אויסגאָב. מען כאַפּט אָפּ די „מנחה". מען שלינגט אַראָפּ דעם „מעריב". אין בשעת דאַוונען „שחרית" — איז שוין אָפּגערעדט. דאַמאָלס ברענט מען זיך און מען בראָט זיך, און מען רעדט צו דער ווייב אויף שטום־לשון זי זאָל גיכער דערלאַנגען אָנבייסען:

— נו, אָ! אָ! סכין! מלח! אַי, אַי!

מען קושט די רצועה, פון „של יד" און מען טאַפּט דעם „של־ראש", און קלערען קלערט מען גאָר פון אָפּטראָגען פּאַכט־

געלט דעם פריץ, פון קאָפּיקענע חובות ביי די זאַרעטשיער גויים, וואָס זיינען איבערגעפּאָהרען אויף באָרג.

אַצינד, אַז מען האָט דערלעבט אַזאַ נחת פון אַ קינד: אבאלע דער בכור, דער יורש זיינער האָט אָנגעהויבען צו ניין יאָהר גמרא, האָט זיך אַנשעל גאַנץ ברייטלעך צוזעצט מיט די נייע שטיוועל, וואָס זייערע אויערלעך האָבען נאָך ניט פאַר־לוירען זייער רויטע פאַרב... לכבוד אַזאַ יום־טוב און לכבוד ערב־שבת האָט ער נאָך אויסגעשמירט די כאָליאַווע מיט וואָר־וועל, אַזוי אַז די שטיוועל זעהען אויס בלויליך פון דאָס אָנ־געלעגטע פעטס. ער האָט אויך געפּאָלגט באַשען זיין ווייב, אַראָפּגעלאָזט זיך צום קלאַטקע פון פאַראָם און אויסגעשייערט ביידע פאַרשוואַרצטע הענט מיט נאַסען זאַמד. און, ווי תמיד, אויסגעווישט זיי דערנאָך מיט אַ פרעהליכער יצר־הרע־מינעלע אָן באַשעס ברייטען פאַרטוך. דאָס גיט אַלעמאָל צו אַ באַזונ־דער טעם אַזאַ אָפּשייערונג לכבוד שבת. אַ באַהאַלטענער באַ־געהר ברענט אין ביידענס אויגען, בשעת דער מאַן ווישט די הענט אָן דער ווייבס פאַרטוך. באַשע ווערט רויט און קעהרט אָפּ דעם קאָפּ. זי זעהט אינם מאַנס ליפּען אַ שטומען אָנזאָג אויף היינט שבת־צו־נאַכטס, נאָך דער פעטער יויך מיט דער געפילטער קישקע...

## 2.

ס׳איז נאָך אפילו צו פריה צו מאַכען שבת. אַלעמאָל טוט דאָס אַנשעל האַרט ביי ליכט־בענשען. נאָר לכבוד דעם לעקאַך־און־בראַנפען האָט ער היינט געמאַכט שבת פאַר־פריה, און איבערגעגעבען דעם גאַנצען פאַראָם אַנטאָשען · זיין גוי, וועלכער טאָגט און נעכטיגט אויפן פאַראָם.

אַנשעל ווערט נאָר אונרוהיג ווען אַ פאַרעכאָד געהט־אָן און טוט אַ טרוב — מען זאָל אָפּלאָזען דעם קאַנאַט וואָס שטעהט אין וועג... דאַמאָלסט רייסט אַנשעל איבער אינמיטען לחיים־זאָגען, אינמיטען ווינשעווען־זיך מיט פרומע אידען ביים

טיש, און לויפט־צו מיט די פעטע שטיוועל צום פענסטער. ער מוז מיט די אייגענע אויגען זעהען צי אַנטאָשע איילט זיך צום קאָלוואַראָט אויפן הויכען ברעג, כדי אָפּצולאָזען די גאַנצע מאַ־כענאַציע ווי עס באַדאַרף צו זיין.

ער זעהט, אַז דער ערל איז איספּראַוונע; לויפט מיט די לאַפּטיעס אַ פאַרסאָפּעטער אַרויף דעם משופּעדיגען ברעג. פונ־דעסטוועגען וואַרימט ער איהם נאָך אונטער פונם אָפענעם פענ־סטער:

— זשיוואָ, זשיוואָ, אַנטאָן!

עס ציטערט אין איהם היינט דאָס האַרץ, און אַנשלען. פאַרן נייעם קאַנאַט ציטערט ער, ווי פאַר אַ טייער קינד. ער ווייסט אַליין ניט פאַרוואָס... בפרט ווען די פאַרעכאָדען פון דער „קאָמפּאַניע״ געהען־אָן. אַזעלכע שונאי־ישראל קוקען דאָך אַלעמאָל די אויגען אויס אויף עפּעס אַ פעהלער. זיי ווייסען, אַז דער פאַראָמשציק איז אַ איד. חלשט זיך זיי ער זאָל אַ קאַפּעלע פאַרשפּעטיגען, וועלען זיי האָבען אַ תירוץ איבערצו־האַקען דעם אידענס קאַנאַט מיט אַ שאַרפער האַק. אַזאַ מעשה האָבען זיי דאָך ניט איינמאָל אָפּגעטאָן אַנשעלס טאַטען, עליו־השלום.

ער איז ניט איבעריג זיכער מיט זיין שווער־פּיסיגען גוי, ביי אַזאַ איידעלער אַרבייט. און אויסער דעם... זינט נעכטען פאַרנאַכט פייניגט איהם אַ מאָדנע אונרוהיגקייט. עפּעס אַן אַלטער גוי, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ מכשף, האָט איהם נעכטען אויפן פאַראָם דערצעהלט וועגן אַן אָפּגאָט „יאַריל״, צו וועלכען די אַמאָליגע רוסען האָבען זיך געבוקט, און מקריב געווען איהם יונגע שיקסעלעך... געקוילעט און פאַרברענט. אַלע יאָהר אָנהויב וויעסנע־צייט... און זינט די געצענדינער האָבען זיך אָפּגעטויפט און געוואָרען קריסטען איז יאַרילאָ בייז. וויעסנע־צייט בייזערט ער זיך מיט דונערען און בליצען און פאַרלאַנגט אַ קרבן... בלוט פאַרלאַנגט ער. מענשליך בלוט...

דאָס האָט אויף אַנשלען געמאַכט אַן אויסערגעוועהנליכען איינדרוק. ער האָט דאָס צו וועטשערע דערצעהלט באַשען זיין

חייב. „טפו, טפו!״ האָט באָשע אויסגעשפּיי. „צום גויס קאָפּ, צום גויס לייב און לעבען! זייער אָפּגאָט און זייער חזריש בלוט!...״

— און טאַקע! — אַזוי האָט זיך אַנשעל דערנאָך גע־טראַכט, וואָס איז דאָס מיין באָבעס דאגות? איך בין דאָך אַ איד בין איך...

פונדעסטוועגען עדערט איהם ערגעצוואו אַן אומרוהיגקייט. אין אַ ווינקעלע אין קאָפּ זיצט עס ביי איהם פון נעכטען אָן.

אַצינד, ביים לעקאַך־און־בראַנפעו, בשעת אידען שרייען צו איהם „לחיים״, ווערט דאָס זלידנע קולכעל אַנשווייגען, פאַרטאַיעט זיך ווי אַ וואָרים. אָבער בשעת אידען זיינען פאַר־נומען מיט פאַרבייסען, קריכט עס ווייטער אַרויס פון נאָרעלע און סאָרעט:

— וויעסנע־צייט... דונערען און בליצען... בלוט...

ס'וואָלט אפשר גלייכער געווען צו מאַכען דעם לעקאַך־און־בראַנפען אַן אַנדער טאָג. נאָר זוסעל דער מלמד האָט זיך איינגעגעסען. פאַרפאַלען. געמאַכט איז געמאַכט!

אָט די דאָזיגע אומרוהיגקייט איז דאָס איינציגע וואָס שטערט אַנשעל דעם פאַראָמשציק הנאה צו האָבען, מיטן פו־לען האַרצען, פון אַבאָלעס גדולה, פונם כבוד ביים טיש מיט אַזוי פיל קרובים און שענע אידען. פונקט ווי ער וואָלט מורא געהאַט אָנצובייסען אויף אַ באַהאַלטענע נאָדעל אין זיסען לעקעך. דערפאַר שרעקט איהם אַזוי יעדער טרוב פון פאַרעכאָד, דערפאַר לויפט ער אַזוי אָפט צום אָפענעם פענסטער און איז דאַנקבאַר אַנטאָשען זיין גוי, וועלכער טוט די מלאכה ניט ערגער פאַר איהם. דורכן אָפענעם פענסטער זעהט ער ווי אַנ־טאָשע לאָזט אָפּ דעם שווערען דעמבענעם הויבעל אַז מען דאַרף. ער גיט איהם אַ ציה־אַרויף, און דער קאָלוואָראָט דרעהט זיך אויף צוריק, די מאַשינעריע באַראַבאַנעוועט, און דער נייער געפעכטער קאַנאַט פאַלט אין דניעפער אַריין. און ווי נאָר די שיף געהט דורך — נעמט אַנטאָשע דרעהען די ענטעלדיגע ראָד און דער קאַנאַט ציהט זיך ווידער אָן, מיט אַ קוויטש פון

אייזערנע אַקסען און מיט אַ טשמאָקערײַ פֿון פֿרישען דיעגעכץ.

פֿון גרויס דאַנקבאַרקייט איז ער יעדער מאָל מכבד אַנ־טאָשען מיט אַ כּוסה, ווען יענער לאָזט זיך צוריק אַראָפּ צום פּאַראָם. אַנשעל מאַניעט איהם צו מיט אַ פֿינגער פֿון איין האַנט און מיט אַ פֿולען קעלישאָק אין דער צווייטער האַנט:

— פּאָדי סיודי, אַנטאָן!

אַנטאָשקע לאָזט זיך ניט בעטען. נעמט אַראָפּ די מאַ־גערקע פֿון קאָפּ, געהט־צו מיט בלויזע האָר און מיט אַ גליקליכען פֿויערישען שמייכעל צום אָפֿענעם פֿענסטער, נעמט פּאַוואָליע דעם פֿולען קעלישאָק און הויבט אָן צו ווינשעווען:

— דאַי באָך, שאָב, שאָב... וואַם... (גיב גאָט... אַז... אַז... אייך...)

ער פּאַרזאַאיקעט זיך פֿון צופֿיל געפֿיהלען און געפֿינט ניט די נויטיגע ברכה. שטעהט ער אַזוי אַ רגעלע צומישטער־הייט און קעהרט פֿלוצלינג איבער דעם פֿולען קעלישאָק אין גאָרגעל אַריין. פֿאַרגאָסען די בושה און זשעדנעקייט מיט איין מאָל. ערשט דאָ געהט איהם אויף אַ ליכט אין גויעשקען קאָפּ. געפֿונען דאָס פֿאַרלאָרענע וואָרט! גיט ער אַ טרייסעל מיטן גאַנצען פּאַק קאָלטונעוואַטע פּאַקליע־האָר, אַ וויש דעם פּייכ־טען מויל מיטן אַרבעל און אַ שאָס אָפּ די ניט־פֿאַרענדיגטע ווינשעוואַניע:

...זדאָראָוויאַ אי... וסיאַקאָהאָ דאָבראַ! (געזונט און אַל־דאָס גוטס).

באַמערקט ניט אַנשעל פּאַראָמשציק, אַז דער ערל ווערט מיט יעדען קעלישאָק שווערער אויף דער ברכה, אַז די אוי־גען זיינע ווערען רויטער און די טריט וואַקעלדיגער. מילא, אין אַ אידישער שטוב אַ שמחה, זאָל דער גוי אויך הנאה האָבען!

ער באַמערקט אויך ניט, אַז דער ריח פֿון זיינע פּריש־אויסגעשמירטע שטיוועל מישט זיך גראָב אַריין, מיט זיין פּריק־רעקייט, אינם ריח פֿון לעקאָך און פֿלאָדען און מאַרינירטע הערינג. יעטוועדער מאָל, ווען ער, אַנשעל, גיט אַ געה צום

פענסטער, טוט דער טראָניגער ריח אַ שלאָג אין די איידעלע אידישע נעזער ביים טיש. מען בלייבט שטעהן מיט אַ ביסעל שטאַרע אויגען און מיט פאַרריסענע נאָזלעכער אינמיטען דער ווינשעוואַניע און ערשט דערנאָך קומט מען צו זיך:

— איז יאָ... איז הייסט דאָס... הכלל, לחיים טובים ולשלום!

ס'איז כמעט דיזעלבע פאַרלעגענהייט פון דעם גוי, להבדיל, נאָר אויף גאָר אַן אַנדער אופן. אויף אַ אידישליכען אופן.

## 3.

מיט זוסלען דעם מלמד זיינען געקומען, צו אַנשלען אין שטוב אַריין, עטליכע חדר-אינגלעך. די גאַנצע עלטערע כתה. צעהן-יאָהריגע און אפילו... עלף-יאָהריגע „גמרא-בחורים". געקומען זענען זיי לכבוד אבאלעס אָנהויבען גמרא-לערנען. זייער אינגסטער חבר איז ער געוואָרען. טאַטעס און מאַמעס האָבען זיי דאָס גנאָדיג דערלויבט. זיי געהען אפילו צום דניעפּער און דערצו נאָך פאַר וואַרימעס עסען. נאָר נישקשה! די קינדער געהען דאָך אויף אַ לעקאַך-און-בראַנפען, וועלען זיי דאָרטען דערוויל וואָס איבערכאַפּען דאָס הארץ. און שטיפען... שטיפען וועט זיי זוסעל דער רבי זייערער ניט לאָזען. ביים וואַסער מוזען קינדער האָבען אַן אויג. טאָ זאָלען זיי זיך געהן געזונטשינקערהייט.

געקומען איז ליאָנקע פּיסקליאָניק, דער עלטסטער צווישען די גמרא-בחורים. אַן עלף-יאָהריגער לאַנגאָק, מיט אַ הויכען האַלז, וועלכער שפּרינגט אַזוי יאָלדיש אויף זיינע הינערשע פיס. דער קול ברעכט זיך שוין ביי ליאָנקען פון פריהצייטיגע בגרותקייט. בשעתן רעדען הויבט ער, דאַכט זיך, אָן מעשה-מאַגסביל, מיט אַ ברום, און גאָר פלוצים גיט ער אַ קוואָקצע, פאַלט אַריין אין אַ קרעה און צופּיפּטשעט זיך. רופט מען איהם דערפאַר — „פּיסקליאָניק".

געקומען איז משהקע בוילע — אַ געזעצטער יאָטעל, ביי וועמען ביידע שפּיציגע שלייפען זיינען פאַרוואַקסען מיט געקרייזעלטע הערלעך. זיי וואַקסען ביי איהם דאָרטען אין אַ געדרעה. דוכט זיך דערפאַר, אַז דאָס זיינען יונגע הערנער פון אַ בייקעל, וואָס בייסען איהם שוין אונטער הויט-און-האָר און אָט-אָט שניידען זיי זיך איהם אַרויס. משהקע-בוילע ווערט גאָר עהנליך צו אַ יונגען בייקעל, ווען ער ראַנגעלט זיך, אויף אַן אמת אָדער אויף צו-פלייסען, מיט זיינע חברים. ער לאָזט דאַן אַראָפּ זיין האַרטען קאָפּ מיט די שפּיציגע שלייפען און שטויסט זיך און בוקעט זיך אין בויך אַריין און אין האַרצען. קיינער קען זיך נישט שטעלען אַקעגען אַזאַ בייקישער סטראַטעגיקע... אַ קול האָט ער אויך אַביסעל אַ מגושמדיגען, אַ הייזעריגליכען. און אַז ער איז כעסדיג און גיט אַ פרעג „וואָ—אָס?", דוכט זיך זיך אויס, אַז ער רעווועט: „מאָ-אָה?"

געקומען איז אויך זלמנקע „סאָוועכץ", אָדער זלמנקע האָז — אַ שרעקעדיגער, צאַפּעלדיגער און פלינקער אינגעל, מיט צושראָקענע בולטע אויגען, וואָס קען באַוועגען די הויט פון קאָפּ, אַז ער וויל, און שאָקלען אַ קאַפּעלע מיט די אויערען. עטלעכע אותיות קען ער ניט שאַרף אַרויסרעדען: אָנשטאָט אַ „שין" זאָגט ער „סין" און אָנשטאָט אַ „סמך" דווקא — „שין". און אַ „למד" רעדט ער גאָר אויס ווי אַ „וו"... אויף סמעטענע זאָגט ער „שמעטענע" און אויף שלמה — „סלמה". אויף לערנען — „ווערנען". און אַז ס'מאַכט זיך איהם אַזאַ וואָרט ווי ראָסעל — קומט דאָס ביי איהם אַרויס — „ראָשואוו". אויף איהם דערצעהלט מען דאָס אין חדר, אַז ער האָט אין שבתדיגען קידוש געזוכט אַ „שין" און ניט געפונען. אין גאַנצען קידוש ניט... דהיינו: „יום הסיסי ויכלו הסמים... ויכל אלהים ביום הסיסי... ויברך אלהים את יום הסביעי ויקדס אותו... אַך יאָ! ער האָט אינגאַנצען פאַרגעסען! אין קידוש אין סאַמע אָנהויב איז יאָ דאָ אַ „שין". איין איינציגער „שין", שיער ניט פאַרגעסען... אין „שברי מרנן!"*

*) סברי מרנן.

אַז אינגלעך פֿאַרווילט זיך לוסטיג־מאַכען, בעטען זיי איהם ער זאָל זאָגען „שאָלעכץ". אַנו זלמנקע! רעד ווי אַ מענש! ווי זאָגט מען שאָלעכץ?

— סאָוועכץ! — ענטפֿערט אָפּ זלמנקע זעהר בראַוו. ער איז כמעט ווי זיכער, ווייזט אויס, אַז בעסער פֿון איהם האָט דאָס נאָך קיינער ניט אַרויסגערעדט.

קאַטשעט מען זיך פּאַר געלעכטער, און מען איז איהם מכבד מיט „אונטער־פּלעצלעך". ס'הייסט מיטן קניע אונטערן דאַרען געזעס. מען טוט דאָס אייגענטליך בלויז צוליב זיין טובה וועגען. כדי אָפּצוהאַרטעווען איהם. ער זאָל זיך אויפֿהערען אַזוי צו שרעקען. נאָר זלמנקע שרעקט זיך פֿאָרט. ער האַלט אין איין שרעקען זיך. רק ער קוקט זיך אַרום צי מען וויל איהם ניט געבען אַן „אונטערפּלעצל".

געקומען איז אויך פּייווקע אוריס. דעם פֿעטער אוריס אַ אינגעל. אַ צעהניאָהריגער מזיק, אַ בראַנד מיט אַ פּאָר פּייערדיגע שוואַרצע אויגען. אַ כלי — פֿול מיט שקאָצעריי און מיט ממזריי. און פֿאַרדעקט איז דאָס פֿון אויבען מיט סטאַטעטשנעקייט און מיט תמצוואַטעקייט. ווי אַ הייסער טעפּעל מיט אַ שווערען דעקעל. מען דאַרף אָבער קוים־קוים אַ הויב־טאָן די פּאָקרישקע, אַזוי גיט דאָס אַ זעץ מיט זודיגע פּאַרע, און מען ברענט זיך די פֿינגער אָפּ...

זוסעל דער מלמד האָט זיי דאָס געבראַכט צופֿיהרען גלייך פֿון חדר אַהערצוצו. אַלע מיט די חומשים אונטער די פּאַכוועס, נאָכן מעביר־זיין די היינטיגע סדרה. אַלע אַזעלכע שטילינקע. אַ גאָטס־ברכה ניט קיין גמרא־אינגלעך. ווי די שעפּעלעך נאָך אַן אַלטען צאַפּ זיינען זיי איהם נאָכגעגאַנגען. נאָר אונטער־זיך, הינטער דעם רבינס פּלייצעס, האָט מען זיך דעם גאַנצינקען וועג איבערגערעדט אויף אַ מאָדנעם שטום־לשון, פֿול מיט ווינקען און מיט הברות. מ'האָט אָפּגערעדט אויסצונוצען היינטיגען לעקאַך־און־בראַנפֿען ביים פֿאַראָמשציק, כדי צו באַקענען זיך מיטן דניעפּער ווי עס געהערט צו זיין. איינמאָל לעבט מען אויף דער וועלט! און טאָמער האָט זוסעל דער מלמד גע־

קראָגען חשד און אומגעקוקט זיך, האָט ער געזעהן, אַז די גמרא-בחורים געהען שטיל, טראָט ביי טראָט. ליאָנקע-פיסקליאַ-ניק קוקט גאָר אין הימעל. משהקע-בוילע קאַלופּעט זיך אַן אויער. זלמנקע-סאָוועכץ באַטראַכט זיינע נעגעל און פייוועקע-אוריס — פון איהם איז שוין אָפּגערעדט. ער איז שטילער און סטאַטעטשנער פאַר אַלע זיינע חברים.

## 4.

זוסעל דער מלמד גופא איז אַ איד מיט אַ שיטערער באָרד, וואָס לאָזט זיך איהם אַראָפּ אויפן האַרצען ווי אַ דיקער און קורצער גרויליכער לולב. די גראָבליכע ליפּען שטעקען זיך ביי איהם אַרויס פון די שיטערע פּאַרטאַבאַקטע וואָנצעס. גע-דיכט זיינען ביי איהם נאָר די ברעמען. אַ שטרענגע פינסטער-קייט ליגט אין זיי; און אויף די איינגעפאַלענע שלייפען איז אויסגעגאָסען אַ געלבליכע טרוקענקייט. דאַכט זיך, אַז אַזאַ איד קען קיינמאָל קיין שמייכעל ניט טאָן. שמייכעלט ער טאַקע זעהר זעלטען. און אַז ער צושמייכעלט זיך שוין יאָ אַמאָל — געהט דאָס ביי איהם צו ניט ווי ביי אַלע מענשען. גענומען און געשמייכעלט. ניין! ניט נאָר מיט דער צונג זאַאיקעט ר' זוסעלע, נאָר אויך מיט זיין שמייכעל. אַ זאַאיקעוואַטער שמיי-כעל אַזאַ. דהיינו, בשעת עס קומט אָן די מולדיגע מינוט, זו-סעל דער מלמד מוז אַ שמייכעל טהאָן: שטעקט ער קודם-כל אַרויס די בולטע ליפּען זיינע פון די שיטערע וואָנסעס און גיט מיט זיי אַ ציטער. דערנאָך הויבען די געשלאָסענע ליפּען אָן צו שאָקלען זיך אַלץ גיכער און גיכער, די וואָנסעס צו-האָצקען זיך, ביז דער מיטען פנים שפּאַלט זיך איהם, מיט גאָטס הילף, אויף און אַנטפּלעקט געלבע ניט-גאַנצע ציין... דער רבי ר' זוסעל האָט, הייסט דאָס, הנאה.

אָנקוקענדיג אַזאַ זאַאיקעוואַטען שמייכעל מיט אַזעלכע העויות קען מען דאָך מיינען, אַז זוסעל איז אַ לעקיש אַ איד און לאָזט קריכען די תלמידים איבער זיין קאָפּ? איז דאָס,

במחילה, אַ גרויסער טעות. וואָרים, ווי נאָר עס קומט צום לערנען שלאָגט ער זיך און פּאַטשט זיך און שמייסט זיך סכּנות-נפשות. מכּת-רצח שלאָגט ער טאָמער פאַרקוקט מען זיך בשעתן לערנען, טאָמער פאַרהערט מען. דאָס וואָס ער קען ניט דער-זאָגען מיט דער שווערער צונג, בשעת דער כּעס שפּאַרט איהם אָן, דערזאָגט ער מיט די לאָקשען. ער האַלט זיי דערפאַר אַלעמאָל גרייט אונטערן טיש אויף דער פאַרשמאָלצעוועטער קניע.

— אַ מ...מהומה, — צושרייט ער זיך און כאַפּט דעם קאַנטשוק — אַ מ...הומה ז...אָל אויף אייך קומען!

אַזאַ מזל האָט ער שוין ר׳ זוסעל דער זאַאיקע. דער רבונו-של-עולם שיקט איהם אַלעמאָל צו גראָד יענע אותיות, וועלכע ער קען ניט אַרויסרעדען. דאָס איבעריגע דערזאָגען שוין די לאָקשען.

די גמרא-בחורים שמייסט ער ניט אויפן נאַקעטען לייב. ניין, דאָס ניט. פּייוקע האָט איהם דערפון אָפּגעוועהנט. געווען אַ מעשה מיט פּייוקע אודיס, וועלכען ער האָט מיט געוואַלט אַוועקגעלייגט שמייסען. האָט זיך איהם דער שייגאַץ איינגעבי-סען אין דער פאַרשמאָלצעוועטער קניע, ווי אַ בייזער הינטעל. פון דעמאָלט אָן שמייסט ער אויפן נאַקעטען נאָר די קלענערע אינגלעך פון דער חומש-כּתּה.

און טאָמער הויבט זיך אַ אינגעלע אָן צו בעטען: „רבי, איך האָב אַ „בלינדען טשירעפּ“... אָדער: דער בויך טוט מיר וועה!“ ענטפערט איהם אָפּ זוסעל איבערן נאַקעטען:

— מ...מיינסט איך עס ב...בלינצעס ב...בשעת איך ש...שמייס דיך?

און שמייסט ווייטער. די אויגען ווערען ביי איהם דאַן בולט און מאָדנע גלאַנציג. מ׳זעהט באַשיינפּערליך, אַז קיין בלינצעס עסט ער טאַקע ניט, נאָר אַ שטיקעל טעם פון פליי-שיגע בלינצעס פיהלט ער פאָרט בשעתן שמייסען. און קומען די קינדער אַהיים מיט צושוואָלענע לייבער, בענשען נאָך די גוטע מאַמעס זייערע דעם רבין אונטער די אויגען:

— געבענשט זאָלען זיין זוסעלס הענט. מסתמא כשר פאַרדינט.

— אַן אַקט, אָבער, מיט זוסעלס תלמידים! פרעגט אויף זיי אין גאַס, וועט איהר הערען גאַנץ אַנדערע ידיעות. אַזאַ גזלן אַ רבי, דאַכט זיך. די הויט האָט דאָך געדאַרפט אויף זיי ציטערען... הויבט זיך גאָר ניט אָן! אַנו, גיט אַ פרעג: ווער זיינען די גרעסטע שקצים אין שטאָט? וועט אייך גאַנץ שקלאָוו ענטפערן: „זוסעל דעם זאַאיקענס תלמידימלעך!"

פון דאַנען קען מען אַרויסדרינגען אַ מוסר־השכל. אַז אַ צו האַרטע דיסציפלין און אַ קינדערשע געדולד איז ווי אַ קאָ־טשערע און אַ שווערער שטיוועל. וואָס שווערער דו טרעטסט אויף איהר אָן, אַלץ שטאַרקער איז דער קלאַפּ וואָס זי דער־לאַנגט צוריק איבערן קאָפּ. אָבער אין די צייטען פון זוסעל דעם מלמד און אַנשעל פּאַראָמשציק האָט נאָך קיינער אַזאַ מוסר־השכל ניט געוואָלט אָפּלערנען.

דאָס איז געשעהען אויך היינט, בשעת דעם לעקאַך־און־בראַנפען ביי אַנשלען אין שטוב, די זעלבע קאָטשערע...

ווען די עלטערע אידען, מיטן רבין בראש, האָבען זיך צוזעצט ביים טיש און גענומען מאַכען „לחיים" און ווינשעווען זיך, זיינען די גמרא־בחורים געשטאַנען לעבען די עלטערע אי־דען ווי די גאָר גרויסע סטאַטיקעס, וועלכע טראָגען שוין אויף זיך דעם יאָך פון גמרא און אידישקייט. זיי האָבען זיך פון די בגילופינדיגע פרעמדע אידען געלאָזען פאַרהערען, פּאַרטיי־טשען אַ זאַץ גמרא. האַ, שקצים, עכברשים, וואָס לערנט איהר? בבא־מציעא? אַנו, זאָגט אַקאָרשט וואָס טייטש: שנים אוחזין בטלית? איז וואָס זאָגט אויף דעם רש״י?.. זה אומר כלה שלי וזה אומר כלה שלי... גוט. פיין! זעהר שען. נאַ, מאַך אַ ברכה!

פון האָריגע און צוקנייטשטע הענט האָבען די אינגלעך באַשיידען גענומען די שטיקלעך לעקאַך, געמאַכט „בורא מיני מזונות", אָפּגעוואַרט ביז מען וועט ענטפערן אמן. איינגעטונקט

אין די בעכערלאַך און געמאַכט „שהכל". גאָט און לייט האָבען זיך געמעגט פרעהען מיט אַזעלכע געראָטענע קינדער.

## 5.

אָבער גאָר פלוצלינג, אינמיטען-דערינען, דאַרף זיך מאַכען, אַז עס געהט אָן אַ מאַיאָווע כמאַרע. טאַקע דיזעלבע כמאַרע, וועלכע האָט דעם נייעם-נגידס שקאָלניק אריינגעיאָגט צו זונדעל-גאָטס-גנב אין הייזקע אַריין, און געמאַכט ער זאָל זיך דאָרטען צודראַפּען מיט אַ גאַסען-אינגעל... אַ דונער האָט אַ זעץ געטאָן און ווידער — אַ בליק און אַ דונער. די קעלישאָקעס זיינען שטעהן געבליבען, די גאָפּלען מיט די אָנגעשטאָכענע שטיקלעך הערינג האָבען זיך אַנידערגעלעגט. סיווע וויעס האָבען זיך צופינטעלט און פרומע אויגען האָבען זיך פאַרמאַכט. באַוואַקסענע מיילער האָבען מפסיק געווען אינמיטען דער סעודה און געשעפטשעט אַ נייע ברכה צום אויבערשטען, וועמעס כוח און גבורה ס'איז פול די וועלט. העכער פאַר אַלעמען האָבען זיך צוליבט זוסעל דעם זאַאיקענס תלמידים. זיי האָבען אַלעמען אַריבערגעזונגען מיט זייערע פרישע קולות. פריהער מיט דער ברכה „עושה מעשה בראשית", דערנאָך מיט „שכוחו וגבורתו מלא עולם".

דער רבי האָט גענומען שאָקלען מיט קאָפּ און באָרד צו זיינע טייערע תלמידים, וועלכע הויבען אַזוי דעם כבוד פון זיין חדר צווישען אַזוי פיל עהרליכע אידען. גוט, הייסט עס, פיין האָט איהר געדרשנט!... אָבער מיטאַמאָל דערזעהן גאָר אַלע אידען ביים טיש, אַז אַנשלצן דעם פאַראָמשציק איז עפּעס ניט-גוט-געוואָרען. ער רוקט פון זיך אָפּ דעם קעלישאָק, ער שאַרט אַוועק דעם לעקאַך און די האַנט ציטערט ביי איהם.

— באַשע! — גיט ער עפּעס מאָדנע אַ רוף די ווייב זיינע.

באַשע לויפט צו, גיט אַ קוק אויפן מאַן און פאַרמאַכט האַסטיג די אָפענע פענסטערלעך.

— וואָס? — מאַכט זי — שוין ווייטער דערמאָנט זיך? טפו זאָל ער ווערן, דער... אַלטער גוי דיינער! הען, אָן אָנ־שיקעניש!...

— גאָרנישט, — מאַכט אַנשעל, און דער פּנים אין איהם נאָך אַלץ פאַרקרימט, די אויגען בלאָנדזשען איבער די צוגע־האַקטע פענסטעלעך. עס דונערט און עס בליצט. און עס דאַכט זיך איהם, אַז די נאָדעל אין ווייכען האָניג־לעקאַך, פאַר וועל־כער ער האָט מורא געהאַט, האָט ער פאָרט אָנגעביסען און אַראָפּגעשלונגען. אָט שטעקט זי איהם אַצינד אין האַלז...

ווערען דאָך אידען נייגעריג און הויבען אָן פונאַנדער־פרעגען: וואָס איז? אַ שוואַכקייט חס־ושלום? יאָ, פאַראַן מענשען־גבורים, וואָס פאַר אַ בליץ און דונער האָבען זיי מורא. יאָ, פאַראַן אַזעלכע...

— כ׳וויס וואָס! — מאַכט באָשע — עפּעס אַן אַלטער גוי האָט איהם אָנגעדערצעהלט... אויס מענש איז ער פון נעכ־טען אָן.

— עין ה...הרע, געדאַרפט אָפּשפּרעכען! — גיט אַן עצה זוסעל דער מלמד — איימ...מיצער האָט ניט פאַרגונען אַזאַ נ...נחת.

ערשט ווען דער זומער־רעגען איז אַוועק, אַזוי גיך ווי ער איז געקומען, און די זון האָט אויפגעלויכטען — איז אַנ־שעל געקומען צו זיך. דער פּנים האָט זיך איהם צוריק אָנגעגאָסען מיט אַ געזונטער רויטקייט. ער האָט ווידער צוגערוקט צו זיך דעם קעלישאָק און דאָס פאַרבייסעכץ. און אַ ריעב גע־טאָן זיך דעם שטערען.

— ס׳איז גאָרנישט, — מאַכט ער — וואָס גוי, ווען גוי? לאָמיר בעסער נעמען נאָך צו קאַפּעלעך!

כדי אָפּצואווישען די לעצטע שפּור פון אַנשעלס ניט־גוט־ווערען, האָט זוסעל דער מלמד אויפגעהויבען זיין קעלישאָק, צושאָקעלט זיינע ליפּען און וואָנסעס, כדי אַ שמייכעל צו טאָן... ער האָט געהאַט בדעה צוצורופען אבאלעץ זיין תלמיד צו זיך, אַ קניפּ טאָן איהם אין בעקעל פאַר אַלעמען אין די אויגען און

טאַקע לאָזען איהם פאַרטײטשען אַ זאַץ גמרא, וואָס ער האָט געלערענט. זאָל דער טאַטע זײנער, דער עם-הארץ, הערען און באָדען זיך אין נחת. ער גיט זיך אַ קעהר און אַ רוף: „אבאלע!"... וואו אבאלע? ווען אבאלע? ניטאָ אבאלע.

ערשט דאָ האָבען זיך אידען אַרומגעזעהן, אַז אַלע גמרא-בחורים זײנען פלוצלינג פאַרשוואונדען געוואָרען פון שטוב, אינמיטען לעקאַך-און-בראַנפען. זײ האָבען אויסגענוצט דאָס שטיקעל סומאַטאָכע און אַרויסגעמאַכט זיך אַלע ביז אײנעם.

כדי ניט אָװעקצושטעלען מיט חרפה אויפן טיש דעם אָנגעגאָסענעם קעלישאָק, האָט זוסעל דער זאַאיקער צוגערופען באַשע די פאַראָמשציכע, אָנגעטאָט דעם גמרא-בחור, און אויס-געלאָזט צו איהר זײן גאַנצע װינשעװאַניע:

— ב...באַלעבאָסטע, איהר הערט? איהר װעט נאָך ד... דערלעבען נחת פון אײער בחורעל! נ...נשקשה!

יאָ, װי יעדען זאַאיקען שיקט איהם אַלעמאָל גאָט צו פונקט אַזעלכע אותיות, װעלכע ער קען ניט אַרויסרײדען.

## וואָס גמרא־בחורים קענען מקנא זיין

### 7.

געוויס איז גוט צו זיין אויף אַ לעקאַך־און־בראַנפּען בשעת עלטערע אידען לאָזען זיך וואוילגעהן. זיי שמעלצען זיך דעמאָלט ווי קאָרענער האָניג־לעקאַך אין מויל. זיי קניי־פּען זיך אַפילו מיט פּאַרטאַבאַקטע פינגער און מוסרן אַביסעלע, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. כּדי ניט צופיל הנאה האָ־בען פון עולם הזה — וואַרפען זיי אַרויף די גאַנצע עולם־הבא אויף די קינדערשע קעפּ. זאָלען זיי ניט פאַרגעסען די יונגאַצעס... אָבער לעקאַך און געפילטען פלאָדען קריגט מען פאָרט; און אַ פערטעל בעכערל בראַנפען, צום איינטונקען אַ ווייכען שטיקעל אייער־טאָרט, קריגט מען אויך, און דעם מוסר־השכל — אין איין אויער לאָזט מען איהם אַריין און פון צווייטען אויער טרייבט מען איהם אַרויס.

יאָ, וואָס אמת איז אמת, אין דרויסען, אויפן פרייען ברעג דניעפּער, איז אויך נישקשה. צווישען אונז ריידענדיג — מוחל דעם גאַנצען אָפּגעקניפּענעם שטיקעל לעקאַך! רק זיי האָבען מורא, די עלטערע אידען, אויף יעדער שמחה, די קינ־דער זאָלען זיך ניט קאַליע מאַכען די בייכלאַך. צעפּיצלען זיי יעדען שטיקעל אויף דריי חלקים. אויך מיר פאַרזאָרגער! און זייערע פרומע רייד און אויגעלאַך, וואָס זיי מאַכען, מישען זיך אַריין ווי זאַלץ אינם האָניגדיגען טעם פון די גוטע זאַ־כען. געגוג וועט זיין צו מאַכען ברכות!

דער רעגען איז דערווייל אַריבער, דער קורצער וואָרי־מער מאַיאָווער רעגען, וועלכער בייזערט זיך כּלומרשט מיט באַסאָווע דונערען און ווינקט אַזוי שאַרף מיט האַסטיגע בליצען, און אַליין לאַכט ער גאָר אין דער בלויער באָרדיגער כמאַרע...

פאַר די נייגעריגע אויגען פון די גמרא־בחורים, וואָס האָבען זיך אַרויסגעגנבעט פון אַנשעלס שטוב, האָט זיך דרויסען אַנטדעקט אַ בלוי־פּיאָלעטער פּאַס וואַסער, וואָס לויפט און שלענגעלט זיך, און מאַכט דריידלאַך און פּאָליושקעט זיך אויף די שטיינדלאַך פון ברעג מיט אַ זיסער שלעפּערדיגקייט פון אַ ליידיג־געהער. צווישען שיפלעך און לייזעס און פליטען און צעשאָטענע געהילץ איז ער פאַרקלעמט, דער שפּילעווודיגער דניעפּער, און לויכט פון דאָרטען אַרויס ווי שטיקער טייערע עמאַל. איבער די רויטע ליים־בערג אויף זאַרעטשיע, אויפן וועג קיין מאָהליוו, בייזערט זיך נאָך די אָוועקגעלאָפענע כמאַרע, און אַנטקעגען איהר לויכט שוין זיס די זון דורך שטיפערישע טרעהרען. און אַ שטיק וואונדערליכער רעגענבויגען איז אויסגעבויגען איבערן טונקעלען זייט הימעל, איבער די רויטע בערג. ליכטיג אַזוי און אַזוי זאַט זיינען די קאָלירען! אַפילו איטשע דער פאַרבער, וואָס באַמאָלט בתי־מדרשים אין שקלאָוו, האָט נאָך אַזעלכעס ניט אויסגעמאָלט...

דערזעהן אַזעלכע וואונדער — האָט פייוועלע אוריס, פון גרויס באַגייסטערונג, גלייך געשטעלט זיך אויף ביידע הענט, מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, און פאַרוואָרפען די שיך אויף הינטען, צוליב גלייכגעוויכט. אַזוי איז ער אָפּגעגאַנגען שענע עטליכע טריט, איבערגעקוליעט זיך און ווידער געבליבען שטעהן אויף די פּאָדעשוועס.

האָט זיך ליאָנקע־פּיסקליאָניק מתקנא־געווען, יאָלדיש אַ חאָרף געטאָן זיך מיט די דאַרע פּיסנאָגעס אינדערהויך. געוואָלט, הייסט עס, נאָכמאַכען דעם זעלבען קונץ, און איז גלייך געניזוקט געוואָרען, אָפּגעהאַקט זיך אַ זייט און שיער ניט אָפּגעביסען זיך די צונג ביים אַנידערפאַלען. האָבען דאָך

חברה גמרא-יונגען געמאַכט אַ גרויס געלעכטער. האָט דאָס ליאָנקען שטאַרק פאַרדראָסען: — איהר לאַכט? אַ? כ׳האָב זיך אפשר שלעכט אויפגעהויבען?

אָנגעהויבען האָט ער, ווי זיין שטייגער איז, מיט אַ באַסאָווען קולכעל און אויסגעלאָזט מיט אַ הינערשען קרעה.

זלמנקע-„סאָוועכץ" האָט אפילו אויך געהאַט בדעה אַ פּרוּב צו טאָן זיינע פעהיגקייטען, באַווייזען, אַז ער איז מעהר בריה ווי ליאָנקע. זיינע פלינקע מייזישע אויגלאַך האָבען אָבער גלייך באַמערקט, אַז די חברים זיינע וועלען איהם ניט שאַנעווען, סיי דער קונץ וועט איהם געלינגען, סיי ניט. אַזוי צי אַזוי וועט מען איהם גלייך מכבד-זיין פאַר זיין בריהשקייט מיט אַן „אונטערפלעצעל"... האָט ער זיך באַצייטענס געכאַפּט פאַר דער מחילה און אָפּגעשפּרונגען ווי אַ גומענער קנייכעל:

— איוו מיינט אפשוו איוו וועט מיוו נאַווען? פע, זאָגט צוו!

אָנשטאָט דעם פאַראָמשציקס הויז שטעהט אָבער צו הויך, אַז מען זאָל דאָ אויף אַן אָרט קענען שטיפען פראַנק און פריי. ווי פון אַ הויכען נעסט זעהט מען, פון אָנשטאָט פענסטער, אַלץ וואָס עס טוט זיך אונטען. דעריבער האָט פּייווקע אוריס גלייך געגעבען אַן עצה מען זאָל זיך אַוועקלאָזען ווייטער, ביז איבער זונדעל גאָטס-גנבס הייזקע. דאָרטען, הינטער די ווערבעס, איז מען פאַרשטעלט פון אַלעמענס אויגען. דאָרטען איז די אמתע פרייע וועלט. אַלע אָנגעלאָדענע פּייווס שטעלען זיך דאָרטען אָפּ. מען בינדט פּליטען.

אבאלע דעם פאַראָמשציקס האָט זיך דערפיהלט ניט גאַנץ מעשה-תּכשיט. צוליב איהם איז דאָך עפּעס הייגט דער גאַנצער לעקאַך-און-בראַנפען אין שטוב. מיטאַמאָל וועט ער גאָר אַוועקלויפען ווייט, הינטער די ווערבעס, און לאָזען זיך פאַרפיהרען... ער קען דען ניט פּייווקען?...

האָט ער גענומען שטאַמלען:

— ניין, ניין. דער טאַטע וועט... וועט... דער רבי'... ס'הייסט... ער מיינט די מאַמע.

זלמנקעס צעשראָקענע אויגלאַך האָבן אויך גענומען אַרומלויפן:

— ס'איז דאָך היינט פרייטאָג. מ'האָט נאָך קיין וואָרעמס ניט געגעסן...

אָבער דאָ איז שוין משהקע-בוילע אַרויס מיט לשון:

— וואַ-אָס? — האָט ער געגעבן אַ רעווע ווי אַ יונגער ביק — דאָ אפשר אויך שפּילן זיך אין סטאַטיקלאַך? גענוג אָנגעהערט זיך זוסעלס זאַיקעריי... אין חדר. היינט איז דאָך פרייטאָג! סיי ווי סיי וואָלט מען שוין אַצינד ניט געלערנט. טאָ זאָלען זיך די אַלטע אידען מאַכען לחיים און מיר וועלען אַביסעל לויפן... וואַ-אָס?

— אַפריהער רעדט ער צו, — האָט פּייווקע אונטערגעהאָלפן און אָנגעוויזען אויף אבאלען — מ'עט שפּילן, מ'עט לויפן, מ'עט זעהן דעם דניעפּער! און ווי עס קומט צו עפּעס — האָט ער מורא...

דעם בייקישען כעס זיינעם האָט דערווייל משהקע-בוילע אויסגעלאָזט צו זלמנקען. ער האָט זיך פאַרגנבעט הינטער איהם, אַראָפּגעבויגען די פאַרוואַקסענע שלייפען, און דאָס וואָס אַנדערע אינגלאַך טוען מיטן קני, האָט ער איהם געטאָן מיטן קאָפּ: דערלאַנגט איהם אַ רעכטע „אונטערפלעצעל" פון אונטען אַרויף —:

— און ביי דיר, „סאָוועכץ", פרעגט מען ניט!

דאָס האָט גלייך אויפגעהויבען די דיסציפּלין אין דער כתה פון די גמרא-בחורים. אַלע, ווי איין מענש, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט הינטער זונדעלס הייזקע, צווישען די האַלבאָפּגעפּליקטע ווערבעס. ווי די סאָלדאַטען האָט מען אַצינד מאַרשירט. און וואָס ווייטער מען איז געגאַנגען, אַלץ מעהר וואונדער האָבן זיך אויפגעפאַלדעוועט פאַר זייערע דורשטיגע אויגען.

## 2.

אויפן בלוי-גרינעם וואַסער, אין אַ באַשיצטען איינגוס פון טייך, הוידען זיך אַ סך צעשאָטענע און געבונדענע בער־ווענעס. אונטען — אָנגעוואָרפענע, אויבען טרוקענע. גויים און אידען, באָרוועס ביזקעל גאַרטעל, קריכען איבער זיי און בינדען די בערוועגעס אין פליטען. מיט געשטריקטע, פייכטע צווייגען פון לאָזע-בוימער בינדען זיי. אויפן ברעג דרעהט מען אַפריהער אָט די זעלבע צווייגען און מען מאַכט פון זיי האַלצערנע שטריק. צוויי שפונדעס טוען דאָס. ביים דרעהען פלאַצט די גרינע הויט אויף די לאָזעס *), אָבער דאָס זאַפטיגע האָלץ, אינווייניג, פלאַצט ניט. עס צעשפאַלט זיך נאָר אין האָלציגע פעדימער און די פעדימער פאַרדרעהען זיך באַלד, ווי אַ מין פרישע קלעפיגע פענקע, אין איין לאַנגען בייטש. דערנאָך לאָזט מען צוויי אַזעלכע בייטשען צונויפשליינגלען זיך אינאיינעם. מיט אַ צאַפּעלדיגער שמחה כאַפּען זיי זיך אַרום, ווי צוויי ברידערליכע שלאַנגען, און פילען-אויס די פוסטע קרימונגען איינער ביים צווייטען... איין עק, פון אַזאַ טאָפּעלען בייטש, ווערט אַצינד פאַרבויגען אין אַן „אויער", און דער עק ווערט איינגעקלעמט אינם האָלציגען געפלעכט אַזוי פעסט, אַז קיין שפּיצעלע פון צווייג שטעקט דאָ מעהר ניט אַרויס. אַ געפלאָכטען גוט-אויסגעבאַקט בויגעל איז אויך ניט שענער. פאַלט אַראָפּ אונטער דער שפונדע אַ גרינע בייטש מיט אַ שטאַרקער פעטליע. איינס נאָך איינס פאַלען זיי.

אָט דערמיט בינדען דאָס אַזוי קונציג די האַלב-נאַסע אידען און גויים בערוועגע צו בערוועגע; און אָט דערמיט באַפעסטיגען זיי דאָס איין ראַנד געהילץ איבערן צווייטען. אַזוי וואַקסט דאָס ביסלעכווייז אויס אין אַ פיל-ראַנדיגער פליט, מיט אַ רודער פון הינטען און מיט אַ בודקע אין סאַמע מיטען, פאַר די גוים, וועלכע לאָזען זיך אַוועק מיט

---

*) פייכטע בוש-צווייגען.

דאָס געהילך אַראָפּ־וואַסער. ביזקעל קיעוו און יעקאַטערינאָסלאַוו פאָהרען זיי, וואו די סטעפּען זיינען גרויס און די וועלדער — זעלטען, און געהילך איז טייער.

נו? איז דען דאָס ניט אַ לעבען אויף ד ע ר וועלט? איז דען ניט בעסער צו פאָהרען מיט פליטען קיין קיעוו, טאָגען און נעכטיגען אויפן וואַסער, איידער לערנען אין חדר ווי צוויי אידען האָבען געפונען אַ „טלית״? מן הסתם אַזאַ פאַרשמאָלצעוועטען טלית ווי ביים אונטער־גבאי אין ליובאַ־וויטשער בית־מדרש, ביי בערע רחמיאלס... אַ וואוּנדער מציאה! ס׳איז דאָ איבער וואָס צו שלאָגען זיך און איבער וואָס צו שווערען זיך, ווער ס׳האָט אַזאַ אַנטיקעל דערזעהן דער ערש־טער. האָדושען זיך האָט מען געדאַרפט אָנצוריהרען אַזאַ פאַרשמאָדערטע טראַנטע! אלא וואָס דען? כדי צו רייסען צעהן־יעהריגע אינגלעך פאַר די אויערען און פאָכען איבער זיי מיט די לאָקשען איז עס אויך אַן עסק. ווי שרייט זוסעל דער זאַאיקער? ז...זאָג מ...ממזר! „ז...זה אומר כ...כולה שלי וז...זה אומר כולה ש...שלי״ דער זאָגט דער גאַנצער טלית איז מיינער און דער זאָגט: ער איז אינגאַנצען מיינער... אַ? וואָלט דען ניט גלייכער געווען צו נעכטיגען אויף די פליטען און באַקען קאַרטאָפליעס אין הייסען פריסיק אויף אויסגעלייגטע ציגעל? גוואַלד! פאַרוואָס האָט דאָס דער רבונו־של־עולם אַזוי געשטראָפט אידישע קינדער און אָנגעלייגט אויף זייערע דאַרע פלייצקעס אַזויפיל דינים מיט אַזויפיל מצוות מיט אַזויפיל פירושים אויף יעטווידער פשוטער שורה?

און איידער די גמרא־בחורים האָבען זיך נאָך זאַט אָנ־געקוקט אויף דער אַרבייט ביי די פליטען, פאַרכאַפּט זיי שוין דער אָטעם פון די נאָסקע־טרעגער און פון זייער גליקליך לעבען ביים ברעג דניעפּער. אויסגעווייסט זיינען זיי, די טרעגער, אין מצהל פון קאָפּ ביזקעל די פיס. און פון דער אָנגעפודערטער ווייסקייט זעהען זיך נאָר אַרויס די רויטע האַרטע קאַרקען און די אָפּגעבריהטע פנימער. די באַשטיוועלטע און באָרפיסע שווערע רגלים טרעטען שווער איבער די קלאַט־

קעס, וואָס זיינען אויסגעלייגט באַלכסון פון די אָנגעלאָדענע לייוועס צום זאַמדיגען ברעג אַראָפּ. די קלאָטקעס הוידען זיך אונטער דער משא פון אָנגעשטריינגטע ליטקעס און רוקענס און אָנגעפּאַקטע זעק. דוכט זיך, אַז די פאַרשוויצטע טרעגער טוען טאַנצענדיג זייער שווערע אַרבייט. אונטער זון און הימעל געהען זיי אַ כאַנץ מיט די נאָסקעס אויף די ברייטע פּלייצעס. הער אַ שמחה אַביסעל! האָרצווען ווי די פערד און פרעהען זיך. ווי האָט גאָט ברוך-הוא פאַרשאָלטען דעם מענשען? מיטן שווייס פון דיין געזיכט זאָלסטו עסען ברויט!... די נאָסקע-טרעגער לאַכען זיך אָבער אויס. פון דער קללה האָבען זיי גאָר געמאַכט אַ ברכה. זיי טאַנצען... און די נייע אויסגעלייגטע ברעטער קנאַקען פרעהליך אונטער זייערע טריט. איינער נאָכן אַנדערען געהען זיי אין אַ האָפקעדיגער שרענגע. זיי לאָדען אויס די לייוועס און טראָגען אַוועק די סחורות אין די ליי-דיגע פוהרען. זיי שלעפּען אַריבער זעק מיט מעהל און מיט זאַלץ, קוליעס מיט טאַראַנקעס, קאַסטענס מיט טשוועקעס, פּעק מיט סיטץ איינגעניים אין געפּעכטען לייוואַנד. אַלץ שפּייז און שטאָף און געצייג פאַר שטאָט און פאַר דערפער און שטעט-לאַך אַרום שקלאָוו, וועלכע זיינען ווייט פון וואַסער און אָפּ-געריסען פון שאָסיי.

ערשט אַצינד כאַפּען זיך די צעהן-יעהריגע גמרא-בחורים ווי דאַר עס זיינען זייערע אָרעמס, ווי שפּיציג די קני זייערע און ווי נעבאַכדיג און אויסגעצויגען די פּנימלאַך. ווי אַזוי וועלען זיי דאָס מלחמה-האַלטען מיט גויים, בשעת משיח וועט קומען? אַזוי ווייניג כח ווי זיי האָבען! און אָט, אָט די טרעגער, זיי וועלען שוין זייער שטעטעל באַשטעהן! זיי וועלען שוין געבען אויסגאָב ווי ס'געהערט צו זיין.

און דאָ, אָן אַ זייט, אין שאָטען פון אַ ווערבע, זיצט אַ קופּקעלע אידען און גויים, אין אַ האַלבען קרייז האָבען זיי זיך אויסגעזעצט. די ערלים אָהן היטלען און די ישראלים, להבדיל, אין אָנגערוקטע קאַרטוזען, אַלע עסען זיי אַריין. וואַ-רימעס הייסט דאָס, אפנים, ביי זיי. די גוים טונקען גרויסע

לוסטעס שוואַרץ ברויט אין זאַלץ און בייסען פון גאַנצען, פאַר־זיכטיג און געשמאַק, ווי מען בייסט פון אַ מאַנדעל־טאָרט. זיי היטען זיך דערביי אַ ברעקעלע זאָל ניט אַראָפּפאַלען. און טאָמער גליטשט זיך ניט דער שאַרסקער צעקייטער ביסען, אַזוי פאַרזופּען זיי עס מיט וואַסער פון ליימענע קריגלאַך. זיי פאַר־וואַרפען די קודלאַטע קעפּ אויף הינטען און לאָזען זיי צוריק אַראָפּ מיט אַ זיסען קרעכץ פון אויסגעהונגערטע האָרעפּאַשני־קעס, וואָס קיין געשמאַקערע זאַך ווי ברויט מיט וואַסער האָ־בען זיי שוין לאַנג ניט פאַרזוכט.

און די אידען שניידען זייער ווייסערען ברויט מיט מעסערלאַך און פאַרזופּען פון שמאָלע האַלאַטשיקעס מיט קאַל־טען שצאַוו, אָדער מיט זויער־מילך. אפריהער דערהיצען זיי דעם גומען מיט קימעלדיגען ברויט און מיט אָן אָפּגעשיילטער ציבעלע. די הייסע ביטערקייט שפּאַרט זיי אָן אין פּנים. דער־נאָך קיהלען זיי זיך אָפּ מיט אַ זויערליכען זופּ. די הנאה פון לעבען הוידעט זיך ביי זיי אין די געריכטע מעהליגע בערד און דער ברכת־המזון שיינט שוין ביי זיי פון די ברעמיגע אויגען אַרויס. נאָך איידער זיי האָבען געענדיגט דעם מאָלצייט זייערען. די מיילער, ביי די גמרא־בחורים לויפען אָן מיט וואַסער. דער טעם פון לעקאַך און פלאָדען, וואָס זיי האָבען אָקאָרשט געגאַשט, ביי אַנשעל דעם פאַראָמשציק, ווערט עפּעס פריקרע און איבריג. דאָס פרייטאָגדיגע געבראָטענס, וואָס טוקט זיך אין ציבעלע־יויך און וואַרט אויף זיי אינדערהיים מיט אַ פרישע בולקע ביים טעלער, ווערט אינגאַנצען פאַרגע־פעלט. אַך, זיי וואָלטען זיך בעסער צוגעזעצט אָט דאָ, מיט דער קופּקע אָנגעהאָרעוועטע גויים און אידען, וואָלטען גע־שמאַק געקייט קאָרענעם ברויט מיט זאַלץ און פאַרזופּט מיט קאַלטען שצאַוו, און מוחל אויף אַלע אַנדערע מאכלים אין דער גאָרער וועלט! פון דער ערד ביסטו גענומען געוואָרען, אויף דער ערד שפּייזטו זיך און צו דער ערד קעהרסטו זיך אום... עס מאַכט ניט אויס! גאַנץ גוט אַזוי.

אומבאַקאַנטע אַפּעטיטען און אויסטערלישע גבורות ברוי־

זען אויף אין די אינגעלשע לייבער. כדי צו באַהאַלטען איינער פאַרן צווייטען די ניט-אָנשטענדיגע זשעדנעקייט און דעם איבערפלוס פון כוחות, כאַפּט מען זיך ראַנגלען, גלאַט אַזוי, פון דער העלער הויט אַרויס. ליאָנקע דער הויכער מיט זלמענקע „סאָוועכץ" דעם קורצען, און פייווקע אוריס מיט משהקע-בוילע. אבאלע דעם פּאַראָמשציקס בלייבט שטעהן איינער אַליין, אַביסעל פאַרלעגען. און מיט אַמאָל פאַרגעסט ער, אַז ער איז היינט אַ בעל-שמחה, אַז אידען מאַכען לחיים צוליב זיין אָנהויבען לערנען גמרא. ער גיט זיך אַ וואָרף מיט אַ קוויטש אויף ליאָנקע פּיסקליאָניק, רייסט ביי איהם אַרויס זלמנקע-האָז פון די אָרעמס, וואַרפט איהם אַרויף, ווי אַ זעקעל מעהל, אויפן רוקען און לאָזט זיך לויפען מיט טענצעלדיגע טריט צו די פוהרען, פונקט ווי די נאָסקע-טרעגער מיט זייע-רע שווערע משאות.

— אָסטאָוואָזנע! — שרייט „סאָוועכץ" און מאַכט מיט די פיסלאַך ווי אַ טאַראַקאַן.

אָבער אבא'לע לויפט אַלץ גיכער און גיכער, ביז דער כוח פון פלוצלינגען אימפעט געהט איהם אויס. פאַלט ער אַני-דער און ציהט זיך אויס, מיט זיין לעבעדיגער משא צוזאַמען, אין געלבען זאַמד. די אַנדערע אינגלאַך לויפען אָן און „סאָ-וועכץ" שפּרינגט אויף ווי אַ ספּרוזשינע. ער כאַפּט זיך פאַרן געזעס און טראָגט זיך אָפּ אָן אַ זייט:

— איזו וועט מיוו ניט נאַוועןְ!—שרייט ער מיט נצחון,— פע, זאָגט עוו!

רק ער האָט מורא פאַר אַן „אונטערפלעצעל".

## 3.

און דאָ קומט דאָס גרעסטע וואונדער. אַ גליק וואַל-גערט זיך אויפן וואַסער, נאַר קיינער, אויסער זוסעל דעם זאַאיקענס גמרא-תלמידים קוקען זיך אויף איהם ניט אום.

צווישען פליטען און לייוועס, פאַרשטעקט, אין אַ קליי-

נינקען אויסגוס פון דניעפּער, געפינען פינף פּאָר נייגעריגע אויגען אַ באָרפיסען גוי, וואָס די קורצע מייטקעס זיינע, פון אַן אומבאַקאַנטען שטאָף, זיינען איהם צופליקט און צושנאַ-פּצרט, און הענגען איהם אַראָפּ אין לאַנגע פרענז און קאָל-טענס איבער זיין באָרפיסקייט. זיין קורצע פּאָדיאָווקע, אין לעכער און אין לאַטעס פון כלערליי קאָלירען, איז איהם אַרומ-געבונדען מיט אַ צוזאַמענגעקניפּעלט שטריקעל, אַרום די לענ-דען. זיצט ער זיך אַזוי אינמיטען זיין שיפעל און דאָס שיפעל אליין איז איינס פון יענע „דושעהובקעס", אָדער קוילעטש-שיפלאַך, פון מענשען-פרעסער און רויט-הויטיגע, וועלכע מען געפינט נאָר צווישן די בילדער אין ראָבינזאָן-קרוזאָ און אין קופּערס מעשיות, וואו ס'איז די „קאָרמע" מיט אַ רודער און וואו דער „נאָז" איז — דאָס קען מען ניט וויסען, ווייל אַזאַ שיפעל האָט בטבע צוויי שפּיציגע נעזער אויף ביידע עקען. דאָס דאָזיגע שיפעל פונם גוי איז נאָך אויסער דעם געווען איבערגעשפּאַנט, איבער ביידע נעזער, מיט הילצערנע רייפען, און די רייפען — איבערגעצויגען מיט אַ געפּעכטען זאַק. האָט דאָס אויסגעזעהן האַלב-ביידעלדיג, האַלב-דעכצלדיג, ניט דאָס, ניט יענעס. משמעות, ביידע זאַכען צוזאַמען. שאַ! פונקט אַזעלכע שיפלאַך מיט אַזעלכע דעכלאַך מאַכען חדר-אינגלאַך פון אַ פּאַפּירענעם דריי-עקיגען הוט. און פונקט אינדערמיטען, ווי אין אַזאַ פּאַפּירען שיפעלע, זיצט זיך אָט דער באַוואָקסע-נער בראָדיאַגע. זיין געזיכט איז האַרט און פאַרשוואַרצט, ווי דער געפּעכטער זאַק פון זיינע ביידלאַך. און אין די אויגען ליגט איהם אויסגעגאָסען אַ מילכיג-בלויע רוהיגקייט. און כאַ-פּען כאַפּט ער פיש מיט אַ וואודע*). און ביים סאַמע ברעג, אין פייכטען זאַמד, אויף דריי בעזים-פלעקענער, אויסגעשפּרייט ווי אַ דרייפוס און אויבען צוזאַמענגעבונדען מיט אַ דראָט, הענגט אַ פאַררויכערט קעסעלע, איבער אַ פלאַקערל אַ קנאַקע-דיגס. און עס קאָכט זיך אין קעסעלע וואַרימעס. אַ מאָדנע סאָרט וואַרימעס! אַלץ איז אין איהם צוזאַמענגעמישט: דאַרע

*) ווענטקע.

שטיקלעך פלייש, קאַרטאָפליעס, געשניטענע בוראַקעס און פיש-לאַך, פיצער-פּקעדיגע שטיקלעך פּעטס און קיילעכיגע גרויפּען, בעבלאַך און געטריקענטע שוועמלאַך. הכלל, כלערליי מינים, וואָס מ׳קען געפינען אין אַ שפּיזאַרנע אין כלימלאַך און אין פּעקעלאַך, האָבן זיך דאָ צוזאַמענגענומען צו קאָכן זיך אין איין געקעכץ, פאַרן אָפּגעריסענעם ערל.

— נאַ, — טראַכט זיך פּייוועקע אוריס, — אַן אמתע געקעכץ פון אַ וואָגלער, פון עמיצען וואָס ריכט אָפּ גלות!.. פּונקט אַזאַ געמישעכץ האָט גאָט געהייסן שטויסן און באַקן יחזקאל דעם נביא, ער זאָל דערמיט ווייזן, וואָס די זינדיגע, פאַרטריבענע אידעלאַך וועלן עסן אין דער פרעמד... נעם, האָט גאָט געזאָגט, גערשטען און קאָרן און הירזש און נאָך מיני פּאַ-טראַוועס און באַק זיי צוזאַמען!... איז, הייסט דאָס, דער ערל אויך אַזאַ מין סאָרט „פאַרטריבענער?”

אבאלע דעם פּאַראָמשציקס איז דאָך אָבער אַ דניעפּער-אינגעל, פאָרט אויסגעהאָדעוועט זיך צווישן גויים ביים פּאַ-ראָם, קען ער דאָך עפּעס זייער לשון; און נייגעריג איז ער דאָך ניט ווייניגער ווי די אַנדערע חדר-יונגען, מאַכט ער ניט קיין שהיות און וואַרפט זיך איבער מיטן מאָדנעם גוי, מיט עטליכע גויעשקע ווערטער. שטוינען די גמרא-בחורים הערענ-דיג, אַז אָט אַזוי לעבט ער זיך דורך, דער ערל. פראַנק און פריי לעבט ער זיך. זינט דער דניעפּער האָט זיך געריהרט פאָהרט ער אַזוי אַראָפּ-וואַסער. שוין אַ פּאָר וואָכן, אַז ער פאָהרט אַזוי. וואו ער טאָגט דאָרטען נעכטיגט ער ניט. און שלאָפען טוט ער מיטן קאָפּ אונטער אייןביידעל, אויפן דעק פון זיין שיפעלע, און מיט די פיס אונטערן צווייטען ביידעל. טאָמער רעגענט עס — איז אויך דאָ אַן עצה: וואַרפט מען איבער אַ פּאָר זעק איבער די ביידע ביידלאַך ווערט פון זיי איין צוגעדעקטע ביידעל. און מען שלאָפט ווייטער. דער דניע-פּער כוואַליעט, דאָס שיפעל קאַטשעט זיך ווי אַ וויגעלע. וויגט דאָס איהם איין. ווי אַ לייבליכע מאַמע וויגט איהם דאָס וואַסער איין. מורא?.. פאַר וועמען זאָל ער מורא האָבען? ער

האָט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. און גנבים וועלן בײַ איהם אויך גאָרנישט ניט געפינען. כיבא אָט די צופליקטע פליודערען. כאַ-האַ! אָבער ווער דאַרף זיי?.. אין קיעוו וועט ער אפשר אָנקומען הצט-העט סוף זומער. איהם איז אַלץ איינס. ער האָט צייט. בײַ יעדען דאָרף און בײַ יעדער שטאָט רוהט ער זיך אויס. אייגענטליך, ער האָט ניט פון וואָס אויסצורוהען זיך. דער דניעפּער טרייבט זיין שיפעלע מעהר ווי ער אליין. אין דאָרף פאַרדינט ער, כאַפּט אָן עטליכע לעשצעלאַך און פאָהרט ווייטער אראָפּ-וואַסער. דאָס שיפעלע? דאָס האָט ער זיך אַליין צוזאַמענגעמייסטרעוועט. אָט האָט ער אַ פּושקעלע זאַלץ, אַ פּושקעלע צוקער... פעפער... אַ גאַנצע באַלעבאַטיש-קייט. כע-הע! דאָס זיינען אַלץ פּושקעלאַך פון שוה-וואַקס. אַז מען וואַשט זיי גוט אויס און מען שייערט זיי אויס מיט זאַמד זיינען זיי ווי נייאינקע. ניטשאַוואָ! בעסער ווי גלעזערנע טע-צעלאַך און פאָרצעלייענע טעפּעלאַך, וואָס האַלטען זיך אין איין ברעכען און פּלאַצען, און ציהען אין זיך אָן פייכטקייט. און אָט איז אַ פּושקעלע מיט לעבעדיגע ווערים, מיט לעכע-לאַך אין דער אויבערשטער דעקעל. אויך אַ פּושקעלע פון שוה-וואַקס. וואָס אַנדערע וואַרפען אַרויס איז פאַר איהם אַ כלי... פיש האָט ליב אַ לעבעדיגען וואָרים. אין אַזאַ פּושקעלע מיט לעכעלאַך, אָנגעפילט מיט פייכטע ערד, קען אַ וואָרים אָפּלעבען עטליכע טעג. די דניעפּער-פיש זיינען געשמאַק. יאָ. און ברויט קויפט ער אין שטאָט, שניידט אויף לוסטעס, טריקענט זיי אין דער זון און מאַכט סוכאַרעס. האַלטען זיי זיך לאַנג. און וואו נעמט ער געלט? געלט — אַך יאָ. געלט איז אַן איידעלע זאַך. געלט איז אַ זעלטענע זאַך. פּויערים האָבען ניט קיין געלט. זיי באַצאָהלען איהם מיט אייער, מיט ברויט, מיט לייוואַנד אויף אַ העמד. פאַרוואָס באַצאָהלען זיי? פאַר אַרבייט. אַז מען דאַרף איז ער אַ באָנדאַר, קען אָנריי-פען אַ פאַס. אַז מען דאַרף, קען ער אָנשלאָגען פּאָדקאָוועס אַ פערד, אַ קליאַמקע צורעכט מאַכען, דעקען אַ דאַך, אָפּפאַרבען וואָס ניט איז. אַלץ קען ער טאָן אַז מען דאַרף. אָט האָט ער

כלערליי געצייג ביי זיך: אַ צווייגעל, אַ האַמער, אַ דלאָטע, אַ פענזעל... אָט, אידען זיי האָבען גראָד געלט, מזומנים האָבען זיי. נאָר אידען זיינען אַ פאָלק וואָס האָט מורא... ביי זיי איז דער עיקר קליידער. קוקען זיי אויף זיינע צו־ריסענע פליודערען און האָבען מורא. זיי מיינען כא־הא, אַז ער איז אַ האַלז־שניידער. שווער קומט אָן צוצוגעהן צו זיי. אַז ער געהט צו אידען בעטען אַרבייט טוט ער אַצינד אָן אַ פּאָר גאַנצע לייווענטענע הויזען. אָבער דערפאַר באַצאָהלען אידען גוט. דער מוזשיק איז קאַרג. פאַר אַן איי ציהט ער די נשמה אַרויס. פאַר אַ לאַבען ברויט מיט קוואַס מוז מען ביי איהם אַרבייטען אַ גאַנצען טאָג אויפן פעלד. אָה, ס׳איז ניט פאַר איהם. ער איז זיך אַ מענש פאַר זיך און פאָהרט זיך אַראָפּ־וואַסער. ווייטער גאָרנישט. פאַרוואָס זיצט ער ניט איין אויף איין אָרט? עס זיצט זיך ניט, קינדערלאַך! די „באַבאַ” (ווייב) איז איהם היינטיגען אָנהויב ווינטער געשטאָרבען. די קינדער זיינע — אויך. אַ הולאת אַזאַ איז זיי אַריין אין האַלז און האָט זיי דערוואָרגען. קען ער זיך פון דעמאָלט אָן קיין אָרט ניט געפינען, פאָהרט ער אַזוי אין קיעוו. אויף באַ־האַמאָליע. דאָס האַרץ באַרוהיגען. אומעטום איז גאָט. אומעטום מענשען. ניטשעוואָ!..

## 4.

די גמרא־בחורים זיינען געשטאַנען פאַרגאַפטע. מיט זייער קינדערשען חוש האָבען זיי נעבעלדיג געפיהלט, אַז דאָ אַנט־קעגען זיי, אינמיטען קוילעטש־שיפעלע, זיצט אַ שטיק אמתער מענש, אַ רויהער בירגער פון גאָטס ערד, איידער מ׳האָט אויף איהם אָנגעוואָרפען דעם יאָך פון מצוות, פון סטאַטעטשנעקייט, — איידער עלטערע האָבען פאַרקנעכט אינגערע, שטאַרקערע — שוואַכערע, רייכע — אָרימע. אפילו אבאלען דעם תכשיט, דעם אתרוגל פון היינטיגען לעקאַך־און־בראַנפען, האָט זיך געצומען דוכטען, אַז אָנהויבען גמרא, וועגען אַן אַלטען טלית, וואָס

צוויי אַלטע אידען האָבען ערגעץ־וואו געפונען, איז שוין, באמת ניט ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גליק... אויף גאָטס וועלט זיי־נען, מאָלט אייך אויס, פאַראַן גרעסערע גליקען. אָט, אַ מאָדנע זאַך! אַ גוי, דאַכט זיך, ווייסט ניט פון די אַלע זאַ־כען. אפילו ווער רש״י איז געווען ווייסט ער אויך ניט. און לעבט פונדעסטוועגען פראַנק און פריי. האָט כח צו לעבען אָ ה ן דעם... עפּעס איז דאָ ניט גאַנץ גלאַטיג.

פון באַגייסטערונג האָט קיינער פון די אינגלאַך קיין וואָרט ניט גערעדט. יעטווידער האָט עפּעס פאַר זיך געטראַכט. איין פּייווקע אוריס האָט זיך מעהר ניט געקענט איינהאַלטען:

– פרעג איהם, – מאַכט ער צו אבאלען מיט אַ פאַר־כאַפּטען אָטעם – פרעג ביי איהם, וואָס טוט ער בשעת... בשעת ער האָט ניט וואָס צו טאָן?

אבאלע האָט פּייווקען געטאָן דעם צוליב.

דער ערל האָט אָנגעשטעלט אויף אבאלען זיינע מילכיג־בלויע אויגען:

– בשעת ס'איז אומעטיג ווילסטו זאָגען, כלאָפּיעץ?

אָנשטאָט צו ענטפערען מיט ווערטער האָט זיך דער גוי אין שיפעלע געגעבען אַ בויג איין, אַרויסגעצויגען פון אונ־טער איין ביידעל אַ האַרמאָניקע מיט צוויי לעדערנע פאַר־שמאָלצעוועטע אויערלאַך. פלינק און געניט האָט ער אין זיי דורכגעשטופּט זיינע ביידע פאַרמאַזאָליעטע גראָבע פינגער און אַ ציה געטאָן. ס'האָט זיך דערהערט אַ מין ווייטער פייערלי־כער כאָר פון יונגע פאַראָבקעס. די אַנדערע אַכט פינגער האָ־בען גלייך אַ לויף געגעבען איבער די שוואַרצע וויג־ברעטע־לאַך אויף דער כלי, און יונגע שיקסעס האָבען זיך צעזונגען, ערגעץ־וואו, אויף אויפגעאַקערטע גערטנער... קיינער פון די אינגלאַך האָט זיך לחלוטין ניט געריכט אויף אַזאַ פלינקייט פון די פּויערישע פינגער. פון אַלע קיילעכדיגע לעכעלאַך, אויף דער האַרמאָשקע, האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ גאַנצע מחנה פרעהליך־קורצע און אומעטיג־געצויגענע טענער. אַלע אַזעלכע זאַפּטיגע, ביים האַרצען־ציהענדיגע. און קיילעכדיג זיי־

נעץ זיי ווי די רונדע פענסטערלאַך אין דער האַרמאָשקע, פון וועלכע זיי שפּרינגען... ס'האָט אַ ציה געטאָן איבערן גאַנצען דניעפּער מיט זיסע הפקרות. שטיינדלאַך ביי דעם ברעג טייך און אונטערגעשווייבקטע ליים-בערג אויף יענעם ברעג, ווער-בעס און מאַסטען, זונדעל-גאָטס-גנבס הייזקע און איהר בלע-כענער קוימען אויפן דעכעל, אַלע האָבען זיך אָנגעשפּיצט, אויף די ציפּקעלאַך געשטעלט-זיך: האַ? וואָס? טאַנצען? איבּ טאַנצען אַ האָפּקע זיינען מיר אויך דאָ!...

דערשיטערט זיינען די גמרא-בחורים געבליבען שטעהן. דער האַלז ביי ליאָנקע פּיסקליאָניק האָט זיך אויסגעצויגען ווי ביי אַ גאָנער. משהקע-בוילע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ווי אַ צוגעבונדען בייקעל. ביי זלמענקע „סאָוועכץ" זיינען די שרעקעדיגע אויגען שטעהן געבליבען, נאָר די מאָגערע באַ-קען האָבען זיך ביי איהם געגנומען גיך באַוועגען, ווי ביי אַ האָז וואָס איז מעלה-גרה. אבאלע האָט שטיל געקלאָפּט צום טאַקט מיטן פּיסעל אין זאַמד, און האָט דאָס אפילו אַליין ניט באַמערקט. ווי אַזוי קען דאָס אַזאַ קליינער גויעשקער אינסטרומענט אַרויסשיטען פון זיך אַזאַ אוצר פון טענער? עס מאַכט ריידען שטיין און בוים און וואַסער, און דריקט אויס זייער זומערדיגע, באַהאַלטענע פרעהליכקייט. די דינע טענער פּאַסען זיך צו די גרינע שפּיציגע בלעטער פון די ווערבעס, און די גראָבע — זיינען אַזוי רויט ווי די ליים-בערג אויף „זאַרעטשיע", ווי די אָנגעגאָסענע פנימער און קאַרקען פון די נאָסקע-טרעגער. שיקסעס און פּאַרובקעס און שדימלעך – אַלע האָבען זיך צעהוליעט און געהן אַ קאַרע-האָד. און אַלץ נייע און נייע פרעהליכע שטיפער שפּרינגען פון דער האַרמאָשקע. דורך די רונדע „פענסטערלאַך" שפּרינ-גען זיי. זיי הוידען זיך אויף די וויג-ברעטעלאַך אונטער דעם גויס פינגער. גוט אַזוי, גוט אַזוי!

פייוועקען האָט דאָס געהויבען ווי אויף גומענע קנייכלעך. ס'האָט געצויגען ביי די קני און גענאָגט אין האַרצען.

— אָט – האָט ער זיך געטראַכט, – אַז דער אויבערשטער

ווען איהם, פייווקען, שענקען דעם געזונט און ער וועט אַמאָל אַרויס גאַנץ מיט די ביינער פון זוסעל דעם זאַיקענס חדר און חעט ווערען אַ מענש, וועט ער, קודם-כל, אַנטלויפען פונדערהיים און פאַרשאַפען זיך אַזאַ מין שיפעל. צוויי ביידלאַך אויף ביידע עקען וועט ער זיך, אם-ירצה-השם, אַליין אויפמייסטרעווען. אַ גרויסער קונץ! מען שלאָגט-צו צו צוויי אַ,טע רייפען און מען ציהט איבער מיט זאַק. אַן אייזערנעם קעסעלע קען מען אַוועקלקחענען פונדערהיים. און וואָס, דוכט זיך, קען זיין גלייכער און געזונטער ווי אַרומשיפען זיך בייטאָג אַראָפּ-וואַסער און נעכטיגען, ביינאַכט, איז שיפעלע אונטער אַ פעלץ? וואָס פאַר אַ צורה, מ׳שטיינס געזאָגט, האָבען דאָס אַלע תכליתים, מיט וועלכע דער טאַטע זיינער, פעטער אורי, עקבערט איהם אַ קאָפּ, אַנטקעגען אַזעלכע צוויי פאַרשמאָלצעוועטע ביידלאַך אויף ביידע שפּיצען פון שיפעל? און וואָס פאַר אַ ווערט האָבען אַלע מעדניצעס און קופערנע פענדלאַך און פסחדיגע כלים פון דער מומע-פייגען אַנטקעגען אַזאַ פאַררויכערטע קעסעלע אויף דריי פלעקענער? היינט דאָס געקעכץ וואָס עס קאָכט זיך אין איהם! בעבלאַך מיט פיש מיט ציבעלעס מיט פלייש מיט זויער-קרויט מיט קאַרטאָפליעס, מיט גרויפען, מיט הירזש, מיט שוועמלאַך און פאַרפעלאַך. ס׳מוז דאָך האָבען אַ וואונדערליכען טעם פון אַלע מאכלים צוזאַמען. דער מאַמען זיינער פאַלט גאָר קיינמאָל ניט איין צו קאָכען אַזאַ מאכל! דאָס גאַנצע ערב-שבתדיגע ציבעלע-פלייש מיט דער פרישער פרעפיצע וואָלט ער אַוועקגעגעבען פאַר... פאַר איין זופּ פונם גויס קעסעלע. נאָר שאַ, שטיל! מען טאָר גאָר פון אַזעלכע גלוסטענישען הויך אויפן קול ניט רעדען...

און אין רעכטען מיטען שוואונג פון פאַנטאַזיע, אין מיטען טראָגען זיך אַזוי הויך אויף די פליגלען פון די פרעה-ליכע בלאָז-טענער, האָט דער בראָדיאַגע פלוצלינג אָפּגעבראָכען זיין מוזיק, אָפּגעשטעלט דעם כשוף-טאַנץ און אַריינגעוואָרפען זיין האַרמאָניקע צוריק אין שיפעל-ביידעלע אַריין. דערזעהענ-דיג אָבער די אַנטוישטע פנימער פון די שטאָט-אינגלעך און

זייערע פאַרבײַנקטע אויגען, האָט ער זיי דערקלערט זיין אויפהערען שפּילען בזה הלשון:

— יאַנאַ ריבאַ־טאָ דיוזשאַ פּוזשליוואַ!

ס'הייסט: „זי, די פּיש, איז זעהר שרעקעדיג"... קען ער דערפאַר מעהר ניט שפּילען. יאָ, האָט ער זיך אַ קראַץ געטאָן אין פּאַטעלניצע, אַן אַנדערש מאָל אפשר... ער האָט נאָך היינט ניט גענוג אָנגעכאַפּט אויף וואָרימעס.

פון גרויס דאַנקבאַרקייט, וואָס אַזאַ פּרייער בירגער פון דניעפּער רעדט אַזוי פּריינטליך מיט זיי, חדר־שנעקעס. פאַר דעם קורצען אָבער שענעם קאָנצערט וואָס ער האָט זיי דאָ געגעבען, און בכלל כדי צו דערווייזען, אַז זוסעל דעם מלמדס גמרא־כּתה זיינען ניט פון יענע אידען וואָס האָבען מורא פאַר יעדען באָרפוסען גוי — האָט אבאלע דעם פאַראָמשציקס אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע אַ צוויי־קאָפּיקענע מטבע, איינע פון יענע פאַראָם־געלט מטבעות, וואָס מ'לקחענט אַרויס, ווען מען באַדאַרף, פון דער מאָמעס לעדערנער טאָרבעלע אונטערען פאַרטוך... און שעמעוודיג דערלאַנגט עס דעם גוי אין דער שוואַרצער לאַפּע אריין. דערזעהענדיג אַזאַ ברייטקייט פון אַ יונגערען חבר, האָבען שוין די איבריגע גמרא־חברים מעהר ניט געקענט געוועלטיגען איבער זיך. די וואוילטעטיגקייט האָט זיי אַלעמען אָנגעשפּאַרט, און יעדער איינער האָט גענומען טאַפּען אין קעשענע און אָפּשטעקען דעם גוי דאָס וואָס גאָט האָט געבאָטען. ווער אַ קאָפּיקע, ווער אַ גראָשענדעל.

און דער אָפּגעריסענער ערל — זאָל ער דאָס כאָטש אַפילו נתפעל ווערען! ער האָט, דאַכט זיך, געוואַרט אויף דעם, מ'זאָל איהם באַצאָהלען פאַר זיין באַרעדעוודיגקייט.

— נו, וואָט, מאַכט ער, ספּאַסיבאָ, מאַכט ער, כלאָפּצי!

און מעהר גאָרנישט... אַריינגעשאָטען אַלע געשענקטע קאָפּיקעס אין אַ בלעכערנער אויסגעשייערטער פּושקעלע — אויך אַ פּושקעלע פון שוה־וואַקס, און גענומען זיך צוריק צו זיין ווענדע. אָנגעטשעפּעט אַ פרישען ווערימעל און פאַרוואָרפען. און גאָרנישט, ווי ניט איהם האָט מען דאָ געמיינט.

אַנטוישט פון אַזאַ קאַלטקייט און גלייכגילטיקייט, נאָך אַזאַ שענער מתנה פון מזומנים. האָבן זיך די גמרא-בחורים אָפּגעטראָגן פון שיפּעל, געלאָזן דעם ערל שווייגן איינעם אַליין איבער זיין פּאַרוואָרפענער וואודע. אין זייער צעהן-יעהריגען לעבען אויף דער וועלט האָבן זיי זיך שוין אָנגע-זעהן אַ סך קבצנים. אידישע — וואָס וויפיל מ'גיט זיי איז זיי ווייניג, און וואָס מ'גיט זיי — געפעלט זיי ניט. גיט מען זיי אַ קאָפּיקע — ווילען זיי צוויי. גיט מען זיי ברויט-בעטען זיי אַ העמד, גיט מען זיי אַ העמד — בעטען זיי צוקער... און גוישקע בעטלער מיט לאַנגע טאָרבעס און מיט הויכע שטעקענס האָבען זיי זיך אויך אָנגעזעהן. יענע בוקען זיך און נויגען זיך ביזקעל דער ערד פאַר יעדער סקאָרינקע. פאַר אַ געבאַקטע בולבע; פאַרגעהן זיך, מחמת גרויס דאַנק-באַרקייט, אין אַ זינגעדיג כליפּען, פאַלען צו די פיס און לויבען גאָט און מענשליכע גוטהאַרציגקייט. און ד ע ר דאָ, אָט דער בראָדיאַגע אין שיפּעל, אַריינגעפאַקט אין איהם, דאַכט זיך, אַזאַ מזומנע מטבע און גאָרניט! „ספּאַסיבאָ" האָט ער נאָר קורץ אָפּגעזאָגט. אַזאַ מין יחסן!...

אָבער קיין איבריגען פאַרדרוס, אויף אַזאַ גאוה, האָבען די קינדער מיט זיך ניט אַוועקגעטראָגען. דער אָרימער גוי אין שיפּעל איז פאָרט ניט עהנליך געווען צו קיין שום קבצן אין דער וועלט.

# אַהאַ, מיין טאַטע איז טאַקע אַ גנב!..

.1

מיט האַרצקלעמעניש האָבען זיך די גמרא-בחורים אָפּגעריסען פון טייך און פונם גויעשקען וואָגלער אין זיין קוילעטששיפעלע. דער איינדרוק איז געווען גרויס. זיי האָט זיך געדוכט, אַז זיי רייסען זיך דאָ אָפּ פון אַ קוואַל מונטערקייט און פרייהייט, וועלכען זיי וועלען שוין מעהר ניט געפינען אַזוי גיך... און, כדי אויפצומונטערען זיך און זיינע חברים, האָט פייוועקע פלוצלינג אַ שפרונג געטאָן, און אין שפרונג אומגעדרעהט זיך מיטן פנים צו די גמרא-בחורים.

— קינדער, — האָט ער אַ קוויטש געגעבען, אַנטציקט פון זיין אייגענעם איינפאַל — לאָמיר גאָר שפּילען אין פליטען!

— אין פוויטען, אין פוויטען! — האָט אונטערגעכאַפּט זלמנקע „סאָוועכץ” מיט אַ ברען, פונקט ווי דאָס וואָלט געווען זיין אייגענער אויפטו, ניט פייוועקעס. אונטערגעכאַפּט און... גלייך באַדעקט זיין געזעס און אָפּגעטראָגען זיך אָן אַ זייט, ווייל זיינע אומרוהיגע אויגען האָבען גלייך באַמערקט, אַז משהקע-בוילע גנבעט זיך פון הינטען, כדי מכבד צו זיין איהם מיט אַן „אונטערפּלעצעל” פאַר אַזאַ הסכמה.

חברה גמרא-בחורים האָבען אַלע מסכים-געווען, אַז ס׳איז אַ געדאַנק. נאָר ניט אַזוי גיך טוט זיך ווי עס רעדט זיך. צו אַזאַ שפּיל מוז מען אויסטאָן שיך און זאָקען, פאַרקאַטשען די

מייטקעלעך, אָנרייסען פּייכטע ריטער, צוזאַמענגענומען העלצער. אין די אינגלאַך האָט זיך אָבער צושפּילט די לוסט פון האָרע־וואַניע. ווי אַ פייער האָט זיי אָנגענומען אַ חשק צו קרעכצען זיס אונטער שווערע משאות, ווי די פאַרשוויצטע נאָסקע־טרע־גער. האָט מען מיט מסירת־נפש גענומען שלעפּען בעראָזעווע שייטען פון די קלאָפּטערס האָלץ, וועלכע זיינען אָנגעגרייט פאַרן רבינס פאַרעכאָד. זלמנקע־„סאָוועכץ״, דער שוואַכסטער, אָבער דער פלינקסטער פון זיי אַלעמען, האָט, ווי אַ וועווער־קע, געגומען קלעטערן אויף די ווערבע־בוימער און פליקען זייערע לאַנגע בויגיגע צווייגען, און נאָך יעדן אַראָפּנעוואָר־פענעם צווייג געשריען פון גרינס אַרויס:

— וואָזעס, קינדער וואָזעס! פּוועכט וואָזעס! (לאָזעס, קינדער, לאָזעס, פלעכט לאָזעס!)

דאָס שווערסטע איז אָבער פאָרט געווען דאָס אַראָפּ־לקחענען שייטען האָלץ. מ׳האָט זיך געמוזט קליגען און קרי־כען מיטן רויב איבער דער ערד, וואָרים זונדעל־גאָטס־גנב זאָל געווען דערזעהן פון פענסטערעל אַז מען שלעפּט דעם רבינס האָלץ — וואָס ער, כלומרשט, איז זייער שומר־חנם, וואָלט ער אָננעלאָפען און וואָלט געמזיקט. ער אַליין מעג יאָ, טאָג און נאַכט, ברענען פרעמד האָלץ, אַנדערע — ניט. אפילו שפּילן זיך מיטן רבינס האָלץ — טאָר מען אויך ניט.

די אַרבייט האָט דערווייל געבליהט. שענע עטליכע שיי־טען זיינען שוין אַרומגעשוואומען אין פלאַכען וואַסער, פאַר־שטעלט קעגן שטראָם מיט אַ האַלבער וויספּעלע פון זאמד, כדי עס זאָל זיי ניט אַוועקטראָגען. אָבער גאָר, אינמיטען־דערינען, רוקט זיך אַרויס פון צווישען די ווייטערע ווערבעס, אַ ברודנע קעפּעלע פון אַ דרדקי־אינגעלע מיט איין הענטעל אין מויל, דערנאָך — אַ פּאָר באָרוויסע שוואַרצע פיסלאַך, מיט אַן עק פון אַ געפּאַסקעטע העמדעל אין שפּאַלט פון די מייט־קעלאַך. דאָס נפשל האָט אַרויסגענומען דאָס הענטעל פון מויל און אַ זאָג־געטאָן מיט אַ שעפּעליאַווען, שפּיץ־צונג־לשון:

— איכל טאַקע גיזעהט, איכל!

— וואָס וויל ער דאָ, דער ק..? — האָבען זיך די גמרא־בחורים אָנגעשפיצט.

אבאלע דעם פּאַראָמשציקס האָט אָבער גלייך דערקענט אינם נפשל, אַז דאָס איז דעם שכנס אייניקעל. און זיין לשון האָט ער אַביסעל אויך פאַרשטאַנען. מען איז דאָך עפּעס שכנים. האָט ער די גמרא־בחורים באַרוהיגט.

— ס'איז גאָרנישט. ס'איז יענקוץ. ער זאָגט, אַז ער זעהט טאַקע...

— וועלכער יענקוץ?—ווערט נייגעריג ליאָנקע־פּיסקליאָניק.

— שש!... — וואָרענט אבאלע שטילערהייט — ס'איז זונדעלס אייניקעל. זיין טאַטען האָט מען דאָס פאַרשיקט אין „סימביר"... איהר ווייסט דאָך... פאַרן דאָקטאָרס פערד.

— וואָ־אָס? — גיט משהקע־בוילע פרעהליך אַ רעווע — ס'איז אָט דער אינגעלע מיטן כאָמעט אונטערן היי?

— יאָ־יאָ, ס'איז ער!

— כאַ־כאַ־כאַ!

— שששאַ! — מאַכט אבאלע און קוקט זיך אַרום — דער קליינער קען נאָך לויפען מסרן... אַז מיר שלעפּן האָלץ.

— איך זעה איהם „אַווע־מאָוו" (אַלע מאָל) — שושקעט זלמנקע־סאָוועכץ. — אַז יענקוץ דערזעהט הירשעל דעם גאָלד־שמיד אין מאַרק, לויפט ער איהם נאָך מיט זיין פאַרדריפּעטען עקעלע אין שפּענצער און שרייט: „מסור! דו טאַקע אַ מסור!"

די גמרא־בחורים האָבען אַצינד באַטראַכט יענקוצען מיט שפּאָטישער נייגיעריגקייט. לויט זיין גאַנצען האַלטען זיך, פּינטלען מיט די אויגען און טאַפּען זיך אין שפּאַלט, האָבען זיי קלאָר געזעהן, אַז יענקוץ האָט אַ גוואַלדאָוונעם חשק צו העלפען בויען די „פּליטצן". ער, פון זיין זייט, איז מוכן ומזומן, מען זאָל נאָר איהם איין וואונק געבען — שפּרינגט ער מיט די שוואַרצע פּיסלאַך גלייך אין וואַסער אריין. ווילען אָבער זוסעל דעם מלמדס גמרא־לערנער געהן שפּילען זיך מיט אַ שפּענצער־אינגעלע! דערצו נאָך — מיט זונדעל־גאָטס־גנבס אייניקעל. אַ וואַזשנע מצוה! היינט אַ פּשיטא שוין, אַז זיי אַלע

ווייסען די מעשה, וואָס איז מיט יענקוצען געשעהן אין תּלמוד־תּורה. וואָרים באַלד נאָכדעם, ווי מען האָט דעם טאַטען זיינעם אַרעסטירט פאַר חישינס פערד, האָט מיט איהם דער מלמד, אין תּלמוד־תּורה, גראָד גענומען לערנען „פּתח־אלף".

— איז, זאָג־זשע, — מאַכט ער — יענקוץ, וואָס שטעהט אונטערן אלף?

— אַ פאַסיקעל טאַקע! — האָט זיך יענקוץ דערפרעהט און גענומען טייטלען מיטביידע הענטלעך אונטערן אלף.

— נעם אַראָפּ די הענט! — האָט דער מלמד אַ געשריי געטאָן — ס'איז ניט קיין פאַסיקעל, ס'איז אַ „פּתח". פּתח־אלף מאַכט „אַ". טאָ זאָג־זשע: פּתח־אלף מאַכט —

— אַ! — האָט יענקוץ אונטערגעכאַפּט.

— שריי אויף איהם!

— אַ!!

— נאָך העכער

— אַ־אַ!!! — האָט זיך יענקוץ צוקוויטשעט, פּונקט ווי מען וואָלט איהם אַ קניפּ געטאָן אין בייכעל.

— אָט אַזוי, — מאַכט דער רבי — ביסטו אַ וואוילע אינגעלע. און וואָס איז דאָס? אַ—אַ—„בית". גוט! און וואָס שטעהט אונטערן „בית"?... טאָ זאָג־זשע: פּתח־בית —

— טאַקע באַ, טאַקע!...

— שריי אויף איהם!

— באַ! — האָט יענקוץ פרעהליך געשריצן.

אַזוי זיינען אַראָפּ בשלום דער „גימל" און דער „דלד", אָבער ווי נאָר עס איז געקומען צום „היי", האָט יענקוץ אַראָפּגעלאָזט די אויגען, גענומען סאָפּען מיטן נעזעל און איז שטעהן געבליבען.

— איז זאָג־זשע! — האָט איהם דער רבי אַ טורקע־געטאָן — וואָס איז אונטערן „היי"?

און יענקוץ — ניט פון אָרט.

האָט דער רבי אַרויסגעכאַפּט די לאָקשען:

— דו ווערסט זאָגען, צי ניט? גויעשקער קאָפּ!...

יענקוץ האָט זיך נאָר אַ רוק געטאָן, די צושראָקענע אױ־געז אױסגעדרעהט צו די „לאָקשען" און עפּעס געשטאָמעלט: „איכל... איכל טאַקע... דער טאַטע געזאָגט..."

דער רבי האָט איהם אַראָפּגעלאָזט אַ שמיץ איבער די פּלײצקעס. ערשט דאַמאָלס האָט זיך יענקוץ צוכליפּעט:

— אַ... אַ... כאָמעט!

אַ כאָמעט גאָר?... דער רבי האָט איהם שיער ניט גע־ממיתט. און אַרויסגעוויזען האָט זיך שפּעטער, אַז יענקוץ איז דאָ גאָט די נשמה שולדיג. יענקוץ האָט גראָד יאָ געוואוסט וואָס אונטערן „היי" געפינט זיך, ער האָט נאָר מורא געהאָט אויסצוזאָגען. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אינדערהיים, ביי טאַטע־מאַמע, ליגט טאַקע באַהאַלטען אַ כאָמעט אונטער אַ קופּע „היי" און געהערען טוט דער כאָמעט צו חישין דעם דאָקטערס געשפּאַן... נאָר קאָפּעל האָט דעם כאָמעט אין אָרשע ניט גע־קענט אָפּזעצען. צו־שטאַרק האָבען זיך געוואָרפען אין די אוי־גען דאָס צעמאַליעוועטע האָלץ פון כאָמעט און די מעשענע פּליטערלעך אויפן לעדער. האָט איהם קאָפּעל־גנב געבראַכט צושלעפּען, שטילערהייט, צוריק, און באַהאַלטען אין שטאַל, אונטער היי. נאָר יענקוץ, וואָס קריכט אין אַלע לעכער און באָברעט זיך טאָג און נאַכט אין שטאַל, האָט דעם כאָמעט דערטאַפּט און אַריינגעלאָפען אין שטוב מיט אַ שמחה, אויס־געשריען אַ פּאַרסאָפּעטער וועגען דער מציאה וואָס ער האָט געפונען:

— אוי, אוי, איכל טאַקע גיזעהט אַ כאָמעט, טאַ־קע... אין היי, טאַקע...

פאַר אַזאַ בשורה האָט איהם קאָפּעל־גנב אַ כאַפּ־געטאָן פאַרן העלזעל מיט דער האַרטער לאַפּע. שיער ניט געמאַכט אַ לעמעשקע פון גאַנצען אינגעלע. און האַקענדיג מיט דער צווי־טער לאַפּע איבער די מייטקעס, אָנגעזאָגט איהם, אַז אַ מויל זאָל ער זיך נאָר דערוועגען צו עפענען, אַ וואָרט זאָל ער וועגן דער כשרער מציאה אין היי קיינמאָל ניט און קיינעם

ניט זאָגען! וואָרים ער וועט איהם ממיתן. ווי אַ פליג וועט ער איהם צוקוועטשען.

קען מען זיך שוין פאָרשטעלען וואָס פאַר אַן אָנזעהן אַזאַ ר׳ יענקוץ מיט אַזאַ לערנען עברי האָט געהאַט אין די אויגען פון זוסעלס גמרא-בחורים. נאָר גאָרניט, טשעפּען זיך מיט אַזאַ דרדקי-אינגעלע האָט אויך ניט געטויגט. אַוועקטרייבען — אוודאי און אוודאי ניט. וואָרים ערשטענס: קען ער לויפען מסרן דעם זיידן זיינעם. און צווייטענס: איז מען פון איהם אין גאַס אויך ניט זיכער. ווען מען געהט פון חדר וואַרמעס עסען, קען אַזאַ יאַטעל נאָכלויפען, אַזוי ווי ער לויפט נאָך הירשעל דעם טויבען, און שרייען מיט אַ פאַרסמאַרקעט קולכעל און בפרהסיה אַז... ליאָנקע-פיסקליאָניק, משהקע בוילע עט קאָמפּ. האָבען געשלעפּט האָלץ ביים פּריסטאַן. מעהר פעהלט זיי ניט!

האָט אבאלע דעם פאַראָמשציקס געפונען אַ פשרה: ער האָט אַ וואונק געטאָן צו די חברים און צו יענקוצן מאַכט ער אַזוי:

— נאַ. סאָ שטעה דאָ אַזוי און קוק!...

שטעה און קוק! אַ געשמאַקע זאַך פאַר יענקוצן, שטעהן און קוקען בשעת אַנדערע אינגלאַך, עלטערע און נגידישע, מיט פאַרקאַטשעטע הויזלאַך, אָהן שפּאַלטען און אָהן שפּענצערס, לאָזען זיך אַזוי וואוילגעהן ביי אַזאַ וואונדערליכע המצאה, ווי בויען פליטען. פליטען פון שייטער-האָלץ מיט לאָזע-צווייגען. פּונקט אַזוי ווי די עלטערע אידען און גויים טוען.

שטעהט ער, נעבאַך, אַזוי יצנקוץ, אין געהאַקטע צרות, אַ פאַראומערטער, אַ בכבודיג-פאַרשטויסענער. איין הענטעל האַלט ער אין מויל און זויגט עס פון האַרצקלעמעניש, און מיט דער צווייטער הענטעל פאַרשטופּט ער די ו׳רפּה זיינע, דעם עק פון זיין פאַרפלעקט העמדעלע אין שפּענצער-שפּאַלט, כדי כאָטש אַ קאַפּעלע פאַרווישען זיין קליין-אינגעלשאַפט; ווע-רען פאָכאָזשע אויף אַ שטיקעל חדר-בחור וויל ער. ס׳איז אָבער אַלץ אַן אומזיסטע טרחה! די מזיקים פון זוסעלס חדר קוקען

זיך אפילו ניט אום. ס'אַרט זיי נאָר ניט צי ס'געפּאַסקעט עקעלע שטעקט ביי איהם אַרויס, צי ניט. זוכט יענקוץ אַן עצה צו פּאַראינטערעסירען די ניין-יאָהריגע חדר-יונגען, מיט זיין זעקס-יאָהריגער „פּערזאָנדעל”, ביז עס לויפט איהם אויף אַ געדאַנקעל אין קעפּעלע. נעמט ער אַרויס דאָס ברודיג הענטעל פון מויל, גיט זיך אַ פּיק אינמיטען בייכעל און רעדט אַרויס הייזעריגלעך און פאַרסמאַרקעט פון גרויס אויפרעגונג. אָבער אויפן פּנימל ציהט ער פונדעסטוועגען אָן אַ באַריהמערישע מינע:

— איכ'ל טאַקע... איך האָב דאָ... טאַקע אַ... אַ... פּופּיקעל!

דאָס אין יענקוצעס ריינסטער מאַמע-לשון. ער האָט אינגאַנצען עטליכע געצעהלטע ווערטער. און מיט אַזאַ ווערטער-בוך מוז ער, נעבאַך, אויסדריקען אַלע זיינע טיפע ביינקענישען, זיין הייסע קנאה און קאָכיגע גלוסטעגישען פאַר אַזאַ כאָפּטע מיט שטאָלצע ליידאַקעס, וואָס בלאָזען זיך אויף איהם און האָבען אַזויפיל ווערטער צום רעדען און אַזויפיל איינפאַלען ביים שפּילען. און אָט... אָנשטאָט איהם צו פאַרשטעהן, אַביסעל רחמנות האָבען אויף אַזאַ קליינינקען ווי ער איז, מאַכען זיי גאָר חוזק פון אַלע זיינע וואונדער און פון זיין רעדען.

— איז וואָס זאָגסטו? — גיט ליאָנקע-פּיסקליאָניק אַ קוואָקצע—איז האָסטו אַ פּופּיקעל? טצ... טצ!... קינדער, איהר הערט?

— האַווט איהם צו מיט די פינגערוועך! — גיט איהם זלמינקע סאָוועכך אַן עצה — ער קען נאָך אַנטוואויפּען!

נאָר איין אבאלע דעם פאַראָמשציקס טרייסט איהם אַ קאַפּעלע:

— שטעה זיך בעסער אַזוי און קוק!

זעהט יענקוץ' באַשיינפּערליך, אַז זיין קיילעכדיגער, האַרטינקער פּופּיקעל, וואָס ער האָט אין די מייטקעלעך אונטערן העמדעלע, האָט קיין שום איינדרוק אויפן עולם ניט געמאַכט, רוקט ער צוריק אַריין איין הענטעל אין מויל און מיט דער

צווייטער — טאַפּט ער זיך ביים שפּאַלט אין די מייטקעס. און טראַכט ווייטער אַ רגעלע: מיט וואָס ער זאָל דאָ מאַכן שטוינען אַזעלכע וואַזשנע יאַטען. ביז עס פּאַלט איהם ווייטער עפּעס איין. רעדט ער דאָס אַרויס פון גאָידערעל מיט אַ קינדישען כאָרכלען, פאַרשלינגענדיג אַ „רייש" אין אַ „כייש":

— איכ׳ל... איכ׳ל טאַקע אויך גיווען גיגעהט אין כ״ידער, אין תלמיד-ת״כע טאַקע!

ביי איהם האָט דאָס געמיינט צו זאָגען, אַז ער, יענקוץ, געהט שוין, געלויבט דער אויבערשטער, אויך אין חדר, אין „תלמוד-תורה" לערנט ער; און ס׳איז ניטאָ וואָס צו שעמען זיך מיט איהם.

אָבער אַפילו די תלמוד-תורה האָט אויך ניט געמאַכט קיין שום רושם. וואָרים די גמרא-בחורים האָבען זיך, ווי פריהער, געשלעפּט די שייטען האָלץ, געלעגט זיי פלאַך אויפן וואַסער, און אויפן קליינעם מושלם פון תלמוד-תורה אפילו ניט אומגעקוקט זיך. אָבער יענקוץ האָט זיך אַלץ ניט מיאש-געווען פון ווייך צו מאַכן זייער פאַרשטיינערט האַרץ.

— מיין מאַמע — מאַכט ער נאָך אַ רגעלע איבערלעגונג — מיין מאַמע מיך טאַקע גיווען גיגעבט אַ פּאַסקכאָבוק מיט מילך... איכל גוט גילעכנט, איכל... אוי, סאַראַ געשמאַ-אַקייט!

ס׳האָט געזאָלט הייסען, אַז די מאַמע זיינע, דרייזע, זונדעלס שנור, האָט איהם געגעבען אַ טייערען מאכל: אַ „פּאַסקראָביק", אויסגעקראַצט פון דעק באַק-דייזשע, אויסגעבאַקען און אָנגעבראָקט אין מילך... ווייל ער האָט גוט געלערנט. נו? האָט ער אפשר נאָך אַלץ ניט זוכה-געווען צו שפּילען זיך מיט אַנדערע לערנער?

אָבער אויך דאָס האָט ניט גענומען. געפונען מיט וואָס צו מאַכען נייגיעריג באַלעבאַטישע קינדער! אַ קאָרענעם האַלבפאַרברענטען פּאַסקראָביק, האַרט ווי אַ שטיין, און שוואַרץ ווי די ערד. אַז אייער-פּאַרפעל אינמיטען וואָך איז ביי זיי אויך ניט קיין נאַשעריי.

— פע! – מאַכט ליאָנקע־פּיסקליאָניק, דערהערענדיג פון אַזאַ מאכל.

און זלמינקע „סאָוועכץ" כאַפּט גלייך אונטער:

— איך עס אַפּילוע ניט קיין וואָקשען מיט מיווך!

— מיין זיידע, טאַקע, — קען זיך אָבער יענקוץ ניט בארוהיגען – מיין זיידע געוועזען געקאָכט אייעך! אוי, אוי, סאַראַ כייטע! טאַקע געקאָכט מיט סיבעלע־שאָליכץ... אַלע גע־קויפט טאַקע...

דאָס האָט ער געוואָלט זאָגען: אַז דער זיידע זיינער, מורנו ר' זונדעל, האָט אָפּגעקאָכט אייער אין ציבעלע־שאָלעכץ, זיינען דערפון די אייער געוואָרען זעהר רויט, און ער פאַר־קויפט זיי אַזוי פון קאָשעק.

אָהן אַזאַ חידוש קען מען אויך ניט שטאַרבען פאַר אוּ־מעט. מיט בינדען פּליטען פון שייטען האָלץ קען אַזאַ ידיעה, ווי קאָכען אייער אין ציבעלע־שאָלעכץ, בשום־אופן ניט קאָנקוּ־רירען. טוען זיך די גמרא־בחורים, זעהר פאַרהאַוועט, זייער וויכ־טיגע אַרבייט און לאָזען יענקוצען אויסגיסען זיין פאַרביינקט האַרץ וויפיל ער וויל. יענקוץ גופא האָט זיך אָבער אַריינגעגנוּ־מען אין זיין פאַרעקשנט קעפּעל: איינמאָל פאַר אַלעמאָל — ער מוז אַריינגענומען ווערען אין חברה פּליטען־מאַכער! באַריהמט ער זיך ווייטער:

— איכל און די מאַמע טאַקע וועלען גיוועז גיפאָהרט ספּע־טער טאַקע. מיין סוועסטערל אייכעט... ווייט, ווייט צום טאַטען עלען מי'ך אַלע פאָהכען! אוי, אוי, סאַראַ ווייטקייט!

דערמיט האָט ער זיך באַריהמט, אַז ער איז יענקוץ, די מאַמע זיינע און די שוועסטערל וועלען טאַקע שפּעטער אַוועק־פאָהרען צום טאַטען ווייט, ווייט, ס'הייסט: קיין סיביר, וואוהין מען האָט קאָפּלען פאַרשיקט.

נאָר אויך דאָס נעמט ניט. פייווקע אוריס בלייבט אַ וויי־לע שטעהן, גלייכט זיך אויס, שפּיצט אָן איין אויער. אָבער באַלד בויגט ער זיך אַראָפּ צו די „פּליטען" אין וואַסער, מייסטרעוועט, און הערט יענקוצען ווי דעם קאָטער.

בלייבט יענקוץ שטעהן אַ דערשלאָגענער. ס'הויבט זיך שוין אָן צו דאַכטען, אַז ס'איז איהם אויסגעגאַנגען דער גאַנצער שטאָף, און אַצינד וועט ער שוין קוקען און שווייגען. אָבער גאָר פּלוצלינג ווערען אַלע גמרא-בחורים איבערראַשט פון יענקוצעס פאַרכלינעטען אויסרוף:

— אהאַ! — שרייט ער אויס מיט בייזען נצחון — מיין טאַטע איז טאַקע אַ גנב!

3.

אַזאַ משונהדיגע אָפענהאַרציגקייט, אַזאַ אויסטערלישע באַריהמעריי, מיט אַזאַ תמימותדיגער ערנסטקייט אַרויסגעשריען, מאַכען אַ גרויסען איינדרוק. די שייטען האַלץ גליטשען זיך אַרויס, פון די פאַרהאַוועטע הענט, ביי די גמרא-בחורים. אַלע אויגען גיבען זיך אַ וואָרף צו יענקוצן. יענקוץ קוקט אויף זיי האַרט און בייזלעך. דער גאָידערעל איז ביי איהם אָנגעבלאָזען, דאָס קעפּעל איז פאַרוואָרפען, די אויגען ברענען. און אינגאַנצען זעהט ער אויס אַזוי האָפּערדיג, ווי אַ יונגער הענדעל, וואָס האָט אָקאָרשט געגעבען אַ קריי צום ערשטען מאָל אין לעבען.

— וואָ-אָס? — גיט משהקע-בוילע אַ רעווע אַזוי בייקיש-פאַרוואונדערט, און דער „וואָס" הערט זיך ביי איהם ווי „מאָ-אָ..."

— איהר הערט? — גיט ליאָנקע-פּיסקליאָניק אַ קוואָקצע. ער הויבט אָן, ווי זיין טבע איז, מיט אַ שטיקעל באַס און ענדיגט מיט אַ קוויטש, — איהר... איהר הערט?

— ווי, ווי? — פרעגען איבער נייגיעריג אבאלע, פייוועקע און זלמינקע-סאָוועכק. איינער דעם אַנדערען שלאָגען זיי איבער.

— דיין טאַטע? ווי זאָגסטו?

— זאָג, זאָג! וואָס איז דיין טאַטע?

— טאַקע אַ גנב מיין טאַטע! — ענטפערט אָפּ יענקוץ גאָר האָפערדיג. ער דערפיהלט, אַז ער האָט דאָ ביי אַלעמען

אָנגעטראָפּען אויף דער שוואַכסטער סטרונע, אויף אַ מוראדי־גער נייגעריגקייט האָט ער זיך אָנגעשטויסען. לאָזט ער זיך אָוועק באַריהמען אויף דעמזעלבען דרך, ווי אַ גוטער שווימער אין שטיל־געוואָרענע וואַסערען.

— מיין טאַטע טאַקע געווען געגנבעט אַ „פּעכד"... מיט אַ כאָמעט אייכעט טאַקע... איכ'ל גיוועט גיזעהט אין היי דעם כאָמעט... אוי, אוי, סאַראַ מעשענע בלעכלעך! גיווען גיגלאַנצט... אוי, אוי! איכל טאַקע גיזאָגט דעם רבין... די מאַמע מיך „גי־סלאָגען"; אוי, מיך די מאַמע גיסלאָגען!

אַזעלכע מיאוסע סודות פונדערהיים איז שוין עפּעס גאָר אַן אַנדער מעשה! קריכען די אינגלעך אַרויס פון וואַסער, פאַרגעסען אינגאַנצען אָן זייער אויפטו, ווי בינדען פליטען מיט לאָזע־צווייגען, און רינגלען אַרום יענקוצען מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם:

— דערצעהל, יענקוץ, דערצעהל!

— שעם זיך ניט!

און יענקוץ שעמט זיך אַ האָר ניט. פאַרקעהרט, ער דרעהט זיך אַרום אויף איין אָרט, אינם קרייזעל פון די נייגעריגע על־טערע אינגלעך, כדי אַלעמען צופרידען צו שטעלען. ער פאַר־כלינעט זיך אַזש מחמת גרויס באַגייסטערונג, וואָס ער איז פלוצלינג אַזוי נתעלה־געוואָרען. ער שמידט, אַזוי צו זאָגען, דאָס אייזען אַזוי לאַנג ווי ס'גליהט.

— טאַקע צו אונז אין „סטוב" גיווען גיגעהט דער „פּרי־סטאַוו" מיטן דעסיאַטניק... צוויי דעסיאַטניקעס טאַקע! אַלע מיט קנעפּ. אוי, סאַראַ קנעפּ! יונסקע קנעפּ. אוי, אוי, ט'זיי גיגלאַנצט! די מאַמע מיינע טאַקע גיוויינט. אוי, ט'זי גיוויינט!..

— און וואָס האָבען זיי ביי אייך געטאָן אין שטוב דער פּריסטאַוו מיט די דעסיאַטניקעס? זאָג, זאָג יענקוץ!

— דער „פּכיסטאַוו" גיווען גיכאַפּט דעם טאַטען פאַרן אָרבעל און, און, און —

— און וואָס?

— פידיאָס! דער „פּכיסטאָוו" געסריען... אוי, אוי, ט׳ער געסריען! די מאַמע גיפאַלט אויף די קני די מאַמע...

אַזאַ אומפאַרשעמטע דרייסטקייט פון אַ זעקס־יאָהריגען סמאַרק־אינגעלע, אַזאַ אומבּרחמנותדיג אמת־אויסזאָגען פון שטוב, האָט אויף די חברה גמרא־בּחורים געווירקט ווי אַ שיכּרות. זיי האָבּען געפּיהלט בּחוש, אַז זיי אַלע זענען אפשר דערוואַקסענע, קליגערע, געלערנטערע. אָבּער ליגנער זענען זיי און פּחדנים, לגבי אָט דעם קליינעם צוציק מיטן שפּאַלט אין די מייטקעלעך. זיי האָבּען אינגאַנצען אויפגעהערט אָפּצולאַכען פון איהם, איבּערוּוינקען זיך. אין די אויגען האָט זיך בּיי אַלע־מען צעפלאַקערט אַן אומריינער פייערל:

— דערצעהל, דערצעהל! — האָבּען זיי יענקוצען גע־צופּט פון אַלע זייטען — איז וואָס איז געווען נאָכדעם?

דערזעהט שוין יענקוץ גאַנץ קלאָר, אַז אַצינד האָט ער זיי אַלעמען אַריבּערגעוואויגען. פון אַ פאַרשעמטען דרדקי־אינ־געלע איז ער גאָר געוואָרען אַ גאַנצער העלד. וואָרום ווער זיינען זיי אַלע? יאָלדען זיינען זיי. אָבּער ער — זיין טאַטע איז טאַקע אַ גנב! אַצינד מאַנטשען זיי בּיי איהם. מ׳האָט זיך געדאַרפט אָנבּלאָזען און ריידען וואָס וועניגער. אָבּער די שמחה פון שטעהן אַזוי נאָהענט צו עלטערע בּאַלעבּאַטישע אינגלעך ציהט איהם אַלץ שטאַרקער פאַרן שפּעליאַווען צינגעל:

— אַהאַ, איכ׳ל טאַקע גיסטאַנען לעבּען „פּריסטאַוו" — איכ׳ל. דער פּריסטאַוו מיך טאַקע ניט געטשעפּעט. דעם טאַטען געטשעפּעט, מיך ניט געטשעפּעט. בּיים פּכיסטאָוו טאַקע אַ „שוועכד", בּיי דיסיאַטניקעס אויך. אוּ־אוּ! דער פּכיסטאָוו גע־מאַכט אַ קולאַק דעם טאַטען: אוּ־אוּ!... דער טאַטע געוואָלט „אַנקלויפען" דער טאַטע. דער פּריסטאַוו גיגעבּט אַ ציה דעם שוועכד. אוי, אוי, סאַראַ „לאַנגעך מעסעך"! ציפּקע געהאַט מורא. איכ׳ל טאַקע ניט געהאַט מורא. איכ׳ל געקוקט אויף די קנעפּ...

צעבּרענט זיך בּיי פייווקען דער דורשט נאָך אַלע איינ־צעלהייטען. פּונקט ווי בּיים פעטער אורין — זיין טאַטען, בּשעת יענער לייענט צייטונגען. ס׳איז דאָך עפּעס די ערשטע לעבּעדיגע

סענסאַציע אין פּייוּוקעס צעהניאָהריגען לעבען. קען ער איבער זיך מעהר ניט געוועלטיגען. ער צופּט יענקוצען און שלעפּט איהם:

— נו, זאָג, זאָג... און דער טאַטע? וואָס האָט געטאָן דיין טאַטע?

און יענקוץ לאָזט זיך ניט בעטען. ער זעהט נאָר, אַז דער טאַטע איז דאָ דער עיקר, מיט איהם אינטערעסירט מען זיך מעהר ווי מיט אַלעמען. הויבט ער ווייטער אָן פון אָנהויב:

— דעך טאַטע גיוועז גיגעסט אָנבייסען... דער פּכיסטאַוו גיגעבט אַ געסריי: „פּידיאָם!” דער טאַטע גיוואָרען בלייך. אוי, אוי, סאַראַ בלייכקייט! דער גאַנצער אָנבייסען געבליבט סטעהן. איכ'ל טאַקע אויפגיגעסט די גאַנצע פּאַדסמעטענע... ציפּקע ניט געוואָלט עסען. ציפּקע נאָכגעלאָפּט דעם טאַטען. דער טאַטע גיסריען אויף איהר: אַהיים געה! אַהיים!.. טאַקע אַוועק מיין טאַטע מיט די דיסיאַטניקעס: ראַז-דוואַ, ראַז-דוואַ! אַלע גע-לאָפּט קוקען. אַלינקע „מענצען”. איכל אויך געווען גילאָפּט קו-קען. איכל אויך גיגעהט נאָכן טאַטען... ראַז-דוואַ, ראַז-דוואַ! סטאָי!.. איכל ניט מורא טאַקע.

דאָס באַלעבאָטשען פון יענקוצעס צינגעלע ווערט אַלץ האַסטיגער און דער צויבער-קרייז פון גנבה און אַרעסט, פון פּריסטאַוו און שווערדען, ווערט אַלץ ענגער און ענגער. עס ווערגט אין האַלז, דאָס האַרץ שלאָגט געשווינדער. אָט אָט ווערט מען דערשטיקט פאַר נייגעריגקייט. אַצינד דערצעהלט שוין יענקוץ ווי די מאַמע איז געבליבען „איינינקע אַליין” אין „סטובּ”, ווי זי האָט זיך געריסען די האָר פון קאָפּ, „גיסלאָ-גען” זיך קאָפּ אָן וואַנט.

נאָר משהקע-בוילע בּרעכט מיט איין מאָל דורך דעם ענ-גען כּישוף-קרייז פון אומגעזונטער נייגעריקייט. זיין פּראָסטע נאַטור קען מעהר ניט אַריבערטראָגען אַזויפיל אויסטערלישע סודות פון אַ פרעמדער שטוב. „גענוג!” — שלאָגט ער איבער יענקוצען אין רעכטען מיטען ברען. דערנאָך לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ, ווי אַ יונגער בּייק, און רעוועט צו זיינע חברים:

— קינדער! לאָמיר גאָר שפּילען אין גנבים!

ווי אַ דערלייזונג קומט אָן „בוילעס" אויפטו. „טאַקע, טאַקע!" — טומעלט מען זיך איינער איבערן צווייטן. געגנוג וועט זיין מיט די פּליטען! קינדער, טוט אָן די שיך!"

— שאַ! — שרייט פּייווקע -- אָבער ווער וויל זיין דער געגנבעטער פערד?

אַלע שווייגען. קיינער וויל ניט זיין קיין פערד. אַ שע־נע מעשה, כ'לעבן! אַ גמרא־בחור פון זוסעל דעם זאַאיקענס חדר וועט גאָר ווערען „אַ פערד".

— איכל טאַקע — אַ פערד, איכל! — קוויטשעט אויף יענקוץ און ציהט גלייך אַרויס דעם עק העמד דורך דעם שפּאַלט אין די מייטקעלעך. געקומען די שעה פון דעם פאַר־שעמט העמדעלע צו פאַרנעמען אַ בכבודיגען אָרט אין שפּיל. אַ פערד מוז דאָך האָבען אַן עק.

— גוט, גוט! — רופען זיך אָפּ חברה כת־ליצנים. און גלייך אויפן אָרט פּרובט מען איהם אויס. מען ציהט איהם פאַרן עק העמד און מען טרייבט איהם אָן: „היניאָ־אָ!... מפפו! מפפו! אָה, וועה! אַ טייערער לאָשעקי!"

פּייווקע לאָזט אָבער מעהר ניט אויספּרובען דעם „פערד־דעל". ס'האָט איהם אַרומגעכאַפּט דער חשק פון אַ גייער שפּי־לעריי. ער פאַרטיילט די ראָלען:

— לאָזט איהם אָפּ, קינדער!... און ווער וועט זיין קאָ־פּעל־גנב?

אויף דעם זיינען, צווישען די באַלעבאַטישע קינדער, אויך ניטאָ קיין גרויסע בעלנים. יעדער איינער וויל זיין אַ פּריס־טאַוו, אַ דאָקטאָר, לכל־הפחות אַ דעסיאַטניק. נאָר זיין אַ גנב— פע! דאָס — ניט.

— איכ'ל, איכ'ל... טאַקע! — רופט זיך אָפּ יענקוץ און שטופּט דעם עקעלע פון העמד צוריק אין שפּאַלט פון די מייט־קעלעך. וואָרום אַ מענש, מעג ער אפילו זיין אַ גנב, קען ער, בטבע, קיין עק ניט האָבען.

— אי אַ פערד אי אַ גנב? — וואונדערט זיך פּייווקע.

— פע זאָגט „עוו״! — העלפט זלמינקע־סאָוועכץ, וואָס אומעטום פּאַסט ער זיך אַריין און אַלעמען העלפט ער ווי אַ משורר העלפט אַ חזן.

— אוי, אוי, איכ׳ל טאַקע ביידע! — טומעלט זיך יענ־קוץ מיט גרויס התלהבות. מען זעהט פּשוט, אַז ער איז זיך מפקיר פאַר טובת־הכלל. און כדי באַשיינפּערלעך צו באַווייזען, אַז ער טויג זיך, געלויבט דער אויבערשטער, פאַר ביידע שענע זאַכען, הויבט ער אָן צו וואַרפען מיטן קעפּעל אַרויף און אַראָפּ, צעהירזשעט זיך דרייגאָרנדיג: „אי־הי־הי־הי!״ — דערביי פּאַ־בריקעוועט ער מיט די באָרוויסע פיסלאַך אויף איין אָרט, ווי גאָר אַ גוטער פערדעל, וואָס רייסט זיך אומגעדולדיג פון לייצע און וויל לויפען סכנות־נפשות. און באַלד נאָכדעם, אָהן שום איבערגאַנג, שטעלט ער אויס אַ פּאָר גזלנישע אויגען, מאַכט אַ קולאַקעל אויף די אינגלעך, נאָכמאַכענדיג אַפּנים קאָפּלען, דעם פאַרשיקטען טאַטען זיינעם. אוי־אוי־אוי! „צוקין־צין!״ אוי־אוי, „צאָרט פּאָברי!״ איכ׳ל, איכ׳ל... אייך סלאָגען!

די אינגלעך קאַטשען זיך פאַר געלעכטער. איין יענקוץ איז מוראדיג ערנסט. ער איז איבערגעגעבען מיט לייב־און־לע־בען קהלשען וואוילזיין. נאָר די עלטערע ליידאַקעס פאַרשטעהען ניט. זיי הויבען עס ניט אָן צו פאַרשטעהן.

מאַכט משהקע־בוילע אַ סוף צו אַזאַ חוזק:

— לאָזט מיך, — גיט ער אַ רעווע — איך וועל זיין דער גנב!

ער בויגט אַראָפּ דעם קאָפּ, ווי אַ יונגער בייק, בלאָזט אָן די אויגען, און חברה גמרא־בחורים מוזען מודה זיין, אַז קיין בעסערען גנב און גזלן, אָנשטאָט קאָפּלען, וואָלט מען אין אַ גאַנצער מדינה ניט געקענט אויסזוכען.

די אַנדערע ראָלען ווערען פאַרטיילט אַ סך גיכער. ליאָנקע פּיסקליאָניק, אַ הויכער און דאַרער מיט אַ האַלז פון אַ גאָנער, פּאַסט זיך ווי קיינער ניט צו זיין דאָקטער־חישין — דער באַלעבאָס פון פערד. פּייווקע וועט זיין דער פּריסטאַוו. אבאלע־דעם־פּאַראָמשציקס — אַ דעסיאַטניק. און זלמינקע „סאָ־

וועכץ" מיט די אַרומלויפּענדיגע אויגען — דער ציגיינער אין אָרשע, וואָס קויפט־אָפּ דעם געגנבעטען פערד און וואָס דעם כאָמעט וויל ער ניט קויפען.

דאָס שפּיל האָט זיך אָנגעהויבען. פּיסקליאָניק האָט אויס־געצויגען דעם האַלז ווי דאָקטער־חישין, אויסגעשמירט די שיך אין נאַסען זאַמד, אַ מין „זכר־לטיט", כדי צו דערמאָנען אָן די טיפע קויטיגע קאַלאָשען פונם דאָקטער, נאָך דער גנבה, ווען ער האָט נעבען אַרומגעטיאָפּעט, אָהן זיין פערד און שליטען, אין שקלאָווער בלאָטעס... אַלץ מוז זיין גרייט. דערנאָך האָט ער מכלומרשט צוגעבונדען יענקוצען — דעם לאָשעק — צו אַ ווערבע. געגעבען איהם אגב־אורחא אַן „אונטערפלעצעל" און אַ קוואָקצע געטאָן: „טפררו!.." אַלץ ווי עס באַדאַרף צו זיין. פּייוקע האָט זיך געשטעלט אין דער פּאָזע פון אַ פּריסטאַוו. גערעדט, איך בעט אייך איבער, די וואָנסעס. אבאלע דער דעסיאַטניק. האָט גענומען פאַלען פון די פיס פאַר שיכּרות, פּלאָנטערן זיך „אין נייעם שינעל" — פונקט ווי ליקסיי דער סטראַזשניק. זאָל עס פעהלען אַ האָר. און „סאָוועכץ" האָט גענומען שפּייען, דורך די צייהן, דרעהען מיט שוואַרצע קו־קערס, ווי אַן אמתער ציגיינער, וואָס קוקט די אויגען אויס נאָך עפּעס אַ גנבהלע.

— נו! — גיט פּייוקע פּריסטאַוו אַ קאָמאַנדעווע, באַ־טראַכטענדיג מיט שטרענגע בליקען די גאַנצע שענע חברהצקע — נו, בוילע! ס'הייסט: קאָפּעל־גנב! גנבע שוין צו דעם פערד און לאָמיך דיך פיהרען אין אָסטראָג!

יענקוץ האָט זיך מכלומרשט גענומען רייסען פון שטריק, ווען „בוילע" האָט זיך צו איהם גענומען גנבענען. אַלץ איז געגאַנגען כשורה... נאָר אינמיטען דערינען האָט זיך, אויפן הויכען ברעג דניעפּער, הינטער די ווערבעס, אויפגעהויבען אַ טרעוואָגע. אַ פאַרעכאָד האָט זיך דאָרטען צעטרובעט איינמאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל און פיער מאָל. ניט ווי דער שטייגער איז צעטרובעט זיך. און באַלד נאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ

אַ מאוימדיגער טראַך, פּונקט ווי אַ הילצערנער בנין וואָלט איינגעפאַלן און צושאָטען זיך באַרג־אַראָפּ. אַ סך מענשליכע קולות האָבן אויפגעשריען, אַלע בקאָמפּאניע. נאָסקע־טרעגער, באַלעגאָלעס און פליטען־בינדער האָבן אַוועקגעוואָרפן זייער אַרבייט און געלאָזן זיך לויפן ערגיץ־וואו מיט אַן „אַי־אַי־אַי", ווי אויף אַ שׂרפה.

די גמרא־בחורים האָבן זיך איבערגעקוקט מיט שרעק. דאָס גאַנצע שפּיל אין „גנבים" איז שטעהן געבליבן.

— ראַ־טע־ווע־עט! — האָט זיך דערהערט אַ שניידענדיג, ווייבעריש געשריי. ערגיץ־וואו לעבן פאַראָם האָט אַזוי אַ אידענע געשריען.

— אוי־אוי! — האָט אבאלע אָפּגעענטפערט מיט אַ שטי־לערען געשריי. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז דער מאַמעס קול, נאָר אַ מאָדנער אַזאַ, אַ פאַרשטעלטער קול. דערפאַר האָט ער, ניט־ווילענדיג, מימגעשריען.

מיט דער נאַקעטער אכזריות פון קינדער, וואָס האָבן זיך ליב צו דערגרונטעווען אין יעדער זאַך, האָבן נאָך עטליכע חברים דעם צעשראָקענעם חברעל זייערן פאַרטייטשט:

— ביי אייך, אבאלע?...

— ביי אייך אין שטוב!

— דיין מאַמע שרייט!

און אַלע קינדער האָבן זיך הענדום־פּענדום געלאָזט לויפן צום פאַראָם. ניט איבער די ווערבעס אויפן הויכן ברעג. נאָר אונטען, איבערן נאַסען זאַמד, ביים סאַמע וואַסער; כדי אַזוי־אַרום אָפּקירצען דעם וועג. אַך, אַך, געפּטרט אַזאַ טייערע שפּיל!

נאָך מעהר פון אַלעמען איז געוועזן אַנטוישט יענקוץ, זונדעל־גאָטס־גנב אייניקעל. איינמאָל אין לעבען — און אויך דאָס מאָל האָט זיך איהם ניט איינגעגעבן צו שפּילען, מיט נגידישע קינדער, ביזקעל סוף. איבערגעוואַלט, און דער

סאַמע לעצטער, האָט ער זיך „אָפּגעריסען פון שטריק”, אַרויס פון זיין פערדישער ראָל, און, אויף אַלע פיסלעך מיט אַן אַרויסגעשטעקט עקצלע פון די מייטקעס, געכאַפּט נאָכלויפען, פאָבריקעוועץ נאָך זיינע אָקאָרשטיגע, בכּבודיגע חברים.

— זעהט, זעהט! — האָט ער פאַרצווייפעלט נאָכגעשריען — זעהט „קינדעך”! איכ'ל טאַקע אויך גילויפט! איכ'ל אייכעט קוקען! זעהט, זעהט!

# יאַרילאָ דער אָפּגאָט

1.

דאָנערשטאָג פאַרנאַכט, אַ טאָג פאַרן פרייטאָגדיגען „לעקאַך־און־בראַנפען" לכבוד זיין אבאלען, האָט זיך אַנשעל פאַראָמשציק דערפיהלט עפּעס אויסערגעוועהנליך מיד; אַ קלעמעניש אין האַרצען און אַ שווערקייט אין קאָפּ. ס'קען זיין, אַז ס'איז געקומען פון דער פּאָגאָדע. ווארים אין דער לופט איז געהאַנגען אַ וואַרימע פייכטקייט פון פאַר־אַ־רעגען, וועלכער האָט זיך אויסגעגאָסען ערשט צומאָרגען, בשעתן לעקאַך־און־בראַנפען...

ווי עס זאָל ניט געוועזן זיין, אָבער די פולבלוטיגקייט האָט אַנשלען געדריקט אין די אָדערען, און ס'האָט זיך איהם ניט געגלוסט צו עסען פריה וועטשערע. זאָגט צו איהם באַשע זיין ווייב:

— געה, אַנשעל, פאָהר זיך דורך אַהין און צוריק מיטן פאַראָם, וועסטו זיך דורכלופטערען. איך וועל דערווייל גרייטען צום טיש.

אַנשעל האָט געפאָלגט דער ווייב און איז אָהן אַ קאַרטוז אַרויף אויפן פאַראָם, און זיין אַנטבלויזטען קאָפּ אַרויסגעשטעלט דעם לייכטען ווינטעל, וועלכער וועהט אַלע מאָל אויפן דניעפּער אַראָפּ־שטראָם. אָהן אַ היטעל האָט זיך אַנשעלס שטערען שניידיג צוטיילט אויף צוויי קאָלירען. דאָרטען, וואו דער האַרטער

ראַנד פון קאַרטוז זיצט, צו די שלייפן אַרויף — אַ מילכיגע פרישע ווייסקייט. און פון מיטן שטערן אַראָפּ — אַן אָפּגע־ברענטע קופּערנע רויטקייט, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ טונקע־לער און ברוינער און פאַרלירט זיך אין דער בלווילעכער שוואַרצקייט פון באָרד און וואָנסעס. אין דער דאָזיגער אָפּגע־ברענטקייט פון הויט, האָבן מיד געלויכטען, ווי סאַפּירען אין קופּער איינגעפּאַסט, זיינע טונקעל־בלויע אויגען. שטעהענדיג אויף דער קלאַטקע, האָט באַשע דערזעהן דאָס פאַרבען־שפּיל אויף איהר מאַנס פּנים, האָט זי צו איהם דערפיהלט אַ זיסע ווייכקייט, ווי אין די כלה־יאָהרען.

— ס׳אַראַ ווייסען שטערען — מאַכט זי — דו האָסט!

איהר ביינקשאַפט האָט זיך גלייך איהם איבערגעגעבען. דאָס ווינטעל האָט נאָך צו איהם פאַרפיהרעריש געוואונקען מיט אַ ברעג פון איהר בלויען פאַרטוך... אָט, געהאַט שוין מיט אָט דער פרישער אידענע דריי קינדערלאַך, קיין עין־הרע, און נאָך אַלץ אַזוי פאַרפערגעלט אין איהר! ער האָט פאַרטראַכטערהייט אַ פיהר־געטאָן מיט די פינגער איבערן שטערן, ווי ער וואָלט געמיינט אָנצוטאַפּען די אָפּגעגרענעצטע ווייסקייט, און שמייכ־לענדיג אַ זאָג געטאָן צו איהר, איבער דער פאָרענטשע:

— באַשינקע, אַ געזונט צו דיר! ס׳איז דאָ טאַקע אַ מחיה!

דער פאַראָם האָט זיך געריהרט. און באַשע האָט דעם מאַן אַלץ צוגעשאָקעלט:

— פאָהר זיך דורך געזונטערהייט!

און שוין קלעטערענדיג, איבערן משופּעדיגען זאַמד צום שטוב, האָט זי זיך נאָך אַמאָל אומגעדרעהט צו איהם:

— פאַרזוימ זיך ניט, אַנשעל!

דער פאַראָמשציק איז אָפּגעטראָטען פון דער פאַרריגעלטער פאָרענטשע און שטיל און באַשיידען אַרויף אויפן מיטען פאַראָם: ניט ווי אַ באַלעבאָס, נאָר ווי אַ זייטיגער פּאַסאַזשיר. מיט די אויגען האָט ער זיך אויסגעזוכט אַ ליידיגע באַנק און צוגעזעצט זיך. ער האָט געוואָלט זיין אַליין.

אַנשעל איז זעלטען־ווען געפּאָהרען מיט זיין אייגענעם פּאַראָם איבערן דניעפּער. טאָג־איין טאָג־אויס האָט ער אַרויס־באַגלייט אַזוי פיל מענשען און פוהרען אויף „זאַרעטשיע“, אַז איהם אַליין האָט דאָס איבערשיפּען זיך מיטן פּאַראָם אויסגע־זעהן, ווי אַ פּריקרער וואוילטאָג. אַזוי, אַפּנים, עסט זיך צו דער ריח פון האָניג אַ לעקאַך־מאַכער, און ער פאַרזוכט ניט זיין אייגענע סחורה יאָהרען־לאַנג... דאָס פּאָהרען איבערן דניעפּער, גלאַט אַזוי זיך, האָט איהם, דערפאַר, אויסגעזעהן ווי אַ מין אינגעלשקייט. העין! אַ טאַטע פון קינדער האָט זיך אין מיטען־דרינען צעשטיפּט און פאָהרט.

קיין סך פּאַסאַזשירען זיינען דאָ, וועטשערע־צייט, ניט געווען. גויים פּאָהרען ניט אַזוי שפּעט צוריק אין דאָרף אַריין, און אידען דאַוונען מעריב. נאָר איין אידענע פון זאַרעטשיע, וואָס פאַרקויפט קיכעלאַך און פּאָהרט אַרום אַ גאַנצען טאָג הין און צוריק אומזיסט, איז דאָ געזעסען איבער איהרע קאָשיקעס און געדרעמעלט. אַ גוי איז געזעסען אין זיין ליידיגען וואָגען און געקייט אַ בייגעל. עטליכע קוליעס און פּעסלאַך זיינען גע־ווען אָנגעוואָרפען, אָן אַ זייט, אין איין קופּע — איינגעהאַנ־דעלטע סחורות פאַר אַ קראָם, אויך אויף „זאַרעטשיע“. דער קרעמער אַליין איז דאָ מיטגעפּאָהרען. כדי גיכער אַריבערצו־פּעקלען זיך אויף יענעם זייט, האָט ער געהאָלפען אַנטאָשען, דעם גוי פון פּאַראָם, ציהען דעם קאַנאַט. דער פּאַראָם האָט זיך ווי אָפּגעשפּאָלטען פון דער גרויער קלאַטקע, און אַ בלויער פּאַס וואַסער האָט זיך גענומען אויסברייטען צווישען איהם און דעם ברעג. דער פּאַס איז געוואָרען אַלץ ברייטער. די וועלט האָט זיך אַ וויג געטאָן און דעם פּאַראָם איז געבליבען הענגען צווישען הימעל און וואַסער און צוויי ברעגעס. אַ מינוטקעלע האָט זיך געדוכט, אַז ער ריהרט זיך ניט פון אָרט.

צופרידען וואָס קיינער שטערט איהם ניט, האָט אַנשעל טיף אין זיך געאָטעמט דעם פייכטען גערוך פון דניעפּער, וואָס גיט זיך אָפּ מיט אָפּגעשטאַנענעם טיי. ער האָט זיך צוגעהערט צום געזאַנגעלע פונם שטראָם אונטער די שאַרפע נעזער פון

די פּאַראָם־לייוועס. גערויך און קלאַנג האָבען זיך שלעפּערדיג געגומען צוזאַמענגיסען אין דער פּאַרנאַכטליכער ליכטיגקייט.
„אָה, אַ מחיה!“ האָט פּאַר זיך אונטערגעמורמעלט אַנשעל פּאַראָמשציק.

נאָר דאָ איז דער פּאַראָם אַריינגעפּאָהרען אין די לעצטע שטראַהלען פון דער פּאַרגאַנגענער זון. ביז אַהער האָט דעם פּאַראָם געוועזן באַשאָטענט דער הויכער, משופּעדיגער ברעג פון דער שטאָטישער זייט. די פּלוצלינגע רויטע שטראַהלונג האָט אַ זעץ געטאָן אַנשלען אין די האַלב-פּאַרמאַכטע אויגען. ער האָט זיך שטאַרק פּאַרזשמורעט און פּאַוואָליע צוריק אויפגעריסען די פּאַרקלעמטע וויעס. ווי דורך אַ פּאָרהאַנג פון רויטער מאַר־לע האָט ער פּאַר זיך דערזעהן אַ ווילד־צומאַליעוועטען עק הימעל. צעוואָרפענע משונהדיגע וואָלקענדלאַך האָבען געגליהט ווי אָפּגעפּולירטע קופּער, ווי גאָלד און ווי פּסחדיגער ווייז... ביסלעכווייז האָבן זיך די צושויבערטע שטיקער צוזאַמענגעגאָ־סען, פּאַר זיינע אויגען, אין אַ מין גולם, וואָס זיצט אויף אַ קיילעכדיגען שטיק פּאַרע... פון דעם גולמס פּוסטע אויגען קוקט אַרויס די בלויקייט פון הימעל. פון זיינע גראָבע אָרעמס קאַ־פּעט מיט בלוט, און צו זיין מגושמדיגען צופּוסען וואַלגערען זיך פּאַרבלוטיגטע פּגרים...

— פּעו! — מאַכט אַנשעל, פון אַזאַ איינבילדונג צו זיך אַליין, און גיט אַ טרייסעל מיט זיין קודלאַטען קאָפּ. ער גיט זיך אַביסעל אַ הויב און האָט בדעה איבערצובייטען דעם אָרט, כדי דאָס אויסטערליש בילד אין הימעל זאָל איהם ניט שטע־רען. אָבער צוזאַמען מיט איהם האָט עפּעס אַ צוק געטאָן אויף דער קופּע אָנגעוואָרפענע סחורות אָן דער זייט. די מערב־ליכ־טיגקייט האָט אַצינד רויט באַגאָסען די גאַנצע קופּע, און צווי־שען צוויי קוליצאַס מיט טאַראַנקעס, איינגעוויקלטע אין ראָגאָזש־קעס, האָט אַנשעל דערזעהן אַצינד אַ פּאָר אַלטיטשקע אויגען, אַ לאַנגע ברודיג־גרויע באָרד, וואָס אויבען, לעבען דער גאָמ־בע, איז זי ברייט, צושויבערט, ווי רויהע פּאַקליע, און די שפּי־צען איהרע לאָזען זיך אַראָפּ אין געדרעהטע קאָלטונס, ווי אָפּ־

געלאָזענע, אויפגעדרעהטע גראָבע שטריק. און די קאָלטונס שטראָמען ביזן גאַרטעל, איבער אַ פאַרצייטיגער סערמיאַגע, מיט הירש־ביינדלאַך אָנשטאָט קנעפּ. ווי פון אונטערן פאָל פון פאַראָם איז דער קאָפּ אויסגעוואַקסן.

## 2.

פון פלוצליכקייט האָט זיך אַנשעל אַ צאַפּעל געטאָן:

— כטאָ טאַם? (ווער איז דאָרט?) — האָט ער הייזעריג אַ פרעג געטאָן און זיין אייגענעם קול ניט דערקענט.

— דאַ טאָי, דאַ סוואָי! (אַ יענער, אַן אייגענער!) — האָט איהם דער פענקענער קאָפּ אָפּגעענטפערט מיט יענעם הילכיגען אַלטיטשקען קולכעל, וואָס דערמאָנט אָן אַ קוקאַווע און אָן דאָס פייפען פון אַ הילצערנעם פיאָל אינדערווייטענס.

מחמת דער גרויקייט פון דער סערמיאַגע, צווישען די גרויע ראָגאָזשקעס און קוליעס, האָט איהם אַנשעל פריהער ניט באַמערקט. איין גרויקייט האָט פאַרשלונגען די צווייטע. אַצינד, אינם שפּיל פון די רויטליכע שטראַהלען, האָט ער זיך אַרויסגעפּר??גט און אָנגענומען אַ געשטאַלט פון אַ „דיעד״; איינע פון יענע אַלטיטשקע געשטאַלטען, וואָס געהען מיטן ברעג דניעפּער אויף „באָהאָמאָליע״ און זינגען און בעטלען און דערצעהלען מעשות... נאָר אַנשלען האָט זיך געדאַכט, אַז דער אַלטיטשקער האָט זיך דאָ בכיון אַזוי פאַרטאַיעט, כדי דערנאָך פלוצלינג אַרויסצוואַקסען און איבערשרעקען איהם...

— וואָס זיצט עפעס צווישען די קוליעס, דיעד? — מאַכט צו איהם אַנשעל — אָט זיינען דאָך בענק!...

— אַ דאַנק, גוטער מענש! — ענטפערט איהם דער גוי מיט אַ ווייטען קול פון אַ בויכריידער — פאַר מיינע קראַנקע ליטקעלעך איז בעסער צו זיצען אויף דר׳ערד. אַ וואַנדערער בין איך. ניט געוואוינט צו זיצען אויף בענק. אַזוי איז מיר לייכטער. אַ געוואוינהייט אַזאַ. וואו זיינען דאָ בענק אין

פעלד!.. אָט זיץ איך מיר און קוק אַזוי אויף גאָטס וואָלקענדלעך. און אפשר ניט גאָטס — שדים ווייסען וועמענס!

— פאַרוואָס שדים ווייסען וועמענס? — שפּיצט זיך אַנישעל אָן.

— אָט, כע-כע... פונקט ווי בלוט געהט פון זיי... זעהסט דאָך! „ניע ק׳דאָברו יעפּטאָ!"... ניט צום גוטען איז דאָס, גויטער מענש! ניט צום גוטען. וואָלט דאָ אַ קלויסטער געווען נאָהענט, וואָלט איך אַוועק זיך צלמען. ניט צום גוטען, זאָג איך דיר, איז אַזאַ הימעל...

דער גוי האָט גערעדט אויף אַ זינגענדיג-געצויגענעם רוסיש מיט דעם טיפען שאַל פון אַ בויך-ריידער, בשעת נבואה-זאָגען. און ריידענדיג אַזוי, האָט ער געטשאַטעוועט פון אונטען אַרויף, פאַרשעמדיג און פאַרטאַיעט, מיט אַ גרינליכען האַלב-שמייכעלדיגען קוק פון אַ זשאַבע, וואָס מאַכט זיך געפּגרט אינמיטען שפּרינגען, כדי מ׳זאָל זי ניט באַמערקען; אָבער ווי נאָר מען מאַכט אַ צוינאָהענטען טראָט, אַזוי גיט זי אַ שפּרונג-אויף, צוואַנציג מאָל מצהר ווי איהר אייגענע גרויס... פונקט אַזוי איז דאָס שווייגען און פאַרגליווערטקייט פון אַלטיטשקען פלוצלינג איבערגעגאַנגען אין רירעוודיגקייט און באַרעדעוודיגקייט, ווי נאָר אַנשעל האָט איהם אַ וואָרט געזאָגט. די רעשטלאַך גרינע ציין אין פאַרוועלקטען מויל, צוויי אַנטקעגען צוויי, האָבען זיך אין ריידען אַנטבלויזט און צוגעגעבען איהם די עהנליכקייט פון אַ יאַשצער-שנאָבעל אָנשטאָט ליפּען. די קאָריאַווע פינגער האָבען געגראַבעלט אין דער לופט פון ביידע זייטען באָרד.

אַנשלען האָט גענומען זויגען אונטערן לעפעלע פון אַזאַ שאַמקערײ. „וואָס באַלעבאָטשעט ער דאָרטען?" טראַכט ער זיך מיט אַ געפיהל פון ניט-גוטקייט. „ווער פרעגט ביי איהם?" און פונדעסטוועגען, כמעט קעגען אייגענעם ווילען, געווענדעט זיך צום גוי נאָכאַמאָל:

— קום, זעץ זיך בעסער... אָט דאָ! וואָס האָסטו זיך פאַרקליבען צווישען סחורות? אָן, דער „קופּיעץ" (סוחר) קען נאָך מיינען אַז דו ווילסט עפּעס לאַטכענען...

מיט אַ קרעכצעלע האָט זיך דער אַלטיטשקער אויפגעהויבען פון צווישען די קוליעס, און אַנשעל איז נשתומם־געוואָרען. לויט דער לאַנגער צורה, מיט דער פלאַקסענער באָרד, האָט מען געקענט מיינען, אַז ס'איז אַ גרויסער גוי. און אויפגעשטעלט האָט זיך גאָר אַ קליין גויעצעל מיט לאַפּטיעלעך אויף די פיס. און נאָך מעהר קלענער האָט ער אויסגעזעהן דורך זיין איינגעבויגענקייט איבער זיין שטעקען — אַ רויער פלאָקען פון אַן אָפגענוצטען בעזים. אַ ווייִלע איז ער אַזוי געשטאַנען און קיין אויג ניט אַראָפּגענומען פון אַנשעלען, דורכגענומען איהם מיט אַ מוטנער גרינקייט. און, קוקענדיג אַזוי, גענומען טריטלען צו אַנשעלס באַנק, סמאָר־סמאָר מיט די לאַפּטיעלעך. צוגעשלעפּט זיך, אַראָפּגעלאָזט די טאָרבע פון פלייצע, דערנאָך — זיך אַליין. ניט־באַקוועם אַוועקגעזעצט זיך און גלייך גענומען ריידען מיט זיין קבר־קולכעל:

— ניט געוואוינט בין איך צו זיצען אויף בענק. אָך־כאָ־כאָ! די קניע ברעכען, די זייטען ציהען. אויסגעקלערט האָבען מענשען בענק. גאָטס ערד געפעלט זיי ניט. אַליין זיצען זיי ניט און אַ צווייטען פאַרגינען זיי ניט.

אַנשעל האָט זיך דערפיהלט אונהיימליך אין דער דאָזיגער שכנישאַפט, וואָס ער אַליין האָט צו זיך צוגערופען. דער שאַרפינקער שרעק פון פריהער איז טעמפּ געוואָרען, אָבער צוואַקסען זיך אין אַ שווערמוטיגקייט. די גאַנצע אויסזיכט אויף אַ גוטער וועטשערע, נאָכן „דורכלופטערן זיך", אויף באַשען אין דער קאַרג־באַלויכטענעם בעט, איז עפּעס פאַרדונקעלט געוואָרען, אָפּגערוקט זיך אָן אַ זייט. מאַכט ער צום אַלטיטשקען מיט פאַרדאַכט:

— עפּעס האָב איך דיך ניט געזעהן אַרויפגעהן אויפן פאַראָם. ס'איז מיין פאַראָם. איך בין דער פאַראָמשציק.

— האָסט געזעהן! — ענטפערט דער גוי מיט אַ זשאַבעשמייכעלע אין די אויגען — האָסט געזעהן, גוטער מענש! דיין קאָפּיקע פאַרן אַריבערפאָהרען האָב איך דיר ניט געגנבעט! האָסט גערעדט מיט דער ווייב דיינער, צוגענומען די קאָפּיקע

און געקוקט אויף דיין ווייב. נו, וואָס איז דאָ וואָס צו רעדן? מאַלינאַ-באַבאַ!... אַ מאַלינע האָסטו, ניט קיין ווייב.

אַזאַ קאָמפּלימענט האָט אַנשלען אַביסעל צושטרייט. הען! אַזאַ תּרח, ווייסט נאָך אויך אַ טאָלק אין ווייבער!... מאַכט ער צום גוי אַביסעל צוטרויליכער:

— ניט פון אונזערע מקומות, דאַכט זיך?

אָבער דער אַלטיטשקער האָט זיך ניט געלאָזן אָנטאַפּען. ער האָט זיך געגליטשט פון האַנט:

— פון דאַנען צי פון דאָרט. ס'איז אַלצאיינס; פון ווייט זיינען מיר. העט-העט גאָר ווייט... אַ בוים האָט גאָט באַשאַפן מיט וואָרצעלעך, וואַקסט עס. פיסעלאַך האָט גאָט אַ מענשן געגעבן, געהט ער. יעדערען דאָס זייניגע. טאַק-טאָ, כאַזאַין!

— וואָס מיינסטו, דיעד, דערמיט צו זאָגן? — שפּיצט זיך אַנשעל ווידער אָן.

— כ'מיין גאָרנישט. אַ בוים, זאָג איך, שטעהט אויף איין אָרט, קומט אַ האַק און האַקט עס אָפּ, און אַ מענש לויפט, לויפט פון טויט און קען אויך ניט אַנטלויפען. טאַק-טאָ, גוטער מענש!

— ביסט שוין אודאי אין די אַכציגער! — מאַכט אַנשעל מיט אַ באַהאַלטענעם קוועטש — כ'האָב מורא צו זאָגען: אודאי —? אַ?

— אפשר אַן אַכציגער! — ענטפערט דער דיעד מיט אַ כיטרען שמייכעלע.

— און אפשר טאַקע איבער די אַכציג?

— אפשר — איבער.

— זאָג שוין דעם אמת! אפשר די גאַנצע ניין צעהני-דליג?

— אפשר די גאַנצע ניין! אַ כטאָ יעהאָ זנאַיעט, כאַזאַין? אין אונזערע צייטען האָט מען קיין חשבונות ניט געפיהרט. ניט געטינטעלט מיט פעדערלאַך. געלעבט איז געלעבט. צוליב וואָס

צעהלען? גאָט צעהלט. און אַז ס׳קומט די צייט — צעהל יאָ, צעהל ניט. כי־כי...

„עפּעס אַ פּאַסקודנער גויעלע", קלערט ביי זיך אַנשעל, „צוגעקלעפּט זיך ווי אַ שוואַרץ יאָהר. אַבי באַשע האָט מיך געשיקט אויסלופּטערן זיך... אָנגעטראָפן אויף דער אמתער לופּט. טפו זאָל ער ווערען!

פאַר פאַרדראָסיגקייט האָט ער איהם ווייטער אַ טשעפּע געטאָן:

— ביסט אפשר אַ... אַן אַלטער „זנאַכער"*)? אַזאַ... וועלכער —

— אַ זנאַכער ניט אַ זנאַכער, — גיט ווייטער דער גויעלע אַ קוק מיט אַן אונהיימליך פייערל אין די אויגען — און ווייסען טוען מיר ניט ווייניגער ווי אַ זנאַכער. אַ בהמה פון מישקעס**) קענען מיר אָפּשפּרעכען און אַ מענשען קענען מיר זאָגען, וואָס שפּעטער וועט זיין. פאַראַן אַזעלכע וואָס מיינען: עך, מירן נאָך לעבען און הוליען. און קוק — אַ גריבעלע וואַרט שוין אויף איהם און אַ גראָב־אייזען גראָבט. אַ בליאַסק און אַ גראָב, אַ גראָב און אַ... אַך, קוק! זאַרעטשיע, דאַכט זיך!

## 3.

אין מיטען גליטשען זיך אַזוי פון די הענט און ריידען פאַרשטעלטערהייט, איז דער גויעלע פלוצלינג אַנשוויגען געוואָרען. דער ליימיגער זאַרעטשיע־ברעג איז אָנגעלאָפען ווי אַ רויט־באַלויכטענע כמאַרע. דער פאַראָם האָט אַ ציטער געטאָן. אָנגעשטויסען זיך, מיט זיין אָפּגעהובעלטען זייט, אָן דער הויכער קלאָטקע. דער פויער מיט זיין פערד־און־וועגעל איז אַראָפּגעפאָהרען פון מיטען פאַראָם. דער באַקאַליי־קרעמער האָט אַראָפּ־

---

*) אַ ווייסלער. עטוואָס צווישען אַ רופא און מכשף.

**) אַ שווערע הויט־קראַנקהייט ביי בהמות.

געקייקעלט זיינע פעסלאַך און קוליעס. דאָס ווייב זיינס האָט שוין אויף איהם דאָ געוואַרט מיט אַ ליידיגען האַנט-ווענעל. ביידע האָבען עס געניט אָנגעלאָדען און אַוועקגעפיהרט צום שליאַך, וואָס שניידט זיך אַריין צווישען צוויי ליימיגע בערג-לאַך. אָבער ניט אַנשעל, ניט דער אַלטער גויעלע — קיינער פון זיי ביידען האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. איינער, דאַכט זיך, האָט געוואַרט, אַז דער צווייטער זאָל זיך פריהער אויפ-הויבען. ווי אויף אַ וויגבערעט זיינען זיי ביידע געזעסען, גע-האַלטען גלייכגעוויכט, טאָמער הויבט זיך איינער אויף, אַזוי פאַלט דער צווייטער אַרונטער. דערפאַר, דאַכט זיך, האָט יעדער איינער מורא געהאַט... ערשט אַז דער פאַראָם איז אינגאַנצען ליידיג געוואָרען, די אידענע מיט די קיכעלאַך אין די קאָשי-קעס איז אַוועקגעגאַנגען, און אַנטאָשע איז אַריין צו זיך אין בודקע, האָט זיך דער אַלטיטשקער גויעלע אומגעקוקט און גע-נומען ציהען די שווערע טאָרבע אויפן רוקען. אַנשעל האָט גע-וואָלט וואָס גיכער פטור ווערען פון איהם, איז ער צו איהם צוגעגאַנגען:

— קום, — מאַכט ער — דיעד! כ׳וועל דיר העלפען אַראָפּנעהמען פון קלאַטקע. זי איז דאָ זעהר משופּעדיג. לאָז מיך בעסער האַלטען דיין טאָרבע. לאָז!

— אַ דאַנק, אַ דאַנק גוטער מענש! —זינגט דער גויעלע מיט זיין בויכרעדערישען קולכעל, און אַליין בויגט ער זיך איין איבער זיין בעזים-שטעקען, ווי אַ „דלד". מאַכט אַ טריי-טעלע און גיט אַ קלאַפּ מיטן שפּיץ פלאָקען, אַ קלאַפּ און אַ טריטעלע. אַזוי לאָזט ער זיך אַראָפּ פון דער קלאַטקע. אַנשעל זעהט כמעט ניט דעם אַלטענס קאָפּ, אַזוי נידעריג איז ער איהם אַראָפּגעבויגען. נאָר דוכטען דוכט זיך איהם פאָרט, אַז דער גויעלע קוקט איהם נאָך קאָפּ-אַראָפּ, ווי אַ קונצענמאַכער. דורך זיינע דינע, אין אָנוטשעס פאַרבונדענע פיסלאַך; דורך די ריסען פון דער סערמיאַגע קוקט ער אויף איהם אַזוי... און די פלאַקסענע באָרד זיינע קעהרט די קלאַטקע מיט איהרע קאָל-טונס.

— וואָס באַדין איך איהם דאָ אַזוי? — בייזערט זיך אַנ־שעל אין האַרצען—און אַז ער וועט דאָ ברעכען האַלז־און־נאַ־קען אונטער זיין ברודיגער טאָרבע — בין איך בדלות. ווי?

פונדעסטוועגען טראָגט ער איהם נאָך די אַלטע טאָרבע, ווי אַ שמש, להבדיל, דעם טלית־זעקעל נאָך אַ גבאי.

אַראָפּ פון דער קלאַטקע טוט זיך פּלוצלינג דער גוי אַ דרעה־אויס, ווי אַ פאַרבויגטער טשוואָק, און קוקט אָן אַנשלען פאָרשענד, פון אונטען אַרויף:

— נאַ, — מאַכט ער — דו ווילסט דאָך גאָר ניט העל־פען, גוטער מענש! אין האַרצען שילסטו מיך און מיין טאָר־בע טראָגסטו מיר נאָך... אַ־אַס?.. מ'דאַרף ניט, גוטער מענש!

אַנשעל ווערט פאַרציטערט פונם גויס קוקעלע און פון זיינע רייד. יענער זעט איהם, הפנים, דורך־און־דורך. ער קריגט חשק, אַנשעל, אַ וואָרף צו טאָן די שווערע טאָרבע דעם גויעצעל אין קאָפּ אַריין, פּלעטען איהם דעם מוח. אָנשטאָט דעם שטאַ־מעלט ער גאָר:

— ניין ניין. ניטשעוואָ. לאָז!

— אָך, — מאַכט דער גויעלע אַן אָנשטעל, אַז ער גלויבט איהם שוין — לאָמיך זיך גאָר צוזעצען אַ קאַפּעלע. וואָט טוטאָטשקי! אָט דאָ אין זאַמד. אָהו! דער באַנק דיינער האָט מיך מיד געמאַכט. וואוהין צו איילען האָב איך ניט.

— איך אויך ניט! — מאַכט אַנשעל, און אין האַרצען גריזשעט ער זיך, אַז ער טוט ניט דאָס וואָס ער וויל.

ניט ריידענדיג מעהר קיין וואָרט, זעצט זיך דאָס גויעלע אַראָפּ אין זאַמד, ווי אַ קינד, מיט אויסגעשטרעקטע, באַשטרי־קעלטע פּיסלאַך און לאַפּטיעלאַך. אַנשעל לאָזט לעבען איהם אַראָפּ די טאָרבע, און, ניט־ווילענדיג און ניט־וויסענדיג ווי אַזוי, זעצט ער זיך אויך צו לעבען אַלטיטשקען. אָבער ניט אויף דר'ערד נאָר אויפן אָנגעצויגענעם קאַנאַט פון פּאַראָם, וואָס לאָזט זיך דאָ אַראָפּ ביים עק קלאַטקע, אָנגעבונדען מיט איי־זערנע פויסט־גראָבע קייטען אָן אַן איינגעגראָבענעם שווערען אַנקער. דאָס איז דער גאַנצער האַלט פון קאַנאַט אויף ד ע ר

זייט דניעפער, אויף זאַרעטשיע, און אָנגעצויגען איז ער דאָ ווי אַ מוראדיג דיקע סטרונע.

אונטער אַנשעלס אָנגעגאָסענעם גוף גיט זיך דער קאַנאַט אַ וויג און אַ ברום ווי אַ באַנדורע. אַ שוידער לויפט אַרויס פון אונטער אַנשעלס געזעס און לויפט אַוועק איבערן קאַנאַט. העט-העט ווייט, ביז אויף יענעם זייט דניעפער.

— וויגסט זיך, אַ? — קוקט איהם אָן דער אַלטיטשקער מיט זיינע זשאַבע-אויגלאַך — וויג זיך, גוטער מענש, וויג זיך!

— אפשר געבען איהם גאָר אין מאָרדע אַריין?—טראַכט אַנשעל בייזערהייט — אַזאַ אַלטער כלב! ווי דאָס קוקט, ווי דאָס דברט!

אָנשטאָט דעם בורטשעט ער גאָר אַרויס:

— מיין קאַנאַט — וויג איך מיך, אַז איך וויל!

— וויג זיך, גוטער מענש! — חזרט איבער דאָס גויעלע כלומרשט פאַרשעמט — בייזער זיך ניט אויף אַן אַלטען מאַן! איך זאָג נאָר... ווי ער ברומט, דער קאַנאַט! ווי אַ חיה-רעה אין שטייג. זיי מיט איהם פאָרזיכטיג, גוטער מענש! איבער גוואַלד האָסטו איהם אָנגעדרעהט און אָנגעצויגען איהם. איז ער בייז. אָה-אָה-אָה! ניט אַלע ווייסען דאָס. ניט אַלע האָבען אַן אויער. אויך אַ שטיין האָט אַ נשמה, אויך אַ „איסטוקאַן"*) אַ האַלצענער. אַ שנאה טראָגען זיי אויפן מענשען, אויב ער קאָמאַנדעוועט צופיל איבער זיי. ניט אין אַ בייזער שעה זאָל זיין אויסגערעדט! אַך-כאָ-כאָ, האָספאָדי פאָמילוי!

אַנשעל האָט זיך צוגעהערט אַ דערדריקטער. איהם האָט זיך גענומען דוכטען, אַז ער איז שוין לאַנג פונדערהיים, זעהר לאַנג, און דער גאַנצער שפּאַציר מיטן פּראָם איבערן דניעפער, דער בלוטיגער וואָלקען מיט פוסטע אויגען פריהער און, דער מאָדנער גויעלע, דאָ ביים אַנקער, איז עפּעס א יין שווערער חלום, פון וועלכען ער קען זיך בשום-אופן ניט אויפ-כאַפּען. ער וויל זיך אויפהויבען פון עק קאַנאַט און לויפען

*) אַ גולם.

צו אַנטאָשען אויפן פּאַראָם און קען ניט. ער האָט פאַרלאָרען דעם ווילען איבער זיך. צוגעקלעפּט איז ער, פאַרפּלאָנטערט זיך, ווי אַ פליג אין שפּינוועבס, און די גרינע שפּין מיט שפּי־ציגע אויגלאַך — דאָס גויעלע, ציהט פון מויל אַלץ נייע און נייע קלעפּיגע פעדימער און מאַכט מיט די לאַפּקעלאַך, שפּינט די פעדימער, פלאָנטערט זיי אַרום איהם. וואָס וויל ער נאָך? וואָס דרשענט ער דאָ אַזוי?

4.

דער פּאַראָם איז דערווייל געשטאַנען צוגעפּענטעט צו דער קלאַטקע און ניט געריהרט זיך פון אָרט. דער פּאַראָם פאָהרט ניט גלאַט אַזוי, אומזיסט. ער וואַרט שטענדיג ביז עס וועלען זיך אָנקלייבען פּאַסאַזשירען און פוהרלעך אויף דעם זייט, אָדער ביז אומגעדולדיגע איבערפאָהרער וועלען איהם אַ רוף טאָן פון יענעם זייט. נאָר ניט דאָ, ניט דאָרטען זיינען יעצט, וועטשערע־צייט, קיין פּאַסאַזשירען ניט געווען. אַנטאָשע, דער גוי פון פּאַראָם, האָט זיך אויך געלאָזען וואויל־געהן, ביי זיך אין בודקע. איבערגעכאַפּט דאָס הארץ. האָט אַנשלען און זיין צוטשעפּעניש — דעם גויעלע — קיינער ניט גע־שטערט. ביידע, ווי צוזאַמענגעפּענטעטע, האָבען אַ היבשע ווייַלע געשוויגען.

דער שטראָם פון דניעפּער האָט שטיפעריש און וועהמו־טיג געמורמעלט אויף שטיינדלאַך ביים ברעג. אונטער דער האַלצערנער קלאַטקע האָט זיך דאָס געמורמעל אָפּגעגעבען נאָך טרויעריגער, הילכיגער, ווי פון אַ גרויסער אָנגעשפּאָלטענער האַרפע, ווען מען בלאָנדזשעט מיט פאַרקלעמטע פינגער איבער איהרע סטרונעס. צווישען די האַרטע גראָזען אין זאַמד ביים סאַמע וואַסער, איז עפּעס דורכגעלאָפען, אַ וואַסער־שצורע, אפנים. אַ פאַרטרוימטער פיש האָט זיך דערשראָקען, אָפּגע־שפּרונגען פון ברעג אין דער טיפעניש אַריין — פּליוך! אַן אומבאַקאַנט, האַלב־שלעפעריג פויגעל, אין די ווערבעס, האָט

אויפגעציטערט פונם פליוך און אַ פליה געטאָן: פ־ר־ר־ר!

איין טאָן האָט זיך אַזוי געקייטעלט מיטן צווייטן. און אַלע דריי: דאָס גישטשערען פון דער שצורע, דער שפרונג פון פיש און דער פליה פון פויגעל האָבען זיך געשווינד צוזאַמענגעגאָסען אין איין פאַרסודעטען אָוועגטליכען אויפשרעק. דאָס האָט זיך איבערגעגעבען אַנשעלס אינערליכער געשפּאַנטקייט, ווי אויף איבערגעצויגענע סטרונעס. ער האָט אינגאַנצען אויפגעשווידערט. דער קאַנאַט, אויף וועלכן ער זיצט, האָט דעם שווידער אויפגעכאַפּט און אָוועקגעטראָגען איהם אויף יענעם זייט דניעפּער. „וואָס טוט זיך מיט מיר?“ קלערט ביי זיך אַנשעל, און אַרויסריידען טוט ער עפּעס גאָר אַנדערעס:

— די לעשץ טאַנצט. אַ גוטע פּאָגאָדע וועט מאָרגען זיין, אָדער אפשר אַ רעגען... ווי מיינסטו?

אָנשטאָט ענטפערען האָט זיך גאָר דאָס גויעלע צוכיכיקעט אין דער גרויער פּענקענער באָרד. אונהיימליך און דריבנע. אַנשעלס ווילען איז אינגאַנצען פאַרגליווערט געוואָרען. אַ מאַטקייט האָט זיך איהם צוגאָסען איבער אַלע אברים.

— וואָס לאַכסטו עפּעס, דיעד? — האָט ער איהם מיד, כמעט שלעפעריג אַ פרעג געטאָן.

— פיש שפרינגען. שצורעס האָפּקענען. פויגעלאַך מאַכען: פ־ר־ר־ר... אַ? אַ שושקעניש און אַ קושקעניש. „שאָפּאָט דאַכלאָפּאָט“ און אין דער אמתן: „ני טאָ, ני סיאָ, ני דרוהאָי“ — ניט דאָס, ניט יענעס, ניט עפּעס אַנדערש. ס'איז ער אַליין. ער!.. וואַלגערט זיך דאָ, ערגעץ־וואו אין גראָז, אונטער דער קלאַטקע אפשר, און טשיקעוועט...

אַ קיהלע פייכטקייט האָט אַנשלען אַרויסגעשפּאַרט אויפן שטערען און אויף די שווערע דלאָניעס.

— ווער איז דער „ער“? — פרעגט ער מיט דער זעלבער אָפּגעשטאָרבענקייט — וואָס רעדסטו, וואָס?

— וועמען זאָל איך מיינען? — שאַמקעט דאָס גויעלע — איהם מיין איך. איהם אַליין, דעם יאַרילאָ... מ'האָט איהם פאַרשטויסען. פאַריאָגט און פאַרפלאָגט האָט איהם דאָס פראַ-

וואָסלאַוונע פאָלק. באַהאַלט ער זיך פון דאַמאָלס אָן אין וועל־דער. קומט זומער לאָזט ער זיך אַראָפּ אויף ברעגעס פון טייַכען. וואַלגערט זיך אין קוסטעס און טשיקעוועס. וואו מ'האָט איהם דערטרונקען, דאָרטען לויערט ער...

אָנשעל האָט אויסגעקרימט די אויגען אויף די ווערבעס ביי דער זייט, וואו די שצורע איז אָקאָרשט דורכגעלאָפען. און דער גויעלע, פונקט ווי ער וואָלט זיך געשפילט מיט זיין שרעק און נייגעריגקייט, האָט די ווערטער געצויגען מיט זיין קוקאַווע־קולכעל:

— קוק בעסער ניט, גוטער מענש! וועסט איהם סיי־ווי־סיי ניט זעהן. ער איז גרין און די קוסטעס גרין. זיין באָרד בליהט ווי די בעז אין מאַי: אַמאָל בלוי און אַמאָל ווייס, און די הענט זיינען ביי איהם רויט ווי מאָהן־בלומען אין פעלד. סיידען מען טרעט איהם אָן, סיידען מען באַליידיגט איהם, דעמאָלט דערזעהט מען איהם. צום לעצטען מאָל דערזעהט מען איהם... אָך־כאָ־כאָ, די שווערע זינד אונזערע!

— ווער איז ער דאָס דיין... דער, דער...

— דער יאַרילאָ?.. ווי קומסטו צו וויסען? אייגענע, פּראַוואָסלאַוונע, וואָס האָבען איהם פון דאָרף פאַרטריבען, ווייסען שוין ניט מעהר. היינט ווי זאָלסטו וויסען? דו ביסט דאָך ניט קיין פּראַוואָסלאַוונער, אַ? אַ סטאַראָזאַקאָנער *) ביסטו. אָך־כאָ־כאָ! אָן אָפּגאָט אַזאַ געווען אַמאָל. אין פּאָלעסיע איז ער געווען אין געדיכטען וואַלד, ביי דער בערעזינאַ, ביי די פּינסקער בלאָטעס. דאָס פאָלק האָט איהם דאַן געדינט. „טשוד" האָט דאָס פאָלק געהייסען, דאָס יעצטיגע רוסישע פּראַוואָסלאַוונע פאָלק. פינסטערע מענשען דאַמאָלסט געווען. דעם טייוועל האָבען זיי געדינט. דעם גרינעם טייוועל פון זומער. יאַרילאָ האָט ער ביי זיי געהייסען. פון אַ יונגען דעמב פלעגען זיי איהם אויסהאַקען מיט אַ שטיינערנער האַק. ניט געווען נאָך קיין אייזען אויף דער וועלט, נאָר אַ „קרעמען",

---

*) אַ איד.

אַנגעבונדען אָן אַ פּלאָקען; און אויסגעהאַקט האָט דעם אָפּגאָט אָן אַלטער, גאָר אַלטער „ווייעדון", דער מכשף זייערער. יונגע „צעלקעס" *) האָט מען איהם דערצו געמוזט ברענגען, איינע מיט העלע האָר — דער טאָג, איינע מיט טונקעלע — די נאַכט. קיין מאַנסביל האָבען זיי ניט געטאָרט וויסען. גאָר יונגינקע קינדער נאָך. צוויי קרבנות יעדען נייעם אָפּגאָט. און אַזוי האָט דער „ווייעדון" אויסגעהאַקט יאַרילאָן: מיטן שטיינערנעם האַק, איין מאָל אין לייב, צוויי מאָל אין האַלז. איין מאָל אין לע־בעדיגען פלייש, צוויי מאָל אין דעמב. אַזוי האָט ער געהאַקט און געהאַקט. קיין גאַנץ ביינדעלע איז אין די קינדער ניט געבליבען. צעהאַקטע און מוטער־נאַקעטע זיינען זיי לעבען דעמב געלעגען. אין לייב איין מאָל מיט דער האַק, אין האַלז — צוויי. אָפּגעגעבען זייער לעבען און בלוט, די הערצי־גע, פאַר אַ שטיק האַלז! און דאָס פאָלק אַרום איז געלעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד און געפּרעפּעלט ביז דער אָפּ־גאָט איז פאַרטיג געוואָרען. מיט אויגען, מיט אַ מויל, מיט הענט און פיס. אַלץ ווי עס באַדאַרף צו זיין. אַלע אברים זיינע — מיט מיידעלשע בלוט באַשפּריצט. רויט אַזוי ווי דער מאָהן אין וויעסנע־פעלד. דערנאָך פלעגט מען איהם אויפשטע־לען אויף אַ בערגעל און מ'פלעגט איהם פאַרברענען די צו־האַקטע לייבער פאַר אַ קרבן. צוזאַמען מיט דרייצעהן מעסט־לעך הירז פלעגט מען דאָס פאַרברענען. וויפיל גאַנצע לבנות אין יאָהר, אַזוי פיל מעסטלעך. ניט געוועזן נאָך דאַמאָלסט קיין קאָרן אין „טשוד". נאָר הירז איז דאַמאָלסט אויף די פעלדער געוואַקסען...

## 5.

אַנשעל האָט דערפיהלט, אַז די האָר שאָקלען זיך איהם אויפן קאָפּ. ער האָט זיך אומגעדרעהט צום מערב־הימעל. דאָר־טען וואו ער האָט פריהער געזעהן דאָס משונהדיג בילד:

*) מיידלעך.

אַ רויטע גולם-געשטאַלט מיט פּוסטע אויגען, מיט פּאַרבלוטיג-טע וואָלקענדלעך צופּוסען... צי האָט ניט דאָס וואָלקען-בילד אַ וועלכען-ניט-איז צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס דער גוי דער-צעהלט דאָ? קיין זכר פון פריהערדיגע צעגליהטע וואָלקענס איז שוין אָבער מעהר ניט געבליבען אין הימעל. נאָר אַ פּאַס געלע ליכטיגקייט האָט נאָך געטליעט אין עק מערב, איבער שטאָטישע הייזער, אויף יענער זייט דניעפּער.

האָט ער זיך ווייטער אַ קעהר געטאָן צום גויעלע. יע-נער האָט נאָך כלומרשט אונטערגעזיפּצט אויף די בלוטיגע זינד פון די אַמאָליגע „טשוד", בשעת מאַכען אַן אָפּגאָט. און אינ-דעראמתן — געסמאַקעוועט יעדעס וואָרט, יעטוועדער גרויזאַמע איינצעלהייט, וואָס ער האָט אויסדערצעהלט. „אי פּאַשלאַ אי פּאָשלאַ!" — שאַמקעוועט דער אַלטיטשקער. ווי נאָר מ'האָט איהם דאָס מענשען-פלייש און הירז פּאַרבּרענט, דעם יאַרילאָ, האָט זיך אָנגעהויבען אַ יום-טוב, אַ הוליאַנקע פון קליין און גרויס. ניט קיין מאַן ניט קיין ווייב, ניט קיין ברודער ניט קיין שוועסטער. אַלע אינאיינעם, אָך־כאָ־כאָ!

אַן עקעל האָט אַנשלעגן אַרומגענומען. ער האָט זיך אַ ביסעל אויסגעטשוכעט פון זיין מאַטקייט, אָנגענומען אַ בייז-ליכען טאָן:

— און פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ, דו אַלטע שקראַבע?

— אַ-אַס? פון וואַנען ווייס איך? — האָט זיך דאָס גויעלע אַ האָר ניט באַליידיגט — פון טאַטען ווייס איך דאָס. און מיין טאַטע פון זיידען. און דער זיידע פון עלטער-זיידען. טאַק־טאָ, גוטער מענש. מיר ווײ—ייסען! און דו האָסט גע-מיינט אַ לעשק! אַ פויגעל, כי־כי, אַ שצורע — אין גראָז. ס'איז ער, דער פּאַרשטויסענער, אין דניעפּער געטרונקענער און ניט־דערטרונקענער. יאַרילאָ אַליין. פון צאַרגראַד *) זיינען געקומען הייליגע פּאָפּען און גלחים אין גאָלדענע בראָקאַטען

*) אַמאָליגער קאָנסטאַנטינאָפּאָל איידער די טערקען האָבען איהם איינ-גענומען.

אָנגעטאָן, מיטן הייליגן צלם אין דער רעכטער האַנד און מיט רויכער־פאַנען און ווייראַך אין דער לינקער. צעגאַנגען זיינען זיי זיך איבער דער ברייטער רוסישער ערד. אַריינגע־טריבען דעם „טשוד״ און אַלע אַנדערע איינוואוינער אין דניע־פּער אַריין. אָפּגעטובלט זיי און אָפּגעקריסטעלט. אָפּגעוואַשען פון זיי דאָס אומשולדיג בלוט פון קינדער. דורך די „וויע־דונס״ געשאָכטענע. די אָפּגעטער אַראָפּגעשלעפּט פון די בערג־לעך מיט שטריק, איבער די בלאָטעס געצויגען און אין דניע־פּער מיט שווערע אָנגעבונדענע שטיינער אַריינגעוואָרפען. ביי־זערט ער זיך פון דאַמאָלסט אָן יאַרילאָ. ווען דאָס גרינס צע־וואַקסט זיך, קריכט ער אַרויס פון זיין באַהעלטער, וואָרימט זיין גרין לייב אין דער וויעסנע־זון ווי אַ האַדיוקע*) אַ גיפ־טיגע און קוקט אַרויס מיט פאָהאַנע אויגעלעך. אָן איהם געהט אויך די וועלט. גלעקער אין פּראַוואָסלאַוונע קלויסטערס קלינ־גען, ציגען און צאַפּען פּאַרלען זיך, פעלדער בליהען. אַלץ אָהן איהם. איז ער אין כעס. בלוט וויל ער! אַ קרבן וויל ער! ש־ש־ש... דו הערסט?

אין האַרטען גראָז, ביים וואַסער, האָט באמת עפּעס אַ שיפּע געטאָן, ווי אַן אָנגעטראָטענע שלאַנג. ווער ווערמען האָט דאָ נאָכגעמאַכט? די שלאַנג דעם גויעלע אָדער דאָס גויעלע די שלאַנג? אַנשעל האָט זיך אין דעם ניט געקענט פאַנאַנ־דערקלייבען, וואָרים אַן איבערגעשראָקען אַמסעל־פויגעל איז אויפגעפלויגען מיט אַ געשריי: „צוואַ־צוואַ־צוואַ!..״ און אַוועק.

— ס׳איז ער! — האָט דאָס גויעלע אויסגעלופּעט די אויגען און אַריינגעקוקט אַנשלען ביזן מאַרך פון די ביינער.— ס׳געהערט?..

אַנשעל האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסלאָזען. דאָס האַרץ האָט זיך אין איהם אָפּגעשטעלט, און ס׳גויעלע האָט אַ ווײַלעטשקע אויסגעוואַרט, ווי ער וואָלט הנאה געהאַט פון זיין

*) שלאַנג.

אייגענעם געהיימען כח, און ווייטער נענומען פלאָנטערען אַרום אַנשלען זיין קלעפּיגען שפּינוועבס:

— דאָס איז נאָר אַ פּיפּס זיינער, אַן אַנזאָג. ער קען זיין שאַנד ניט פאַרגעסען. ער קען דעם פּראַוואָסלאַוונעם פאָלק ניט מוחל זיין. מיט בליצען און דונערען צובייזערט ער זיך, ווען עס קומט די צייט. זיינע אויגען און זיין קול איז עס. און ווער עס קומט איהם אָן אין וועג, ווען ער צעיושעט זיך —

— פּאָדאַיוואַ־אַי פאַראָ־אָם!!*)

פון דעם צווייטען ברעג דניעפּער האָט דער דאָזיגער רוף דערגרייכט. אַ הילכיג־ברומיגער און אויסגעצויגענער רוף פון אַ געזונטען, אומגעדולדיגען פּאַסאַזשיר. ווי פון אַ צוויי־טער וועלט האָט עס אָהער מונטער אַריינגעהילכט צווישען אַנשלען און זיין צוטשעפּעניש־גויעלע; איבערגעריסען פּלוצ־לינג אַלע אָנגעפּלאָנטערטע שפּינוועבס. אַנשעל האָט זיך אַ וויש געטאָן דעם פּנים מיט דער גאַנצער דלאָניע: האַ? וואו איז ער דאָס דאָ אין דער וועלט?

פון בודקע אויפן פּאַראָם איז אַרויסגעלאָפען אַנטאָשע מיט אַ פולען מויל ברויט און מיט אַן אָנגעצונדענער לאָמ־טערנע אין האַנט.

— כאַזיאַין! — האָט אַנטאָשע אַ רוף געטאָן מיט אַ פאַר־שטאָפּטען מויל — הוקאַיוטש! (באַלעבאָס, מען רופט!).

— איך געה! — האָט זיך אַנשעל גלייך אָפּגערופען און, ווי פון קייטען באַפרייט, אַ ריס געטאָן זיך פון זיין זיין אויפן עק קאַנאַט און אָהן „אַ גוטע נאַכט" צו זאָגען דעם מכלומרשט פריינטליכען גויעלע, אַ שפּרונג געטאָן אַרויף דער משופּעדיגער קלאָטקע. אין איילעניש האָט ער נאָך פּאָספּעיעט אָפּלאָזען ביידע פּעטליעס, וואָס האַלטען פעסט דעם פּאַראָם ביים ברעג, צוגעלאָפען צום קאַנאַט, אויף די טשעטשאָטקענע רעדלעך, און גענומען ציהען מיט אַלע כוחות. דער פּאַראָם

*) גיב אהער דעם פּאַראָם.

האָט זיך גלייך אָפּגעשפּאָלטען, פון דער טונקעלער קלאַטקע אין אַ נאָך-מעהר-טונקעלען וואַסערדיגען דריי-עק, געזוּמען שניידען זיך אין שטראָם מיט די צוויי שפּיציגע נעזער פון די אונטערשטע לייוועס. אַנטאָשע מיט דער אָנגעצונדענער לאַמטערנע אין האַנט האָט אָנגעקוקט זיין באַלעבאָס אַביסעלע פאַרוואונדערט, וואָס יענער האָט זיך ניט דערוואַרט ביז ער, אַנטאָן, וועט טאָן אַזאַ גראָבע מלאכה. דערזעהן לעבען זיך אַזוי נאָהענט זיין טרייען דינער, אַן אָנגעצונדען היימיש ליכ-טעל אונטערן גלאָז, איז אַנשעל אינגאַנצען געקומען צו זיך. ער האָט זיך באַזינט, אַז ער האָט דעם מאָדנעם גויעלע אַפּילו קיין גוט-נאַכט ניט געזאָגט, אַנטלאָפען פון איהם ווי פון אַ פורעניות. האָט ער זיך פאַרשעהמט פאַר זיין אינגעלשער שרע-קעדיגקייט, אומגעדרעהט זיך צום אָוועקגעשוואומענעם ברעג, געוואָלט צושרייען דעם אַלטען גויעלע אַ גוט וואָרט. דער-זעהט ער גאָר, אַנשעל, אַז דער אַלטיטשקער איז שוין מעהר אויפן זאַמדיגען ברעג ניטאַ, נאָר ער לויפט גיך-גיך, ווי אַ יאַשטשערקע, מיט דער שווערער טאָרבע אויפן פלייצע צום שליאַך, וועלכער שניידט זיך אַריין צווישען צוויי בערגלעך, אַ היבשען שטיק ווייט פון ברעג. און ניט קיין איינגעבויגע-נער איבער זיין שטעקען לויפט ער, נאָר אויסגעגלייכט, ווי אַ רירעוודיג פויגעל, אַ זעכציגער...

בלייבט אַנשעל שטעהן אַ פאַרגאַפטער. דער קאַנאַט גליטשט זיך איהם אַרויס פון די הענט און שטופּט איהם אָפּ פון זיך מיט זיין גאַנצער אימפּעדיגער קראַפט, גליטשענדיג זיך איבער די רעדלאַך. זיין אָרט פאַרנעמט אַנטאָשע און ציהט ווייטער.

— וואָס טוט זיך דאָ היינט? – שטוינט אַנשעל פאַראָמ-שציק הויך אויפן קול. אָקאָרשט האָט דאָך דאָס פויערל קוים-קוים געשלעפּט די לאַפּטיעלעך זיינע, אויסגעבויגען נצווען ווי אַן אַלטע קאָטשערע.

— אַנטאָשע! אפשר ווייסטו... אפשר קענסטו איהם, אָט יענעם דאָרטען, דעם אַלטיטשקען דיעד?

— אַ כּטאָ יעהאָ זנאַיעט, באַרין! — הויבט אָנטאָשע מיט די פליצעס — ווייזט אויס אַ וואָגלער, אַ באָהאָמאָליעץ אפשר...
— אַ וואָס? — צינדט זיך אָנשעל פלוצים אָן — אַ שע־נער באָהאָמאָליעץ! אַ מכשף זאָג איך דיר! אַ טפו זאָל ער ווערען! קיין גוטער מענש זאָל איהם ניט קענען!... וואָס גלאָצטו מיך אָן מיט דיינע קוקערס, וואָס? ציה, ציה, ציה! פערדישער קאָפּ איינער! ציה!

# יאַרילאָס קרבן

## 1.

אָנגעקומען איז דאָס איבער אַנשלען גאָר פּלוצלינג און פּונקט אַזוי אומגעריכט, ווי די פריהערדיגע זומער-כמאַרע, ווי די קורצע דונערען און בליצען, וועלכע האָבען איהם אַזוי אָנגעשראָקען. ער האָט שוין אין דעם פריהער געזעהען אַן אָנהויב פון דעם מכשפס נבואות, אַן אָנזאָג — אַז זיי הויבען אָן מקוים צו ווערען...

ווי יעדע גרויסע געשעהעניש האָט זיך דאָס אָנגעהויבען פון אַ קליינינקייט, פון גאָר אַ קליינינקייט:

ווען אַנשעל פאַראָמשציק האָט זיך שוין געהאַט אַביסעל בארוהיגט, דאַרף זיך גראָד זוסעל דעם מלמד פאַרוועלען צו פאַרגלעטען דעם שלעכטען איינדרוק, וואָס זיינע גמרא-תלמידים האָבען געמאַכט אויף די שענע אידען אַרום טיש, מיט זייער אַרויסגנבענען זיך פון שטוב בשעת דער קליינער סומאַטאָכע. סטייטש! אַזעלכע יונגאַטשעס! אַזוי מבייש זיין איהם און דעם כבוד פון דער תורה פאַר טאַטע-מאַמען אין די אויגען, אין רעכטען מיטען לעקאַך-און-בראַנפען! איז מילא, אין חדר, און אם-ירצה-השם באַלד נאָך שבת, וועט ער זיך שוין מיט זיי אָפּרעכענען אויף ד ע ר וועלט. אָבער ווי אַזוי טייטשט מען אויס אַזאַ שקאָצעריי, אַזאַ בושה און חרפה פאַר פרעמדע אידען. מענשען קענען דאָך באמת מיינען, אַז פאַר איהם,

דעם רבין זייערצן, האָבען די שענע תּלמידימלעך מורא ווי פאַר דעם פּאַראַיאָהריגען שניי... האָט ער זיך קודם-כּל צו-שמייכעלט מיט זיין זאַאיקען שמייכעל, וועלכער איז ביי איהם אַלעמאָל אַן הקדמה פאַר אַ ברייטען שמועס. עס הייסט: ער האָט אַ ציטער געטאָן מיט דער אויבערשטער ליפּ, דערנאָך מיטביידע ליפּען צוזאַמען; צעוויגט זיך און צעשאָקעלט די שיטערע וואָנסעס און אויפגעשפּאָלטען די פאַררויכערטע ציין. און באַלד האָט ער זיך צערעדט און צעזאַאיקעט און פאַר-שלאָגען אַלעמען דעם קאָפּ, מיט נסים ונפלאות פון זיינע טייערע תּלמידים: דאַכט זיך שקצים, אַ? יונגאַטשעס. קען מען דאָך מיינען ג...גאָט ווייסט וואָס. אָבער קינדער בלייבען קינ-דער! מיר זיינען ניט בעסער געוועזן, ווי? מען מ...מוז זאָ-גען... דעם אמת, מוז מען זאָגען, ק...קעפּ, איר הערט? ק...קעפּ-האָבען זיי אייזערנע. אָט, דאַכט זיך, ליאָנקע, ליאָנקע פּ... פּיסקליאָניק רופט מען איהם אין חדר. דאַכט זיך אַזאַ לאָקש! פרעגט ער ביי איהם ניט אַנומעלטען די אמתע קשיא? איני-מיטען ב...בלאַט גמרא. ער, זוסעל, איז פּשוט צעטומעלט גע וואָרען. און טרעפט וואו ער האָט דיזעלבע קשיא און תּירוץ געפונען? אין מרש"א האָט ער דאָס געפונען, מיט גאַנצע דרייסיג בלאַט ווייטער. איז דאָך אַ סימן, אַז ליאָנקע האָט עס אין די אויגען ניט געזעהן. איהר פאַרשטעהט אַ ח...חריפות? היינט נ...נעמט, למשל, משהקע-בוילע. זעהט, דאַכט זיך, אויס ווי אַ ביקעל. קען מען דאָך מיינען — גאָרנישט. אַ פאַרשטאָפּ-טע קאָפּ. נעמט ער גאָר מיט התמדה, נעמט ער. זעצט זיך אָן אויף אַ האַרבען שטיקעל גמרא און חזרט ביז ער ווייסט עס אויף אויסווענינ מיט... מיט... אַלע פּיצעלעך. היינט געה רופט איהם „בוילע"! אַ אידישער בוילע, עה? נו, פון פייווקע-אורים איז שוין אָפּגערעדט. אַ ב...בראַנד אַ יונג, אַ פייער, זאָג איך אייך. כאַטש, דאַכט זיך, אַ סטאַטיק. בבחינת האָגעל פון מצרים: כע-כע, אויבען אייז, שטיל, פיין, און אַ העלישער פייער ברענט אין האָגעל... אַזוי אין דרך-ארץ, אַזוי אין לערנען, אַזוי אין שטיפען, להבדיל. נאָר וו...וואָס

טויג אייך, אזא קעפעל ווי פייוועקע? קיין וואונדער ניט, נעמט אפילו זלמנקע-האָז. רעדט ווי א דרדקי-אינגעלע. רש״י איז ביי איהם „ראסי״ און פארהערט איהם אקאָרשט! א זכרון! חזרן חזרט ער קיינמאָל ניט. ער וועט אייך בעסער שפילען מיט קנעפלעך אונטערן טיש. געדענקט אָבער בעסער פאר אלעמען. אז מען פארגעסט עפעס איז ער דער אונטערזאָגער. וויפיל מאָל האָט ער ש...שוין געקראָגען מיט די „לאָקשען״ פאר אזא אונטערזאָגען? נאָר ס׳העלפט ניט...

ווי יעדער זאַאיקער האָט ער מאריך געווען, זוסעל דער מלמד, און ליב געהאט מאריך צו זיין. און שענע אידען ארום טיש האָבען דערזופט די לעצטע קעלישאָקעס, געצויגען ברעקלעך פון די בערד, מיט נחתדיגע באוועגונגען און מיט שיינענדיגע פנימער און געמאכט אן אָנשטעל, אז זיי גלויבען אין אלע נסים וואָס ר׳ זוסעל דערצעהלט זיי דאָ. זיי האָבען, אגב, פארדייט אצינד די גוטע פארבייסעכצען, מיט וועלכע באַשע די פאַראָמשציכע האָט זיי מכבד געווען, און קיין זאך ניט געוואָלט נעמען זיך צום הארצען. א פולען מאָגען זאָל גאָט אָפהיטען פון אויפרעגונג און צווייפעל! האָבען זיי זוסעלס רייד געלאָזט רינען איבער זיך, ווי א ווארימען שפרעירעגען. זאָל ער זיך רעדען געזונטערהייט.

און ווען דער מלמד איז שוין אזוי, פאַוואָליע, דערגאַנגען ביז צום אינגסטען און איידעלסטען פון זיין גמרא-כתה, צו אבאלע אנשעלס, צום מיטעלפונקט פון היינטיגען לעקאַך-און-בראַנפען, האָט א ווינטעלע אן אָטעם-געטאָן דורך דעם אָפענעם פענסטער און אריינגעמישט אין זוסעלס רייד א וויי-טען גערויש פון א מאַשין און א שטילען „פאַך-פאַך״ פון וויאָסלע-רעדער.

אַנשעלס בלויע אויגען זיינען גלייך געוואָרען אומרוהיג. די שוואַרצע וויעס האָבען גענומען פינטלען. קיינער פון זיינע געסט האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט. נאָר ער אליין האָט דערכאַפּט מיט איין אויער, אז א פּאַרעכאָד קומט אָן... ניט אויסגערוהט, ווי ער איז היינט געווען, נאָך דעם נעכטיגען

שמועס מיט דעם מאָדנעם גוי אויפן פּאַראָם און אָנגעשראָקען דורך דעם קורצען שטורעם, וואָס האָט זיך אָקאָרשט אַריבער־געטראָגען איבער זיין שטוב, האָט איהם אַצינד, דער ווייטער סאָפּען פון פּאַרעכאָד, געשווינדעלט דורך ר׳ זוסעלס זאַיקע־וואַטע רייד, ווי בליצען דורך פאַרמאַכטע לאָדען־שפּאַלטען...

האָט ר׳ זוסעל דער מלמד דערזעהן, אַז דער באַלעבאָס הערט זיך ניט מעהר צו צו די מעלות פון זיין אייגענעם זוהן. „יאָ, יאָ", מורמעלט אַנשעל פּאַראָמשציק, און ער קוקט גאָר צום אָפענעם פענסטער, האָט ער זיך צו איהם צוגערוקט נעהנטער און פריינטליך אָנגענומען פאַר אַ קנעפּעל:

– איהר הערט דאָך, – מאַכט צו איהם ר׳ זוסעל – איהר מיינט אפשר, ר׳ אַנשעל, כ׳וואָלט אַזוי פריה אָנגעהויבען גמרא מיט אייער אבאלען? נאָר איך כ...כאַפּ זיך דאָ פאַר פסח, אַז ער קוקט כלומרשט אין ת...ומש און הערט זיך גאָר צו ווי די עלטערע כתה חזרט איבער איהר בלאַט־גמרא. וו...וואוהין קוקסטו? זאָג איך. וואו האַלטסטו קאָפּ? זאָג איך. ק...קוק, זאָג איך אין „משפּטים" קוק! און וואָס רש"י מאַכט מכח קויפען אַ אידישען קנעכט... הערט ער מיך, מיינט איהר? בין איך איהם דאָך מכבד מיט... מיט אַ פּאַטש. אַ רבי מעג, אַ רבי! שווייגט ער. וויינט אפילו ניט און הערט זיך בגנבה צו וואָס די גמרא־אינגלעך לערנען. שריי איך דאָך שוין: ש...שייגאַץ! וואָס הערסטו זיך צו, וואָס? פּאַרשטעהסט דען עפּעס? ווערט ער רויט ווי אַ בוראַק, ווערט ער רויט... און... און... און –

## 2

דאָס סאָפּען פון פּאַרעכאָד דערהערט זיך נעהענטער און אַנשעל פּאַראָמשציק קוקט זיך אַרום ווי אַ געפאַנגענער. ער פּרובט זיך אַ ביסעלע אַ הויב־טאָן און דערפיהלט, אַז ער איז גאָר צוגעקייטעלט צו ר׳ זוסלען... ווייסט ער ניט וואָס ער זאָל דאָ טאָן. ער איז באַזאָרגט פאַרן קאַנאַט און ר׳ זוסלען

ווײל ער אויך ניט מבייש זײן. שפּיצט ער אָן בײדע אויערן, צי הערט מען ניט אַנטאָשעס לאַפּטיעס, ווי זיי טיאָפּען אַרויף צום קאָלוואָראָט אויפן הויכען בּרעג? נאָר עפּעס הערט מען זיי ניט. ער האָט צײט דער צרל, ימח שמו וזכרו! פּרעמדע הענט זײנען פאָרט ניט אײגענע!.. זיצט ער, אַנשעל, ווי אויף הײסע קויהלען, און די אויגען זײנען לויפען פון פענסטער צו פענסטער.

— מיר דאַכט זיך... הערט, הערט!.. — אַזוי וויל ער איבּערשלאָגען ר׳ זוסלען.

נאָר ר׳ זוסעל לאָזט זיך ניט. פעסט זיצט דעם באַלע־באָס קנעפּעל אין זײן מלמדישער האַנט. און ער אַליין קוקט אַזוי חניפהדיג־זיס ר׳ אַנשלען אין די אויגען אַרײן. ער לויבּט אבּאלען, אונטער די אויגען, און זאַאיקעט האָניגדיג:

— ז...זאָג איך צו אײער בכורל זאָג איך. טו זאָג־זשע שײגאַץ, זאָג איך: ש...שנים אוחזין בטלית, זאָג איך. ז...זה, זאָג איך, אומר: אני מצאתיה, זאָג איך...

— פּאַך — פּאָך! פּאַך — פּאָך! — אָטעמט שווער דער פּאַרעכאָד. אַצינד — ערגעצוו ניט ווײט הינטערן שטוב. און אַנשעל פּיהלט ווי אַ חיה־רעה גנבעט זיך צו זײן נײעם קאַנאַט. שפּרינגט ווײך און כיטרע און די זשעדנעקײט אָטעמט איהר פון גאָרגעל. נאָר דער פּאַרעכאָד פון דער גויעשקער „קאָמ־פּאַניע״ סאָפּעט אַזוי!..

קען זיך שוין דער פאַראָמשציק מעהר ניט באַהערשען, און, אומגעריכט פאַרן עולם אַרום טיש און פאַר זיך אַליין־גיט ער, אינמיטען „שנים אוחזין בטלית״, אַ רעווע צום אָפּע־נעם פענסטער:

— אַנטאָ—אָן!

בּלײבּען דאָך אַלע זיצען פאַרציטערטע פון אַזאַ פּלוצ־לינגען עם־הארצישען ברוּם. די גוטע פאַרדײאונג בײ די שענע אידען בּיים טיש איז געשטערט. ס׳איז קלאָר ווי דער טאָג,

אַז „אַנטאָן" פּאַסט זיך ניט אַהער. פון וואַנען האָט זיך דאָ אין מיטען־דרינען גענומען אַן „אַנטאָן"?

ר' אַנשעלס אויגען ווערען אָבער ווילד. אַנטאָן ענטפערט ניט! אַנשטאָט איהם גיט די חיה אַ טרובע אויפן דניעפּער:

— טו־טו־טו!

ס'איז אַ כלומרשטע וואָרנונג פון גויעשקען פאַרעכאָד. וואָרים אינדעראמתן ווילן גאָר ניט די שונאי־ישראל מען זאָל אָפּלאָזען דעם קאַנאַט, ס'איז נאָר פון יוצא וועגען. איבערהאַקען ווילען זיי איהם...

דערשראָקען פון דעם פאַראָמשציקס קוק מעהר ווי פון זיין קול, לאָזט איהם ר' זוסעל אָפּ דעם געפאַנגענעם קנאָפּ. און באַפרייט, ווי אַ בער פון אַ קייט אָפּגעריסען, שפּרינגט אַנשעל אויף, שטעלט זיך דיבאָם, לויפט צו מיט די נעוואָר־וועלטע שטיוואַלעס צום פענסטער און ברילט ניט מיט זיין קול:

— אַנטאָשע, מען טרובעט!

אַ ניט־דייטליכער בורטשען ענטפערט איהם אָפּ פון זאַמדיגען שטעגעלע, וואָס פיהרט אַרויף ברעג, פון פאַראָם צום קאָלוואָראָט.

— אַנטאָן!! — רעוועט אַנשעל און צאַפּעלט זיך פאַר כעס, ווי גרויס און געזעצט ער איז.

אַצינד ענטפערט איהם אַנטאָשעס קול ערגעצוואו אַ פאַרגאָסענער, אַ שיטערינקער קול:

— אידו יעטאָ... באַ־אַרין!*)

נאָר ר' זוסעל דער מלמד פאַרשטעהט נאָך ניט גאַנץ קלאָר וואָס פאַר אַ בהלה ס'איז דאָ פּלוצלינג אָנגעקומען אויף ר' אַנשלען. וואָס קאָכט ער זיך אַזוי, וואָס צאַפּעלט ער זיך?.. וואָס פאַרשטעהט אַ מלמד אין די ענינים פון פאַראָם און קאַנאַט! ער ווייסט נאָר, אַז ער האָט מיט עפּעס ניט יוצא־געווען פאַרן פאַראָמשציק, עפּעס איז מיט איהם דער עם־הארץ

---

*) אַט־אַ גערה איך, באַלעבאָס.

שטאַרק ניט צופרידען. שאַרט ער זיך צו צום פענסטער און האָט בדעה אָנצוגעמען דעם באַלעבאָס פאַרן אָפּגעלאָזענעם קנעפּעל, אַזוי גיך ווי ער וועט זיך אַביסעל באַרוהיגען. אַ קלוי־געטשקע מינע ציהט ער אויף זיך אָן און גיט אַ מאַך מיט איין האַנט בטולדיג. ס׳הייסט: „ניטאָ ר׳ אַנשעל וואָס צו קאָ־כען זיך!״... און מיט דער צווייטער האַנט ריהרט ער איהם אָן ביים אַרבעל:

— מה רעש, ר׳ אַנשעל!... איז הערט איהר דאָך! ט...טייטש זאָג איך צו אייער בחור, זאָג איך, זה, זאָג איך, אומר —

אָנשטאָט צו ענטפערען איהם גיט זיך גאָר אַנשעל אַ וואָרף און אַ דרעה־אויס צו ר׳ זוסלען, ווי אַ שלאַנג וואָלט איהם אַ ביס־געטאָן. ער בריהט איהם אָפּ מיט אַ מוראדיגען קוק פון אַ מענשען וואָס טרינקט זיך, אויף איינעם וואָס שטעהט דערביי און גלויבט ניט און טרייבט גאָר קאַטאָוועס.

איהר!... — גיט ער אויף איהם שאַרף און גראָב אַ גע־שריי — שלים —

ער פאַרענדיגט ניט דעם בייזען זידעל־וואָרט, אַנשעל פאַראָמשציק. ער פאַרשלינגט איהם אין אַ דערשטיקטען ברום פון אַ פאַרוואונדעטער חיה. איין פעטען שטיוועל וואַרפט ער דערביי אַרויף, ווי אַן אָנגעצויגענעם בויגען, אויפן פענסטער־שוועל און מיטן צווייטען באַשטיוועלטען פוס גיט ער ווילד אַ שפּרונג אונטער. ער פליהט אַזוי אַרויס ווי אַ פייל דורכן אָפענעם פענסטער און פאַרשווינדט פון ר׳ זוסעלס אויגען.

דער מלמד בלייבט שטעהן מיט אַן אָפּגעהאַנגענעם קיהן. אויף אַזאַ פלינקייט פון אַ בעל־גוף אַ אידען, ווי אַנשעל איז, האָט ער זיך אינגאַנצען ניט געריכט. איהם זעהט דאָס אויס עפּעס מעשה־קונדס... דרעהט ער זיך אויס, ר׳ זוסעל, צו די ניט־וועניגער פאַרוואונדערטע שענע אידען ביים טיש, און גיט אַ מאַך מיטביידע פלייצעס. ס׳הייסט: „איהר זעהט דאָך! אַן עם־הארץ בלייבט אַן עם־הארץ!״

## 3.

מיט איין בלאָנדזשענדיגען קוק פון זאַמדיגען בערגעל אַראָפּ, איז אַנשעל תופס די גאַנצע לאַגע: דער פאַרעכאָד לויפט מיט זיין פולען דאַמף. נאָר אַ וועלכע צעהן קלאַפּטער טיילען איהם אָפּ פונם ניט אָפּגעלאָזענעם קאַנאַט. אויפן סאַמע רויט-געפאַרבטען נאָז פון פאַרעכאָד שטעהט גרייט, ווי אַ יעגער, אַ געזונטער מאַטראָס מיט אַ ברייטער האַק און אויסגעשטרעקטען אָרעם. די האַק גלאַנצט מערדערליך אין דער זון און די ציינער ביים גויעשקען מאַטראָס גלאַנצען אויך. מיט צוזאַמענגערעדטער רשעות בליאַסקען זיי ביידע. צופרידען, אָפּנים, וואָס מ'האָט פאַרשפעטיגט אָפּלאָזען דעם זשידאָוושקען קאָלוואָראָט און אָט-אָט וועט מען דעם קאַנאַט איבערהאַקען, אין סאַמע מיטען, און אָנטאָן דעם אידען אַ רעכט ביסעל היזק... דער גויעשקער פאַרעכאָד קלערט גאָר ניט אָפּצוהאַלטען זיין אימפּעט, פאַרקלענערען דעם גאַנג. והא ראיה: לעבען דער הענטעלדיגער ראָד פון רודער שטעהט דער קאַפּיטאַן אליין, מיט זיינע גאָלדענע עפּאָלעטען און קאָקאַרדע און שטייפט אויפן סאַמע מיטען דניעפּער, אויף דעם דיקען אָדער פונם אידענס פרנסה שטורעמט ער. דער אַראָפּגעבויגענער קאָזיראָק פאַרשטעלט זיין טרפהנעם פנים. נאָר אַנשעל פיהלט, אַז ער שמייכעלט דאָרטען פונקט אַזוי רשעותדיג, ווי דער מאַטראָס אויפן נאָז פון פאַרעכאָד, צווישען די אַנקערס. אַ געהיימער פאָדים פאַרבינדט זיי ביידען...

דער פאַראָם שטעהט אַ צוגעבונדענער, הארט ביי דער משופּעדיגער קלאָטקע. גויים אויף אויסגעבעטע פוהרען און אידענעס מיט קאָשיקעס מאַכען אויף איהם דערשראָקען מיט די הענט. אַ טייל פון זיי לויפען צוריק אַראָפּ-קלאָטקע. און אויף דעם זאַמדיגען שטעג, וואָס פיהרט פון פאַראָם צום קאָלוואָראָט, דראָפּעט זיך אַנטאָשע מיט זיינע לאָפּטיעס צום הויכען ברעג, און בויטשעט, מחמת גרויס פלייסיגקייט, מיטן גרויסען קאָפּ...

ערשט אַצינד איז זיך דער פּאַראָמשציק משער, אַז זיין גוי איז שיכּור, אַז ער האָט זיך איבערגעטרונקען מיט די גרויסע קעלישאָקעס בראַנפּען, וואָס ער, אַנשעל אַליין, האָט איהם דערלאַנגט דורכן אָפּענעם פענסטער. געשפּילט זיך מיט דער פויערשער ניכטערקייט, פאַר וואַרמעס, און אָט! פאַרשפּילט זיך...

— פאַרלוירען דעם קאַנאַט! — גיט אַנשלען אַ בליץ אין צוהיצטען קאָפּ — דעם גוי איבערגעטרונקען און אַליין פאַרזאַמט זיך איבערן מלמד... אוי, אוי, אַן אומגליק... אויפן מכשפס קאָפּ!

די דאָזיגע פאַרצווייפלונג געדויערט נאָר איין קליינע רגעלע. און באַלד קומט אַנשעל צו זיך. אַ ניכטערער פינטעל פלאַמט איהם אויף אין צוטומעלטען מוח און פאַרוואַנדעלט זיך אין האַסטיגער עקשנות. ווי אָפּגעלאָזענער דאַמף אין אַ מאַשין, כאַפּט דאָס איהם אויף און טרייבט איהם אימפּעטיג, אַראָפּ בערגעל, צו דער מאַשינעריע מיטן קאָלוואַראָט, אונטערן שינדעל-דעכעל. שפּרינגענדיג, ווי אַ דערשראָקענער בער, מעסט ער פונדעסטוועגען אָפּ דעם געבליבענעם שטח צווישען קאַנאַט און צווישען דער גלאַנצענדיגער האַק; צווישען איהם, אַנשלען, און קאָלוואַראָט. דאָרטען — אַ וועלכע פינף קלאַפטער געבליבען און דאָ — אַ זיבען־אַכט... דאַרף מען, הייסט דאָס, פאַספּעצן גיכער ווי דער דאַמף!

ס'איז אַ קורצע רגע פון וועט-געלויף צווישען אַ מענשען מיט אָפענע אויגען און אַ בלינדער בייזער מאַשין; צווישען אַ ווילען פון בלוט און פלייש און אַ ברוטאַלער קראַפט... ווער וועמען וועט איבעריאָגען?

ווי אַ שוואַרצער וויכער טראָגט זיך אַנשעל, און דאָס סאָפּען פון פאַרעכאָד פאַרפאָלגט איהם, דאַכט זיך, ביי די פּיאַטעס. כאָטש יענער לויפט גאָר אונטען, אויפן וואַסער, און ער — דאָ אויבען אויפן זאַמד. פּאָך—פּאָך! אָטעמט גיך די מאַשין און אין אַנשעלס ברענענדיגע אויערען קלינגט עס עפּעס משונהדיג קאַפּויר: כאַפּ! כאַפּ! כאַפּ! פונקט ווי אַ

גרויס, ביין־לאַכענדע בעסטיע וואָלט זיך נאָך איהם געיאָגט:
„כאַפּ, כאַפּ, דעם אידליק! פאַרטומעל איהם! שנייד אי־
בער זיין פּרנסה! האַק איבער דעם קאַנאַט ווי אַן אָדער, אַז
דאָס גאַנצע בלוט זאָל אויסרינענען אין דניעפּער!..״ און כּדי
צו באַרעכטיגען איהר פאַרברעכען, גיט זי נאָכאַמאָל אַ טרובע.
צערעוועט זיך מיט אַ כּיון:

— טו–טו–טו!

ס'הייסט: זי האָט געוואָרענט אָפּצולאָזען דעם קאַנאַט
באַצייטענס... קיינער האָט זיך אָבער ניט אָפּגערופען. איז זי
ניט שולדיג.

אַנשעל פיהלט דאָס זעהר גוט, און זיינע אויסגעשמירטע,
פון שטויב גרוי־געוואָרענע, שטיוועל וואַרפען זיך אינדערלופ־
טען, ווי אונטערגעשאָסענע פליגלען צאַפּלען זיי זיך און פלאַ־
טערען אין זאַמד. און די רויטע, לאַכענדיגע, ווי מיט בלוט
אויסגעשמירטע וויאָסלע־רעדער פון פאַרעכאָד פּאַטשען זיך אין
וואַסער, רודערן זשעדנע אין שוים, ווי די פליגלען פון אַ רויב־
פיש נאָכן קרבן:

— פּאָך–פּאָך–פּאָך!

— אַי־אַי־אַי! — רייסט זיך אַרויס אַ וועה־געשריי פון
אַנשעלס קייכענדיגער ברוסט. ס'איז אַ געשריי פון טיפסטען
צער און שרעק. ער פיהלט שוין אַצינד, אַז סיי דער קאַנאַט,
סיי ער אַליין זיינען אין געפאַהר. נאָר אָפּהאַלטען זיין לויף
קען ער שוין ניט מעהר. ס'איז שטאַרקער פון איהם. דער
בייגער גייסט פון געלט טראָגט איהם אַצינד כּמעט געגען
אייזענעם ווילען. עס לאָזט איהם אפילו ניט מעהר אומקוקען
זיך, אָפּמעסטען דעם געבליבענעם קליינעם שטח מיטן אויג.
יעדער ציטער מיט די וויעס איז אַצינד טייער. ער פיהלט
נאָר מיט אַלע צוהיצטע חושים און מיט אַלע פאַרשוויצטע
אברים אַז... אָט־אָט־אָט!

פון הינטען דערגרייכט צו איהם נאָך באַשעס אַ געשריי:

— אַ–נשעל! צו ע... ע...

דעם סוף פון איהר געשריי הערט ער שוין ניט מעהר.

אין זיין אומענשליכען אימפעט צו ראטעווען זיין אייגענטום, זיין פרנסה, דעם הונדערט-רובעלדיגען קאנאט, וואס ער האט געלאזט מאכען צום ערשטען מאל נאכן טאטענס טויט, פאר-געסט ער איינגאנצען אויף זיך אליין. ער פאלט כמעט ארויף אויפן שווערען דעמבענעם הויבעל. מיט דער צאפעלדיגער לינ-קער האנט טשעפעט ער אפ דעם אייזערנעם צוויי-פודיגען גע-וויכט. און מיט דער רעכטער — כאפט ער אן דעם גוט-באַ-קאנטען אויסגעגלעטען און נאכגעביגען האלצערנעם ארעם און גיט א הויב.

ער דערהויבט אבער ניט... די גאנצע וועלט פאלט איין. ווי אזוי, א ?... אנשטאט דער פלייסיגער פויקעריי פון באפרייטע האלץ-ציינער, רעדער און וואלגער-העלצער מיטן האסטיגען שטיפערישען פליושק פון קאנאט אין וואסער, שפרינ-גען גאר אויף הימעל און ערד, איינער אקעגען אנדערען און מישען זיך צוזאמען אין איין מוטנעקייט. ווי פון א מוראדי-גען פאטש הויבען אן צו שיסען רויטע און גרינע פונקען פון די אויגען און גלאקען צוקלינגען זיך קורץ און שמערצ-ליך איןביידע אויערן. אינם גיהנום-געשווינדעל פון פונקען און גלעקער און עפעס א זודיגען שמוץ גיט א בליץ, ווי דורך א ברייטען שפאלט, דער אויסגעריסענער קאלוואראט. ביידע אקסען דרעהען זיך אצינד ניט שטעהענדיג, נאר לי-גענדיג... איין אקס איז רויט, גליהענדיג רויט, ווי דער נעכ-טיגער וואלקען-גולם מיט די פוסטע אויגען... פונם מערב-הימעל איז ער אראפגעפאלען... טררראך! און אט ברענען שוין איהם צופוסען צוויי געשאכטענע שיקסלעך...

— טפו, טפו! — מאכט אנשעל מיט א מוראדיגער שפלדיגקייט. ווי מיט א הייסער שעפעל שמוץ ליגט ער אפ-געגאסען צופוסען פונם זעלביגען אפגאט. צוזאמען מיט די שיקסלעך טוקט ער זיך אין בלוט. אבער אנשטאט אויסצו-שפייען, מאכען גאר די וויטאגדיגע ליפען „בול-בול" און א קלעפיגער און רויטער דיעגאכץ בלעזעלט זיך אויף זיי. וואס איז דאס פאר א דיעגאכץ? אך, יא!... פון דער שווארצער

קיילעכדיגער לאָך אין דער אונטערשטער קלאָץ, וואו די אַקס פון קאָלוואָראַט האָט זיך אַלעמאָל געטוקט אין פעטער סמאָלע, לויפט גאָר אַצינד אַ געדיכטע רויטקייט. זי שמעקט נאָך בראַנפּען, און שטיקלעך לעקאַך שווימען אין איהר... דער נעכטיגער גויעלע מיט דער פלאַקסענער באָרד, געדרעהט און צעשויבערט ווי אַן אַלטער צעוויקעלטער קאַנאַט, שפרינגט אַרויס פון אונטער דער קלאָץ, קוליעט זיך איבער. מיט די זשאַבע-אויגען נעמט ער איהם דורך, אַנשלען; און מיט דער פּאַסקודנער באָרד ווישט ער איהם די קלעפּיגע בלעזלעך פון די ליפּען, קיצעלט איהם אין האַלז און מאַכט: יאָריל — ריל — כי-כי, אַ?... און פון זיין יעדען ריהרעלע שיט זיך מיט שניידענדיגע וויטאָגען אין שאַרבען.

— קאַ-קאַ-קיי, — שטאַמפּעלט אַנשעל בלעזלענדיג. ער וויל זאָגען: קיין בעסערען קרבן פאַר דיין מיאוסען „יאַרילאָ“, ווי אַ אידישען פּאַראָמשציק, האָסטו זיך שוין ניט געקענט אויסזוכען?... נאָר אַרויסזאָגען דאָס קען ער ניט. דער גויעלע ווערגט איהם.

— באַ—אַש!... — שרייט-אויף אַנשעל מיט די לעצטע כחות. דאָס האָט ער געוואָלט אַ רוף-טאָן: „באַשע! טרייב אַוועק דעם גויעלע!“ און האָט ניט דעררופען. וואָרים אַלע פאַרבען און מאָסען ווערען מיטאַמאָל פלאַך און דין און שוואַרץ. אין דער ניט-ממשותדיגער פלאַכקייט בלייבט איבער נאָר איין קלעפּיג בלעזעלע אויפען מויל. „פּוק!“ מאַכט דאָס לעצטע בלעזעלע — און פּלאַצט.

## 4.

געשעהן איז דאָס, אויף וואָס די רשעותדיגע מאַנשאַפט פון פאַרעכאָד האָט זיך אַליין ניט געריכט.

דאָס ערשטע פּאָך-טאָן מיט דער ברייטער האַק האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס צו שוואַך אָקעגען דעם נייעם קאַנאַט. דער פויסט-דיקער, פריש-דורכגעפעכטער פענקענער זייל איז

אָפּגעשפּרונגען אונטער דער שטאָלענער שאַרף ווי אַ שווער־וואָגיגע אָנגעצויגענע ספּרוזשינע. נאָר איין דריטעל פון זיין בויגיגער מאַסיווקייט האָט זיך געלאָזען אָנהאַקען.

אַ שוואונג טאָן די האַק אַ צווייטען מאָל האָט שוין דער גויעשקער מאַטראָס ניט פאָספּעיעט. דער קאַפּיטאַן אַליין האָט זיך פאַררעכענט, פאַרפּלאָנטערט זיך אין זיין אייגענער רשעות. ער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז אַ זשידאָווסקער קאַנאַטעל וועט זיך אַזוי אַנטקעגנשטעלען אַ קריסטליכען שאַרפען אייזען. האָט ער דערפאַר ניט באַוויזען אָפּצושטעלען באַצייטענס דעם דאַמף. און מיט פולען אימפּעט איז דער שפּיץ נאָז פון פאַרעכאָד אָנגעלאָפען אויף דעם ניט־דערהאַקטען, פאַפּערעק־אָנגעצויגענעם פענקענעם צוים. אין סאַמע מיטען ברייט פון דניעפּער.

און אָט וואָס די פויערים און נאָסקע־טרעגער אויפן שטאָטישען דניעפּער־ברעג האָבען געזעהען מיט זייערע אייגענע אויגען:

פון שטורמישען שטויס אין קאַנאַט און דורך זיין מאויסדיגען שמיץ אויף צוריק איז, קודם־כל, דער פרעהליכער מאַטראָס, מיט דער האַק אין האַנט, אַראָפּגעשליידערט געוואָרען פון „נאָז” אין וואַסער אַריין. ווי אַן אַרבעסעל פון אַ קינדער־בויגען האָט דאָס איהם אַרויסגעשנעלט... און דער אָנגעשלאָגענער רויטער נאָז פון פאַרעכאָד גופא איז אויפגעשפּרונגען צוויי קלאַפטער הויך, אַזוי אַז דער גאַנצער פאָרענט פון פאַרעכאָד האָט זיך אויפגעשטעלט דיבאָם, ווי אַ טויט־דערשראָקענער פערד. אַלע פאַסאַזשירען, וועלכע האָבען זיך, בשעת־מעשה, געפונען אונטערן ווייסען, משופּעדיג־געוואָרענעם דאַך, זיינען מיט קולות און געוואַלדען אומגעפאַלען אויף הינטען, צוזאַמענגעקויקעלט זיך אין איין שרייענדיגער קופּע. דער קאַפּיטאַן אַליין מיט זיין שטורמאַן האָבען זיך אָפּגעריסען פון דער הענטעלדיגער ראָד ביים רודער און אויך אַוועקגעקויקעלט זיך אינם הויפען מענשען.

אָבער, ווי נאָר די פאַרריסענע נאָז פון פאַרעכאָד האָט

ווידער אַ פּאַל־געטאָן אין שטראָם, האָט זיך דער מוראדיגער שמיץ פון קאַנאַט אַריבערגעטראָגען פון אונטערשטען טייל פּאַרעכאָד איבער זיין לייכטען, בלעכערנעם דאַך. ווי אַ באַ־פליגעלטע ווערג־שלאַנג האָט זיך דער צעיושעטער קאַנאַט אַ וואָרף־געטאָן איבער דער גאַנצער לענג פון פּאַרעכאָד און דורכגעבראָכען, אומגעוואָרפען און אַראָפּגעשאַרט אַלץ וואָס איז איהם געשטאַנען אין וועג. אַלץ וואָס לייכט — איז ווי שפּענדלעך געפלויגען אין וואַסער, און וואָס שווער — האָט זיך אונטערטעניג איינגעבויגען, אָדער אומגעפאַלען. די לופט־רעהרען פון די קאַיוטעס, וועלכע טרעטען אַרויס איבערן דאַך, ווי ריזיגע בלאָז־אינסטרומענטען, האָבען זיך צוקרימט. די גומענע רעטונג־גאַרטלען זיינען געפלויגען ווי ווייסע בייגעל מיט שוואַרצע אויפשריפטען. נאָר דער שווערער רויך־קוימען האָט זיך קראַכענדיג אַראָפּגעבויגען און מיט איהם צוזאַמען — דער פּאַראָווער פייפער. עפּעס איז דאָרטען גלייך קאַליע געוואָרען אין פייפער, ווארים ער האָט אָנגעהויבען כריפּען און זשיפּען אָהן אויפהער, ווי אַן אַסטמע־קראַנקער. און באַלד נאָכן איינפאַלען פון קוימען האָט זיך, אונטערן בלעכערנעם דאַך, דערהערט אַ פרישער געוואַלד: „ראַטויטשאַ!" (ראַטעוועט). ס'האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזען, אַז געוואָיעט האָט דאָס ניט קיין אַנדערער, ווי דער קאַפּיטאַן מיט זיין אייגענעם כבוד. ער האָט זיך דער ערשטער אויפגעהויבען פון דער צוזאַמענגעפאַלענער קופּע פּאַסאַזשירען און אַ וואָרף געטאָן זיך צום אָפּגעלאָזטען רודער. האָט איהם דער קראַכענ־דיגער קוימען געטראָפען דעם ערשטען, פּאַרקלעמט אַ פוס. און דער קאַליע געוואָרענער פייפער האָט איהם אָפּגעשפּריצט מיט זודיגע וואַסער... אַ מאַטראָס האָט געמוזט איבערנעמען די קאָמאַנדע ביים רודער און אַרויסגעפירט דעם פּאַראוּמ־גליקטען פּאַרעכאָד אויפן מיטען טייך. ווארים דעם צוקאַליע־טשעטען קאַפּיטאַן האָט מען געמוזט אַראָפּטראָגען אין די קאַיוטעס.

אָבגעקאָסעט אַזוי אַלץ וואָס שטעקט אַרויס און שפּיצט

זיך איבערן דאַך, האָט נאָך דער צעוויגטער קאָנאָט אַ שמיץ געטאָן דעם משופּעדיגען הינטערטייל פון פּאַרעכאָד, אַ גליטש געטאָן זיך איבער די אָנגעצויגענע לייוונטען, וואָס באַשיצען דעם באַגאַזש, און, ווי מיט אַ מעסער, אָפּגעשניטען די פּלאַ-טערנדיגע רוסישע פאָהן אויפן ווייסען שטאַנג. און ווען דער פאַרשעהמטער צושונדענער פּאַרעכאָד איז, קוים מיטן לעבען, אַנטלאָפען פון דעם צובושעוועטען און פלינקען מזיק, האָט זיך נאָך דער זיגרייכער קאַנאַט געחיגט הינטער איהם, אַהין און צוריק, ווי אַ מוראדיגער אומרו. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ער רופט שפּאָטיש נאָך דעם אַנטלאָפענעם: „ווילסט אפשר נאָך?‟ און, וויגענדיג זיך אַזוי, האָט ער פּאַוואָליע גענומען אַראָפּזינקען אינמיטען דניעפּער. דאָס אַליין איז געווען אונגע-וועהנליך. ווארים אויב פאַלען פאַלט אַלעמאָל דער קאָנאָט מיט איין גיכען פליושק אין וואַסער אַריין...

מענשען, וואָס קענען די גאַנצע מאַשינעריע פון פּאַראָם, האָבען זיך אַצינד אומגעקוקט צום קאָלוואַראָט אונטערן דע-כעלע, אויפן הויכען ברעג, וואו דער קאָנאָט ווערט, בטבע, אָפּגעלאָזען. אינם ערשטען טומעל אויפן דניעפּער האָט מען אינגאַנצען פאַרגעסען אויפן פאַראָמשציק, וואָס איז אָקאָרשט געלאָפען וועט-געלויף מיטן גויעשקען פּאַרעכאָד, פאַר אַלע ברעג-לייט אין די אויגען.

באַשעס פלוצליכער געשריי האָט זיי אַלעמען אַ קעהר געטאָן פון אַנטרונענעם פּאַרעכאָד צו אַנשעלס רעזידענץ אויפן בערגעל. אין דער אָפענער טיר פון אַנשעלס הייזקע, עפּעס מאָדנע פאַרגליווערט, ווי פאַרטשעפּעט אָן שוועל, איז געשטאַ-נען די פּאַראָמשציכע. איהרע האָר זיינען געווען צופלאָשעט, איהרע ביידע אָרעמס אויסגעשטרעקט און מיטן ברייט-אויפגע-ריסענעם מויל האָט זי געשריען ווי אַ חיה:

— אָי! אָי! אָי! זעהט, ראַטעוו—עט!

ניט ווייט פון איהר, אין אָפענעם פענסטערל פון הייזקע, האָט זיך אַרויסגעשטופּט אַ גאַנצער הויפען אידישע קעפּ מיט לאַנגע בערד. זייערע אַלעמענס אויסגעלופּעטע אויגען האָבען

געשטאַרט, אין דערזעלבער ריכטונג, וואוהין באַשע האָט אויס־געשטרעקט איהרעביידע אָרעמס. הייסט דאָס, אַז זיי אַלע זעהען עפּעס פון בערגעל אַראָפּ... עפּעס גאָר שרעקלי־כעס זעהען זיי, וואָס האָט גאָרניט צו טאָן מיטן פאַראומגליק־טען פּאַרעכאָד.

האָט מען זיך פון אַלע זייטען אַ לאָז געטאָן צו דער הילצערנער מאַשינעריע, ניט ווייט פון אַנשעלס שטוב, וואוהין אַנטאָשע, דער גוי פון פּאַראָם, האָט זיך שוין פריהער אַרויפ־געקאַראַבקעט, מיט זיין שיכורען קאָפּ און מיט די „ניכטערע" לאַפּטיעס.

דאָס וואָס מ'האָט דאָ דערזעהן, אין שאָטען פון קיי־לעכדיגען שינדעל־דעכעלע, האָט שטאַר געמאַכט דאָס בלוט אין אַלעמענס אָדערען. פון שטויס, מיטן נאָז פון פּאַרעכאָד, איז דער מגושמדיגער קאָלוואָראָט אַרויסגעריסען געוואָרען פון זיינע גליטשיגע אַקסען־לעכער, נאָך איידער דער קאַנאַט האָט זיך גענומען אָפּוויקלען פון זיין רונדען קליאָפּקע־בויך...

אויסגעריסען האָט זיך דער קאָלוואָראָט, און אַנטקעגען איהם איז אויפגעשפרונגען דער שווערער דעמבענער הויבעל, וועלכען אַנשעל האָט נאָר באַוויזען אָפּצוטשעפּען פונם אייזער־נעם צוויי־פודיגען געוויכט. צווישען אַזעלכע צוויי קלעצער, ווי די אַרויסגעשפרונגענע אַקס פון קאָלוואַראָט און — הויבעל, האָט אַנשעלס אָרימע קאָפּ אַריינגעטראָפען, ווי אַ נוס צווישען האַמער און קאָוואַדלע. דער שטויס פון פּאַרעכאָד — דאָס איז געווען דער ריזיגער שמיד.

מיט מענשליכע געהירן און בלוט איז דער גראָבע קאָלוואָראָט געווען באַשפּריצט. ווי אַן אויסטערלישער ווילד־אויסגעהאַקטער אָפּגאָט פון מענשען־פרעסער האָט ער דאָ אַצינד געהויערט. זאַט און גרויזאַם מיאוס, מיט אַן אָנגעשוואָלענעם בויך, אַרומגעגאַרטעלט מיט פאַרבלוטיגטע שטריק. און לעבען איהם איז שטראַם געשטאַנען דער לאַפּיטוט זיינער, דער הויבעל. אַזוי ווי ער איז אויפגעשפרונגען נאָכן שטויס, אַזוי איז ער שטעהן געבליבען: דאַר און קרעפטיג ווי אַ תּלין פאַר־

טאַיעט-בייז און געהאָרכזאַם. גרייט, דאַכט זיך, אויסצופיהרען אַ צווייטען באַפעהל פון זיין אויסגעצויגענעם חערשער.

דער קרבן זייערער, אַנשעל פּאַראָמשציקס קערפּער, איז דאָ געלעגען אַ ביסעלע אָן אַ זייט. נאָכן טויטליכען קלאַפּ האָט ער נאָך, אַפּנים, געלעבט אַ פּאָר מינוט, געוואָרפען זיך.

אַ גבר אַ איד געווען! פון זיין געזונטען אָפּגעבּרענטען פּנים איז אָבער כמעט מעהר גאָרנישט געווען צו דערקענען. איין וואונד. איין קנויל פון בלוט און האָר. נאָר זיינע פּריש־געוואָרוועלטע שטיוועל האָבען, מיט זייערע פּאַרשטויבטע, טעמפּע נעזער, געקוקט אַרויף צום קיילעכדיגען דעכעלע אויף די סלופּעס. מיט אַ מין שטומער טענה האָבען זיי געקוקט צו דעם, וואָס זיצט אויבען:

— אָט, אויסגעשמירט לכבוד שבת! און וואָס?.. אומזיסט אויסגעשמירט.

# פענטע און זײַן נײַער ברויט־געבער

## 1

דעם זעלבען פרײַטאָג, אַ קורצע צײַט אײדער אַנשעל פּאַראָמשציק איז געהרגעט געוואָרען, האָט נאָך מאיר־פענטע גע־האַלטען אין רעכטען מיטען אָנבײַסען. ער האָט אַרײַנגעאכלט זײַן שוואַרצע זויערליכע „פּרעפּיצע" פון פּראָסטען ווײַצען־מעהל, מיט אַן ערב־שבתדיגען לונגען־געבראָטענס. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס טרײַנע זײַן פלוניתטע רופט איהם: לײַמענער גולם, האָלצערנע צורה, בלײַענער אינדיק וכדומה, נאָך אַזעלכע מיני קלאָגעדיגע צונעמענישען, איז פענטע, אין הלכות אכילה, גאָר ניט אַזאַ גולם ווי מען קען מײַנען. והא ראיה: ער האָט זעהר באַהאַוונט געריסען פון דער גרויסער פּרעפּיצע ווילדע, אָבער אַפּעטיטליכע שטיקער, און פּאַוואָליע געטונקט אין דער שוואַרץ־ברוינער לונגען־יויך, מיט אַ סך ציבעלע אײַנגעבראָטען. ס׳איז אַ וואָלוועלער אָבער געשמאַקער מאכל, וואָס אפילו אָרימעלײַט פאַרגינען זיך דאָס כמעט אַלע ערב־שבת צום אָנבײַסען. מיט אַ פרישער, פוכקער בולקע, אָדער מיט אַ פלאַכער פּרעפּיצע באַ־שמירט מיט קאָניפּליעס, פּאַסט זיך אַזאַ זאַפטיג געקעכץ גאָר אַן אַנטיק. אַזאַ אָנבײַסען גיט שוין דעם פּאָדער־געשמאַק פון די בײַנאַכטיגע געפילטע פיש און פון מאָרגענדיגער טשאָלענט.

פאַרטיפט אין דער טעלער מיט לונגען, האָט מאיר פענ־טע, ווי אַן אָקס בײַם טונקעלען זאַשיק, אַלע ווײַלע אויפגע־

הויבען זיין האַמעטנעם קאָפּ און בהמהש אומגעקוקט זיך. פון אונטער זיין פאַרשאַרט היטעלע, ניט קיין ווינטערדיגע ניט קיין זומערדיגע, נאָר סתם אַ האַלב-וואַטענע און אָהן אַ קאָזי-ראָק, האָבען איהם פון אַלע זייטען קאָפּ אַרויסגעשטעקט פּעק-לעך רויטליכע, ניט-געשוירענע האָר. אויף דער פּאַטילניצע אַ שטויביגער פּעקעל, און פּעקלעך – איבער שטערען און אויערען. זיינע בלויליכע אויגלעך האָבען אַצינד אַרויסגעשטראַהלט פון די ווייטאָגדיגע ברעמען מיט גרויס תענוג. אָבער זעהן האָט זיין בלאָנדזשענדיג קוקעלע קיינעם ניט געזעהן. ניט טריינען זיין ברוגזדיג ווייבעל, די סוחרטע פון ציגען-מילך; ניט די קינדער זיינע. אַצינד האָט ער געזעהן פאַר זיך נאָר אַ ברוטאַל-צעריסענע פּרעפּיצע און אַ הויפען, אין בלוט-און-ציבעלע, איינגעקאָכטע לונגען... די פרישע פּרעפּיצע האָט גליטשיג געקוויטשעט אונטער זיינע שטאַרקע ציין און די מגושמדיגע פינגער, וואָס האָבען איהם געדינט אַלס מעסער-גאָפּעל, האָט ער געקושט ווי אַ גר קושט ציצית.

נאָר עפּעס איינמאָל צוויי מאָל האָט זיין פּאַרפרעסען אויגעל יאָ דערכאַפּט אַ באַוועגונג... הינטער דער אָפענער פענסטער. דאָס האָט דער „קראַסאַוויעץ״, דער נייער פאַדלע-פערד זיינער, „שמענדריקעס״ יורש, געוואָרפען מיט זיין איינ-אויעריגען קאָפּ, כדי אַריינצוגרונטעווען זיך מיט דער דאַרער מאָרדע אין אונטערגעבונדענעם זעקעל סיעטשקע מיט האָבער, און צו דערגרייכען ביזקעל די שיריים. פּענטען האָט זיך אָבער אויסגעדוכט, אַז דאָס כראַבעט ער זיך גאָר, דער קראַסאַוויעץ זיינער; אַז דאָס ווינקט ער צו איהם: „זעהסט, באַלעבאָס, דו עסט וואָרימעס און איך אויך. עסען מיר זיך אַזוי ביידע!...״

אַזאַ חברותא ביי די פרייטאָגדיגע געציבעלטע לונגען האָט פּענטען פאַרדראָסען. וואָס גלייכט ער זיך עפּעס, אַזאַ פּאַדלע פון דאָרף, צו אַ אידען?... וואָס ווינקט ער איהם. דער שלימזל?

האָט פּענטע מפסיק געווען אינמיטען און אַ ברום

געטאָן אויפן פערד פון האַלז אַרויס, מיט זיין ווילדען לשון, ניט צודריקענדיג דערביי ציין און ליפען:

— עריצ–זע–מי–ני–כאָל–! רעס–א–דו–רעס!

ס'האָט געהייסען: „בריה זיך מיר ניט, כאָלערע! פרעס אַז דו פרעסט!

און אַ מאָדנע זאַך! די „כאָלערע" האָט איהם גלייך פאַרשטאַנען. אויפגעהערט צו וואַרפען מיטן קאָפּ, איינגאַנצען מיאוש געוועזן זיך פון דערכאַפּען די רעשטלעך סיעטשקע, און נעבליבען אַזוי שטעהן, דעם קאָפּ איינגענורעט אין טאָרבע און געטראַכט. ער האָט זיך, קענטיג, געוואָלט דערטראַכטען, דער פיר-פיסיגער פילאָזאָף, ביז וואַנענט ער וועט זיך אַזוי מוטשען אויף דער וועלט? צוליב וואָס ער לעבט און צוליב וועמען?... וכדומה, נאָך אַזעלכע פערדישע שאלות. מ'האָט איהם אָבער צו־לאַנג ניט געלאָזען טראַכטען. שטעך-פליגען האָבען זיך באַנוצט מיט זיין פאַרגליווערטקייט און גענומען איהם בייסען מיט פאַראייניגטע כחות. קיין גרויסען עק האָט נעבאַך פענטעס קראַסאַוויצע ניט געהאַט. דאָס וואָס איז איהם אַראָפּגעהאַנגען איבער די דאַרע ליטקעס האָט אויסגעזעהן ווי אַ פאַלשער אָפּגעטראָגענער צאָפּ. מיט אַזאַ עק קען אַ דאָרפּי-שער פערד געגען שקלאָווער פליגען קיין סך ניט אויפטאָן. בפרט — יענע האָבען נאָך דערשמעקט, אַז וואַרפען מיטן קאָפּ לאָזט דער באַלעבאָס אויך ניט... האָט דער „קראַסאַוויצע" געמוזט אויסשלאָגען מיט די הינטערשטע פיס, פאַבריקעווען, אויף איין אָרט, צווישען די האָלאָבליעס. פענטעס קלאָציגער און נידעריגער וועגעל האָט אָבער קיין צו־פרייע באַוועגונגען ניט ערלויבט. האָבען זיך די פאָדקעוועס אָפּגעקלאַפּט אָן דער פאָדערשטער אַקס, דאָס האָט פענטען נאָך מעהר צורייצט:

— כאָלע–! דו–טייס, צי דו טייס–ני–?... ס'הייסט: כאָלערע! דו שטעהסט, צי דו שטעהסט ניט?

און גיב נאָר אַ קוק! דער „קראַסאַוויצע" איז שוין אַזוי אָנגעשראָקען פון די „מענשליכע" פעטש, מיט וועלכע פענטע איז זיך נוהג מכבד צו זיין זיינע פיר-פיסיגע ברויט-געבער,

אַז ער האָט אויפגעהערט צו בריקען זיך, דאָס אויך; און גע־לאָזען די בייסיגע פליגען זיי זאָלען איהם צאַפּען דאָס אַלטע ניט־געזונטע בלוט פון די אָדערען. ער האָט נאָר פילאָזאָפיש געדרעהט מיט זיין איין־איינציגען אויער איבערן קאָפּ. קיין צווייטען אויער האָט ער, ברוך השם, ניט געהאַט. אַ וואָלף האָט דאָס איהם אַמאָל אָפּגעביסען אין ווינטערדיגען וואַלד, אין ווילדען אַנטלויפען פון טויט איז דאָס געשעהן... און ס'איז געווען איינע פון דעם פערדס מעלות, פאַר וואָס פּענטע האָט איהם, ווי אַלע מאָל, איינגעהאַנדעלט פאַר גאַנצע זיבען קאַרבען...

געברויכענדיג אַזוי, יאָהרענלאַנג, איין און דעמזעלבען אויער, צו האָרכען און נאָכצוהערקען, האָט איהם דער „קראַ־סאַוויעץ" געמוזט דאָפּעלט אָנשטרענגען. דערפאַר איז ער איהם לענגער געוואָרען ווי ביי אַ געוועהנליכען פערד, כמעט שטענ־דיג שטראַם געשטאַנען אויף דער פערדישער פאַטילניצע, און האָט איהם אין פראָפיל צוגעגעבען אַ לעגענדאַרישען אויסזעהן פון אַ חיה מיט איין האָרן.

דאָס דרעהן אַצינד מיט דעם דאָזיגען האָרן האָט געזאָלט באַדייטען:

„עט! אַביסעל מעהר פערדישע בלוט אין די אָדערען אָדער ווייניגער... אַבי פּענטע זאָל ניט זיין אין כעס..."

## 2.

מיט דעם לעצטען שטיקעל פּרעפּיצע האָט פּענטע, ווי מיט אַ שוואָם, קונציג אויסגעווישט דאָס רעשטעל שוואַרצע לונגען־יויך פון טעלער, אָפּגעקושט דעם גראָבען פינגער און, שלוקערצענדיג, אָפּגעבורטשעט זיין אין טשאַיניק־האַקענדיגען בענטשען, פון וועלכען קיין שום פאָרשער פון לשון־קודש וואָלט קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען. אָפּגעבענטשט — האָט זיך פּענטע אַ הויב געטאָן מיט זיין קלאָציגען גוף און אַ בורטש געטאָן ניט צום באַלקען, ניט צום ווייב:

— נאָ, כמו—זאָפּירען—שעשאָט—צו—ראָמשטשיק. אַ גוואַל— איפעל—דע—פּראָם עס—אויף שעשאָטקע!

מיט דעם האָט ער זיך, אייגענטליך, געוואָלט פּאַרענט־פערן פאַר טריינען זיין אשת־חיל, די שטאָלצע סוחרטע פון ציגען־מילך, אַז אומזיסט חס־ושלום האָט ער די פרישע פּרע־פיצע מיט לונגען־געקעכץ ניט געגעסען. אָט פּאָהרט ער אָפּ־פיהרען „טשעטשאָטקע" צו אַנשעל פּאַראָמשטשיק. ס'הייסט: אַ וואָרצעלדיגע האָלץ אַזאַ, וואָס איז נויטיג צו מאַכען רעדלאַך פּאַרן קאַנאַט... פאַר איינע הוצאות האָט ער זיך שוין אַ באַ־ריהם־געטאָן מיט זיין באַהאָווענטקייט אין סוחרישע ענינים: אַ געוואַלד, וויפיל דער פּאַראָם עסט־אויף טשעטשאָטקע!

נאָר פון זיין האַמעטנער באַריידעוודיגקייט איז גאָרנישט געוואָרען. טריינע האָט אויף איהם, זינט אַ פּאָר חדשים, גע־טראָגען אַ שווער האַרץ. האָט זי זיך אפילו ניט אומגעקוקט אַצינד אויף איהר כלומרשטען ברויט־געבער, אויפן באַהאַוועטען טשעטשאָטקע־פיהרער, און פאַר־זיך אַ בורטש געטאָן:

— פאַרצעדינער מיינער! ציגען קענסטו גנבענען!...

מאיר־פענטע האָט זיך שווער אַ קראַץ געטאָן אין די פעקלעך האָר אויף זיין פּאַטילניצע מיט דעם זעלבען האַלב־צעהנדליג פינגער, וואָס האָט איהם אָקאָרשט געדינט אַלס מעסער־גאָפּעל. ס'איז קלאָר ווי דער טאָג: זיין טיף־סוחרישע באַמערקונג, אַז דער פּאַראָם עסט־אויף אַ סך טשעטשאָטקע, האָט אויף טריינען קיין שום איינדרוק ניט געמאַכט, און אַלץ בלייבט ווי געוועזן. דער ברוגז האַלט אָן. און אויף איהר מעלקעדיגער ציג האָט זי נאָך ניט פאַרגעסען. פון סוף וויג־טער אָן קען זי גאָר ניט פאַרגעסען דאָס, וואָס איז געשעהן. זי דראַפּעט זיך ניט מעהר, וואַרפט ניט קיין פּאָקרישקעס אין קאָפּ, דערלאַנגט איהם שווייגענדיג דאָס עסען. און דוקא אָט די שווייגעדיגקייט, אָט די קאַלטע פאַרביסענקייט שרעקען מאיר פענטען און מאַכען איהם אָפּהענדיג. זיינע געניטע לאַפּעס הויבען זיך איהם ניט אויף צו כאַפּען דאָס ווייב, ווי מען כאַפּט אַ הוהן אין ווינקעל, פּאַרפּענטען זי, אַזוי ווי זיין

שטייגער איז, און אַריינוואַרפֿן זי אַ געבונדענע אין בעט, ביז זי וועט זיך באַרוהיגען און ניט „קריכען מעהר אין היזק“... אָט דאָס איז דאָך דאָס גאַנצע אומגליק וואָס זי איז רוהיג און „אין היזק“ קריכט זי ניט מעהר!

אָנגעהויבען האָט זיך דער גרויסער ברוגז נאָך ווינטער צייט, שבת־שירה פֿאַרנאַכט, ווען די קראָהען האָבען „שמענ־דריקעס“ פֿליישען אויסגעפּיקעט אויף יענער זייט אָזערע. דאָס אָפּגעלייזטע געלט פֿאַר שמענדריקֶס פֿעל, דריי רובעל מיט פֿערציג קאָפּיקעס, האָט דאָך פּענטע, באַלד נאָך ליכט־בענשען, באַהאַלטען אונטער טריינעס אַ שבתדיגען לייכטער, כּדי די מילך־סוחרטע זיינע זאָל דאָס ניט צונעמען און ניט אויס־ברייגגען אויף איהרע אָפּגעציגעלטע קאָזעס. אַ גאַנצען שבת־שירה איז דאָס געלט געווען זיכער ווי אין אַן אייזערנער קאַסטען. מאַן און ווייב האָבען זיך ניט דערוועגט אָנצוריהרען די שבת־לייכטער. טריינע האָט געמאַכט אַ פֿרומען פּיסקעלע. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז זי האָט אויף דעם געלט אינ־גאַנצען פֿאַרגעסען. אין דער אמתען האָט זי אָבער גוט גע־טשיקעוועט, געוואַרט, אַז מאיר זאָל אַוועקגעהן דאַווענען מעריב אין בית־מדרש... פּענטע האָט זיך אָבער ניט געריהרט פֿון אָרט. נאָכן כּמורנעם שלש־סעודות איז ער געבליבען זיצען אינדערהיים, אָפּגעוואַרט דעם ערשטען שטערען און גע־שטעלט זיך דאַווענען מעריב ביי זיך אינדערהיים. און אָט דאָ איז צווישען מאַן און ווייב פֿאָרגעקומען דער אמתער וועט־געלויף: ווער פֿון זיי ביידע וועט פֿריהער אַרויסבאַגליי־טען דעם שבת־קדש פֿון שטוב און צונעמען דאָס געלט פֿון אונטערן לייכטער. ווי נאָר מאיר פּענטע האָט זיך, מיטן פּנים צום מזרח־ווענטעל, געשטעלט שמונה־עשרה, האָט טריינע, זיין ריהרעוודיגע אשת־חיל, גענומען בראָקען דעם „גאָט פֿון אברהם און יצחק און יעקבן...“

האָט מאיר פּענטע אינמיטען שמונה־עשרה דערהערט ווי זיין ווייבעלע פּיפּסט מיטן שנעבעלע. איז איהם איינגע־פֿאַלען די דמים; ער האָט דערפֿיהלט, אַז דאָס מיינט מען

דאָס געלט אונטערן לייכטער: ער האָט איינגאַנצען פאַרגעסען, אַז אָהן זיין מעריב קען די אידענע אויך אויסקומען. קען אַרויסטרייבען דעם שבת איינע אַליין. האָט ער אַביסעל צו-שפּעט גענומען אונטעראיילען זיך, יאָגען די ברכות אין דער שטילער שמונה-עשרה באַרג-אַראָפּ. ער: „היפּ—היפּ" און „פּליפּ—פּליפּ" מיט דער שווערער שליימיגער צונג, און זי, טריינע, זיין אשת-חיל: „ציף—ציף" און ציפּ—ציפּ!", אַז ס'איז געגאַנגען אַ רויך...

נאָר וואָס פאַר אַ פאַרגלייך צווישען די מהירות פון טריינעס שנעבעלע און דאָס פּעכיגע עברי פון אַזאַ גולם ווי פּענטע איז! ער – אַ וואָרט, זי – פינף. שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס די ווייבערשע תפילה אַליין איז אַ סך קירצער און באַקוועמער אָפּצופּרעפּלען. נאָך איידער אונזער צעיאָגטער און פאַרסאָפּעטער מאיר פּענטע איז דערלאָפען ביז „ולמלשינים אל תהי תקוה", איז שוין טריינע פאַרטיג געוואָרען מיט איהר מוצאי-שבתדיגען געבעט, אַ דרעה געטאָן מיטן עק פון שבת-דיגען קליידעל, אַ ריב געטאָן אַ שוועבעלע, כדי ווייזען גאָט און מאירן, איהר מאַן, אַז ב״י א י ה ר איז שוין אומדער-וואַכען.

און ביי דעם שטעכעדיגען שיין פון שוועבעלע האָט פּענטע, צו זיין גרויסען שרעק, דערזעהן מיט זיינע אייגענע וויטאָגדיגע אויגלעך, אַז טריינעס לינקע הענטעל האָט אַ רוק געגעבען דעם שווערען מעשענעם לייכטער, פּונקט י ע נ ע ם לייכטער... און באַלד נאָכדעם איז די שוועבעלע אויסגעלאָשען געוואָרען.

ווען פּענטע איז, אין אַ רגע אַרום, אויסגעלאָפען... ניט אויסגעגאַנגען, נאָר אויסגעלאָפען שמונה-עשרה, אַ כּאַרפּריהיגען שפּיי-געטאָן אין „עלינו" און אַ וואָרף געטאָן זיך צום טיש, האָט ער אין דער טונקעלקייט אָנגעטאַפּט אַ ליידיגע טישטוך. אונטערביידע לייכטער – אַ ליידיגע טישטוך. די דריי רובעל מיט פערציג קאָפּיקעס זיינען ערגעץ־וואו פאַרשוואונדען געוואָ-רען. אַוועקגעפלויגען אין חשך אַריין... אין די פּאַלדען פון

טרײנעס קליידעל? אין אַ שפּאַלט פון וואַנט? אונטער אַ צוקאָפּענס? ווער קאָן דאָס וויסען? ביים אָנגעצונדענעם לעמפּעל האָט פּענטע, ברומענדיג, איבערגעטאַפּט אַלע קליידלעך פון ווייב, אויף איהר גופא און אויפן וואַנט. ער האָט איבערגעקעהרט אַלע בעבעכעס אין די בעטען, געשאַרט מיט אַ שטעקען אונטערן אַלמער, אויף די פּאָליצעס גענישטערט. אַן אומזיסטע טרחה! דאָס אָפּגעלייזטע געלט איז ווי אין וואַסער אַריין. אויף אַלע סטראַשונקעס, אויף זיין פּאָכען מיטן קולאַק און מיטן גאַרטעל, אַז אָט-אָ געהט ער זי פאַרפּענטען, האָט ער געקראָגען נאָר איין טונקעלע תשובה:

— אַז עס וועט האַלטען ביי קויפען אַ פערד, וועסטו וויסען... פריהער — אַ מכה!

## 3.

מיט עטליכע טעג שפּעטער, ווען טרײנעס אָפּגעציגעלטע קאָזעס האָבען געגומען צוגעשמאַק מעלה-גרה זיין, האָט פּענטע ביי דער שוואַרצער קאָזע, אויף איהר באָרד, געפונען סימנים פון קלייען. מיט זיין גלייכען שכל האָט ער תיכף פאַרשטאַנען, אַז די ציגען עסען קעסט אויף ז יי ן חשבון, אויף דעם געלט פון אונטערן שבתדיגען לייכטער. האָט ער ווייטער גענומען קעהרען וועלטען און נישטערען אין אַלע ווינקעלעך. דאָס מאָל האָט איהם גאָט געהאָלפען און ער האָט דאָס געלט געפונען. און אדרבא, טרעפט וואו?... מען זאָל זיין מיט צעהן קעפּ, וואָלט מען עס אויך ניט טרעפען. און דוקא פּענטע, מיט זיין איין-איינציגען קאָפּ פון אַ גולם, האָט יאָ געטראָפען. ער האָט דאָס ענטדעקט אונטער אַן איבערגעקעהרטער בלעכענער פּענדעלע אויף דער וואַנט, אָנגעהאַנגען ביים אויערעל, אויף אַ טשוואָק. אָט וואָס די אידענע איז קאַפּאַבל צוצוקלעהרען! אַ הויפען בלוטיג געלט באַהאַלטען אין אַ פּענדעלע... פון די דריי רובעל מיט פערציג קאָפּיקעס האָבען אָבער אַצינד געפעהלט גאַנצע אַכציג. אָפּנים אויף קלייען פאַר

די קאָזעס אויסגעבראַכט. אַזאַ פאַרשווענדונג פון זיין מילך־סוחרטע האָט פּענטען אריינגעבראַכט אין מוראדיגען גרימצאָרן. און פאַרשוואָרען האָט ער זיך, אויף דער ווייבס ציגען, צו נעמען פון זיי נקמה און אויפשטעלען דעם כבוד און דעם נאָכפאָלגער פון זיין געשוגדענעם פערדעל אויף ז יי ע ר לייב און לעבען...

האָט ער זיך פאַרטאַיעט, פּענטע, געמאַכט זיך, אַז אויף די אכציג קאָפּיקעס האָט ער שוין אינגאַנצען מוחל־געווען; און אין דער אמתען אויסגעקוקט אויף אַ שעהלע, ווען טרייַנע טראָגט פאַנאַנדער ציגען־מילך פאַר איהרע דעריגע קונדען. פּענטע האָט זיך דאַן שטיל אריינגעמאַכט אין דעם ווייבס שטעלכעלע, אָפּגעלאָזען דעם פינף־אַרשינענעם גאַרטעל פון די לענדען און געבונדען די שוואַרצע ציג, די גרעסטע און די בעסטע מילך־געבערין. איהרע אַ היינטיגע־ווינטער־געבוירענע, ציגעלע — אַ „האָדולקע״, וואָס טראָגט אַ צוימעל אין מויל, כדי זי זאָל ניט זויגען, האָט ער אויך געבונדען, מיט איהר מאַמען אינאיינעם און מיטן זעלבען גאַרטעל. אַזוי האָט ער זיי ביידען אַוועקגעטראָגען אויף דער קלאָציגער פּלייצע און פאַרקויפט פאַר פיר מיט אַ האַלב רובעל; מוטער און קינד אויף באַלדיגער שחיטה. ער האָט אָפּילו אָפּגעוואַרט ביז מ׳האָט דער ווייבס ציגען געקוילעט פאַר איהם אין די אויגען הינ־טער די יאַטקעס. וואָרים בייטאָג איז דאָס קוילער־שטוב, הינ־טערן שטאָט, געשלאָסען. און אַ „בהמה־דקה״ *) ערלויבט מען זיך צו שעכטען דאָ אויפן אָרט; אויף צו להכעיס דעם נייעם פּריסטאַוו מיט זיינע זאַקאָנעס...

פאַרשפּריצט פון ציגענע בלוט, זאַט מיט נקמה און מיט זיבען רובעל און צעהן קאָפּיקעס אין קעשענע, האָט זיך פּענ־טע אַוועקגעלאָזט מיטן שליאַך, וואָס פיהרט איבערן „אונטער־באַרג״, צווישען דניעפּער און אָזערע. טיאָפּ־טיאָפּ מיט די שטי־וואַלעס, ביז ער איז אַזוי אָנגעקומען אין מאַקאַראָווקע, אויף אַ דאָרפישען יאַריד, פאַר פּאַסכע.

*) קליינע בהמות

פון מאַקאַראָווקע קיין שקלאָוו איז שוין מאיר-פּענכע אָנגעקומען צוריק רייטענדיג אויף זיין איינגעהאַנדעלטען „קראַסאַוויעץ". איין אויער האָט טאַקע דעם פערד געפעהלט און כמעט דער גאַנצער עק; איינגעפאַלענע באַקעס האָט ער אויך געהאַט. דערפאַר, אָבער, האָט ער אינגאַנצען געקאָסט זיבען קאַרבען. פּענטעס אייביגע זיבען קאַרבען... וואָרים העכער פון דעם האָט ער קיינמאָל, זינט ער לעבט, פאַר אַ פערד ניט באַצאָהלט. און אַ גריוונעצקע אויף „כאַרטש" איז איהם נאָך דאָס מאָל געבליבען אין קעשענע. דאָס רעשט פון אונטערן לייכטער און פון די פּאַרקויפטע ציגעלעך האָבען אויף ביידע זאַכען געקלעקט.

אויפן גאַניק פון אַפּטייק, ביים סאַמע אַריינפאָהר אין מאַרק איז געשטאַנען דאָס אַפּטייק-העלפערעל גראַד דאַמאָלסט, ווען פּענטע איז אָנגעריטען אויף זיין נייעם אָדלער. ס'איז שוין געווען פאַרנאַכטליך, און אויפן רויטליכען גרונט פון אָדר-הימעל האָט איהם דער טונקעל-גרויער פערד, מיט איין אויסגעשטרעקטען אויער אויפן קאָפּ, אויסגעזעהן ווי אַ פאַנטאַסטישע חיה מיט איין האָרן, פון וועלכער ער האָט ערגעץ-וואו געלייענט. אין וועלכען בוך? דאָס האָט ער זיך ניט געקענט דערמאָנען. פּענטע מיט זיין קלאָציגען גוף האָט איהם אויך אויסגעזעהן פאַרסודעט. אַרויפגעכאַפּט זיך, ווי אַ האַלבער „קענטאַוור" *), אויפן רוקען פון דער חיה, און אָנגעקומען פון אַ פרעמדער וועלט. ערשט מאָרגען בייטאָג, ווען ער האָט די זעלבע חיה דערזעהן איינגעשפּאַנט אין פּענטעס וועגעל, אינמיטען העל-באַלויכטענעם מאַרק, ערשט דעמאָלסט האָט ער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, דאָס אַפּטייקערעל...

פּענטע גופא איז אין יענעם אָוונט אַראָפּגעשטיגען פון זיין געהיימניספולען פערד האַרט פאַר דער טיר פון זיין הייזקע. דעם אָפּגעבונדענעם גאַרטעל אָנגעגרייט אין האַנט. ער איז געווען זיכער, אַז זיין ריהרעוודיג ווייבעלע וועט זיך איהם

*) אַ מענש-פערד.

גלייך אַ וואָרף טאָן אין פּנים און אָנהויבן קוויטשען און דראַפּען זיך, פאַר דער שוואַרצער מעלקעדיקער ציג, וואָס ער האָט פאַרקויפט. אויב יאָ — וועט ער זי, מיט גאָטס הילף, און אָהן שום שהיות פאַרפּענטען און אַריינוואַרפן אין בעט, ביז זי וועט זיך באַרוהיגען. ער האָט אָבער דאָס מאָל ניט געטראָפן. טריינע האָט נאָר געשוויגען, ניט געענטפערט אויף זיין גוט-נאָוונט. דערלאַנגט חעטשערע און קיין וואָרט ניט גערעדט. דאָס האָט פּענטען געשראָקן מעהר ווי קולות-געוואַלדען, מעהר ווי וואַרפען איהם ליימענע פּאָקרישקעס אין ליימענעם קאָפּ.

זינט דעם איז צווישען זיי אַוועק אַ שטומער ברוגז. ס'הייסט פּענטע האָט יאָ געבאַלאַבאָטשעט, פאַרענטפערט זיך, אַמאָל אין וואָך, אויף דער באַגאַנגענער עוולה. אָבער טריינע האָט ניט געענטפערט. איהר ציגענע מילך-ווירטשאַפט האָט זי טאַקע פאַרקלענערט, אָבער באַקלאָגט האָט זי זיך אויך ניט. און אַז פּענטע האָט גענומען צושטעהן צו איהר, האָט זי איהם גיפטיג-שאַרף, ווי אַן אָנגעצונדענע שוועבעלע, געגעבען צו פאַרשטעהן:

— פּרעסען—פּרעס! נאָר אין מקוה געה איך ניט...

— עס—ני—געֹ? — האָט פּענטע אויפגעעפענט זיין גילמשען מויל. — וואָס—הייס—ני—געֹ?

טריינע האָט ניט געענטפערט.

— ביז—וואַן—סטוֹ—ני—געֹ? (ביז ווּאַנען וועסטו ניט געהן?).

— ביז דו וועסט מיר ניט אָפּקויפען מיינע ציגען.

אַזוי האָט טריינע געפּסקענט.

אַ שעהנע מעשה! געה שפּאַר-אָפּ פון די גרויסע פּרנסות מיטן „קראַסאַוויצע" אויף אַ מעלקעדיגער ציג מיט אַ ציגעלע. ער האָט אָבער מיט טריינען גאָרנישט ניט געקענט מאַכען. שווער אַזאַ סלופּ, ווי פּענטע איז, נאָכצולויפען אַ בייזע קאַץ; קריכען נאָך איהר אויף די זומערדיגע דעכער.

— קכי—ררש—סס! — זידט טריינע. און פּענטע קראַצט זיך אין פּאַטילניצע.

## 4.

דער קורצער וואָרימער רעגען, וועלכער איז היינטיקגען פרייטאָג, נאָך וואָרימעס, אַרויסגעפּאַלען, מיט די ערשטע זומערדיגע דונערען און בליצען, האָט פּענטעס פערד און וועגעל אָפּגעפּליוכעט, ווי מיט אַ פעסעל וואַסער. פון איבער־ראַשונג האָט אַזש דער „קראַסאַוויעץ" איינגעבויגען זיין „האָרן", צוגעדעקט איין ליטקע מיט זיין אָפּגעשמיסענעם הושענא־עק און געבליבען אַזוי שטעהן. עס האָט פון איהם געדונען, ווי פון אַן אַלטער רעשעטע. נאָר פּענטע האָט זיך ווייניג וואָס געזאָרגט, טאָמער וועט זיך דער פערד פּאַרקיהלען. ער איז אָפילו ניט אַרויסגעלאָפען צו־צודעקען איהם מיט אַ זאַק. ביז דער רעגען איז איינגאַנצען ניט אַריבער, האָט זיך פּענטע ניט געריהרט פון אָרט. נישקשה! אַ פערד פּאַר זיבען רובעל מעג זיך געוואוינען! פיר רובעל פּאַר דער פעל וועט ער אַלעמאָל אָפּנעמען... פּאַר זיין סחורה אין וועגעל האָט פּענטע אויך ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבען. טשעטשאָטקע־העלצער ווערען פון וואַסער ניט קאַליע. אַ פייער וועט זיי אויך אַזוי לייכט ניט נעמען.

און ווען ער האָט מיט מזל אַ שמיץ געטאָן דעם „קראַ־סאַוויעץ", און די נים־געשמירטע רעדער האָבען זיך געריהרט פון אָרט, איז שוין געוואָרען אַ זייגער צוויי.

ניטאָ קיין מכה אָהן אַ רפואָה. און צוויי גוטע פּעולות האָט דער רעגען געהאַט אויף זיין געשפּאַן. ערשטענס, האָט ער פּאַריאָגט די פליגען פונם פערדס רוקען און נאָזלעכער; און צווייטענס, האָט ער גוט אָפּגענעצט די נים־געדיעגאַכצטע אַקסען פון זיין נידעריגען וועגעל. האָבען די מאַסיווע, נים־גלייכע רעדער ניט אַזוי מאוימדיג געשריען ביי דעם ערשטען אַרויספאָהר, אונטער אַזאַ ניט־געוועהנליכער משא, ווי בוימער־וואָרצלען. אָבער אָפּפאָהרענדיג אַ הונדערט קלאַפטער, האָבען זיך די אַקסען דערוואָרימט, און די רעדער האָבען זיך מורא־דיג צעשריען און צעגרילצט און צעקוויטשעט, אַזוי, אַז דער

פערד האָט אַ צעטומעלטער גענומען דרייען מיט זיין איינ־איינציגען אויער, און פענטע האָט, שילטענדיג, געכאַפּט נעצען די אַקסען פון די בלאָטקעלעך אין גאַס. און שקלאָווער באַלעבאַטים־ליידיגגעהער, וואָס כאַפּען אַ דרימעל נאָכן פריי־טאָגדיגען אָנבייסען, האָבען מיט זויערע אויגען באַגלייט פענטעס מאַרשרוט, פאַרביי די שטיבער; באַגלייט און נאָכגע־שאָלטען:

— אַ—אַ נכפּי אויף דעם ליימענעם גולם! נייע מיני סחורות — אויסגעקראַצט...

אויף פענטעס וועגעל זיינען, דאָס מאָל, באמת, געווען אָנגעלאָדען עפּעס גאָר מאָדנע אַנטיקען. עס האָבען זיך אויף איהם געטורעמט טשיקאַווע פאַרזעהענישען. משוגהדיגע שוואַרץ־ברוינע פּיסקעס מיט קעצישע וואָנצעס. פאַרדרעהטע לאַפּעס און האַרטע מאָרדעס מיט גרויסע, האָריגע בראָדעווקעס. מורא־דיגע פּויסטען האָלציג־פאַרקלעמטע, מיט אַרויסגעשטעקטע „פייגען". ריזיגע קעפּ פון היישעריקען. בלינדע שנויצען פון חיות פאַרן מבול, מיט הערנער אָנשטאָט אויגען. און דאָס אַלץ איז געלעגען שווער־פאַרקראַמפּט און פאַרפלאָנטערט איינס אין צווייטען.

ניט אַלע אומצופרידענע באַלעבאַטים האָבען אָבער גע־וואוסט, אַז דאָס איז די טשעטשאָטקע — אויסגעגראָבענע וואָרצלען פון מיני וואַלד־בוימער, וואָס זיצען טיף אין דער ערד, ווי די רויע שטיקער אייזען, און זיינען אַזוי שווער און דויערהאַפט ווי אייזען. און, ברעכענדיג שטאָל־אינסטרומענטען און העק, ווערט פון די דאָזיגע וואָרצלען געטאָקט און גע־שניצט כלערליי רעדלעך און וואַלגערהעלצער, פאַר לייוועס און בערלינעס, פאַר קאַנאַטען און אַנקערס; דאָרטען, וואו געוועהנליכע העלצער ווערט גיך אָפּגענוצט און אייזען ווערט פאַרזשאַווערט.

מ'האָט נאָר קלאָר געזעהן, אַז קיין געוועהנליכע קלעצער זיינען דאָס ניט, און אַז קיין געוועהנליכע וואָג פון האָלץ האָבען זיי אויך ניט, אָט־די ערדיגע פאַרזעהענישען. אָט־די

אויסגעגראָבענע אָדערען פון געוועזענע ביימער. נאָך אַצינד, אָפּגעשטאָרבענע, טרייסלען זיי זיך אין פּענטעס וועגעל פאַר-דרעהט און פאַרעקשנט אין זיך אַליין. און זייערע טאָפּ-הער-נער גליווערן קרום און זשעדנע, פונקט ווי זיי האַלטען נאָך אַרומגענומען גרויסע פייכטע שטיקער ערד, ערגעץ-וואו אין די טיפענישען פון וואַלד.

אונטער זייער לאַסט האָט דאָס פּענטעס פויעריש וועגעל אַזוי געשריגן און דער „קראַסאַוויעץ" זיינער איז פון דער הויט געקראָכען; געמאַכט לאַנגע טריט און קורצע קניע. האָט ז'ך עס אָנגעזעהן ווי אויסטערלישע קריכענדיגע באַוועגונגען פון אַ גרויסער קאַץ איבער דער נאַסער גאַס. אַזוי האָט ער נעבאַך אָפּגעדינט פאַר דאָס ביסעל סיעטשקע, וואָס ער האָט, גיט זאַט צו ווערען, אָקאָרשט געגעסען פון דער צו-טיפער טאָרבע.

און פּענטע אַליין, אַן אויסגערוהטער, אַן אָנגעשטאָפּטער מיט פּרעפּיצע און געקאָכטע לונגען, געהט נאָך ביים זייט פון וועגעל, ביידע הענט און בייטש-שטעקעל פאַרוואָרפען אויפן ברייטען הינטען. מעשה-באַלעבאָס נאָך וואַרימעס שפּרייזט ער נאָך. און זאָל עס איהם אַפילו אַרען, וואָס זיין נייער ברויט-געבער מוטשעט זיך אַזוי. „ניאָ! ניאָ! כאָלעדנע פּאַדל!" (כאָלערעדיגע פּאַדלע) — ברומט ער נאָר אויף, אָפּגעצענדיג די אָקסען מיט וואַסער פון בלאָטע. און דער ליימענער קאָפּ קלערט גאָר פון טריינעס איינגעשפּאַרטקייט. ווי לאַנג קען דאָס אַזוי דויערען?

– עס, קלערט ער, זי ט'שוין בעסער ווערען!

אָבער זעהר זיכער איז ער ניט... פון קלעמעניש גיט ער אַ פּיק דעם ברויטגעבער זיינעם מיטן בייטש-שטעקעל אינ-מיטען איינגעפאַלענעם בויך:

— גע־כאָל־אַ־דו־געיס! ס'הייסט: געה, כאָלערע, אַז דו געהסט!

# פאַלאַהייקע

## 1.

שוין פאַרקערעווענדיג זיך מיטן קראַסאַוויצע צום דניעפּער און דערזעהענדיג פון דערווייטענס דעם פאַראַמשציקס הייזעל, האָט מאיר פענטע, גאָר אומגעריכט, אָנגעשטויסען זיך אָן פאַלאַהייקען — די געוועזענע וואַסער-טרעגערין צווישען אידישע באַלעבאָסטעס ביים ברעג אָזערע.

אָנגעשפּאַרט מיטן רוקען אָן אַ צוים פון אַ קרויט-גאָרטען און מיטביידע הענט געהאַלטען זיך אָן איהר קאָראָמיסעל, אַזוי איז זי אַ ניט-ניכטערע געשטאַנען און אַ קאַפּעלע געשאָקעלט זיך. זי איז געוועזען באָרוועס און איהר צעפליקטע קליידעל און פאַרטוך האָבען זיך איהר, נאַסע פון רעגען, געקלעפּט אין פאַרמאָרעטען לייב. דאָס געזיכט איז ביי איהר געווען רויט ווי ציגעל און די אויגען האָבען שוין לאַנג פאַרלוירען יעדען אויסדרוק. דער אַלטער קאָראָמיסעל, אָט דער זעלבער, מיט וועלכען כוועדער – איהר געזעצליכער מאַן — האָט זי אַזוי געשמאַק געשלאָגען אין ווינטער, איז געווען אַלץ, וואָס ס׳איז איהר איבערגעבליבען פון איהר גאַנצער קאַריערע, אַלס אַן איינגעפונדעוועטע וואַסערטרעגערין אין אידישע הייזער. אָן דעם זעלבען קאָראָמיסעל האָט זי זיך דאָס אַצינד אָנגעהאַלטען, אָפּגעגאָסען פון רעגען, ווי אָן אַ רעטונג-האָלץ בשעת טרינקען זיך, ווי אַן דעם לעצטען זכר פון אַ גליקליך לעבען

מיט כוועדערן, דאַמאָלסט... ווען זי האָט נאָך געגעסן ווייסע חלה ביים אָראָפּנעמען לייכטער פון שבתדיקע טישען, און פעטע שיריים פון טשאָלענט נאָך ווארימעס...

פענטע האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און באַטראַכט די גויה ביים צוים. זינט אַ געוויסער צייט האָט ער עפּעס געפיהלט אַ מאָדנע רחמנות צו פּאַלאַהייקען. ניט דערפאַר, חס ושלום, וואָס ער האָט געטראָגען אַ בייז-האַרץ אויף טריינען זיין ווייב, פאַר איהר האַרטקייט און אָפּזונדערען זיך פון איהם, נאָר דערפאַר, ווייל כמעט איין שלימזל האָט אַצינד פאַרבונ-דען איהם און די גויעשע וואַסערטרעגערין. די פעלער פון שמענדריקען און פון כוועדערס הינקעדיגער קליאַטשע, וועלכע יאָקע האָט אָפּגעשונדען אין שבט, ערב שבת-שירה, האָט פאַר איהם, אַזוי ווי פאַר פּאַלאַהייקען, געהאַט איין בייזען פועל-יוצא. די זעלבע תוכחה האָט זיך אויסגעגאָסען אויף זייערע ביידענס קעפּ. די רוחות פון די „געשונדענע” האָבען זיך פשוט אָנגעזעצט אויף זייערע אַמאָליגע באַלעבאַטים: אָפּגעקעהרט טריינעס האַרץ פון פענטען, און כוועדערס האַרץ — פון פּאַ-לאַהייקען...

אויפהויבענדיג זיך פון די מוראדיגע קלעפּ, וואָס כווע-דער, איהר געזעצליכער מאַן, האָט אין איהר אַריינגעפּלעגט ערב שבת-שירה, האָט זי שוין איהר ברוים-געבער געפונען אַ האַלב-משוגענעם. ער איז אַרומגעלאָפען איבער די אידישע גאַסען ווילד און צופאַטעלט, און מיטן קאַראָמיסעל געטריבען די סאַראָקעס, וואו נאָר ער האָט זיי דערזעהען: ביי מיסט-גריבער, אויף צוימען, ביי חזירים אויף די רוקענס... רק ס'האָט זיך איהם געדוכט, אַז די סאַראָקעס פּיקען דאָס רויהע פלייש פון זיין סיווער קליאַטשע, וואָס ער אַליין האָט פאַרקויפט... „דערזשי!” (האַלט) אַזוי האָט כוועדער געשריען און נאָכגעיאָגט זיך מיטן קאַראָמיסעל נאָך יעדען פויגעל.

ביינאַכט, אומקעהרענדיג זיך אַהיים, נאָכן ערשטען גרוי-סען געיעג, האָט כוועדער מיט זיין קאַראָמיסעל גענומען ברע-כען שויבען, האַקען טעפּלעך און קרוגען. אַלץ וואָס געפינט

זיך בײַ איהם אין כאַטע האָט איהם אויסגעזעהן ווי שוואַרצע פויגלען, וואָס פלאַטערען איבער אַ נבלה. פאַלאַהייקע האָט געמוזט צוזאַמענרופען אַלע גויעשע שכנים מ׳זאָל בײַ כוועדערן אָפנעמען דעם קאַראָמיסעל און איהם אַליין בינדען. אַ מעת-לעת איז ער אַזוי געלעגען אַ געבונדענער און פאַלאַהייקע האָט איהם געגעבען צום טרינקען פון איין איבערגעבליבענעם קרוג. כוועדער איז אַביסעל געקומען צו זיך; נאָר לאַנג האָט דאָס ניט געדויערט. ווי נאָר מ׳האָט איהם געלאָזען פריי, האָט ער זיך אָנגעשיכּורט און ווי נאָר ער האָט זיך אויסגעניכטערט, האָט ער ווידער גענומען בונטעווען, טרײַבען סאַראָקעס פון טיר און פענסטער, און שלאָגען זיין ווייב. פון טראָגען וואַסער אין די אידישע הײַזער איז שוין געווען אָפגערעדט. אַ קלאַנג איז אַוועק איבער שטאָט, אַז בײַ כוועדערן האָט זיך געריהרט אַ קליאָפּקע אין מח, אַז ער ברעכט כּלים און שלאָגט זיך. האָט מען זיך פון איהם אָפּגעשאָקעלט און גענומען שליסען טיר און טויער בײַ איין אָנבליק פון זיין פאַראײַזטער פּעסעל אויפן שליטען.

האָט פּאַלאַהייקע דערזעהן, אַז אויף איהר געזעצליכען מאַן איז מעהר ניטאָ וואָס צו פאַרלאָזען זיך, האָט זי אַליין גענומען אַרבײַטען. אײַנע אַליין געשעפּט מיטן אָצופּ, אײַנע אַליין אײַנגעשפּאַנט זיך אין שליטען און געשלעפּט.

נאָר אויך אַזאַ זעלבסטשטענדיגקייט פון פּאַלאַהייקען האָט כוועדער אונטערגעגראָבען, צעטראָטען אין זיין פאַרפאַלענקייט אַלע איהרע ווייבערישע רעכט. וואָרים כוועדער האָט גענומען אַרומגעהן צו די אידישע באַלעבאָסטעס און טראַסקען מיטן קאַראָמיסעל אין די לאָדען, מ׳זאָל איהם אָפּגעבען פּאַלאַהייקעס פאַרדינסטען. וואָרים ער, אַזוי האָט כוועדער געוואַלדעוועט, איז איהר געזעצליכער מאַן!...

פאַר אַזעלכע זאַכען, ווי אײַנמאָהנען געלט, איז ער גראָד געווען קלאָר, אויף דעם זיינען בײַ איהם אַלע קליאָפּקעס אין מוח געווען גאַנץ. דאָס געלט האָט ער גלייך אַוועקגע-טראָגען אין שענק און פאַרשיכּורט... און טאָמער האָבען באַ-

לעבאָסטעס רחמנות געהאַט אויף פּאַלאַהייקען און ניט געוואָלט אויסצאָהלען די אָנגעהאָרעוועטע גראָשענס איהר געזעצליכען מאַן, פלעגט זיך כּיוועדער אַריינגנבענען, אָדער אַריינרייסען זיך אין אויפגעשלאָסענע טירען און איבערקעהרען די פולע וואַסער-פעסלעך אין אידישע פירהויזען. אַ מבול אָנגעמאַכט.

האָט מען זיך סוף-כּל-סוף אָפּגעשאָקעלט פון פּאַלאַהייקען, אַזוי ווי פון כוועדערן, ניט געוואָלט האָבען קיין שום מגע-ומשא מיט זיי ביידען.

## 2.

פּאַלאַהייקעס מערכה האָט אַזוי, זינט יענעם שלים-מזל-דיגען ערב-שבת, געהאַלטען אין איין זינקען. פון דער הינקע-דיגער קליאַטשקע מיטן געשפּאַן איז געבליבען אַ פעסעל אויף אַ האַנט-שליטעל. דאָס פעסעל איז דערנאָך איינגעשמאָלצען געוואָרען אין בלויזע צוויי עמער מיטן אַלטען קאַראָמיסעל אויפן אָנגעוועהטאָגטען אַקסעל. איין עמער האָט כוועדער שיכּורערהייט צוּבראָכען. איז איהר איבערגעבליבען דער צוויי-טער עמער. מיטן לעצטען עמער פלעגט זי נאָך, וואו-ניט-וואו, אַריינברענגען אַ ביסעל וואַסער, אין אַן אַרימער אידישער הויז, פאַר אַ סקאָרינקע, פאַר אַ שטיקעל צוקער, פאַר אַ גראָ-שען. און מיטן פריי-געוואָרענעם קאַראָמיסעל האָט זי כוועדער געהאַלטען אין איין בויקערען. ביז ס'האָט איהם דערעסען צו שלאָגען זיין געזעצליך ווייב אָהן אַ תכלית, אָהן אַ שום אויס-זיכט אויף אַ פּאָר קאָפּיקעס, האָט ער זי אין גאַנצען אַוועק-געוואָרפען.

מחמת די גרויסע צרות, וואָס האָבען זיך אויף איהר אויסגעגאָסען, האָט פּאַלאַהייקע אַליין גענומען טרינקען. געהאָ-רעוועט, געבאָרגט וואו נאָר ס'האָט זיך געלאָזען, אויסגעמאַנ-טשעט ביי גוטע מענשען און פאַרזויפען. ביז זי איז איינמאָל אַנידערגעפאַלען, אַ שיכּורע, מיטן לעצטען פולען עמער אויפן לעצטען אידישען שוועל. דאָס וואַסער האָט זיך צעפליוכעט

און די הילצערנע כּלי האָט זיך צעשאָטען אין קליאָפּקעס. איז איהר איבערגעבליבען פון דער גאַנצער וואַסער-באַלעבאַטיש-קייט דער בלויזער קאַראָמיסעל, מיט וועלכען כוועדער האָט זי אַזוי ליבליך געשלאָגען. האָט זי זיך צו איהם צוגעטוליעט ווי צו דער לעצטער האָפנונג אין איהר פאַרלוירענעם לעבען, ווי צום לעצטען צייכען פון איהר פריהערדיגען גליק. קרום און אונבאַקוועם ווי דער קאַראָמיסעל איז געווען צו באַנוצען זיך מיט איהם ווי מיט אַ שטעקען, האָט זי זיך דאָך אָנגע-שפּאַרט אָן איהם און אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסען. אידישע חדר-אינגלעך פלעגען איר בגנבה אַרויסטראָגען אַ שטיקעל ברויט אונטערן רעקעל, און ווייכהאַרציגע באַלעבאָס-טעס — אַ קעלישאָק משקה צו אָטכאַיען זייער געוועזענע וואַסערטרעגערין.

אין דער שיטערער בלאָטע פון דער גרויסער שטאָטישער קאַנאַווע, פלעגט פּאַלאַהייקע ווען-ניט-ווען דערקענען איהר געוועזענעם געזעצליכען מאַן — כוועדער. פלעגט זי זיך וויינענדיג אי-בערבויגען איבער איהם און עפּעס ניט-ניכטער קלאָגען זיך, אַז פון כאַטע האָט מען זי אַרויסגעטריבען פאַר ניט-צאָהלען דירה-געלט, אַז די קינדער האָבען דאָרפישע „קומעס"*) צוגענומען צו זיך, אַז זי אַליין נעכטיגט אין דרויסען, אין אידישען בית-מדרש אויפן גאַניק, ווייל פון פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער טרייבט מען זי אַוועק. שטיינער וואַרפט איהר דער קריסטלי-כער „זוואָנאַר"**) נאָך, ווען זי געהט נאָר נאָהענט צו...

כוועדער האָרכט אויס איהרע שלוכצען און פינטעלט מיט שווערע אויגען. פּאַלאַהייקעס רויהער פּנים מיט דער רויט-אָפּגעברענטער הויט זעהט איהם אויס ווי אַ שטיק פלייש פון זיין געשונדענער סיווער קליאַטשע. און פּלוצלינג כאַפּט ער זיך אויף פון זיין הינהער-פּלעט, הויבט אויף אַ פאַרבלאָ-טיגטען קאָפּ האָר, פאַרקלעמט אַ קנאָכיגען קולאַק און צורע-וועט זיך:

---

*) קרובים. **) דער גלאָקען-קלינגער.

— אוידי, וואַראָנאָ! אוביו—ו!...*)

אַנטלויפט פאַלאַהייקע און בלאָנדזשעט ווייטער אַרום מיט איהר קאַראָמיסעל, ווי אַ פאַרוואָגעלטע נשמה, וואָס קען צו רוה ניט קומען. טאַטעס מוסרן מיט איהר די קינדער: „אַט זעהסט וואָס פון אַ מענשען ווערט... בשעת, הייסט דאָס... ווערט דאָס אָנגערופען..." בשעת וואָס? און וואָס ווערט „אָנגערופען"?... דער משל פאַסט זיך גאָר ניט צום נמשל. וואָרים וואו זענען דאָ ביי אידען וואַסערטרעגער, וואָס האָבען זיך אַזוי נידעריג אַראָפּגעלאָזט? נאָר אידישע קינדער זיינען שוין, מסתמא, אַליין משיג וואָס מען מיינט דערמיט.

צוקוקענדיג אַזאַ געפאַלענקייט, האָבען זיך אידישע באַלעבאָסטעס אַ פאָר מאָל צוזאַמענגערעדט: „לאָמיר אַ פרוב טאָן! פון כוועדערן זיינען מיר פטור געוואָרן איז... אפשר וועט פאַלאַהייקע צוריק ווערען אַ מענש, אַ?" — האָט מען איהר געשענקט אַן אַלט קליידעל, געבאָרגט אַ פאָר עמער, געגעבען איהר עטליכע ווייכע שמאַטעס, אויסצובעטען אויפן אַקסעל אונטערן קאַראָמיסעל, און געהייסען איהר אָנטראָגען וואַסער. קיין מזומן-געלט, פאַר איהר טרחה, האָט מען איהר ניט פאַרטרויט; טאָמער פאַרטרינקט זי. אָנשטאָט דעם האָט מען איהר דערלאַנגט אַ גוט שטיקעל ברויט, אַביסעל זויערמילך, אַ געקעכץ. דערזעהן אַזאַ כיבוד פלעגט זיך פאַלאַהייקע פאַרקרימען ווי פון לויטעסיג, און מיט אַ נעבעכדיג פנים געגומצן בעטלען מען זאָל איהר בעסער געבען אַ קליין פיצעלע ברויט. אויף וואָס טויג איהר אַזויפיל שבתדיגע חלה, אַזויפ'ל קרופניק? אַן עברה! יאָ, איין פיצעלע ברויט וויל זי, אָט אַזוי גרויס ווי איהר שפּיץ נאָגעל, ניט מעהר. און אַ... גרויסען קעלישאָק בראַנפען. וואָרים ס'איז איהר שווער אויפן האַרצען איז איהר, און זי ווייסט ניט אויף וועלכער וועלט זי איז.

מ'פלעגט זיך איבערקוקען, שאָקלענדיג מיטן קאָפּ, און פונדעסטוועגען נאָכגעגעבען אַזאַ ביטער האַרץ ווי זי איז. נאָך

*) אוועק, וואַ־אָנע! כ'וועל דיך ממיתן!...

איידער מ'האָט איהר אָנגעגאָסען, האָט זי זיך שוין פּאָסמאַקע־ װעט, און איבערן פוּלען קעלישאָק אויסדערצעהלט די גאַנצע פינסטערע מערכה איהרע. וואָס? די כריפּקע אין האַרצען? דאָס האָט איהר כוועדער מיטן קאַראָמיסעל אָפּגעשלאָגען די לונגען. דאָס איז גאָרנישט... דער עיקר איז דאָס זויפען בראַנפען! אָט וואו עס שטעקט איהר גאַנצער אומגליק. זינט כוועדער האָט זיך פאַרביינקט נאָך זיין געשוּנדענער קליאַטשע און גע־ נומען שיכּורן, איז ער פון זינען אַראָפּ, די כאַטע איז צופאַ־ לען געוואָרען, די קינדער — צושפּרייט. הכּלל, אין די אויגען איז איהר פון דעמאָלט אָן פינסטער... אָ, גוטע מענשען! זאָל מען נאָר זעהן צו וואָס בראַנפען דערפיהרט: פריהער — כוועדרן, אצינד — זי אַליין.

אָפּגעהאַלטען אַזאַ שענע דרשה איבער דעם גרויסען שאָדען פון אַלקאָהאָל, פלעגט פּאַלאַהייקע מאַכען אַ פרומע מי־ נעלע, פאַרקנייטשען די ליפּעלעך. ס'עקעלט זי, הייסט דאָס, אָפּ פון דער דאָזיגער פליסיגקייט. און אינמיטען ברעכען זיך אַזוי — געגעבען פלוצלינג אַ קעהר אַריין דעם דערלאַנגטען קעלישאָק, אַז אידישע ווייבער פלעגען נבהל ונשתּומם ווערען פון אַזאַ מאַנסבילשער געניטקייט ביי אַ קראַנקער גויה.

פאַרגאָסען די ערשטע ניכטערקייט און פאַרביסען מיט אַ פּיצעלע ברויט, פלעגט זיך פּאַלאַהייקע אַ נעם־טאָן בעטלען מיט גאָר אַ נייער פרישקייט: הכּלל, האַרציגע, גאָלדענע מענ־ שען, מ'זאָל זי ראַטעווען, אַ זינדיגע נשמה זאָל מען טרייס־ טען! מען זאָל איהר געבען נאָך אַ קעלישאָק. וואָרים אָט־אָ עקט זיך איהר דאָס חיות, עקט זיך איהר, קכי־קכי־קכי!...

איהרע אויגען האָבען אָבער דערביי באַקומען אַזאַ זשעדי־ נעם בליאַסק, אַז אידישע באַלעבאָסטעס פלעגען זיך דערשרע־ קען פאַר דער פולער פלעשעל אין אַלמערל און בעטען פּאַ־ לאַהייקען זי זאָל מוחל זיין און אַוועקגעהן. אָט איז ברויט און אָט איז אַ ציבעלע... זאָל זי מוחל זיין און אָפּטראָגען זיך.

אַזאַ פלוצליכער קעהר אין די אונטערהאַנדלונגען, מכח אַ נייעם קעלישאָק, פלעגט ביי פּאַלאַהייקען אַרויסרופען אַ קאָכיגען

גרימצאָרן. וואָס הייסט אַוועקגעהן? פאַר איהר בלוטיגער פּראַ־צע זאָל מען איהר באַצאָהלען! יאָ, מיט בראַנפען אָדער מיט מזומנים! אָט דאָ אויפן אָרט! אַלטגעבאַקענעם ברויט זאָלען זיי אַליין עסען, די זשידעס...

ביי אַזאַ סקאַנדאַלעווען האָט מען זיך שוין געמוזט ווענ־דען נאָך מאַנסבילשע הילף. מ׳האָט אָפּגענומען די געבאָרגטע עמער און אַרויסגעוואָרפען זי מיט איהר אָנגעשפּאָלטענעם קאַ־ראָמיסעל אויף דער גאַס.

ביי די צוגעהאַקטע טירען פלעגט נאָך פּאַלאַהייקע, אַ היבשע ווײַלע, שילטען און פלוכען און זידלען אַלע זשידעס פון הויז, פון גאַנץ שטאָט און פון דער גאַנצער וועלט. דער־נאָך פלעגט זי זיך, מיד און האַלב־שיכור, אָנשפּאַרען ערגעצ־וואו אין אַ צוים און שטילינקערהייט יאָמערן און שאָקלען זיך איבער איהר קאַראָמיסעל, ווי איבער אַ צובראָכען לעבען. ס׳איז געווען אַ נודנע גויעשקע קינה, אָהן אַן אָנהויב און אָהן אַ סוף, אָהן ווערטער און אָהן אינהאַלט. און לאַנג און כמורנע איז עס געווען ווי אַן אָסיענדיגער רעגען.

אידישע קינדער, וואָס האָבען מיטן רוסישען לעהרער געלייענט אין דער כרעסטאָמאַטיע די מעשה פון פּושקינס „גאָלדען פישעלע", האָבען אין פּאַלאַהייקען, בשעת אַזאַ שאָק־לען זיך, געזעהען אַן עהנליכקייט מיט דעם אַלטען פישערס הולטייקע, וועלכער ס׳האָט זיך פריהער פאַרוואָלט האָבען אַ גאַנ־צע קאָריטע, דערנאָך האָט זיך איהר פאַרגלוסט ווערען אַ „מעש־צאַנקע", דערנאָך — „דוואָריאַנקע", דערנאָך — אַ קייזערטע, דערנאָך — אַ הערשערין איבערן גאַנצען ים און איבער דעם גאָלדען פישעלע. לסוף איז זי ווידעראַמאָל געבליבען זיצען ביי איהר צובראָכענער קאָריטע... יענע — ביי דער קאָריטע און פּאַלאַהייקע ביי איהר קאַראָמיסעל.

ווי אַזוי האָט זיך דאָס די קינדער געקענט אויסדוכטען אַזאַ זאַך? ווען איז דאָס פּאַלאַהייקע געווען אַ דוואָריאַנקע, און ווען אַ קייזערטע, און ווען איז דאָס איהר די וועלט גע־ווען צו ווייניג? קיין קשיות זאָל מען ביי קינדער ניט פרעגען

גען. מיט זייערע אויגען האָבען זיי אַליין געזעהן, אַז פּאַלאַ־
הייקע האָט געהאַט אַ כאַטקעלע ביים ברעג אָזערע, געוואוינט
דאָרטען מיט איהר כוועדערן, געהאַט אַ סיווע קליאַטשע איינ־
געשפּאַנט אין אַ נייעם שליטען, מיט אַ גוטער פּעסעל אויפן
שליטען אום ווינטער, און אויף אַ וועגעל מיט רעדער — אום
זומער. און פּלוצלינג האָט זיך אַלץ גענומען שמעלצען. פון
כאַטע און פערד איז געבליבען אַ פּאַס אויף אַ שליטעל אָהן
האַלאָבליעס. פון פּעסעל זיינען געוואָרען צוויי עמערס און אַ
קאַראָמיסעל. פון די צוויי עמער — איין איינציגער עמער,
וואָס מען טראָגט מיט דער בלויזער האַנט. כוועדער איז ער־
געצוואו פאַרפאַלען געוואָרען און אָט זיצט פּאַלאַהייקע און וויינט
איבער איהר אָנגעשפּאָלטענעם קאַראָמיסעל. הייבט וואָס דאַרף
מען מעהר ?.. די אַלטעטשקע פון דעם „גאָלדענעם פישעל“ מיט
די ביינער!

3

דערזעהענדיג איצט פּאַלאַהייקען אין אַ ווינקעל, אַ נאַסע
פון רעגען, מיט די באָרוועסע פיס אין בלאָטע, האָט מאיר
פענטע אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצען. ער האָט אין דער גויה
דערזעהען דעם אָפּשפּיגעל פון זיין אייגענער געפאַלענקייט ביי
טריינען זיין ווייב אין די אויגען. האָט ער געלאָזען געהן דעם
„קראַסאַוויעץ“ זיינעם, שלעפּען דעם פולען וועגעל מיט טשע־
טשאָטקע, און אַליין איז ער צוגעגאַנגען צו פּאַלאַהייקען איבער־
רעדען מיט איהר... אפשר וויל זי קומען מאָרגען, פאַר טשאָ־
לענט, אַראָפּצונעמען די שבתדיגע לייכטער פון טיש, אויס־
מעלקען טריינעס ציגען, ברענגען אַ פּאָר עמער וואַסער אויף
פּאָילע... נישקשה, אַ שטיק חלה וועט זי קריגען, און אפשר
אַ גלאָז ציגענע מילך אויך. טריינע וועט זי ניט באַעולהן. צי־
געגע מילך איז אַ געזונטע זאַך...
פענטע האָט דאָס אין איהר אַריינגעדבּרט, מיט זיין גולמ־
שער צונג, אויף פּויעריש, ער האָט דערביי זעהר איידעל גע־

ליבט זיין פלוניתטע. און געהאַט דערפון אַ מאָדנע הנאה. זינט טריינע האָט זיך פון איהם אָפּגעקעהרט, רעדט ער פון איהר, אונטער די אויגען, מיט גרויס רעספּעקט; אפילו מיט אַזאַ פאַר־פאַלענע נשמה ווי די וואַסערטרעגערקע. אָבער פאַלאַהייקע איז פון זיין ריטערליכקייט צום ווייב אַ האָר ניט נתפּעל געוואָרען, און די געזונטקייט פון ציגענע מילך האָט זי אויך ניט אָפּגע־שאַצט. זי האָט נאָר טעמפּ געקרימט איהר ציגעל־רויטען, קנאָ־כיגען פּנים, געהויבען דאָס איינגעקלעפּט קליידעל פון נאַסען לייב. און, קלאַפּענדיג מיטן קאַראָמיסעל צום טאַקט פון יעדען וואָרט, האָט זי געבורטשעט: וואָס טויג איהר אידישע חלה, וואָס טויג איהר? אויף כּפּרות דאַרף זי דאָס האָבען! און וואָס פאַר אַ טעם האָט ציגענע מילך? השתּנה. זאָלען דאָס די דע־ריגע אידען זליאָקען. יאָ. איהר, פאַלאַהייקען, זאָל מען בע־סער דערלאַנגען אַ בעכערל „פּייסאַכאָווע האָרעלקע" *). אָט וואָס! איין פּיטשימאָנטשיקען שטיקעלע ברויט מיט זאַלץ צום פאַרבייסען. אָט אַזאַ ווי איהר שפּיץ נאָגעל די גרויס. דאַ־מאָלסט וועט זי מעלקען ציגען. אַז ניט מעגען די פאָהאַנע שבתדיגע לייכטער שטעהען ביז איבעראַיאָהר טראָיצע. אָנריה־רען וועט זי זיי ניט. אָט, מעג זי לאָפּניען אויף אַן אָרט. מעג זי דאָ קריגען טריאַסצע און —

ניט פאַלאַהייקע האָט פאַרענדיגט איהר שווערען־זיך, ניט פּענטע — זיינע דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען. וואָרים פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ גרויסע טרובעריי פון אַ פאַ־רעכאָד אויפן דניעפּער. מיט אַ געדיכטען, קורץ־אָטעמדיגען באַס האָט דער פּייפער געוועוועט, אָנגעזאָגט אומגליק און אָנגעמאַכט אַ טרעוואָגע. און באַלד נאָכן טרובען האָבען זיך דערהערט געוואַלדען, און ס'איז געוואָרען אַ גרויס געלויף פון אַלע זיי־טען. פּענטע איז געבליבען שטעהן מיט אַן אָפענעם מויל. מען דאַרף שוין באמת זיין אַ ליימענער גולם ניט צו הערען, אַז פון אַרום אַנשעלס הייזקע טראָגען זיך די קולות. פּונקט דאָר־

---

*) פּסחדיגען שנאַפּס.

טען, וואוהין ער פיהרט אַצינד זיין ווענעל מיט טשעטשאָטקע...

די איידעלע אונטערהאַנדלונגען אַריינצוציהען פאַלאַהיי־קען אין אַ געזונט לעבען און אין אַ כשרער פרנסה, זענען אַזוי אַרום גראָב איבערגעריסען געוואָרען. מאיר פענטע, מיטן בייטש־שטעקעל אונטערן אָרעם, האָט זיך גענומען יאָגען נאָכן אַוועקגעקראָכענעם „קראַסאַוועץ" זיינעם. נאָך מאירן — פאַלאַ־הייקע אַ באָרוועסע מיט איהר קאַראָמיסעל אין האַנט.

נאָכלויפענדיג, אַן אויסגעטשוכעטע מיט איהר איינגע־קלעפטען קליידעל אין נאַסען לייב, האָט זי זיך מיט איהר קאַראָמיסעל באַנוצט ווי אַן אַלטע „באַבע" מיט אַ צו־גרויסען שטעקען. עטליכע קליינע טריטעלעך מיט די פיס און איין גרוי־סען שפּאַן מיטן קאַראָמיסעל פאָראויס. אַזוי האָט זי אָנגעיאָגט פענטען מיט זיין ווענעל.

אויף דער אויסגעשוויינקטער, זומערדיג־באַלויכטענער גאַס האָבען זיי צוזאַמען געשאַפען אַן אויסטערלישע קאָמ־פּאַניע, אַ משונהדיג־מאָהלערישע גרופּע, פון דער פאַרקעהרטער זייט מאָהלעריש... די ווילדע וואָרצלען פון דער טשעטשאָטקע אויפן ווענעל, דער גרילצענדיגער קוויטש פון די טרוקענע אַקסען, דער איין־אויעריגער, גרויער פערד, וואָס טייטעלט מיט זיין „האָרן" אַראָפּ־ווענ, פענטע דער גולם מיט זיין איבער־געגאַרטעלטען געזעס, וואָס האָצקעט זיך ביים לויפען אַזוי אומגעלומפּערט, פאַלאַהייקעס נאָכטאַנצען מיטן אויסגעבויגענעם קאַראָמיסעל אָנשטאָט אַ שטעקען און איהר איינגעקלעפּטער סיטצענער קליידעל אין נאַסען, פאַרמאָרעטען לייב — דאָס אַלץ האָט זיך אַזוי מאָדנע געפּאַסט אינאיינעם, אַזוי אויסגע־פילט האָט איינס דאָס צווייטע! ווי אָפּגעריסען פון אַ גראָ־טעסקער פאַנטאַזיע האָט די גאַנצע גרופּע אויסגעזעהן. און אָט איילט זי זיך ערגעצוואו: האָץ־האָץ און טיאָפּ־טיאָפּ, אַראָפּ־גאַס צום ברעג דניעפּער־צו, פון וואַנען עס טראָגען זיך די ברויסע געוואַלדען.

# דער אײנגעלױף

.1

װי צו אַ רױטען מיטעלפּונקט פֿון אומגליק זײנען זיך דאָ צונױפֿגעלאָפֿען אַ סך פֿון אונזערע העלדען, און אַלץ װאָס װאױנט און האָרעװעט און געהט אום שלינג-און-שלאַנג בײם ברעג דניעפּער.

אַנשעלס צוקאַליעטשעטער גוף איז געװען דער דאָזיגער מיטעלפּונקט. צו איהם האָט מען זיך, פֿון אַלע שטעגעלעך, געטראָגען מיט שרעק און נײגעריגקײט. נאָסקע-טרעגער זײנען געלאָפֿען װעט-געלױף מיט לאָזע-דרײער, באַלמעלאָכעס און באַלעגאָלעס. פּאָסאַזשירען, װאָס זײנען אָנגעקומען מיטן פֿאַר-אומגליקטען פּאַרעכאָד; און אַזעלכע — װאָס האָבען זיך גע-קליבען פֿאָהרען אין אָרשע און זײנען געבליבען, מחמת אָהן אַ קומען און אָהן אַ פּײפֿער האָט דער פּאַרעכאָד װײטער ניט געקענט פֿאָהרען.

יעטװעדער פֿון די אָנגעלאָפֿענע האָט געזעהן דעם פֿרעמדען אומגליק מיט אַנדערע אױגען. אָבער אײן באַהאַל-טענער געפֿיהל האָט זײ אַלעמען אױסגעגלײכט. דאָס גיפֿטיג-זיסע און פֿאַרבאָרגענע באַװאוסטזײן, אַז יענער איז גע-הרגעט געװאָרען און „איך" בין ניצול געװאָרען... צוזאַמען מיט שטױנונג און פּחד האָט זיך דאָס געמישט, װאָס אַ מענ-שענס-לעבען איז אַזױ װעניג װערטה... אָבער געלױבט דער אױבערשטער! מיט מיר האָט דאָס ניט געטראָפֿען!...

ווי חיות פון אַלערליי גרויסען, פון אַלערליי ראַסען און כּחות, וואָס ראַטעווען זיך אויף אַ לעצטען פעלז-שטיין, אינמיטען אַ מבול, אַזוי האָט דאָ יעדערער פאַרגעסען אָן זיינע ציין, אָן זיין גיפט און נעגעל. אויסגעגלייכט האָט דער פרעמדער אומגליק אַלעמען. אַ שטילען שלום געמאַכט צווישען פאַרקאָכטע הערצער.

דאָ, ביים אויסגעריסענעם קאַלוואָראַט פון קאַנאַט, האָבען זיך היינט, צום צווייטען מאָל, געטראָפען אַזעלכע פאַרביסענע שונאים ווי פראָיקע, דאָס מופקר-אינגעל, און דעם בייעם-נגידס בחורל מיט דער צודראָפּעטער באַק. מיטגעשלעפּט מיט אַלעמענס נייגעריגקייט און שרעק האָט דעם בייעם-נגידס שקאָלניק אינגאַנצען פאַרגעסען, אַז ער האָט, מיט אַ ווײַלע צוריק, געשוואוירען אָפּצורעכענען זיך מיטן שלעפּערל „ערגעץ-וואוּ אין אַ געסעלע”, דערפאַר, וואָס יענער האָט איהם אַזוי פאַרשעהמט, אַזוי באַאַרבייט דעם פּנים פאַר לייטען אין די אויגען.

דאָ זיינען אָנגעלאָפען זונדעל-גאָטס-גנב, מושע זיין טאָכטער און טעמע זיין ווייב. די בלויע קאָרטען-טרעפּערקע מיט די ווײַנפערלעך אויפן פּנים, מיט די פּינטעלעך אויפן קלייד און מיט אַ ניט-דערטראָפענער טאַליע קאָרטען אין האַנט. און פאַנדריכע מיט איהר קינד אויפן אָרעם — וועלכע איז דורך דער סומאַטאָכע ניצול-געוואָרען פון דער צו-קלוגער טרעפּערקע, פון איהר אויסזאָגען סודות פון חדר... שפּעטער אַ ווײַלע זיינען צוגעקומען זוסעלס תּלמידים פון דער עלטערער כּתה, וואָס האָבען זיך פריהער אַרויסגעגנבעט אינמיטען לעקאַך-און-בראַנפען און אינמיטען טייטשען גמרא, און געלאָפען שפּילען זיך אויפן ברעג דניעפּער, ווי די דרדקי-אינגעלעך; ליאָנקע-פּיסקליאָניק מיט די לאַנגע רגלים איז אָנגעלאָפען; נאָך איהם — משהקע-בוילע, פּייווקע, זלמנקע-האָז און דעם פאַראָמשציקס אינגעל — נאָך זיי. ער איז געלאָפען אַ בלייכער פון דער מאַמעס געשרייען, וואָס ער האָט דערהערט אינדערווייטענס ניט-וויסענדיג אפילו, אַז ער איז שוין אַ יתום. און נאָך זיי

אַלעמען איז נאָכגעלאָפען יענקוץ, זונדעלס אייניקעל, מיטן עקעלע-אַרויס פון די צושפּאָלטענע מייטקעלעך. אַ פּאַרסאָפּע-טער, מיט דריבנע שפּרינגעלעך איז ער נאָכגעלאָפען נאָך די באַלעבאַטישע קינדער, און געשריען אַ פּאַרסמאַרקעטער: „איכ׳ל טאַקע אויך גיוועזן גיזעהט איכ׳ל!" ס׳הייסט: ער וויל אויך זעהן...

זוסעל דער מלמד האָט אבאַלען דערזעהן צווישען די אָנגעלאָפענע אינגלעך. איז ער איהם אַרויס אַנטקעגען, איבער-געשניטען דעם וועג צום הרוג און אָנגעכאַפּט איהם ציטע-רענדיג פאַרן אָרבעל:

— ג...געה! — האָט ער זיך פאַרזאַאיקעט פון אויפרע-גונג — די מ..מ..מאָם...!

מיט אַ גרויסער אינערליכער אָנשטרענגונג איז ער ביי-געקומען די פאַרקראַמפּטע צונג זיינע און זיך קלאָרער אַרויס-גערעדט:

— געה, אבאַלע! צו דער מאַמען געה בעסער! די מאַ-מע — איהר איז ניט-גוט געוואָרען!...

פון ערגעץ-וואו איז אָנגעלאָפען וואָיטעק, דער ציווילער בריף-טרעגער, מיט דער אייביגער פּיפּקע אין מויל, מיט אַ צוטומעלטקייט אין די פּיאָלעט-בלויע אויגען; און לעבען איהם, אַלס אַן אונטערפּיהרער — זאַוועל שמייסער. זאַוועל האָט זיך, קענטיג, ווייניג-וואָס גענומען צום האַרצען דעם אומגליק פון אַנשעלס משפחה. ער איז אינגאַנצען געווען פאַרהאַוועט, ווי אַן אויבער-סאַרווער אויף אַ חתונה. דער פּנים האָט ביי איהם געפלאַמט, די אויגען געברענט, דאָס היטעלע געווען פאַר-שאַרט. נאַ! ער האָט שוין פּאָספּעיעט זעהן. ער ווייסט שוין... סו זאָל ויידע-וואָיטעק אויך זעהן און אויך וויסען!

חיה-שרהקע די משוגענע איז אַרויסגעקראָכען פון אַ הינטער-געסקע, מיט איהר פּעקעלע שמאַטעס אויפן אָרעם — פאַרבונדען ווי אַ זויג-קינד און צוגעטוליעט צום ברוסט ווי אַ זויג-קינד. די דינינקע קנייטשעלעך אַרום איהרע בולטע אויגען האָבען געטאַנצט, די דיקע ליפּען האָבען זיך באַוועגט

געשלאָסענערהייט. אָט-אָט פּלאַצט זי אַרויס מיט אַ משוגענעם געלעכטערעל! האָט זיך אויף איהר, ניט קיין אַנדערער ווי זאַוועל שמייסער, צעשריען: „אַוועק פון דאַנעט דו משוגעת דו!‟ איהם, דעם אַרויסגעטריבענעם „שמייסער‟, האָט זיך מיט-אַמאָל פאַרגלוסט צו קאָמאַנדעווען. און זאָלען טאַקע אויך אַנדערע זעהען ווי ער מאַכט פאַראָנדקעס. לעגט איין דעם לע-בען פאַר אַ פאַראומגליקטע פאַמיליע.

נאָר אין רעכטען מיטען ברען פון פאַריאָגען חיה-שרהקען האָט ער, מיט זיינע שאַרפינקע אויגען דערקענט, אין אַ וואָל-קען פון שטויב, אין דער ווייטענס, דעם דאָקטאָרס קאַרעטע. האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו איהר, ווי אַ יאַגד-הונט נאָך אַן אַנטרונענער חיה. און אין אַ מינוט אַרום איז שוין דאָק-טאָר חישין אָנגעפאָהרען מיט זיין צוריקגעפונענער, ניי-איבער-לאַקירטער קאַרעטע, מיט זאַוועל דעם שמייסער, וועלכער האָט זיך אָנגעהאַנגען ווי אַ משרת פון הינטען. זאַוועל איז דער ער-שטער אַראָפּגעשפּרונגען. העכסט גליקליך, וואָס ער איז געפאָה-רען עטליכע קלאַפּטער מיט דעם דאָקטאָר „אין איין קאַרעטע‟, האָט ער האָפערדיג גענומען שטויסען מיטביידע געזונטע איילענבויגענס, ווי אַ סטראַזשניק:

— לאָזט, לאָזט, לאָזט! דער דאָקטער געהט! דער דאָקטאָר!

חישין גופא האָט זיך פייערליך-פינסטער און אַ בלאַס-געלבער געלאָזען געהן נאָך זאָולען — זיין ניט-געדונגענעם לאָקאַי, און האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט אויף זיינע אַמאָ-ליגע פריינט און יעצטיגע פאַרביסענע שונאים — אויף זונ-דעל-גאָטס-גנב און זיין משפחה, ועמענס זוהן און ברודער ער האָט פאַרן גענבעטען פערד פאַרשיקט קיין סיביר... פאַרקעהרט, דער פאַרביסענער שונא אַליין, ס׳הייסט: זונדעל-גאָטס-גנב, האָט זיך דווקא יאָ צעטומעלט. ער האָט אַזש אַראָפּגעכאַפּט דאָס היי-טעל פאַרן דאָקטאָר. פונקט אַזוי ווי ער האָט דאָס געטאָן אַמאָל, ווען חישין פלעגט אַריינקומען היילן מושען זיין טאָכ-טער.

איז דאָס געשעהן דערפאַר, וואָס אַזינד איז ער געווען דערשיטערט פון פרעמדען אומגליק? צי מחמת גרויס דרך־ארץ, וואָס זיין שונא געהט ראַטעווען אַ געניזקטען מענשען, בשעת ער, זונדעל, מיט זיינע האַמעטענע הענט קען דאָ גאָרנישט העל־פען? ווי עס זאָל ניט געווען זיין — ער האָט פאַרן דאָקטאָר אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטעל. און קוקענדיג אויף איהם האָט טע־מע, זיין ווייב, אַראָפּגעלאָזט איהר מאַנסבילשען נאָז און צוגע־שאָקעלט מיטן קאָפּ, ווי בשעת תחינות־זאָגען. און מושע, חי־שינס נאַכטיגע פּאַציענטקע פון פאַר דער גנבה, האָט אָנגע־בלאָזען די דיקליכע ליפּען איהרע, קינדיש צופינטעלט זיך מיט די שענע אויגען און אַ כאַפּ געטאָן זיך פאַרן האַרצען, ווי זי וואָלט געוואָלט אָפּשטעלען איהר נערוועאישען שלוקערץ, פון וועלכען הישין האָט זי אַזוי לאַנג געהיילט און ניט אויסגע־היילט. נאָר ס׳האָט זיך איהר ניט איינגעגעבען.

— איך! — האָט דאָס ביי איהר אַ שאַל־געטאָן פון האַלז אַרויס און אַזוי שטאַרק, אַז איהרע פולע בריסט זיינען אונטערגעשפרונגען ווי אַ כוואַליע.

נאָר איין יענקוק, מיטן עקעלע, האָט זיך ניט פאַרלוי־רען. ער האָט אין חישינען, מיט דעם שוואַרצען בערדעלע, דערקענט דעם גרויסען שונא פון זייער הויז, וועגען וועמען זונדעל זיין זיידע, טעמע זיין באָבע, מושע זיין מומע און די אייגענע מאַמע רעדען אויס אַל־דאָס־בייז, מיט ביטערניש און מיט שוים ביים מויל. האָט ער, ניט קלערענדיג קיין סך, גלייך געמאַכט אַ קולאַקעלע און צוסטראַשעט זיך הינטערן דאָקטאָרס פּלייצע:

— או־או! צוקין־צין! איכ׳ל, איכ׳ל דיך סלאָ —

נאָר פון זיין לייבליכען זיידען האָט יענקוק, אינמיטען־דערינען, געכאַפּט אַזאַ כמאַל איבערן קעפעל, אַז ער האָט זיך פאַרדרעהט אין דרייען און געלאָזען דעם „סלאָגען״ אויף אַן אַנדער מאָל.

## 2.

אַרום דעם פאַרבלוטיגטען קאָלוואָראָט, ווי אַרום אַ טרפהן מזבח פון אַן אומבאַקאַנטען אָפּגאָט, איז מען געשטאַנען ראָד אין ראָד. אויף קעפּ איז מען געשטאַנען און געדיכט געהוידזשעט, ווי אַ בינשטאָק. אויף די פּנימער פון דער אינוועניגסטער מענשען־ראָד איז געווען אָנגעשריבען שרעק און שפלדיגקייט, און אויף די דרויסענדיגע פּנימער — זשעדנע נייגעריגקייט. נאָך אַ מינוט צוקוקען זיך, האָבען זיך די אינוועניגסטע צוזעהער געכאַפּט פאַר די קעפּ, אויסגעדרעהט די פאַרקרימטע פּנימער צום עולם און אַזוי אַרויסגעשטופּט געוואָרען דורך די ניי־אָנגעלאָפענע פונדרויסען, וועלכע האָבען פאַרנומען זייער אָרט.

דעם מאוימדיגען איינדרוק פון אַנשעלס צעטרושצעטען שאַרבען האָט נאָך פאַרשטאַרקט אַנטאָשע — דער יונגער גוי פון פאַראָם. ער איז דאָ נאָך אַלץ געשטאַנען, אָנגעשפּאַרט אָן אַ סלופּ, אונטער דעם אָפענעם דעכעלע פון דער האָלצערנער מאַשינעריע. אַ האַלב־געחלשטער איז ער געשטאַנען מיט אונטערגעבויגענע קניע, עפּעס אַזוי וואַטע־ווייך, אָהן ביינער. און געצלמט האָט ער זיך און דריבנע געציטערט, פון די ליקענע לאַפּציעס ביז די צעפּלאָשעטע קודלעס זיינע. פון די איבערגעכאַפּטע שיריים בראַנפען, ביי אַנשעלס פענסטער, בשעת דער פריהערדיגער שמחה, האָט ער זיך שוין אינגאַנצען אויסגעניכטערט. נאָר דער געדאַנק, אַז זיין אָקאָרשטדיגע שיכּרות און פוילקייט האָט דעם באַלעבאָס זיינעם געצוואונגען צו פאַרלויפען איהם דעם וועג און געהרגעט ווערען אויף אַן אָרט — האָט איהם שיכּורער געמאַכט ווי וויין. דערפאַר האָבען זיך איהם די קניע אונטערגעבויגען. ער האָט אָבער פונדעסטוועגען קלאָר געפיהלט, אַז דורך דעם איז ער, אַנטאָשע, אַליין ניצול־געוואָרען פון אַזאַ מיאוסען טויט. אום איין רגעלע איז דאָס געגאַנגען... דערפאַר האָט ער זיך אַזוי פלייסיג געצלמט.

איבערן הרוג האָט זיך אַצינד איינגעבויגען חישין דער

דאָקטאָר. זיין שוואַרץ בערדעלע און זיין געלבליכער פּנים זיינען פאַרשוואונדען געוואָרען אין אַ רויטליכען שאָטען... נאָר באַלד האָט ער זיך צוריק אויסגעגלייכט, ווישענדיג די פאַר-בלוטיגטע דלאָניע מיט אַ ווייסער נאָז-טיכעלע. אַ מוטנע-רויטער פלעק איז אַרויסגעטרעטען אויף דער קלאָרקייט פון באַטיסט. און חישין דער דאָקטאָר האָט דאָס גוטע טיכעלע גרויסמוטיג געלאָזען פאַלען, ווי אַ שמוציגען שטיקעל פּאַפּיר.

— נו-נו? — האָט מען דערשטיקט גענומען פרעגען פון אַלע זייטען.

חישין האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער אויסגעווישטער האַנט און געענטפערט נישט צו דער זאַך:

— ריהרט גאָרנישט אָן ביז וואַנען דער פּריסטאַוו וועט קומען. מ׳מוז מאַכען אַ פּראָטאָקאָל.

האָט מען פאַרשטאַנען, אַז פאַר אַנשלען, ברוך השם, איז קיין פּיצעל האָפענונג מעהר ניטאָ. דערפאַר האָט דעם פּריס-טאַווס נאָמען געהאַט אַ באַלדיגע ווירקונג. ווי דורך אַ כּישוף האָבען זיך די נייגעריגע פאַרנאַנדערגערוקט אין אַ ברייטערען קרייז:

— ששאַ, אידען. דער פּריסטאַוו!.. אַ פּראָטאָקאָל.

אַצינד האָט מען זיך שוין געשטופּט ווי לעבען אַ פאַר-כּישופטע גרעניץ, וואו די גויעשקע שׂנאה, פון פאַרעכאָד צו אידען, און דער אידישער כּח-הפּרנסה, פון אַנשעל פאַראָמשציק, האָבען זיך מיט אַזאַ גוואַלדאָוונעם כּח צוזאַמענגעשטויסען און ביידע זיינען זיי אַרויס האַלב און גאַנץ-פאַרטיליגט פון אַזאַ צוזאַמענשטויס. דער פאַרעכאָד — אָהן אַ קוימען, דער קאַפּי-טאַן — אָהן אַ פוס, און אַנשעל נעבאַך — אָהן לייב-און-לעבען;

דערשיטערט פון אַזאַ שטראָף פון גאָט איבער אַ אידען, וואָס האָט אָקאָרשט געלעבט און געמאַכט „לחיים", האָט זיך פּראָיקע — דער מופקר-אינגעל, בּכיון געהאַלטען נאָהענט צום נייעם-נגידס שקאָלניק. כּמעט געבעטען זיך ביי איהם מיט די אויגען: „נאַ, שלאָג מיך שוין אָן!..." ער האָט דערמיט גע-

וואָלט אָפּקומען אַלע זיינע זינד, דאָס אַנטלויפן אין דער פרעמד, דאָס מאַכן לעדערנע רענצעלעך פון גמרא-טאָוולען אין אַלטען בית-מדרש.

אָבער ביים נייעם גגידס בחורעל איז דאָ אויך אַוועק דער גאַנצער גיפט. וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן די פּאָר קעצישע דראַפּען אויפן באַק, אַקעגען אַזוי פיל אויסגעגאָסן בלוט? אַקעגען אַזאַ מוראדיגע מאַסקע פון געהירען און האָר — אָנשטאָט אַ פנים?... ער האָט אפילו ביי זיך באַשלאָסן, נאָך היינט פאַר ליכט בענשען, איבערצובעטען זיך מיט דער „ציג", ס'הייסט מיט זיין אינגערער שוועסטער מיט די באָמבעלעך אין די בלייכע אויערן. צוזאָגען איהר וויל ער, אַז מעהר וועט ער איהר דאָס מיאוסע גמרא-לידעלע, מיט „קאזי-קאַזינע, שהלכה לגינה", ניט זינגען.

און מערע, די שטרויענע אלמנה מיטן קינד אויפן האַנט, האָט ביי זיך געפּועלט מעהר ניט צו קלאָגען זיך פאַר טעמען אויף איהר ביטערען מזל, וואָס איהר מאַן זיצט נאָך אַלץ אין אָסטראָג און זי איז איינע אַליין, אָהן פרנסה. מ'טאָר ניט זינדיגען! אָט, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, אַ טאַטע פון קינדער! ווי אַ בליץ פון הימעל האָט דאָס איהם געטראָפען. אָהן וידוי אַוועק פון דער וועלט. אָבער פאַנדרע וועט נאָך קומען, סוף זומער, מיט גאָטס הילף, וועט ער קומען...

אָפּוואַרטענדיג דעם פריסטאַוו, נאָך וועלכען זאַוועל שמייסער איז מיט אַזוי פיל חשק אַוועקגעלאָפען, האָט חישין דער דאָקטאָר, דער פאַרזעסענער בחור, מיט פאַרטראַכטע אויגען געכאַפּט אַ קוק אויף מושען. אָט איז זי די געוועזענע פּאַציענטקע זיינע מיט די שענע היפטען, מיט די קליינע הענט און מיט די פליישיגע ליפען, וועלכע פלעגט זיך אַזוי ווייבעריש-פויל און באַטעמט אויסטאָן, ווי נאָר ער פלעגט איהר געבען אַ צייכען, אַז ער מוז זי אויסהערען... אַך, פון די שידוכים, וואָס גרונם דער שדכן זוכט פאַר איהם, איז דערווייל גאָרנישט ניט געוואָרען. ווען מושע זאָל זיך אויפהערען צו בלאָזען פאַר איהר פאַרשיקטען ברודער, וואָלט ער זי ווייטער געהיילט. עס

איז איהם געווען גאַנץ ליב צוצוטוליען זיך צו איהר פולער ברוסט מיט איין גליהענדיגען אויער, אויסהערען דאָס האַרץ און די לונגען און אויסרוהען זיך אין איין און דערזעלבע־ צייט פון אַלע קליינשטעטעלדיגע רכילות, פון קראָל דעם דאָק־ טאָרס אינטריגעס... זאָל ער, דער קראָל, ווערן ראַבינער! איהם, חישינען, אַרט דאָס אַצינד אַ האָר אויך ניט.

מושע, די אָפגעפּאָהרענע שענקייט, האָט זיין פאַרבענק־ טען קוק דערכאַפּט, און דאָס קנייטשעלע פון פריקרעקייט, ביי איהרע זאַטע ליפּען, איז פאַרשוואונדען געוואָרען. טרעהרען האָבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען: איהר איז פאָרט געווען בעסער, ווען זי איז געשטאַנען אַזוי נאָהענט צו אַזאַ איידעלען מענשען! נאָר קאָפּעל דער גנב, איהר אייגענער ברו־ דער, האָט זיך אַריינגעמישט און קאַליע געמאַכט... וואָס איז איהר אַצינד געבליבען? קאָשיקעס מיט בייגעל און מיט רויטע אייער?.. רעכט אויף איהם, אויפן גנב!

מאיר פּענטע, וועלכער איז אַביסעלע צו־שפּעט אָנגעפּאָה־ רען מיט זיינע טשעטשאָטקע־העלצער פאַרן פּאַראָם, האָט גולמיש געפינטעלט מיט די ווייטאָגדיגע אויגלעך, געקראַצט זיך טעמפּ אין דער באַוואַקסענער פּאַטילניצע. קודם־כל האָט איהם אַרומ־ געכאַפּט דער צער פון אַן אומזיסטער טרחה: אָט, געבראַכט סחורה פאַר אַנשלען, און אַנשעל — העט־העט!.. אויס אַנ־ שעל!..

נאָר ביסלעכווייז האָט איהם דאָס פרעמדע אומגליק דו־כ־ גענומען, ווייך געמאַכט דאָס האַמטענע האַרץ, ווי וואַסער מאַכט ווייך פאַרטריקענטע לייהם. ער האָט, דאָ אויף אַן אָרט, געגו־ מען טראַכטען איבערצובעטען זיך מיט טריינען, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטען. אָפּקויפען אַ מעלקעדיגע ציג וועט ער איהר. מעג עס דונערען און בליצען, מעג עס! נאָך היינט ביינאַכט, פאַר דער שבתדיגער וועטשערע, וועט ער זיך איהר שווערען: „דו הערסט, טריינע? עס מעג דונערען און בליצען!.. גאָט העלפט מיר אַלע מאָל אויף אַ פערד, וועט ער מיר העלפען אויף אַ ציג אויך!" אָט אַזוי וועט ער זיך איהר שווערען.

אָנגעשפּאַרט אויפן קאַראָמיסעל און שאָקלענדיק פרום מיט קאָפּ, האָט פּאַלאַהייקע, די וואַסער-טרעגערקע, אויך חוזר-בתשובה געווען: זי וועט נעמען אויף באָרג צוויי נייע עמצרס וועט זי נעמען. נישקשה, בנימין דער קרעמער וועט רחמנות האָבען!.. מיט די נייע עמצרס וועט זי אָנהויבען טראָגען וואַסער אין די אידישע הייזער, ביז זי וועט זיך צוריק אַרויפשלאָגען אויף אַ פּעסעל מיט אַ וועגעלע אויף רעדלעך. בראַנפען וועט זי מעהר אין מויל ניט נעמען, און כוועדערן אין קאַנאַווע וועט זי מעהר ניט זוכען. זאָל ער דאָרטען דריכגיצן, דער פּיאַניצע!

און כדי צו מאַכען אַ גוטען פּאַטשאָנטעק איז זי גלייך צוגעגאַנגען צו פּענטען און פייערליך דערקלערט איהם, אַז זי נעמט אָן זיין איינלאַדונג, וואָס ער האָט זי איינגעלאַדען פריהער, ביים צוים: הכלל, מאָרגען פּונקט עלף אַזייגער קומט זי אַראָפּנעמען די שבתדיגע לייכטער. קיין בראַנפען וויל זי ניט. זי וויל נאָר אַ גלאָז ציגענע מילך וויל זי. ציגענע מילך איז טאַקע געזונט און זעהר גוט צו כריפּקע. דאָס ווייסט זי.

און כדי צו באַשטעטיגען איהר פרומען באַשלוס האָט זי זיך גרונטליך אויסגעשנייצט אין נאַסען פאַרטוך: אָט זאָל זי אַזוי לעבען און געזונט זיין!

יעדער אויף זיין שטייגער האָט תשובה-געטאָן מיט אַ באַהאַלטענער און זיסער קלעמעניש אין האַרצען, ניט געוואָלט מודה זיין זיך אויפן גראָבען עיקר. און דער עיקר איז ביי יעדען איינעם געווען: „איך... איך לעב נאָך!"

און אינמיטען דער געדיכטער מענשען-ראָד, וואָס ברומט פון שרעק און קרעכצען און נייגעריגקייט, וואָס כוואַליעט פון קאָפּ-שאָקלעניש, הענט-פאָכעניש און פלייצע-הויבעניש, וואָס קרימט זיך מיט אמתע און געמאַכטע פרומע מינעס און איז באַנומען פון דער נישטיגקייט פון אַ מענשענס לעבען און פון תשובה-געדאַנקען, — אינמיטען אָט דער ראָד איז געלעגען צעוואָרפען, מיט דער גאַנצער גרויזאַמקייט און ניט-קלאָרקייט פון אַזאַ ניט-נאַטירלעכן טויט — אַנשעל דער פּאַראָמשציק. אין זיין

ברייט-פלייציגער קערפער, אָהן אַ שום מענשליכער צורה, נאָר מיט איין ריזיגער בלוט-וואונד האָט, דאַכט זיך, טעמפּ און איינ־געשפּאַרט געקוקט אין קיילעכדיגען שינדעל־דעכעלע:

— אָט, אַ קרבן אויסגעזוכט זיך!... פאַר זיי אַלעמען אַ קרבן...

.3

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבען שוין אין אַנשעלס פאַריתומטער שטוב געברענט נשמה-ליכט. צווישען די שיריים פון „לעקאַך-און-בראַנפען" אויפן טיש האָבען זיי געברענט. זייער געלבליכער, בייטאָגיגער גלאַנץ האָט אָבער באַשען געשראָקען, ווי דער אָפּשיין פון אַ נאָהענטער, גאָר-נאָהענטער שרפה, אין וועלכען איהר מאַן ברענט נאָך לעבעדיגערהייט... זי פלעגט דערפאַר אַלע ווײַלע, ווי פון זינען געריהרט אויפשרייען:

— אָט אָ רויט... אָ!.. ניין, ניין! ראַ—אַטעוועט איהם!.. איין שטיק בלוט!.. גוואַלד, רבונו של עולם!

מיט די דאָזיגע שטאַמלענדיגע אויסגעשרייען האָט זי געמיינט צו זאָגען, אַז גאָט וועט דאָך מן-הסתם ניט דערלאָזען, פון איהר אָקאָרשט געזונטען און ליבען מאַן זאָל מיטאַמאָל ווערען איין שטיק רויטע שמוץ!... ניין, עס קען ניט זיין! מ׳קען איהם נאָך אודאי ראַטעווען... און צווישען איין אויסגע־שריי און דעם צווייטען האָט זי זיך געוואָרפען אין ספּאַזמעס, אָדער געלעגען אין טיפער חלשות.

די שענע אידען, וואָס האָבען דאָ מיט אַ קורצער ווײַלע צוריק געמאַכט „לחיים", פאַרביסען מיט באַשעס לעקעכער און געווינשעוועט איהר אַל-דאָס-גוטס, האָבען די זעלבע פרישע אי־דענע געמוזט אָצינד מינטערען. דאָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ בייזער חלום, סיי זיי, סיי אבאלען, דעם פלוצליכען יתום, וועלכער איז געזעסען דערביי און געוויינט, אָהן שום העויות, אָהן קראַמף, נאָר מיט אַ פאַרגליווערט-אויסגעצויגענעם פנימל. דער שאַרפער איבערגאַנג פון שפּילען זיך אין פליטען און שטי־

פען מיט די חברים — צו אָט די ברענענדיגע ליכט, נאָכן טאַטען, האָבען זיך נאָך ניט פּאָטופּיעט אין זיין מאַטען גמרא־קעפּעל.

זאַוועל־שמייסער דער ליידיג־געהער, וואָס קיינער האָט איהם ניט געשיקט און קיינער האָט איהם דאָ ניט דערוואַרט, איז פון ערגיץ־וואו אָנגעלאָפען מיט אַ שפּאָגעל נייער בשורה:

— נאַ, — שיסט ער אויס אַ פּאַרסאָפּעטער — דער פּריסטאַוו האָט שוין געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל אויפן פּאַרעכאָד. איצטער געהט ער אַהער!

— פּ־ס־ס!.. — קרימט איהם איבער איינער פון די אָנגעלאָפענע אידען אין שטוב — גרויסע ישועות! געה, געה, גראָבער יונג דו!

דאָס האָט זיך אָנגעבייזערט אויף זאַוועלען ניט קיין אַנדערער ווי ר׳ ישראל דער גבאי, וועלכער איז מיט בערע־רחמיאלס זיין סגן, אָנגעקומען אויפן פּאַראומגליקטען פּאַרע־כאָד, פון מאָהליוו. איינער פון די לעצטע איז ער אָנגעלאָפען מיט ר׳ בערען אָפּצוזאָגען „ברוך דין אמת“ איבערן „קדוש“. אָבער ביידע האָבען שוין ביים אויסגעריסענעם קאָלוואָראָט אָנגעטראָפען ליקסיין דעם סטראַזשניק, מיט די אָנגעשוואָלענע בעקלעך. יענער האָט געהאַלטען אין איין פּאָכען מיט זיין פּאַר־זשאַווערטער שאַשקע, קיינעם ניט צוגעלאָזט צום געהרגעטען. בכלל — געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז איהם, ליקסיין, איז זעהר שווער צו אונטערקויפּצן.

— העי העי ראַזאָידיס! *) — אַזוי האָט ליקסיי הייזעריג געשריען, איבערגעלאָדען מיט פליכטען, און אַ פּאַרמאַטערטער געבלאָזען מיט ביידע געשוואָלענע בעקלעך.

ביי דער קאַרגער ליכטיגקייט, אונטערן דעכעלע, האָבען גבאי און אויבער־שמש, אין דער צוזאַמענגעפאַלענער מאַשי־נעריע, באַמערקט נאָר אַ רויט־ראָזיגען קנויל, מיט האָר און קנאָכען־שערבלעך אויסגעמישט. און, שוידערענדיג מיט אַלע

---

*) עי, עי, צוגעהט אייך!

אברים, אַריינגעכאַפּט זיך אין אַנשעלס הייזקע, אַ קוק צו טאָן וואָס ד אָ ר ט ע ן טוט זיך. אַלס גבאי פון ליובאַוויטשער בית־מדרש, וואו אַנשעל דער קדוש האָט שטענדיג געדאַוונט, האָט ער זיך דאָ דערפיהלט באַרעכטיגט אַכטונג צו געבען אויף אַלע גאַנץ איבעריגע טומלער אין שטוב.

נאָר בערע־רחמיאלס, מיט דער נאַפּאָלעאָנקע אויפן קאָפּ, האָט איהם ניט געלאָזט אַנטוויקלען זיין גאַנצע גבאישע באַ־האַוונטקייט. ער האָט איהם שטאַרק אַ ציה־געטאָן פאַרן אַר־בעל און אַנגעשטעלט אויף איהם די קלוגעטשקע פעטע שפּעל־טעלעך, אַנשטאַט אויגען.

— קומט, — מאַכט ער שטילערהייט — ר׳ ישראל! לאָ־מיר בעסער טאָן וואָס יעקב אבינו האָט געטאָן...

ערשט דאָ האָט ר׳ ישראל דערזעהן, אַז די שענע אי־דען רוקען זיך פּאַוואָליע אַרויס פון שטוב. ניט געוועזן קיין סך בעלנים צו שטעהן מיטן פּריסטאַוו אין זיינע דלד־אמות. זיין טרפהנעם נאָמען האָט קיינער ניט געקענט הערען.

— ויברח יעקב!... — טייטשט איהם בערע־רחמיאלס איין — נויטיג דאַרפט איהר דער צורר־היהודים זאָל אונז שטעלען פאַר עדות, שלעפּען אין סטאַן... אַ?

ר׳ ישראל האָט גלייך אָפּגעשאַצט די פאָרזיכטיגקייט פון זיין סגן. פאָרט אַ איד אַ בעל־אכסניה געוועזן אין די יונגע זינדיגע יאָהרען! געהאַט צו טאָן מיט נאַטשאַלסטוואָ.

— אומ־הו! — מאַכט ער צו ר׳ בערען, מעהר מיט נאָז און אויגען ווי מיט די ליפּען, גיט זיך שצמצוודיג אַ וויש די באָרד מיט אַלע פינף פינגער און מאַכט זיך שטילערהייט אַרויס פון טיר.

נאָר די אָנגעלאָפענע קלאָג־אידענעס האָבען זיך פון אָרט ניט געריהרט. שטאַרקער פאַר אַלע מאַנסבילען האָבען זיי זיך אַרויסגעוויזען. זיי זיינען געבליבען אַרום דער פּאַראָמשציכע, כדי צו העלפען איהר וויינען און מינטערען זי.

פאַרשעמט, פון זייער אייגענער פחדנות פאַר אַ „קנעפּעל",
האָבען זיך ר' ישראל און בערע־רחמיאלס אַוועקגעלאָזט אין
שטאָט אַריין איבער די הויכע קלאַטקעס, וואָס ציהען זיך אי־
בער אייביגע בלאָטקעס און קאַנאַווקעס, אַרום דניעפּער. ביי־
דע האָבען זיי געשפּרייזט מיט צושפּרייטע, ניט־זיכערע טריט.
און די הערצער זיינען געווען פאַרקלעמט פון אַל־דאָס געזע־
הענע און געהערטע. זיי האָבען אינגאַנצען פאַרגעסען, אַז זיי
אַליין זיינען געווען אין סכנה אויפן גויעשקען פאַרעכאָד, מיט
וועלכען זיי זיינען אָנגעקומען.

— דאָס געלט איז גאַנץ? — גיט מיטאַמאָל אַ פרעג בע־
רע־רחמיאלס, און אין די פעטע שפּעלטעלעך אויף זיין פּנים
קריכען אַרויס אַ פּאָר אויגלעך.

ר' ישראל האָט זיך אַ כאַפּ־געטאָן צום בוזעם. ס'האָט
גרייליך געקענט טרעפען, אַז בשעת „פאַלען כורעים", אין איין
קופּע פון מענשען און פעקלעך אויפן פאַרעכאָד, זאָל דאָס
געלט אַרויספאַלען, אָדער אַרויסגעגנבעט ווערען. דאָס געלט
איז אָבער געווען גאַנץ — דאָס טייער געלט, וואָס זיי ביידע
האָבען צוזאַמענגענומען, צווישען מאָהליווער חסידים, אויפן
ליובאַוויטשער בית־מדרש...

— למען־השם, — דערמאָהנט איהם ווייטער ר' בערע —
מאָרגען נאָך קריאת־התורה — „גומל־בענשען"!

— אם־ירצה־השם! — ענטפערט איהם ר' ישראל פאַר־
קלערטערהייט — און ווייסט איהר, ר' בערע, וואָס איך וועל
אייך זאָגען? ס'איז אונז אַזוי באַשערט... דערפאַר וואָס מיר
זיינען געפאָהרען ניט מיטן פאַרעכאָד פון ר' לייבעלען זאָל
לעבען. ווי קומען מיר חסידים צו פאָהרען מיט אַזעטקענע
גזלנים, ווי די „קאָמפּאַניע"־לייט? איז אָט... רחמנא יצילנו!

— און ווער איז שולדיג? — גיט ר' בערע אַ פרעג און
פאַרקוועטשט איין שפּעלטעלע.

ר' ישראל גיט אַ מאַך מיט ביידע פּלייצעס.

— קושקע! — דערמאָנט איהם בערע רחמיאלס — קושקע־בראַנד!

— אַך, יאָ! — דערמאָנט זיך ר' ישראל און בלייבט שטעהן אויף דער מיטען קלאַטקע — אַזאַ פּאַרך!

— איבער איהם פאַרשפּעטיגט! — קלאַפּט ר' בערע מיטן פּאַרעסאָל אין ברעט אַריין.

— איבער איהם געמוזט נעמען אַ בילעט ביי דער קאָמפּאַניע!

— אַ קאָנקורענציע־בילעט אויף אַהין און צוריק!

— אַ יונגאַטש קען!

— ימח שמו וזכרו זאָל ער ווערען!

— זויפט נאָך בפרהסיה פון פלעשעל, אַ חרפּה!

— אויפן שוועל פון ליובאַוויטשער בית־מדרש דאַרף מען איהם מעהר ניט אַרויפלאָזען!

— אַ איד זאָל גאָר האַלטען בראַנפען אין כאָליאַווע!

— אַ חרפּה און אַ שאַנדע!

גבאי און אויבער־שמש זיינען אַזוי געשטאַנען אויפן מיטען קלאַטקע, אָנגעצונדען פון הייליגען צאָרן, אויסגעטענהט זיך איינער אַקעגען דעם אַנדערען און געקלאַפּט מיט די פּאַראַסאָלען אין די פוילע ברעטער. און ווער ווייסט ווי לאַנג אַזאַ זינגען אין צוויי קולות עס וואָלט נאָך געדויערט, ווען ניט בערע־רחמיאלס מיחוש...

בערע־רחמיאלס האָט מיטאַמאָל צוגעדריקט די גאַלקע פון פּאַרעסאָל צום האַרצען און מיט דער רעכטער האַנט האָט ער זיך פלינק גענומען טאַפּען אין דער הינטער־קעשענע, אין סאַמע שפּאַלט פון קאַפּאָטע, האָט ער פון דאָרטען אַרויסגעכאַפּט אַ קליין מאָנאָפּאָלקע־פלעשעלע. מיט וואַקעלדיגע גיכע טריט פון אַ קאַטשקע אַראָפּגעלאָפען פון עק קלאַטקע, צוגעשפּאַרט זיך צו אַ צוים, געמאַכט שהכל און אַ זופּ געטאָן, דערנאָך — בורא מיני מזונות און פאַרביסען.

דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי פלוצלונג, אַז ר' ישראל האָט גלייך אויפן אָרט ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

געמיינט, ר׳ בערע־רחמיאלס האָט דערזעהן דעם פריסטאַוו פונ־דערווייטענס, אָדער חס־ושלום אַ הונט... נאָר אַז ער האָט זיך אַרומגעזעהן, האָט ער פרעהליך אָנגעיאָגט ר׳ בערען ביים צוים און אָנגעגאַנגען אויף איהם מיט אַ פאָטערליך־צובליהטען שמייכעל אין דער לאַנגער ווייסער באָרד.

— געדעכט, ר׳ בער! — מאַכט ר׳ ישראל און הויבט זיך אויף אָן טאַפּען אין דער הינטער־קעשענע — געדעכט ווי די וועלט!

פאַר די פאָר טעג, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין מאָה־ליוו, לטובת דעם ליובאַוויטשען בית־מדרש, האָט ער פון ר׳ בערע־רחמיאלס עפּעס אָפּגעלערענט. ער האָט זיך אויך אַרומגע־זעהן, אַז ס׳איז ניט קיין תכלית צו פיהלען זיך שוואַך אויף די עלטערע יאָהרען; אַז מען מוז זיך אָנהויבען היילען פון גילדענאָדער ווי ס׳געהערט צו זיין. האָט ער נאָכגעטאָן זיין אויבער־שמש, פאַרשאַפט זיך אַ מאַנאַפּאָלקע מיט אַ שטיקעל לעקאַך אין דער הינטער־קעשענע, און לאַכט אַצינד פון אַלע חולאתן אין דער וועלט.

בערע־רחמיאלס האָט גאָר אָנגעקוואָלען קוקענדיג ווי זיין בכבודיגער תלמיד, אַזאַ איד מיט אַ שענער באָרד ווי ר׳ ישראל איז, געהט אויף אַ דרך. ווי ער מאַכט „שהכל" און „בורא מיני מזונות", פונקט אַזוי ווי ער, לעבען זעלבען גאָרטען־צוים ביים עק קלאַטקע. אַלץ אַזוי ווי ער.

— אַ? — מאַכט ער מיט אַ קלוגעטשקער העזיהלע צו ר׳ ישראל – וואָס זאָגט איהר עפּעס, גבאי? אַן איינפאַל, אַ?

— וואָס זאָל איך אייך זאָגען! — פאַסמאַקעוועט זיך ר׳ ישראל נאָכן בורא־מיני־מזונות — איהר האָט מיך ממש געראַטעוועט!... מ׳לעבט אָפּ קיין עין־הרע ניט, אַזוי פיל יאָה־רען און מ׳קומט אַזוי שפּעט צום שכל! דאַכט זיך אַזאַ פּראָס־טע זאַך. מ׳געהט אין גאַס —

— ס׳כאַפּט אָן ביים האַרצען! — העלפט אונטער ר׳ בע־רע־רחמיאלס.

— מאַכט מען ש—הכל!

— און טאַקע דעם אמתן בורא מיני מזו—נות! — העלפט ווינגען ר׳ בערע.

— יאָ-אָ! און ס׳ווערט אַ ליכט אין די אויגען...

— און די דאָקטוירים? — גיט ר׳ בערע אַ פרעג און אַ ווינק מיטביידע אויגען-שפעלטעלעך. ער האָט דאָס געטאָן ווי אַ הויכער סאָרט רבי, וואָס פאַרהערט זיינעם אַ תלמיד אַן עילוי.

— צו אַלדי קאַדיק זאָלען זיי גײַהען! — ענטפערט גלייך אָפּ ר׳ ישראל. פונקט אין פינטעל געטראָפען.

— אָט-אָ... כי-כי-כי!—שמעלצט זיך ר׳ בערע פאַר נחת, וואָס זיין גרויסאַרטיגער תלמיד געדענקט שוין אויסוועניג די גאַנצע תורה וואָס ער האָט מיט איהם איינגעקנעלט, סיי ווי מען היילט זיך פון גילדענאָדער, סיי ווי מען שילט די דאָק-טוירים.

אַ הודזשעריי פון דניעפּער-זייט האָט ר׳ ישראלן דער-מאָנט פון וואַנענט זיי קומען אַצינד און וואָס זיי האָבען אָקאָרשט געזעהען... דער פּריסטאַוו, אַפּנים, איז אָנגעקומען צום הרוג און ס׳איז דאָרט געוואָרען אַ נייער טומעל, נייע גע-שרייען. האָט ער פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגען און אָפּ-געזיפצט אינמיטען חזרן ר׳ בערעס תורה:

— אָט, מיר דאָ זיינען זיך עוסק מיט „עולם-הזה" און דאָרטען נעבאַך... ר׳ אַנשעל, עליו-השלום...

דאָס האָט אויסגעטשוכעט אויך ר׳ בערען אינמיטען אָנ-קוועלען פון זיין המצאה, פון זיין קלוגשאַפט, פון זיין אָפּנאַרען אויף די עלטערע יאָהרען ביידע שקלאָווער דאָקטוירים מיט אַלע זייערע רפואות. אין די פעטע שפעלטלעך פון זיין פנים זיינען אַרויסגעשוואומען אַ פּאָר שוואַרצאַפּלען.

— עולם כמנהגו נוהג! *) — האָט ער פאַרטראַכט אַ הויב געטאָן ביידע ברעמען אָהן אַ סימן פון האָר. און ביידע, גבאי און אויבער-שמש, האָבען זיך, שווייגענדיג, אַוועקגעלאָזען אַרויף-

*) די וועלט פיהרט זיך ווי איהר שטייגער איז!

גאַס, מיט די דיקע פאַרעסאָלען אונטער די פּאַכוועס. יעדער איינער האָט באַטראַכט, ווי אַזוי ער זאָל דערצעהלען דער אַלטיטשקער זיינער די מעשה־נורא, וואָס האָט אָקאָרשט געטראָפען ביים פּאַראָם, און די סכנה אין וועלכער זיי אַליין זיינען געווען. יאָ... דערצעהלען דאַרף מען אַזוי — אז עס זאָל מאַכען אַ גרויסען רושם, אז די אידענעס זאָלען זיך ניט צושטאַרק נעמען צום האַרצען ערב־שבת, פאַר ליכט־בענשען...

ס'איז שוין אָבער געווען אַן אומזיסטע פאָרזיכטיגקייט. נאָך איידער דער גבאי און אויבער־שמש זיינען דערגאַנגען צו זיך אַהיים, איז שוין חיה־שרהקע די משוגענע פאַרלאָפען זיי דעם וועג און צעטראָגען די נייעס איבער אַלע אידישע געסלעך. ביי דער אָזערע און אַרום דעם ליובאַוויטשען בית־מדרש, אין די אָפענע פענסטער האָבען זיך אַרויסגעשטעקט ניט־דערצוואָגענע קעפ פון ווייבער, און אונטער די נאַסע האָר האָבען צעשראָקענע אויערען פאַרנומען דאָס פּאַסקודנינקע און בייזע לידעלע, וואָס חיה־שרהקע זינגט־אויס צווישען צוימען און הינטער־הויפען:

„ניטשאינע*) האָב איך א קוק געטאָן
דאָ, אויבעט דאָ!
פאר די לעקאך, פארן בראנפען
דאָ, טאקע דאָ!
אוים פאראָם און פארעבאָדען.
איבא, איבא־בא!
נאָך ר' אנשלען דעם פאראָמשציק —
אונז צו לאנגע יאָהר!

ענדע — צווייטער טייל „עמי־הארצים"

*) צופעליג.

# אינהאלט:

